וועלט־ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל

# ערשטער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל

(בערלין 27-IX — 1-X 1930)

תל־אביב 1931 ווארשע

# א י נ ה אַ ל ט:

## ערשטער טייל: צוגרייטונג און רעזולטאַטן



## צווייטער טייל: די קאָנגרעס-פאַרהאַנדלונגען

### ערשטע זיצונג

(שבת דעם 27-סעפּטעמבער 1930 אין אָוונט)

## פינפטע זיצונג

(מאָנטיק דעם 29־טן סעפטעמבער נאָכמיטאָג)



## עפנטלעכער מיטינג

(מאָנטיק דעם 29־טן סעפּטעמבער אין אָוונט)



## זעקסטע זיצונג

(דינסטיק דעם 30־טן סעפּטעמבער פאַרמיטאָג)



## זיבעטע זיצונג

(דינסטאָג דעם 30־טן סעפּטעמבער נאָכמיטאָג)

המשך פון דער גענעראַל־דעבאַטע



## אַכטע זיצונג

(דינסטיק דעם 30־טן סעפּטעמבער אין אָוונט)

המשך פון דער גענעראַל־דעבאַטע

## ניינטע זיצונג

(נאכט-זיצונג פונם 30-טן סעפטעמבער צום 1-טן אָקטאָבער)



5 בילדער

# פארבאַמערקונג

דער געדאַנק וועגן אַן אַלוועלטלעכן אַרבעטער-קאָנגרעס פאַר ארץ-ישראל, לעבט זינט פילע יאָרן אין אונזערע רייען. אָבער ערשט דער וואוקס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ ישראל, איר מעכטיקער אָנטייל אין דער ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פונם לאַנד, אין דער פאַרשטאַרקטער אויטאָנאָמער זעלבסטפאַרוואַלטונגס-פּראַקטיק פונם יידישן ישוב, איר געוואַלטיק אויסגעוואַקסענע פעריפעריע אין חוץ-לארץ, האָבן דערמעגלעכט די רעאַליזירונג פונם דאָזיקן געדאַנק.

ווינטער 1927–28 האָט דער ועד-הפועל פון דער הסתדרות אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען די פאָרשלאַגן פון חבר ד. ב ן - ג ו ר י ו ן, וועגן רופן דעם וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל. אין קעגנזאַץ צו דער „קאָנסאָלידאַציע-תורה“ פון איינשרענקונג, פון באַנוגענען זיך מיטן ווינציקן, פון נישט לויפן צו שטאַרק פאָראויס אינם בויאונגס-פּראָצעס, פון נישט באַלאַסטן דאָס ארץ-ישראל-ווערק מיט די נייע סאָציאַלע פאָרמען פון קאָלעקטיוון בויען און אַליין-אַרבעט, וועלכע האָט דאַן אָנגעהויבן צו באַהערשן גרויסע טיילן פונם בירגערלעכן ציוניזם, — האָט דער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל, אַלס ווילנס-אויסדרוק פון די יידישע אַרבעטער, יוגנט און פאָלקס-מאַסן אין דער גאָרער וועלט, געדאַרפט הויך אויפהייבן די פאָן פון פּראָטעסט קעגן רואיקייט און לאָזן הערן דעם רוף פון נישט באַנוגענען זיך, פון דער פאָדערונג צו שטענדיק נייער איינוואַנדערונגס- און בויאונגס-אַרבעט, פון אָפּהיטן און אויסבויען די סאָציאַל-באַפרייענדע וועגן אינם ארץ-ישראל-ווערק, פון פאַרשטאַרקן דעם זעלבסטשטענדיק-פּיאָנערישן אָנטייל פון די אַרבעטער אויך אויפן געביט פון אונזער ווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע אין לאַנד.

די באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל אין פאַרשידענע לענדער

איז זיך צעוואַקסן. עס איז נייטיק געוואָרן זי איינצושליסן אין איין ראַם, דורך אַ צענטראַלער אָנשטרענגונג, שטאַרקן איר כח אין די לענדער, וואו זי עקזיסטירט שוין אַלס אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַקטאָר און אַרויסרופן זי צום אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן אין יענע לענדער, וואו אירע כוחות דרימלען נאָך פאַרבאָרגן אין פאַרשידענע קרייזן און גרופּן. עס איז רייף געוואָרן די צייט צו שאַפן דעם אַלוועלטלעכן בונד פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

אויף פאָרצובאַרייטן די דאָזיקע שליחות פון דער הסתדרות, זענען אָנהייב זומער 1928 אַרויסגעפאָרן, אינם אויפטראַג פונם ועד הפועל פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל, די חברים זלמן רובאַשאָוו און יוסף שפּרינצאַק קיין אייראָפּע. זיי אין אייראָפּע און די הסתדרות־דעלעגאַציע אין אַמעריקע, האָבן געטראָגן צווישן חברים, פריינט און נאָענטע די בשורה וועגן דעם גרויסן וועלט־צוזאַמענקונפט פאַר אַן ארץ־ישראל פון אַרבעט, פון סאָציאַלער באַנייאונג און פון גרויסער, פער־מאַנענטער ניי־בויאונג, וועלכן עס גרייט צו די הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל. די גרינדונגס־קאָנפערענץ פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל אין דייטשלאַנד, אין דעצעמבער 1928, מיטן אָנטייל פון די הסתדרות־פאָרשטיי־ער, ווי אויך די לאַנד־קאָנפערענצן אין בעלגיע און פראַנקרייך, האָבן באַ־וויזן צו פאַרבינדן נייע ווערטפולע כוחות מיטן ווערק און דעם שטרעבן פון די ארץ־ישראל־אַרבעטער און זענען געווען די וויכטיקע התחלות צו דער כוחות־זאַמלונג אַרום דעם געפּלאַנטן וועלט־קאָנגרעס. אויך אין ליטע און לעטלאַנד זענען זומער 1929 פאָרגעקומען לאַנד־קאָנפערענצן מיטן אָנ־טייל פון חבר ש. קאַפּלאַנסקי, אין פוילן מיטן אָנטייל פון די חברים י. בן־צבי און י. שפּרינצאַק, וועלכע האָבן געדינט דער צוגרייטונג פונם וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל.

די טראַגישע געשעענישן אין ארץ־ישראל, אין אויגוסט 1929, האָבן איבערגעריסן די אינטענסיווע צוגרייטונגס־אַרבעטן פון דער הסתדרות, אויף צו רופן דעם קאָנגרעס. ערשט אין חודש יוני 1930 האָט דער ועד הפועל פון דער הסתדרות באַשלאָסן צו דעלעגירן דעם שרייבער פון די שורות פון ארץ־ישראל קיין בערלין, אויף אָנצופירן מיטן אָרגאַניזיר־ביוראָ פונם קאָנגרעס און אָנהייבן די צוגרייטונגס־אַרבעטן פאַר דער רופונג פונם קאָנגרעס. אינם אָרגאַניזיר־ביוראָ האָט דער ועד־הפועל באַשטימט, אַחוץ זיין סעקרעטאַר, די חברים: ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער, מ. יאַרי־בלום, ד״ר געאָרג לאַנדויער, ניר, פריץ נפתלי, ש. רו־דעל, א. רייס און משה שפּירא, ביי דער גאָר אַקטיווער און שטענ־דיקער מיטאַרבעט פון די מיטגלידער פונם ועד הפועל, די חברים ד. בן־גוריון און זלמן רובאַשאָוו, וועלכע זענען דאַן געווען אין איי־ראָפּע. אינם לעצטן חודש, פאַר דעם קאָנגרעס־צוזאַמענקונפט, האָבן אויך די חברים ישראל מערעמינסקי, אליעזר קאַפּלאַן און יוסף

שפּרינצאַק געגומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אַרבעטן פונם אָרגאַ־ניזיר־ביוראָ.

דאָס אָרגאַניזיר־ביוראָ האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין בערלין אָנהייב יולי 1930. אויך דאַן איז נאָך נישט אַלץ קלאָר געווען, ווי, ווען און וואו דער קאָנגרעס וועט צונויפקומען. ערשט אין לויף פון די פאַר־באַרייטונגס־אַרבעטן זענען דידאָזיקע פראַגן דעפיניטיוו אַנטשידן געוואָרן.

מיר האָבן בכן געהאַט פאַר זיך נאָר אַ גאָר קורצע צייט פאַר ענד־גילטיקער צוגרייטונג. עס איז געווען אונזער ערשטער קאָנגרעס. מיר האָבן, אַלזאָ, נישט געהאַט פאַר זיך קיין שום פאָרבילד, קיין טראַדיציע, קיין אויסגעטראָטענעם וועג. אַלץ, וואָס מיר האָבן געטון, איז געווען גע־וואַגט, געפּרוווט, אַ מין טאַפּן אין דער פינסטער.

וועגן דעם, ווי און אין וואָס פאַר אַ מאָס די מאַסן האָבן זיך אָפּ־גערופן אויפן רוף, וועלן שוין דערציילן די בלעטער פונם דאָזיקן בוך. אָבער אייניקע פאַרגלייכן זאָלן דאָ געמאַכט ווערן:

אין קאָנגרעס־פּוילן, ווילנע און מערב־גאַליציע זענען פאַרקויפט גע־וואָרן 85 טויזנט קאָנגרעס־קאַרטן. אינם יאָר פונם ציוניסטישן קאָנגרעס, 1929, זענען אין די זעלבע געביטן פאַרקויפט געוואָרן 98 טויזנט שקלים; אין בעלגיע זענען פאַרקויפט געוואָרן 1.951 קאָנגרעס־קאַרטן, שקלים האָט מען פאַרקויפט אין יאָר 1929 — 1463; אין לעטלאַנד 3.500 קאָנגרעס־קאַרטן — 4.259 שקלים; עסטלאַנד 519 קאָנגרעס־קאַרטן — 530 שקלים; פראַנקרייך 1.328 קאָנגרעס־קאַרטן — 2.070 שקלים; בעסאַראַביע 3.500 קאָנ־גרעס־קאַרטן — 5.642 שקלים א. א. וו. און דאָס אַלץ שקלים, וואָס זע־נען פאַרקויפט געוואָרן אין אַ קאָנגרעס־יאָר, ווען די אָנשטרענגונג איז גרויס. אין די וואַלן צום 16־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָבן זיך באַטייליקט אין קאָנגרעס־פּוילן און מערב־גאַליציע 61.029 שקל־צאָלער. ביי די וואַלן צום קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל זענען אין די דערמאָנטע גע־ביטן אָפּגעגעבן געוואָרן 51.982 גילטיקע שטימען; אין ליטע האָבן בעת די וואַלן צום 16־טן ציוניסטישן קאָנגרעס געשטימט 6.421 ווײלער. ביי די וואַלן צו אונזער קאָנגרעס 2.849; אין בעלגיע צום ציוניסטישן קאָנגרעס 1.331 — צום קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל 817; אין מזרח־גאַ־ליציע צום 16־טן ציוניסטישן קאָנגרעס 24.175 שקל־צאָלער צום קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י 11.600 א. א. וו.

דערביי זאָל מען נעמען אין אַכט, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ דרייסיק יאָריקע איינריכטונג מיט אַ טראַדיציע, ביים היינטיקן טאָג ענדשיידעט ער וועגן אַ ממשותדיקן יש, אַ גרויסער אָרגאַניזיר־אַפּאַראַט גרייט איס צו און מאָביליזירט די עפנטלעכע מיינונג. דאַקעגן דער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל איז דאָך געווען אַן ערשטי־לינג און עס איז דאָך נישטאָ קיין שום פאַרגלייך צווישן אונזער

צוגרייטונגס - אַפּאַראַט און די צוגרייטונגס־כּוחות פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן.

אויב אָבער דער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, האָט דאָך אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן אינטערעס אין דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט, אויב ער האָט באַוויזן צו זאַמלען אַרום זיך אַזעלכע געוואַלטיי־קע מאַסן יידישע אַרבעטער, יוגנט, דעמאָקראַטישע פאָלקס־מענטשן און אינ־טעליגענץ, אויב ער האָט אין אַזאַ ברייטער מאָס באַשעפטיקט די גאַנצע יידישע פרעסע און האָט צוגעצויגן צו זיך די סימפּאַטיע פון די בעסטע קעמפער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער וועלט, איז עס נאָר אַ באַווייז, אַז דער קאָנגרעס איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, אַז ער האָט אַנטשפּראָכן אַ לעבעדיקן באַדערפעניש. אַז נאָר ברייטע מאַסן האָבן געוואַרט אויף אַ ניי וואָרט פון דער אַרבעטערשאַפט אין ציוניזם און זענען גרייט מיטצוקעמפן מיט דער אַרבעטערשאַפט, פאַר אַן ארץ־ישראל פון אַרבעט.

אָפיציעל האָט דער קאָנגרעס רעפּרעזענטירט 238.000 וויילער, למעשה האָט ער אָבער פאַרטראָטן אַרום 400 000 יידישע אַרבעטער און יוגנט. די דעלעגאַציע פון צפון־אַמעריקע האָט געהאַט אַן אָפיציעלן מאַנדאַט פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן, פון אַ פערטל מיליאָן אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער. די אָפיציעלע און פאַקטישע פירער פון די מעכטיקסטע און צאָלרייכעסטע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט, זענען אָנוועזענד געווען אַלס דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אַ יידישער אַרבעטער־קאָנגרעס אַרומגענומען אַזעלכע ברייטע מאַסן אַרבעטער און יוגנט. עס איז נאָך נישט געווען דער איינהייטלעכער יידישער אַרבע־טער־קאָנגרעס. אָבער אָן אַ שום ספק דער וועג דערצו. און דער קאָנ־גרעס האָט בולט מאַניפעסטירט, אַז די באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדן א"י איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און הגם איר גרויסע מערהייט פילט זיך אייניק מיט דער שטעלונג פון דער אַר־בעטערשאַפט אינם ציוניזם, גייט זי ווייט אַרויס איבער די ראַמען פון אַ באַשטימטער ריכטונג און בינדט נישט אירע חברים אין דער דאָזיקער הינזיכט.

אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פריינט זענען געווען שטאַרק פאַרטראָטן. די בעסטע זין פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־משפחה זענען פערזענלעך געקומען אונז דערמוטיקן אין אונזער קאַמף און אונז אויסדריקן זייער חברישע סאָלידאַריטעט און הילפס־גרייטקייט. אַ גרויסע הילף איז דערביי געווען דער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדן א"י, און זיין אַקטיווער סעקרעטאַר ח' מ. י אַ ר ב ל ו ם. אַ שורה חברים האָבן געפעלט צוליב דרינגנדע אַנדערע אַרבעטן. זיי האָבן געהאַט צוגעזאָגט זייער אָנטייל און וואָלטן זאָנסט געקומען. אַזוי חבר ע מ י ל

וואַנדערוועלדע, וועלכער איז דאַן געווען אין כינע, חבר ה. נ. ברײַלספאָרד וועלכער איז דאַן געווען אויפן וועג קיין אינדיע, חבר ד״ר פראַנץ סאָוקופּ (געווען דאַן ביים פאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער טשעכישער ס. ד. פאַרטיי), טאָני סענדער, וויקטאָר טשערנאָוו א. אַנד.

*

טראָץ דער שווערער אַרבעט פון די פּראָטאָקאָל־פירער, איז, לײדער דאָך נישט געלונגען אויפצונעמען אַ פולשטענדיקן פּראָטאָקאָל. אונזערע זיצונגען דויערן אָפטמאָל פילע שעהן, עס פעלן קוואַליפיצירטע פּראָטאָקאָ־ליסטן, וואָס זאָלן זיך קאָנען בייטן, האָט אונזער ערשטלינג־קאָנגרעס געליטן פון דער נישט גענוגנדער דערפאַרונג אויף דעם דאָזיקן געביט. עס איז נייטיק געווען פיל מי און צייט, כדי לויט מעגלעכקייט, צו פאַרפולשטענ־דיקן דעם פּראָטאָקאָל. די מייסטע אַקטיווע אנטיילנעמער אינם קאָנגרעס, האָבן אונז דערביי פיל געהאָלפן, באַזונדערס ח׳ ד. בן־גוריון, דער רוח־החיים און טרייבנדער כח פון דער קאָנגרעס־צוגרייטונג און דעם קאָנ־גרעס גופא.

מיר האָבן זיך געגעבן די גרעסטע מי אָפּצוהיטן די שטרענגסטע פּינקטלעכקייט און פולשטענדיקייט און אַלץ גענוי קאָנטראָלירט. אין אַ גע־וויסער מאָס אויך צוליב דעם, און פאַרשטייט זיך אויך צוליב אַנדערע סיבות, דערשיינט דאָס בוך ערשט איצט, 9 חדשים נאָכן קאָנגרעס. אויב עס זאָלן פונדעסטוועגן זיך האָבן אַריינגעכאַפּט געוויסע אומפּינקטלעכקייטן, בעטן מיר די חברים, וועלכע דאָס איז וועלנטועל נוגע, אום אַנטשולדיקונג. באַ־זונדערס שמערצט אונז, וואָס די אויפצייכנונגען פון חבר רובאַשאָווס רעפעראַט זענען נישט געווען פולשטענדיק, אַזוי אויך בנוגע דעם רעפעראַט פון חבר שפּרינצאַק, דער רעדע פון ח׳ יצחק טאָבענקין און אייניקע, הגם ווייניקע, דיסקוסיע־רעדעס.

*

דריי וואָכן נאָכן קאָנגרעס איז געקומען אין דער באַוועגונג די דערשיטערונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַזוי גערופענעם ווייס־בוך, וועלכן די ענגלישע רעגירונג האָט פאַרעפנטלעכט דעם 23־טן אָקטאָבער 1930. די באַוועגונג האָט געמוזט אויפנעמען אַ דרינגענדן, שווערן פּאָליטישן קאַמף. עס איז נישט מעגלעך געווען צוצוטרעטן צו דער רעאַליזירונג פון די קאָנגרעס־באַשלוסן, אָנצוהייבן די גרויסע אַרבעט, אויף אַרומצונעמען אָרגאַ־ניזאַציאָנעל אין דער וועלט־ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, די 238 טויזנט ווײלער צום ערשטן קאָנגרעס.

זאָל דאָס דערשיינען פונם קאָנגרעס־בוך אויפרישן אינם זכרון פון אונזער מחנה די גרויסע באַדייטונג פון אונזער ערשטן קאָנגרעס, זאָלן די אַקטיווע טוער פונם אַרבעטנדן ארץ ישראל נאָכאַמאָל דערזעען די גרויסע, נאָך נישט אויסגענוצטע מעגלעכקייטן פון אונזער באַוועגונג און זאָל עס דינען אַלס אימפּולס צו אַ ברייטער, אחריותפולער און פרוכטבאַרער אַרבעט, ביים רעאַליזירן די באַשלוסן פונם קאָנגרעס.

**מ. ניישטאַדט**

**וואַרשע**, יוני 1931 — תמוז תרצ"א



# דער רוף צום קאָנגרעס

## צו אַלע פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל!

די אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין ארץ-ישראל, די הסתדרות, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע אַרבעטערשאַפט אין לאַנד אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי-צוגעהעריקייט, האָט באַשלאָסן צונויפצורופן אַ וועלט-קאָנגרעס פאַרן ארבעטנדן א״י. זי רופט אַלע פריינט פון איר אויפבוי-ווערק, פון די פאַרשידענע ריכטונגען אין יידישן לעבן, וואָס זענען צעשפּרייט אין דער גאָרער וועלט, אָנטייל צו נעמען אינם דאָזיקן קאָנגרעס.

דאָס אויפבוי-ווערק פון די יידישע אַרבעטער אין א״י איז שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון די ראַמען פון אַן ענגן פאַרטיי-קרייז. זיין גורל איז אויפן נאָענטסטן אופן נוגע יעדן איינעם, וואָס פילט זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער יידישער אויפלעבונגס-באַוועגונג און פאַר איר גרויסן סאָציאַליסטישן און פאָלקס-באַפרייענדן אינהאַלט.

און גראָד איצט, ווען דאָס ווערק איז געשטעלט געוואָרן פאַר גרויסע נסיונות און שווערע אויפגאַבן, מוז אויך קומען צום אויסדרוק, אויף אַ נאָך בולטערן און ממשותדיקערן אופן ווי שטענדיק, דער אינטערעס פון אונז אַלעמען פאַר זיין צוקונפט. פון דאָסניי איז אין דער עפנטלעכקייט געשטעלט געוואָרן צו דעבאַטע די פראַגע פון דער דורכפירבאַרקייט פון יידישן נאַציאָנאַלן היים אין ארץ-ישראל. די ביז איצטיקע אויפטואונגען ווערן געשטעלט אין אַ פאַלש ליכט, די באַדערפענישן און צילן ווערן אומריכטיק פאָרגעשטעלט, די מעגלעכקייטן און פערספעקטיוון ווערן נישט דערשאַצט און ריכטיק פאַרשטאַנען. די סאָציאַל-פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין אָריענט באַדראָען די ברידערלעכע באַגעגעניש פון יידישן און אַראַבישן פאָלק אויף זייער היסטאָרישן וועג צו בשותּפותער צוזאַמענאַרבעט, אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און נאַציאָנאַלער פרייהייט. די פאַרשפּרייטונג פון רעאַקציאָנערע טענדענצן אין דער וועלט שטעלט פאַר אַ האַרטן קאַמף די דערהאַלטונג און אויסברייטונג פון די סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א״י און די נייע פאָרמען

פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. דער קאַמף גייט וועגן די קנינים, וואָס מאַכן אויס דעם שטאָלץ פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע-אַרבעט און וועגן דער אומגעשטערטער און וואַקסנדער מעגלעכקייט פון איר דערפאָלגרייכער אַנט-וויקלונג.

דער וועלט-קאָנגרעס, וואָס ווערט צונויפגערופן אויף דעם 27-טן סעפטעמבער 1930 קיין בערלין, אויף די גרונדלאַגן פון דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין א״י, זאָל שטאַרקן דעם פראָנט פון די אַרבעטער אין לאַנד און פאַרגרעסערן זייער שעפערישן כח. אין קרייז פון פאַרבינדעטע און פריינט פון דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט פון גאָר דער וועלט, זאָל פריי אַרומגערעדט ווערן און קלאָר געמאַכט ווערן דער וועג פאַר ווייטערדיקע מעשים. זאָלן מאָביליזירט ווערן די כוחות פאַר דער שאַפונג פון דער פרייער יידישער אַרבעטנדער געזעלשאַפט אין א״י.

איבער פאַרשידענע טיילן און ריכטונגען פון דער יידישער געזעל-שאַפטלעכקייט זענען צעשפרייט די פריינט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א״י, פריינט, וואָס באַוואונדערן דאָס טרייע קרבנותפולע אויפבוי-ווערק, וואָס ווייטיקן מיט זייערע ליידן און פרייען זיך מיט זייערע אויפטואונגען. זיי אַלע, אָן אונטערשיד פון פאַרטיי-טראַדיציע, אויך די, וואָס נישט אין אַלע פרטים אידענטיפיצירן זיי זיך מיט דעם הסתדרות-פראָגראַם, וועלן ענטפערן אויפן אויפריכטיקן רוף, וואָס קומט אין דער נסיונות-שווערער און פאַראַנטוואָרטונגס-פולער צייט, און וועלן זיך אַלע שטעלן אין די שורות פון די ווייַלער צום **וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.**

| | | |
|---|---|---|
| אלבערט איינשטיין | לעאָן בלום | זיגמונד פרויד |
| שלום אש | מאקס בראָד | ליאָן פויכטוואַנגער |
| חיים נחמן ביאליק | יוליוס ברוינטאל | אַרנאָלד צווייג |
| עדוארד בערנשטיין | הערמאַן באדט | אָסקאַר קאָהן |
| וויקטאָר באש | שמעון דובנאָוו | א. ב. קלערקאָפּער |
| מארטין בובער | וו. לאַצקי-בערטאָלדי | אַבֿרהם שיפּליאַקאָוו |
| | פריטץ נפתלי | |

אויגוסט, 1930

# דער אנטייל אינם קאנגרעס

## א) די אָנטיילנעמער פונם קאָנגרעס*)

אַבּראַמאָוויטש ז. — תל־אביב
אופיר דוד — פוילן
אורבאַך זאב — דייטשלאַנד
אייזנער דוד — פוילן
אייזענשטאַדט וויקטאָר — דאַנציג
איינשטיין אַלבּערט פּראָפ. — בערלין
איזראַעל וואַלטער ד״ר — בערלין
איצקאָוויטש פּאָלאַ — פוילן
אָלענדאָרף פרידריך ד״ר — דייטשלאַנד
אָסטראָווסקי גערהאַרד — פוילן
אַרדיטי אליעזר — בולגאַריע
אַרנהאָלד א. ד״ר — פוילן

בּאַדלער שלמה — פוילן
בּאַרסקי אהרון — פוילן
בּוטקאָווסקי מרדכי — בעלגיע
בּוימגאָלד זאב — פוילן
בּוקסבּוים נתן — פוילן
בּיאַלאָבּאָלסקי אברהם — פוילן
בּיאַלאָבּאָלסקי יעקב — פוילן
בּלאָך זאב — אַלט־רומעניע
בּלומענפעלד יעקב — עסטלאַנד
בּן־אלול מ. — לעטלאַנד

בּן־גוריון דוד — ארץ־ישראל
בּן־דורי פייוויש — פוילן
בּערגמאַן לעאָ — טשעכאָסלאָוואַקיי
בּערגער אַלפרעד — בערלין
בּערדיטשעווסקי אהרון — פוילן
בּערנשטיין עדוּאַרד — בערלין
בּראון לאה — צפון־אמעריקע
בּראַון מאיר — צפון־אַמעריקע
בּראַנד חיים — פוילן
בּראָנשטיין שמשון — אַלט־רומעניע
בּראַסלאַווסקי משה — פוילן
בּרוידע מ. ד״ר — לאָדז
בּרוינטאַל אַלפרעד ד״ר — בערלין
בּרעגמאַן אליעזר ד״ר — פוילן
בּת־דורי שולמית — פוילן

גאָטליבּ יצחק — פוילן
גאָלאָמבּ מיכאַל — מזרח־גאַליציע
גאָלדבּערג זאב — פוילן
גאָלדעלמאַן ש. פּראָפ.־טשעכאָסלאָוואַקיי
גאָלדשטיין שמואל — טשעכאָסלאָוואַקיי
גאָלדשמיד פריץ — פוילן
גאָרפינקעל בּן־ציון — מזרח־גאַליציע

*) בּיי די געוויילטע דעלעגאַטן איז אָנגעגעבּן דאָס לאַנד, וואָס זיי פּאַרטרעטן, בּיי די אַסט־דעלעגאַטן זייער וואוינאָרט.

גבזה משה — פוילן
גובערמאַן א. — פוילן
גודאַל זשאַן — גענף
גורוויטש אברהם — פוילן
גלילי אליעזר — עסטרייך
געלער גדליהו — פוילן
גרינבערג אפרים — ליטע
גרינבערג יחיאל — טשעכאָסלאָוואַקיי
גרינבערג י. — פוילן
גרינפעלד אַדאָלף ד״ר — טשעכאָסלאָוואַקיי
גרינפעלד יונה — פוילן
גרשוני ג. ד״ר — פוילן

דאָבקין אליהו — פוילן
דאָנאַו דיר. — בערלין
דילענבערגער יוסטין — פוילן
דרין ס. — ענגלאַנד

האַלבערשטאַדט שלמה — וואַרשע
האָלענדערסקי ל. פוילן
האַמפעל אהרון — פוילן
האַמפעל מרדכי — פוילן
האָפמאַן חיים — טשעכאָסלאָוואַקיי
האָראָוויץ נחמן — פוילן
הובער א. — ענגלאַנד
הובער אָסקאַר — טשעכאָסלאָוואַקיי
הויאיסמאַנס קאַמיל — ברוסעל
העלמאַן יעקב ד״ר — לעטלאַנד
העמלין אייזיק — צפון-אַמעריקע
הערץ קאַרל — בערלין

וואַהל יוסף — בערלין
וואַלדבערג אליהו — ליטע
וואָלקאָוו ראובן — פוילן
וויינבערג ד״ר — בערלין
ווייס אברהם — פוילן
ווייסמאַן יחיאל — בעסאַראַביע
וויניק י. — לעטלאַנד
וועלט אליהו — עסטרייך
ווערבער פישל — מזרח-גאַליציע

זאַגאַן שכנא — פוילן
זוהר צבי — פוילן
זילבערבערג אביגדור — בעלגיע
זילבערמאַן דב — פוילן
זילבערשטיין אברהם ד״ר—מזרח-גאַליציע
זימבערג יוסף — ליטע
זינגער אהרון — עסטרייך
זינגער — פוילן
זעליגמאַן רפאל ד״ר — בערלין
זרובבל — פוילן

חאַרי שמואל — מזרח-גאַליציע
חזן יעקב — בולגאַריע
חיימאָוויטש א. — לעטלאַנד
חפץ יוסף — פוילן

טאַבענקין יצחק — ארץ-ישראל
טאָלער ערנסט — בערלין
טאַצאַ משה — פוילן
טאַרטאַקאָווער אריה ד״ר — לאָדז
טאָרנער אברהם — פוילן
טאָרנער חיים — פוילן
טיגער ב. מ. — פוילן
טערלאָ גורי-אריה ד״ר — פוילן
טשיזשיק אהרון — פוילן

יאַבלאָנסקי יצחק — ליטע
יאַרבלום מ. — פראַנקרייך
יהודה — בעלגיע
יואל נפתלי — לעטלאַנד
יערי מאיר — ארץ-ישראל
ישראל חיים — בולגאַריע

כהן יעקב — ענגלאַנד
כהן ישראל — מזרח-גאַליציע
כהן צבי — מזרח-גאַליציע
כנעני (קראַמאַזש) אברהם — פוילן
כצנלסון בערל — ארץ ישראל

לאזארסאן מ. פראפ. — לעטלאנד
לאנגע זשאן — פאריז
לאנדויער געארג ד״ר — בערלין
לאצקי-בערטאלדי וו. — לעטלאנד
לוביאניקער פנחס — מזרח-גאליציע
לובינסקי געארג ד״ר — בערלין
לוריא צבי — פוילן
ליבינשטיין אליעזר — דייטשלאנד
ליבערמאן ה. ד״ר — פוילן
ליוושיץ באריס ד״ר — לעטלאנד
לינדענבוים עלדאד — טשעכאסלאוואקיי
ליפסקער אברהם — פוילן
לעוו יצחק — פוילן
לעוויטע לייב — פוילן
לעווענבערג ש. — לעטלאנד

מאזעס יוליוס ד״ר — בערלין
מאלקין יאמין — פוילן
מאנדעל מאיר — מזרח-גאליציע
מארגוליעס מיכאל — צפון-אמעריקע
מונדלאק שלום ברוך — פוילן
מייער מאריס — ענגלאנד
מינקאווסקי ב. — פוילן
מנשה אטא ד״ר — פוילן
מעלאן לאה — לאנדאן
מעלאן סעסיל — לאנדאן
מעלער משה — מזרח-גאליציע
מעלצער נתן ד״ר — מזרח-גאליציע
מענדעלסאן קורט ד״ר — בערלין
מערעמינסקי ישראל — ארץ ישראל
מרגלית אליהו — מזרח-גאליציע

נחומזאן מאקס — בולגאריע
ניישטאדט מלך — ארץ ישראל
ניר — תל־אביב
נפתלי פריץ — בערלין
נתני י. — פראנקרייך

סאסענבאן יאהאן — אמסטערדאם
סאקאלאוו נחום — לאנדאן
סופר נ. — פראנקרייך
סטאלארסקי ישראל — פוילן
סעמיאטיצקי פישל — פוילן

עדעלמאן שמואל (מוליע) — פוילן
עובד מיכאל — בעסאראביע
ערעם משה — פוילן

פאלושקא אליעזר — פוילן
פונט יצחק — פוילן
פורמאנסקי משה — פוילן
פורטוועגלער י. — בערלין
פייגין חיים — בעסאראביע
פיינמאן סימע — צפון-אמעריקע
פיינסטאון מאריס — צפון-אמעריקע
פייערשטיין ווילי — טשעכאסלאוואקיי
פינקעלשטיין יוסף — בעסאראביע
פיסטרוק דוד — בעסאראביע
פיעראר לואי — ברוסעל
פישמאן אשר — אלט-רומעניע
פלאטאו ד״ר — בערלין
פעדער — פוילן
פעטערזייל יעקב — פוילן
פעלס אליס — בעלגיע
פערלמאן דוד — פוילן
פעלער נח — ליטע
פערלמוט א. — ענגלאנד
פראי אליעזר — מזרח-גאליציע
פראכאוניק דניאל — ליטע
פרידבערג יחזקאל — פוילן
פרידמאן יצחק — פראנקרייך
פשעדעטש מאיר — פוילן

צירטעל מיכאל — לעטלאנד

קאהן אסקאר ד״ר — בערלין
קאוועס ישראל — ענגלאנד
קאליסקי יוליוס — בערלין
קאלעקא ש. ד״ר — דייטשלאנד
קאלעקשטיין יהושע — פוילן

קאַנטאָראָוויטש נחום — פּוילן
קאָנינסקי אברהם לייב — פּוילן
קאַפּלאַן אליעזר — ארץ ישראל
קאַפּלאַנסקי שלמה — ארץ ישראל
קאָרפּעל משה — פּוילן
קובאָוויצקי אריה ד"ר — בעלגיע
קיסין אברהם — ליטע
קליינמאַן ה. — ענגלאַנד
קנאָל אַלעקסאַנדער — בערלין
קענער יעקב — פּוילן
קעסלער זיגפריד — טשעכאָסלאָוואַקיי
קרימקאַ יואל דוד — פּוילן

ראָזען יוסף — פּוילן
ראָזענצווייג תנחום — ליטע
ראַשיש פּנחס — ליטע
רובאַשאָוו זלמן — ארץ ישראל
רובּין היימאַן ד"ר — עסטלאַנד
רודנער דוד — ליטע
רודעל שלום — בערלין
רופּין אַרטור ד"ר —ירושלים
ריטאָוו ישראל — פּוילן
רייס אַנשל — פּוילן

רייכער יהודה — פראַנקרייך

שאַפּאַן י. — בעלגיע
שוואַרץ שמואל — פּוילן
שוועץ הערש — פּוילן
שושני משה — אַלט-רומעניע
שוחטאָוויטש תמרה — אַלט-רומעניע
שולמאַן אליעזר — פּוילן
שטיינבערג י. נ. — בערלין
שטערן אליהו — פּוילן
שטשופּאַקיעוויטש לייב — פּוילן
שיפּליאַקאָוו אברהם — צפון אַמעריקע
שלאָסבערג יוסף — צפון-אַמעריקע
שנהבי מרדכי — מזרח-גאַליציע
שעכטער אליעזר — דייטשלאַנד
שעכטער דבורה — אַלט-רומעניע
שעכטער שמשון — בעסאַראַביע
שפּיזמאַן לייב — פּוילן
שפּירא ישעיהו — מזרח-גאַליציע
שפּירא משה — חיפה
שפּרינצאַק יוסף — ארץ ישראל
שפּריר דב — בעסאַראַביע
שרגאי יוסף — בעסאַראַביע



# ב) די פונאַנדערטיילונג פון די דעלעגאַטן לויט לענדער און ריכטונגען

## I. געוויילטע שטימבארעכטיקטע דעלעגאַטן (188)

### ארץ-ישראל

(איינהייטס-דעלעגאַציע, 10 מיטגלידער — 30.000 שטימען)

דוד בן-גוריון, יצחק טאַבענקין, מאיר יערי, בערל כצנלסון, ישראל מערעמינסקי, מלך ניישטאַדט, אליעזר קאַפּלאַן, שלמה קאַפּלאַנסקי, זלמן רובאַשאָוו, יוסף שפּרינצאַק.

## צפון-אַמעריקע און קאַנאַדע

(איינהייטס-דעלעגאַציע, 8 מיטגלידער — 75.000 שטימען)

לאה בראון, מאיר בראון, אייזיק העמלין, מיכאל מאַרגוליעס, סימע פיינמאַן, מאָריס פיינסטאון, אברהם שיפּליאַקאָוו, יוסף שלאָסבערג.

## פ ו י ל ן

(85 דעלעגאַטן — 76.501 שטימען) *)

**פּועלי-ציון (צ. ס.)** (34 דעלעגאַטן, 29.853 שטימען):

דוד אייזנער, ד״ר א. ארנהאָלד, שלמה באַדלער, אברהם ביאַלאָפּאָלסקי, פייוויש בן-דורי, אהרון בערדיטשעווסקי, משה בראַסלאַווסקי, ד״ר אליעזר ברעגמאַן, א. גובערמאַן, יונה גרינפעלד, י. גרינבערג, אליהו דאָבקין, אהרון האַמפעל, דב זילבערמאַן, יוסף חפץ, ב. מ. טיגער, אהרון טשיזשיק, אברהם כנעני (קראַמאַזש), לייב לעוויטע, יאַמין מאַלקין, ש. ב. מונדלאַק, ב. מינקאָווסקי, אליעזר פּאָלושקאַ, יצחק פונט, דוד פערלמאַן, יחזקאל פרידבערג, יהושע קאַלעקשטיין, נחום קאַנטאָראָוויטש, אברהם לייב קאָנינסקי, ישראל ריטאָוו, א. רייס, הערש שוועץ, לייב שטשופּאַקיעוויטש, לייב שפּיזמאַן.

**לינקע פּועלי-ציון** (27 דעלעגאַטן, 24.353 שטימען).

גערהאַרד אָסטראָווסקי, נתן בוקסבוים, חיים בראַנד, יצחק גאָטליב, פריץ גאָלדשמידט, ד״ר ג. גרשוני, יוסטין דילענבערגער, ל. האָלענדערסקי, נחמן האָראָוויטץ, אברהם ווייס, שכנא זאַגאַן, זינגער, זרובבל, אברהם טאָרנער, חיים טאָרנער, ד״ר ה. ליבערמאַן, יצחק לעוו, ישראל סטאָלאַרסקי, שמואל עדעלמאַן (מוליע), משה ערעם, פעדער, יעקב פעטערזייל, מאיר פּשעדעטש, משה קאָרפעל, יעקב קענער, יוסף ראָזען, אליעזר שולמאַן.

**התאחדות** (11 דעלעגאַטן — 10.185 שטימען).

. דוד אופיר, אהרון באַרסקי, זאב בוימגאַלד, יעקב ביאַלאָפּאָלסקי, זאב גאָלדבערג, גדליהו געלער, מרדכי האַמפעל, משה טאַצאַ, ד״ר גור-אריה טערלאָ, ד״ר אָטאָ מנשה, פישל סעמיאַטיצקי.

**השומר-הצעיר** 12 דעלעגאַטן — 10.682 שטימען).

פּאָלאַ איצקאָוויטש, משה גבזה, שולמית בת-דורי, אברהם גורוויטש, ראובן וואָלקאָוו, צבי זוהר, צבי לוריא, אברהם ליפּסקער, משה פורמאַנסקי, שמואל שוואַרץ, אליהו שטערן, יוסף שרגאי

---

*) למעשה האָט פוילן געהאַט 85.000 שטימען, היות אָבער דער וואַל-קאָמיטעט אין פּויל[?]אָט נישט פול ליקווידירט דעם חשבון פון די קאָנגרעס-קאַרטן, האָט דער קאָנגרעס רעדוצירט ד[?] שטימען-צאָל פון דער פּוילישער דעלעגאַציע מיט 10 פּראָצ. איז א גלייכער מאָס פון אלע פּאַרטייען.

**דת ועבודה** (1 דעלעגאַט — 1.478 שטימען).

יואל דוד קרימקאַ.

## מזרח־גאַליציע

(15 דעלעגאַטן — 15.100 שטימען).

**פּועלי־ציון (צ. ס.)** (1 דעלעגאַט 1.615 שטימען).

שמואל חאַרי.

**לינקע פּועלי־ציון** (1 דעלעגאַט — 1.382 שטימען):

מיכאל גאָלאָמב.

**התאחדות — גורדוניה** (10 דעלעגאַטן — 8.809 שטימען):

בן־ציון גאָרפינקעל, פישל ווערבער, ד״ר אברהם זילבערשיין, ישראל כהן משה מעלער, ד״ר נתן מעלצער, ישעיהו שפּירא — התאחדות; צבי כהן פנחס לוביאַניקער, מאיר מאַנדעל — גורדוניה.

**השומר־הצעיר** (3 דעלעגאַטן — 3.294 שטימען):

אליהו מרגלית, אליעזר פּראַי, מרדכי שנהבי.

## ליטע

(10 דעלעגאַטן — 3.948 שטימען):

**פּועלי־ציון** (צ. ס.) (5 דעלעגאַטן — 1.653 שטימען): אפרים גרינבערג, אליהו וואַלדבערג, יצחק יאַבלאָנסקי, תנחום ראָזענצווייג, דוד רודנער; **התאחדות** (2 דעלעגאַטן — 782 שטימען): יוסף זימבערג אברהם קיסין; **השומר־הצעיר** (2 דעלעגאַטן — 898 שטימען): נח פּעלער, דניאל פּראָכאָווניק; **החלוץ** (1 דעלעגאַט — 474 שטימען): פנחס ראשיש, **לינקע פּועלי־ציון** (141 שטימען).

## לעטלאַנד

(10 דעלעגאַטן — 3.500 שטימען).

**פּועלי־ציון** (צ. ס.) (4 דעלעגאַטן — 1.050 שטימען): מ. בן־אלול, א. חיימאָוויטש, נפתלי יואל, ש. לעווענבערג; **התאחדות** (3 דעלעגאַטן — 1.050 שטימען): ד״ר יעקב העלמאַן, י. וויניק, פּראָפּ. מ. לאַזערסאָן; **ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י** (2 דעלעגאַטן — 700 שטימען): וו. לאַצקי־בערטאָלדי, ד״ר באָריס ליוושיץ; **השומר הצעיר — צופי חלוצי** (1 דעלעגאַט — 700 שטימען): מיכאל צירטעל.

## טשעכאסלאוואקיי

(10 דעלעגאטן — 4000 שטימען).

פ ו ע ל י - צ י ו ן (צ. ס.) (4 דעלעגאטן—1.225 שטימען): פראפ. ש׳ גאלדעלמאן, אסקאר הובער, עלדאד לינדענבוים, זיגפריד קעסלער; ה ת א ח ד ו ת (1 דעלעגאט — 400 שטימען): ד״ר אדאלף גרינפעלד; ה ש ו מ ר ה צ ע י ר (3 דעלעגאטן — 1.425 שטימען): שמואל גאלדשטיין, יחיאל גרינבערג, ווילי פייערשטיין; ב ל ו י - וו ייס — ה ש ו מ ר - ה צ ע י ר צ ו פ י ח ל ו צ י (2 דעלעגאטן — 950 שטימען): לעא בערגמאן, חיים האפמאן.

## בעסאראביע

(7 דעלעגאטן — 3.500 שטימען).

פ ו ע ל י - צ י ו ן (צ. ס.) (1 דעלעגאט — 500 שטימען): אגראנאם חיים פייגין; ה ת א ח ד ו ת (3 דעלעגאטן — 1.500 שטימען): מיכאל עובד, דוד פיסטרוק, שמשון שעכטער; ה ש ו מ ר - ה צ ע י ר (1 דעלעגאט— 500 שטימען): יוסף פינקעלשטיין; ה ח ל ו ץ (1 דעלעגאט — 500 שטימען); דב שפריר; מ כ ב י (1 דעלעגאט — 500 שטימען): יחיאל ווייסמאן.

## ענגלאנד

(7 דעלעגאטן — 2.220 שטימען)

פ ו ע ל י - צ י ו ן (צ. ס.) (5 דעלעגאטן — 2.020 שטימען: ס. דרין, יעקב כהן, א. פערלמוט, ישראל קאוועס, ה. קליינמאן; ל י נ ק ע פ ו ע ל י - צ י ו ן (ריכטונג אבראמאוויטש) (1 דעלעגאט — 200 שטימען): א. הובער; ל י ג ע פ א ר א ר ב ע ט נ ד ן א״י (1 דעלעגאט): מאריס מייער.

## בעלגיע

(6 דעלעגאטן — 1.951 שטימען)

פ ו ע ל י - צ י ו ן (צ. ס.) (1 דעלעגאט — 437 שטימען): אליס פעלס; ל י נ ק ע פ ו ע ל י - צ י ו ן (2 דעלעגאטן — 640 שטימען): יהודה, אביגדור זילבערבערג; ה ת א ח ד ו ת (1 דעלעגאט — 437 שטימען: ד״ר אריה קובאוויצקי; ה ש ו מ ר ה צ ע י ר (1 דעלעגאט — 437 שטימען): מרדכי בוטקאווסקי; ל י ג ע פ א ר א ר ב ע ט נ ד ן א״י (1 דעלעגאט—י. שאפאן.

## דייטשלאנד

( 5 דעלעגאטן — 1.850 שטימען)

פ ו ע ל י - צ י ו ן (צ. ס.) (2 דעלעגאטן — 756 שטימען): ד״ר ש׳

קאַלעקאַ, אליעזר שעכטער; התאַחדות (1 דעלעגאַט — 224 שטימען); ד״ר פרידריך אָלענדאָרף; החלוץ 1 דעלעגאַט — 204 שטימען): אליעזר ליבינשטיין; י. י. וו. ב. (1 דעלעגאַט — 306 שטימען): זאב אורבאַך; לינקע פועלי־ציון (157 שטימען); לינקע פועלי־ציון (ריכטונג אַבראַמאָוויטש) (158 שטימען); פאַרשידענע (45 שטימען).

## בולגאַריע

(4 דעלעגאַטן — 1.500 שטימען)

פועלי־ציון (צ. ס.) (1 דעלעגאַט — 500 שטימען): מאַקס נחומזאָן; השומר הצעיר (3 דעלעגאַטן — 500 שטימען): אליעזר ארדיטי, יעקב חזן, חיים ישראל; החלוץ (500 שטימען).

## פראַנקרייך

(5 דעלעגאַטן — 1.328 שטימען)

פועלי־ציון (צ. ס.) (1 דעלעגאַט — 257 שטימען): מ. יאַר־בלום; לינקע פועלי־ציון (1 דעלעגאַט — 325 שטימען): יצחק פרידמאַן; לינקע פועלי־ציון (ריכטונג אַבראַמאָוויטש): 1 דעלע־גאַט — 227 שטימען): י. נתני; התאַחדות (1 דעלעגאַט — 258 שטי־מען): ג. סופר; השומר־הצעיר (1 דעלעגאַט — 260 שטימען): יהודה רייכער.

## עסטרייך

(3 דעלעגאַטן — 1.143 שטימען)

פועלי־ציון (צ. ס.) (2 דעלעגאַטן — 493 שטימען): אליהו וועלט, אהרון זינגער; התאַחדות (320 שטימען); השומר־הצעיר צופי־חלוצי (1 דעלעגאַט — 230 שטימען): אליעזר גלילי; לינקע פועלי־ציון (100 שטימען).

## עסטלאַנד

(איינהייטס־דעלעגאַציע, 2 דעלעגאַטן — 519 שטימען)

יעקב בלומענפעלד, ד״ר היימאַן רובין.

## דאַנציג

(איינהייטס־ליסטע, 1 דעלעגאַט — 250 שטימען)

וויקטאָר אייזענשטאַדט.

## ארגענטינע

1000 שטימען, פאַרטרעטן דורך ח׳ א. רייס)

# מעקסיקא

(300 שטימען, פאַרטרעטן דורך חבר אייזיק העמלין)

## II. געוויילטע נישט שטימבארעכטיקטע דעלעגאטן (6)

### אלט-רומעניע און טראַנסילוואַניע (6 דעלעגאַטן)

פועלי-ציון (צ. ס.) — שמשון בראָנשטיין; התאחדות: תמרה שוחטאָוויטש, משה שושני, דבורה שעכטער; השומר הצעיר: זאב בלאָך, אָשר פישמאַן.

## III. מיטגלידער פון אָרגאַניזיר-ביוראָ (6)

ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער, ד״ר געאָרג לאַנדויער, ניר, פריץ נפתלי, שלום רודעל, משה שפירא.

## IV. אַקטיווע טוער פון דער ליגע אין דייטשלאַנד (4)

אַלפרעד בערגער, יוסף וואהל, ד״ר געאָרג לובינסקי, ד״ר קורט מענדלסאָן.

## V. פאָרשטייער פון פאַרבינדעטע אָרגאַניזאַציעס און איינגעלאַדענע געסט (28)

ז. אַבראַמאָוויטש, לינקע פועלי-ציון, ריכטונג יצחקי-אַבראַמאָוויטש — תל-אָביב; פראָפ. אלבערט איינשטיין — בערלין; רעדאַקטאָר ד״ר וואלטער איזראַעל — בערלין; עדואַרד בערנשטיין — בערלין; ד״ר מ. ברוידע — לאָדז; ד״ר אַלפרעד ברוינטאל, ווירטשאַפטלעכער פאָרשונגס-אַמט פון די דייטשע געווערקשאַפטן — בערלין; זשאַן גודאל, דעלעגאַט פונם אינטער-נאַציאָנאַלן אַרבעטס-אַמט ביים פעלקער-בונד — גענף; דירעקטאָר דא-נאו, בערלינער אָפטיילונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס-אַמט — בערלין; שלמה האַלבערשטאַדט, דת ועבודה — וואַרשע; דעפּוטאַט קאַמיל הויאיס-מאַנס — ברוסעל; בירגערמייסטער קאַרל הערץ — בערלין; ד״ר וויינבערג, פאָרשטייער פון דער ס. ד. פראַקציע אינם בערלינער שטאָט-ראַט — בער-לין; ד״ר רפאל זעליגמאַן — בערלין; ערנסט טאָלער — בערלין; דעפּו-טאַט זשאַן לאָנגע — פּאַריז; דעפּוטאַט ד״ר יוליס מאָזעס — בערלין; לאָה מעלאַן — לאָנדאָן; דעפּוטאַט סעסיל מעלאָן — לאָנדאָן; יאָהאַן סאַסענ-באַך, גענעראַל סעקרעטאַר פונם אינטערנאַציאָנאַלן געווערקשאַפטס-בונד, — אַמסטערדאַם; נחום סאָקאָלאָוו, פרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקו-טיווע — לאָנדאָן; י. פורטווענגלער, סעקרעטאַר פונם אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטס-בונד — בערלין; דעפּוטאַט לואי פּיעראַר, סעקרעטאַר פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל — ברוסעל; ד״ר פלאַטאָו, פאָרשטייער פונם פרייסישן מיניסטעריום — בערלין; ד״ר אָסקאַר קאָהן — בערלין; יוליוס קאַליסקי — בערלין; אַלעקסאַנדער קנאָל, פאָרשטייער פונם הויפּט-פאָרשטאַנד פון אַלגעמיינעם דייטשן געווערק-שאַפטס-בונד— בערלין; ד״ר אַרטור רופּין—ירושלים; י. נ. שטיינבערג—בערלין;

שטים-בארעכטיקטע לענדער:

| לאנד | פועלי-ציון (צ. ס.) | לינקע פועלי-ציון | לינקע פועלי-ציון גרופע אבראמאוויטש | התאחדות | השומר-הצעיר | השומר-הצעיר — צופי חלוצי | איינהייטס-דעלעגאציע | פארשידענע | סך-הכל | באצאָלט פאר קאָנגרעס-קאַרטן. אין דייטשע מארקן 4) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ארץ-ישראל | | | | | | | 30.000 | | 30.000 | |
| פאראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע | | | | | | | 75.000 | | 75.000 | |
| קאָנגרעס-פוילן און מערב-גאַליציע 2) | 33.181 | 27.059 | | 11.316 | 11.869 | | | דת-ועבודה 1575 | 85.000 | 2.369.21 |
| מזרח-גאַליציע | 1.615 | 1.382 | | 8.809 | 3.294 | | | | 15.100 | 1.033.15 |
| בעסאַראַביע | 500 | | | 1.500 | 500 | | | החלוץ 500<br>מכבי 500 | 3.500 | 345.40 |
| טשעכאָסלאָוואַקיי | 1.225 | | | 400 | 1.425 | 950 | | | 4.000 | 596.35 |
| ליטע | 1.653 | 141 | | 782 | 898 | | | החלוץ 474 | 3.948 | 432.15 |
| לעטלאַנד | 1.050 | | | 1.050 | | 700 | 700 | | 3.500 | 320.— |
| ענגלאַנד | 2.020 | | 200 | | | | | | 2.220 | 427.26 |
| בעלגיע | 437 | 640 | | 437 | 437 | | | | 1.951 | 335.73 |
| דייטשלאַנד | 756 | 157 | 158 | 224 | | | | י. י. וו. ב. 306<br>החלוץ 204<br>פארשידענע 45 | 1.850 | 525.— |
| בולגאַריע | 500 | | | | 500 | | | החלוץ 500 | 1.500 | 135.— |
| פראַנקרייך | 257 | 325 | 227 | 258 | 260 | | | 1 | 1.328 | 310.90 |
| עסטרייך | 493 | 100 | | 320 | | 230 | | | 1.143 | 147.90 |
| אַרגענטינע | | | | | | | | | 1.000 | 175.— |
| עסטלאַנד | | | | | | | 519 | | 519 | 100.— |
| מעקסיקאָ | | | | | | | 300 | | 300 | 55.49 |
| דאַנציג | | | | | | | 250 | | 250 | 63.— |
| שווייץ | | | | | | | | | 109 | 26.31 |
| | 43.687 | 29.804 | 585 | 25.096 | 19.183 | 1.880 | 106.769 | 4.105 | 232.218 | |

ישט שטים-באַרעכטיקטע לענדער 3):

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַלט-רומעניע און טראַנסילוואַניע . | | | | | | | | | 5.000 | |
| בוקאָווינע . . . . . . . | | | | | | | | | 580 | |
| אונגאַרן . . . . . . . | | | | | | | | | 200 | 73.— |
| יוגאָסלאַוויע . . . . . . . | | | | | | | | | 75 | 14.25 |
| דרום-אַפריקע . . . . . . . | | | | | | | | | 450 | 60.20 |
| | 43.687 | 29.804 | 585 | 25.096 | 19.183 | 1.880 | 106.769 | 4.105 | 238.523 | 7.545.60 |

1) אַ חוץ א"י און צפון-אַמעריקע איז די שטימען-צאָל פון יעדן לאַנד פעסטגעזעצט געוואָרן לויט דער צאָל קאָנגרעס-קאַרטן, וועלכע זענען אינם געגעבענעם לאַנד פאַרקויפט געוואָרן. אין פוילן, מזרח-גאַליציע, ליטע און בעלגיע זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן, ביי וועלכע עס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן גילטיקע שטימען: פוילן — 61%; מזרח-גאַליציע — 76%; ליטע — 70%; בעלגיע — 40%. די שטימען-צאָל פון די איינצלנע גרופּירונגען אין יענע לענדער, איז אויפן סמך פון די וואַלן. אין די אַנדערע לענדער איז די שטימען-פאַרטיילונג לויט די פּראַקציעס, לויט אַ הסכם צווישן די גרופּירונגען אינם געגעבענעם לאַנד, לפי דער צאָל קאָנגרעס-קאַרטן וועלכע יעדע גרופּירונג האָט פאַרקויפט.

2) מיר ברענגען פון פוילן די פולע צאָל שטימען, וועלכע עס קומט יעדער ריכטונג, לפי דעם רעזולטאַט פון די וואַלן. ביים קאָנגרעס האָט מען די דעלעגאַציעס פון פוילן באַשטעטיקט מיט 10% ווייניקער שטימען, ווייל פוילן האָט נישט פול רעגולירט דעם חשבון פון די קאָנגרעס-קאַרטן.

3) פון די נישט שטים-באַרעכטיקטע לענדער האָבן נאָכן קאָנגרעס דער „השומר הצעיר" אין אונגאַרן באַצאָלט פאַר די 200 קאַרטן, פועלי-ציון (צ. ס.) אין קייפּטאָון (דרום-אַפריקע) האָט באַצאָלט פאַר 125 קאָנגרעס-קאַרטן און די ליגע פאַרן אַרבעטנדן א"י און יוגאָסלאַוויע פאַר 75 קאַרטן. אַלט-רומעניע, בוקאָווינע, און יאָהאַניסבורג (דרום-אַפריקע) האָבן די חשבונות נישט רעגולירט.

4) דער פּרייז פון דער קאָנגרעס-קאַרטע איז נישט געווען קיין איינהייטלעכער פאַר אַלע לענדער, נאָר צוגעפּאַסט צו דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און וואַלוטע פון יעדן לאַנד

# די פרינציפיעלע גרונדלאַגע פונם קאָנגרעס

## א) די הסתדרות און דער קאָנגרעס

### (פונם איינשטימיק אָנגענומענעם פראָגראַם־פראָיעקט)

די מועצה פון דער הסתדרות האָט מיט צופרידנקייט געהערט דעם דין־וחשבון פונם ועד־הפועל וועגן די צוגרייטונגען צו רופן דעם וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

די מועצה באַשטעטיקט דעם פראָגראַם־פראָיעקט פונם ועד־הפועל אויף צו רופן דעם קאָנגרעס, און באַפולמעכטיקט אים צו מאַכן אינם פראָיעקט אויסבעסע־רונגען און ענדערונגען, אויב ער וועט עס האַלטן פאַר נייטיק צוליב דער הצלחה אין דעם צושטאַנדקומען פונם קאָנגרעס.

(באַשלוס פון דער פערטער סעסיע פון דער מועצת ההסתדרות (לאַנד־ראַט פון דער אַלגעמיינער יידי־שער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל) — 6־טן ביז 8־טן יאַנואַר, 1929).

## הכנות צום קאָנגרעס:

א) כדי צו אָרגאַניזירן דעם קאָנגרעס ווערן איינגעאָרדנט לאַנד־קאָנפערענצן פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל אין אַלע לענדער.

ב) אין מערב־אייראָפּע (דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי, עסטרייך, בעל־גיע, פראַנקרייך און האָלאַנד) באַטייליקן זיך אין די קאָנפערענצן: 1) סאָ־ציאַליסטישע און ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן, 2) געוויילטע פאָרשטייער פון די ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטייען, החלוץ, יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציעס, פאַרבאַנדן און אָפּטיילונגען פון סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס, א״י־קלובן, ליגעס פאַרן אַרבעטנדן א״י.

ג) אין מזרח־אייראָפּע (פּוילן, רומעניע, ליטע, באַלטישע מדינות) וועלן זיך באַטייליקן אין די קאָנפערענצן בלויז געוויילטע פאָרשטייער פון די אַרבעטס־פּאַרטייען, החלוץ, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, סטודענטן און שי.

לער-אָרגאַניזאַציעס, פראָפ. פאַריינען, לערער-אָרגאַניזאַציעס, פאָלקס-אָרגאַניזאַציעס פון האָראָפאַשניקעס און ליגעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, אויפן יסוד פון פּערזענלעכער מיטגלידערשאַפט.

ד) אין אַמעריקע איז די קאַמפּיין-קאָנפערענץ די קאָנפערענץ פון אַרבעטנדן א״י, און זי קלייבט אויס דעלעגאַטן צום קאָנגרעס.

ה) די חברים וואָס פאָרן אין אַפריקע אָדער דרום-אַמעריקע (אין שליחות פון דער הסתדרות און פ. א. פ.) אָרגאַניזירן דאָרט לויט די אָרטיקע באַדינגונגען די באַטייליקונג אינם קאָנגרעס און די לאַנד-אָרגאַניזאַציעס פונם אַרבעטנדן א״י.

ו) די לאַנד-קאָנפערענצן פּראָקלאַמירן דעם געדאַנק פון אַרבעטנדן ארץ ישראל און אירע פאָדערונגען, גרינדן אַ לאַנד-ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י און קלייבן דעלעגאַטן צום קאָנגרעס.

## די אָרגאַניזירונג און דער אינהאַלט פונם קאָנגרעס

א) די טעכנישע אָרגאַניזירונג פונם קאָנגרעס, די פעסטשטעלונג פונם סדר-היום און די באַשטימונג פון די רעפערענטן ווערן געמאַכט דורך דעם ועד-הפועל פון דער הסתדרות נאָך אַ באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון די לענדער, אויף דער פולער און איינציקער פאַראַנטוואָרטונג פונם ועד-הפועל. דער ועד-הפועל לאַדט אויך איין צום קאָנגרעס, לויט זיין איינזען, פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען נישט געוויילט געוואָרן אויף לאַנד-קאָנפערענצן. דער ועד-הפועל באַשטימט די צייט און דעם אָרט פונם קאָנגרעס.

ב) דער סדר-היום פונם קאָנגרעס איז געטיילט אין פיר קאָנצענטרן:

ערשטער קאָנצענטער: נעמט אַרום 3 רעפעראַטן: 1) די אַרבעטער-באַוועגונג אין לאַנד, איר טעטיקייט און ציל, 2) דער אויפבוי פונם לאַנד און די פאָלקס-קאָלאָניזאַציע אין דער נאָענטער תקופה, 3) דער געדאַנק פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַנייאונג אין דער פאַרווירקלעכונג פונם ציוניזם.

צווייטער קאָנצענטער: נעמט אַרום 3 רעפעראַטן: 1) די בריטישע אַרבעטער-פּאַרטיי און א״י, 2) די אַלוועלטלעכע אַרבעטער-באַוועגונג און דער ציוניזם, 3) די יידישע אַרבעטער אין חוץ לארץ און א״י.

דריטער קאָנצענטער: נעמט אַרום 2 רעפעראַטן: 1) די אַרבעטער אין לאַנד און דער זעכצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס, 2) דאָס אַרבעטנדע ארץ-ישראל און די יידישע אַגענץ.

פּערטער קאָנצענטער: נעמט אַרום די פראַגן פון אָרגאַניזירן דאָס אַרבעטנדע א״י אין דער וועלט, קלאַסן-קאַפּיטאַל, די זעלבשטענדיקע אויפטועץ פון דער הסתדרות.

ג) דער קאָנגרעס לייגט דעם יסוד פאַר דער וועלט-ליגע (פעדעראַציע) פאַרן אַרבעטנדן א״י.

## די וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל

א) דער ציל פון דער ליגע:

1) געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע הילף פאַר דער קאָלאָניזאַטאָרישער, הירטשאַפטלעכער, קולטורעלער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פון די א״ידיקע אַרבעטער. 2) דערציאונג פונם פאָלק און ספּעציעל פון דער יוגנט אין גייסט פון אַרבעטנדן א״י און צוגרייטן צו באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער אויפשטעלונג פון דער אַרבעטנדער געזעלשאַפט אין א״י. 3) ווירקן אויף די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַטייליקן זיך אינעם אויפבוי פון ארץ ישראל אין דער ריכטונג פון דער אַרבעטנדער געזעלשאַפט אין ארץ ישראל. 4) אויפקלערן די פּראַקטישע און טעאָרעטישע פראַגן פונם אַרבעטנדן א״י.

ב) די ליגע (פעדעראַציע) ווערט אָנגעפירט דורך פאָרשטייער פון דער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין א״י און דורך געוויילטע פון דעם קאָנגרעס: אין דער וועלט-אָנפירונג פון דער פעדעראַציע (ליגע) שיקט די הסתדרות 50 פּראָצ. און דער קאָנגרעס 50 פּראָצ. פון די חברים.

ג) די ליגע (פעדעראַציע) און אירע לאַנד-אָפּטיילונגען פירן אָן מיט דער טעטיקייט לטובת דעם צענטראַלן פאָנד פון דער הסתדרות (קאַמפּיין און פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאָנד).

ד) די ליגע גיט אַרויס צייטונגען און צייטשריפטן אין העברעאיש, יידיש, ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש.

ה) אין יעדן לאַנד וואָס באַטייליקט זיך אין דער יידישער אַגענץ דורך טייל-אָרגאַניזאַציעס — באַטייליקט זיך די ליגע אין דער אַגענץ אין נאָמען פון אַרבעטנדן א״י.

## די הויפּט-פּרינציפּן
## פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל

א) אויסלייזונג פונם באָדן אין רשות פונם נאַציאָנאַל-פאָנד.

ב) חלוצישע און ברייטע פאָלקס-עליה.

ג) אַרבעטנדע קאָלאָניזאַציע אויפן יסוד פון קאָאָפּעראַטיווער אַליינס-אַרבעט אין דאָרף און אין שטאָט.

ד) יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעט אין אַלע צווייגן פון דער יידישער ווירטשאַפט אין לאַנד.

ה) אַרבעטער-קוואַרטאַלן ביי די שטעט און קאָלאָניעס.

ו) נאַציאָנאַלער קרעדיט פאַר דער אַרבעטנדער קאָאָפּעראַציע אין דער לאַנדווירטשאַפט, בוי, מלאכה און האַנדל.

ז) דערציאונג און אַרבעטס-קולטור אין רשות פון די אַרבעטנדע פאַר דעם קינד, יוגנטלעכן און דערוואַקסענעם אַרבעטנדן.

ח) אָנערקענונג פון דער „אַרבעטנדער געזעלשאַפט" (חברת העובדים) און אירע טאָכטער-געזעלשאַפטן אין אַלע קאָלאָניזאַטאָרישע אינסטיטוציעס אַלס פאָרשטייער פון די אַרבעטנדע.

ט) אויטאָנאָמיע פון די קאָלאָניזאַטאָרישע, ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע ווערק פון די אַרבעטנדע.

י) קאָלעקטיווע אָפּמאַכן צווישן די אַרבעטס-געבער-אָרגאַניזאַציעס אָדער איינצלנע אַרבעטס-געבער און דער אַלג. אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין אַלע פּריוואַטע, געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטן.

יא) פאַרזיכערן די בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט פון די אַרבעטער און פאָלקס-מאַסן אין אַלע אינסטיטוציעס פון דער „כנסת" (יידישע געמיינשאַפט), זעלבסט-פאַרוואַלטונג אין די שטעט און קאָלאָניעס און אין דער לאַנד-רעגירונג.

יב) שוץ-געזעצגעבונג פאַר אַרבעטער, אַרבעטער-פרויען און אַרבעטנדע יוגנט.

יג) פולע גלייכהייט פון דער אַרבעטנדער פרוי אין דער איינוואַנדערונג, אַרבעט, קאָלאָניזאַציע, אין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן.

יד) געמיינזאַמע אָרגאַניזירונג פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמע סעקציעס, און שטענדיקע הילף פאַר דער הייבונג פון דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן ניוואָ פונם אַראַבישן אַרבעטער.

טו) דערציאונג און צוגרייטונג פון דער יידישער יוגנט אין דער וועלט צו חלוצישער באַטייליקונג ביים אויפשטעלן די אַרבעטנדע געזעלשאַפט אין ארץ-ישראל.

# ב) די קאָנגרעס-קאַרטע

חאָט געגעבן דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן פון דעלעגאַטן צום ערשטן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י.

## ההסתדרות הכללית של העובדים העברים בא״י
## געמיינזאמע יידישע ארבעטער ארגאניזאציע אין ארץ-ישראל

## קונגרס עולמי למען א״י העובדת
## וועלטלעכער קאנגרעס פארן ארבעטנדן א״י

ה׳ __________ ב / אין __________

ארץ / לאנד __________ כתובת / אדרעס __________

מכיר את חובתו לעזור לבנין ישוב עברי עובד בא״י; מצטרף לקונגרס העולמי למען א״י העובדת על יסוד העיקרים שההסתדרות קבעה כבסיס לקונגרס.

אנערקענט זיין פליכט צו העלפן בײַם אויפבוי פון יידישן ארבעטנדן ישוב אין א״י; שטייט צו צום וועלטלעכן קאנגרעס פארן ארבעטנדן א״י, אויפן יסוד פון די פרינציפן וואס די הסתדרות האט באשטימט אלס באזיס פארן קאנגרעס.

### פרינציפן פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל:

זלוציישע און ברייטע פאָלקס-עליה קיין א״י; ארבעטער-קאָלאָניזאציע מיט דער הילף פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל אויפן יסוד פון קאָאָפּעראַטיווער אליינארבעט אין דאָרף און אין שטאָט; אויסלייזונג פונם באָדן אין רשות פון נאַציאָנאַל-פאָנד; יידישע אָרגאַניזירטע ארבעט אין אַלע צווייגן פון דער יידישער ווירטשאַפט אין לאַנד; דערציאונג און ארבעטס-קולטור אין רשות פון די ארבעטנדע פאַר דעם קינד, יוגנטלעכן און דערוואַקסענעם אַרבעטנדן; ווירטשאַפטלעכע, פאָליטישע, קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע זעלבסטשטענדיקייט פונם יידישן ארבעטער אין א״י; שאַפן אַן אייגענעם קאַפּיטאַל אויף העלפן דער זעלבסטשטענדיקייט פונם ארבעטער; שוץ-פֿאַרזיכערונג פאַר ארבעטער, ארבעטער-פרויען און אַרבעטנדער יוגנט; פאַרזיכערן די בירגערלעכע און פאָליטישע רעכט פון די ארבעטער אין פאָלקס-מאַסן אין אַלע אינסטיטוציעס פונם ישוב און פון דער רעגירונג; געמיינזאַמע אָרגאַניזירונג פון יידישע און אראַבישע ארבעטער אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמע סעקציעס און שטענדיקע הילף פאַר דער הייבונג פון דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן ניווא פונם אראַבישן ארבעטער.

### צילן פונם קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל:

געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע הילף פאַר דער קאָלאָניזאַטאָרישער, ווירטשאַפטלעכער, קולטורעלער און פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פון די א״ידיקע ארבעטער; דערציאונג פונם פאָלק און ספּעציעל פון דער יוגנט אינם גייסט פון אַרבעטנדן א״י און זיי צוגרייטן צו באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער אויפשטעלונג פון דער ארבעטנדער געזעלשאַפט אין ארץ-ישראל.

# א) מאַניפעסט

## פונם ערשטן קאנגרעס פארן ארבעטנדן ארץ־ישראל

**יידישע אַרבעטער, יידישע יוגנט, יידישע פאָלקס־מאַסן!**

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן אויפבוי־ווערק אין א״י, האָט זיך אויפן רוף פון דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין א״י צונויפגעזאַמלט אַ וועלט־קאָנגרעס, וואָס רעפּרעזענטירט ביז אַ פערטל מיליאָן יידישע אַרבעטס־מענטשן, מיט דעם צוועק צו פאַרפעסטיקן און פאַרגרעסערן דעם כח פון אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער אין א״י, קעמפן מיט אים צוזאַמען זיין קאַמף און העלפן אים אין זיין היסטאָרישע שליחות אויפצובויען די יידישע פרייע געזעלשאַפט פון אַרבעט אין א״י.

פון פאַרשידענע וועלט־טיילן און אידעען־ריכטונגען זענען זיך צוזאַמענגעקומען די אָנטיילנעמער פון קאָנגרעס. פאַרטרעטער פון צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, אָרגאַניזירט אין אַרבעטער־יוניאָנס, אָרדנס און פאַרטייען, געוויילטע דעלעגירטע פון צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין פוילן, און פון טויזנטער ווילער אין ליטע און לעטלאַנד, אין דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיי, ענגלאַנד און בעלגיע און רומעניע — פון 24 לענדער אין גאָר דער וועלט, אָנגעהעריקע פון אַלע אַרבעטער־ריכטונגען אין ציוניזם און פון אַרבעטער־ריכטונגען וואָס שטייען מחוץ פון ציוניזם, פאַרטרעטער פון יוגנט־פאַרבאַנדן און החלוץ־אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַטראַכטן זיך אַלס די רעזערוו־אַרמיי פון דער א״י אַרבעטערשאַפט, און כחות, וועלכע האָבן זיך ערשט איצט אָנגעשלאָסן אין די שורות פון אירע פריינט, סאָציאַליסטן, וואָס באַוואונדערן די געזעלשאַפטלעכע באַנייענדע סאָציאַליסטישע אויפטואונגען פונם יידישן אַרבעטער אין א״י און פאָלקסמענטשן, וואָס ווייסן הויך איינצושעצן די נאַציאָנאַל־באַפרייענדע און פאָלקס־געזונט־מאַכנדיקע אויפגאַבע, וואָס עס האָט גענומען אויף זיך און פאַרווירקלעכט דער א״י אַרבעטער. — זיי אַלע, נישט קוקנדיק אויף

די גאַנצע פאַרשידנאַרטיקייט פון זייערע פּאָליטישע אָנשויאונגען, פאַריייניקן זיך אין איין איינציקן פּליכטבאַוואוסטזיין, צו שאַפן אין גאָר דער וועלט אַ פאַריייניקטן כח כדי צו שיצן, פאַרפעסטיקן און צו פאַרגרעסערן דעם יידישן אַרבעטער אין לאַנד.

דעמאָנסטרירנדיק פאַר דער גאַנצער וועלט די איינהייטלעכקייט און געשלאָסנקייט פון זיין דאָזיקן ווילן, לייגט דער קאָנגרעס דעם יסוד פאַר דער פאָלק-אָרגאַניזאַציע אַרום דער א״י אַרבעטערשאַפט און איר הסתדרות, פּראָקלאַמירט די שאַפונג פון דער וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י.

די ליגע וועט באַטראַכטן אַלס איר אויפגאַבע צו באַווייזן דעם א״י אַרבעטער, וואָס איז אָרגאַניזירט אין זיין הסתדרות, איר טרייקייט צו זיין גורל און איר אַנטשלאָסנקייט צו שטעלן זיך אינם קאַמף פאַר זיין רעכט אויף אַרבעט, פאַר זיין אויטאָנאָמע, ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט, פאַרן שוץ און גלייכבאַרעכטיקונג פון זיינע ניי-געשאַפענע לעבנס-פאָרמען (קבוצה, קבוץ, מושב) און וועט נעמען אויף זיך צו שטאַרקן זיין פראָנט, אָפּוועגדן די אָנגריפן אויף אים פון יעדן צד און געבן אים זיין פולע מאָראַלישע, פּאָליטישע און פינאַנסיעלע חבר-הילף.

נישט בלויז מיט אַ באַפרייענדע אידעע קומט דער א״י אַרבעטער צו אַלע זיינע פריינט אין דער וועלט, נאָר מיט אַ גרויסער אָפּגעטוענער אַרבעט, נישט צוליב זיין שוואַכקייט דאַרף ער די הילף, נאָר צוליב זיין און אונזער אַלעמענס פעלזנפעסטן גלייבן און קלאָרער דערקענטעניש, אַז דאָס אָנגעהויבענע אַרבעטער-ווערק קאָן, זאָל און וועט וואַקסן און גרויס ווערן ביז עס וועט אויסגעקעמפט און אויפגעבויט ווערן דאָס פרייע יידישע היימלאַנד אין א״י אויף יסודות פון גערעכטער אַרבעט, נאַציאָנאַלער אומ-אָפּהענגיקייט, סאָציאַליסטישער פּאַרטיקלעכונג און אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

---

# ב) פּאָליטישע רעזאָלוציע פונם קאָנגרעס

## א

דער ערשטער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, וואָס רעפּרעזענטירט הונדערטער טויזנטער אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער און פריינט פונם אַרבעטנדן א״י פון 24 לענדער אין אייראָפּע, אַמעריקע און א״י, צונויפ-גערופן פון דער הסתדרות אין אַ צייט, ווען די פּאָליטישע רעאַקציע און די ווירטשאַפטלעכע נויט פון די יידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט האָבן אויפסניי אויפגעדעקט די טראַגיק פונם לאַנדלאָזן יידישן פאָלק, — פּראָקלאַמירט זיין פעסטן גלויבן אין דער רעוואָלוציאָנערער ראָל פון אַ פרייער יידישער געזעלשאַפט פון אַרבעט אין א״י, פאַר דער נאַציאָנאַלער

עמאַנסיפּאַציע און פאַר דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן איבערבוי פונם יידישן פאָלקס־, עבן.

### ב

דער קאָנגרעס וואַרפט אָפּ דעם בלבול פון די אַראַבישע פעאָדאַלע עקספּלואַטאַטאָרן, ענגלישע קאָלאָניאַל־ביוראָקראַטן און קאָמוניסטישע שונאי־ציון, וואָס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אינם באַריכט פון דער מערהייט פון דער שאָו־קאָמיסיע, אַז די איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין א״י פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן ברענגט שאָדן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די אַרבעטנדע מאַסן פון אַראַבישן פאָלק אין א״י.

דער קאָנגרעס דריקט אויס זיין איבערצייגונג, אַז מיליאָנען יידישע אַרבעטנדע מענטשן קענען געפינען אַ היים און אַ פּראָדוקטיווע עקזיסטענץ אויף דער אומגעטיילטער טעריטאָריע פון א״י, נישט אָנרירנדיק דערביי די עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פון די אַראַבישע איינוואוינער פון לאַנד. די יידישע אַרבעטער־איינוואַנדערונג מיט איר העכערן לעבנס־שטייגער, אירע געוועקשאַפטלעכע און קאָאָפּעראַטיווע מעטאָדן, האָט שוין אויפגעהויבן דעם לוין פון די אַראַבישע אַרבעטער אין א״י באַדייטנד איבער דעם ניוואָ פון לוין אין די שכנישע אַראַבישע לענדער; זי אַנטוויקלט די פּראָדוקטיוו־כוחות פון לאַנד, צעשטערט די באַשטייענדע פעאָדאַלע פאָרמען און שאַפט דורך דעם נייע אַרבעטס־און לעבנס־מעגלעכקייטן אויך פאַר די אַראַבישע אַרבעטער און פעלאַכן.

### ג

דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ קיין שום דויערנדער קעגנזאַץ צווישן די אינטערעסן פון די יידישע און די אַראַבישע מאַסן. אַן אויטאָנאָמער נאַציאָנאַלער לעבן פאַר יידן און אַראַבער אין א״י, פריי פון באַהערשונג פון איין פאָלק דורכן אַנדערן, קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דורך געמיינזאַמער אָנשטרענגונג און קלאַסן־סאָלידאַריטעט פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן אין א״י.

### ד

דער קאָנגרעס סאָלידאַריזירט ך מיטן מעמאָראַנדום פון דער הסתד־רות צו דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע און דערמאָנט דער מאַנדאַטאָר־מאַכט איר התחייבות כלפּי דעם יידישן פאָלק און דער באַפעלקערונג פון א״י. די אויגוסט־געשעענישן האָבן אין אַ שאַרפער פאָרם אַנטפּלעקט די זינד פון דער מאַנדאַט־רעגירונג, וואָס האָט נישט דערפילט די דאָפּלטע אויפ־גאַבע, וואָס דער מאַנדאַט האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. זי האָט נישט גע־האָלפן און אָפט אַפילו געשטערט דעם אויפבוי פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים און האָט פאַרנאַכלעסיקט די אמתע אינטערעסן פון די אַר־בעטנדיקע מאַסן לטובת דעם הערשנדן קלאַס אין לאַנד.

דער קאָנגרעס חזרט איבער די פאָדערונגען, וואָס עס האָט פאָרמולירט די הסתדרות:

די רעגירונג מוז אַקטיוו העלפן צו פאַרגרעסערן די יידישע איינוואַנדערונג, שאַפן אַ גענוגנדן לאַנד-רעזערוו פאַר אינטענסיווער קאָלאָניזאַציע, פאַרזיכערן דעם געהעריקן אָנטייל פון דעם יידישן אַרבעטער אין די שטאָטישע און רעגירונגס-אַרבעטן, געבן הילף די פעלאַכן צו אַנטוויקלען זייערווירטשאַפט, פאַרקלענערן די שטייער-לאַסט פון דער לאַנדווירטשאַפט, איינפירן אַ פּראָגרעסיוון שטייער-סיסטעם, רעפאָרמירן די אַגראַר-געזעצגעבונג און פריי מאַכן דאָס לאַנד פאַר יידישער און אַראַבישער אַרבעטנדער קאָלאָניזאַציע, איינפירן אַרבעטער-שוץ און שוץ-געזעצן פאַר דער אַרבעטנדער פרוי און אַרבעטער-יוגנט און אויסבעסערן די אַרבעטס-באַדינגונגען אין דער רעגירונגס-ווירטשאַפט.

ה

דער קאָנגרעס דריקט אויס זיין באַזונדערן צער און פאַרביטערונג, אַז גראָד אונטער דער רעגירונג פון דער לייבאָר-פּאַרטיי האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט און דער ישוב אין א״י דורכגעלעבט אַ שורה מכּלות, וועלכע האָבן קולמינירט אין דער עליה-גזירה.

דער קאָנגרעס דערקלערט פייערלעך, אַז אַלע הבטחות צו דערפילן דעם מאַנדאַט האָבן קיין שום ממשות נישט, כּל זמן עס וועט נישט געזיכערט ווערן קודם כּל די אומאונטערבראָכענע און אַלץ וואַקסנדיקע יידישע איינוואַנדערונג לויט דער פולער קאַפּאַציטעט פון א״י, וואָס ווערט פּראָגרעסיוו אַנטוויקלט דורך דעם קאָלאָניזאַטאָרישן אויפטו פונם יידישן פאָלק.

---

# ג) די אָרגאַניזאַציע-באַשלוסן פונם קאָנגרעס

## די וועלט-ליגע

דער וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל, פאָרגעקומען אין בערלין צווישן דעם 27-טן סעפּטעמבער און 1-טן אָקטאָבער 1930, פּראָקלאַמירט זיך אַלס ערשטער קאָנגרעס פון דער וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.

## צילן פון דער ליגע

די ליגע איז אַ פאַרבאַנד פון פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל, וועלכע פאַראייניקט אירע מיטגלידער צו פּאָליטישער און מאָראַלישער הילף, צו פּראַקטישער מיטאַרבעט, מיטן אַרבעטער-צבור אין ארץ-ישראל, לטובת אַלע אינסטיטוציעס און ווערק פון דער הסתדרות העובדים.

## אויפגאַבן פון דער ליגע

א) אַ שטענדיקע אינפאָרמירונגס- און אויפקלערונגס-אַרבעט וועגן די ענינים פון דער הסתדרות העובדים צווישן די מיטגלידער פון דער ליגע;

ב) אַגיטאַציע-טעטיקייט פאַר די שטרעבונגען און אויפגאַבן פונם אַר-בעטנדן ארץ-ישראל אין דער יידישער און נישט-יידישער וועלט;

ג) אָרגאַניזירן קאַמפּיינס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל און דורכפירן צווישן די ליגע-מיטגלידער די פליכט פון מיטגלידס-אָפּצאָל פאַרן פאָנד פון דער הסתדרות.

## די מיטגלידערשאַפט פון דער ליגע

די ליגעס זענען געבויט אויפן יסוד פון אינדיווידועלער מיטגלידערשאַפט אין דער אָרטיקער לאַנד- און וועלט-ליגע. אָנשליסנדיק זיך אָן דער ליגע, פּראָקלאַמירט יעדער חבר זיין הסכמה צו אירע גרונד-הנחות און צו די באַשלוסן פון איר וועלט-קאָנגרעס.

אינם באַשטרעבן צו פאַראייניטלעכן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי פון דער וועלט-ליגע, דריקט אויס דער קאָנגרעס זיין האָפנונג, אַז אויך דער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט פאַר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע" אין צפון-אַמעריקע, וועלכער איז דער פאַרטרעטער פון די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע אין דער וועלט-ליגע, וועט אָננעמען אַלע מיטלען כדי אויפצובויען די אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, לפי דעם אַלגעמיינעם באַזיס פון דער וועלט-ליגע.

## די אָרגאַנען פון דער ליגע

א) די מיטגלידער פון דער ליגע וויילן אויס אויפן יסוד פון אַלגע-מיינע, דירעקטע גלייכע און געהיימע וואַלן: 1) דעם אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ליגע, 2) די דעלעגאַטן פון דער לאַנד-קאָנפערענץ וואו עס ווערט געוויילט דער צענטראַל-קאָמיטעט, 3) דעלעגאַטן צום וועלט-קאָנגרעס.

ב) וואַל-רעכט האָט יעדער מיטגליד פון דער ליגע, וואָס האָט רעגל-מעסיק געצאָלט דעם אָפּצאָל פאַרן פ. א. פ.

ג) דער וועלט-קאָנגרעס קומט זיך צונויף נישט זעלטענער ווי איין מאָל אין 3 יאָר.

ד) דער וועלט-קאָנגרעס וויילט אַ הויפּט-ראַט פון דער ליגע, וועל-כער קומט זיך צונויף נישט זעלטענער ווי איין מאָל אין יאָר.

ה) דער הויפּט-ראַט באַשטייט פון 28 חברים. 13 קלייבט אויס דער קאָנגרעס און 15 דעלעגירט דורך די לאַנד-קאָמיטעטן פון יענע לענדער, וועלכע דער קאָנגרעס וועט באַשליסן צו געבן אַ פאָרשטייערשאַפט.

ו) ביים ועד הפועל פון דער הסתדרות אין ארץ-ישראל באַשטייט אַן אָפּטיילונג פאַר די ענינים פון די ליגעס אין חוץ-לאָרץ, וועמענס אַרבעט עס איז מכוון דער קאָמיטעט פון דער

וועלט-ליגע. דער קאָמיטעט זעצט זיך צונויף — אַ העלפט פון גע-ווײלטע פונם וועלט-קאָנגרעס (אָדער הויפּט-ראַט), און אַ העלפט פון דעלע-גירטע פון ועד הפּועל פון דער הסתּדרות. דער זיץ-אָרט פונם קאָמיטעט איז ארץ-ישראל.

## סטאַטוט פון דער ליגע

דער קאָנגרעס באַאויפטראגט דעם קאָמיטעט פון דער וועלט-ליגע, אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט פון די ליגעס און אים ברענ-גען פאַרן צענטראַל-ראַט צו באַשטעטיקן.

## בודזשעט

דער קאָנגרעס נעמט מיט באַפרידיקונג צו קענטעניש די מעלדונג פון דער אָרגאַניזאַציע-קאָמיסיע, וועגן די פאַרפליכטונגען פון די פאַר-שטייער פון 18 לענדער, צו שאַפן אינם בודזשעט-יאָר 1930—1931 דעם מי-נימום פון 36 טויזנט פונט און זיי שטעלן אינם אויסשליסלעכן רשות פון דער הסתדרות.

## די דרינגנדע אָרגאַניזיר-אויפגאַבע פון דער ליגע

דער קאָנגרעס באַשליסט איינשטימיק, אַז די ערשטע און דרינגענדסטע אויפגאַבע פון דער וועלט-ליגע, איז — צו מאָביליזירן אין דער קורצעסטער צייט די העכער 200 טויזנט וואַל-באַרעכטיקטע צום ערשטן וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל, אַלס שטענדיקע, אַקטיווע מיטגלידער פון דער ליגע אין יעדן לאַנד.

## הויפּט-ראַט פון דער וועלט-ליגע

ארץ-ישראל: דוד בן-גוריון, מלך נייסשטאַדט, יוסף שפּרינצאַק (פאַרטרעטער: ישראל מערעמינסקי, אליעזר קאַפּלאַן, זלמן רובאַשאָוו).

אַמעריקע: מאָריס פיינסטאָון, אַברהם שיפּליאַקאָוו (אייזיק העמ-לין, מאיר בראַון).

פּועלי-ציון (צ. ס.): אליהו דאָבקין, אַנשעל רייס (אפרים גרינ-בערג — קאָוונע, יצחק פונט — וואַרשע).

התאַחדות: ד״ר אַברהם זילבערשטיין (ישעיהו שפּירא).

השומר-הצעיר: יעקב חזן (משה זילבערטאַל).

ווי אויך די חברים: ד״ר יעקב העלמאַן, ד״ר אָסקאַר קאָהן, פּריץ נפתלי (אַלפרעד בערגער, י. יעפּרויקין, וו. לאַצקי-בערטאָלדי).

צו די סעסיעס פונם הויפּט-ראַט דעלעגירן ארץ-ישראל, אַמעריקע און פּוילן צו 2 מיטגלידער; בולגאַריע, בעלגיע, דייטשלאַנד-עסטרייך, טשעכאָ-סלאָוואַקיי, ליטע, לעטלאַנד, מזרח-גאַליציע, ענגלאַנד און רומעניע צו 1 מיטגליד.

# די טעכנישע אַדורכפירונג פונם קאָנגרעס

דאָס קאָנגרעס-ביוראָ אין בערלין האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אָנהייב יולי 1930. געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע אינסטרוקציעס און דער גרויסער ווערבירונגס-פּלאַקאַט, זענען נאָך אין חודש יוני, פון תל-אָביב-אויס, פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין די לענדער.

די קאָנגרעס-קאַרטן זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין די לענדער אין משך פון חודש יולי און ערשט סוף יולי האָט מען זיי געקאָנט אָנהייבן צו פאַרשפּרייטן אין די לענדער. דעם 14-טן סעפּטעמבער איז אין אַלע לענדער אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פאַרקויף פון די קאָנגרעס-קאַרטן.

אין די חדשים יולי—סעפּטעמבער האָט דאָס קאָנגרעס-ביוראָ אַרויסגעשיקט איבער 1000 בריוו, צענדליקער טעלעגראַמעס און אַ גאַנצע שורה צירקולאַרן. בערך אַזאַ צאָל בריוו און טע-לעגראַמעס (אַחוץ באַגריסונגס-טעלעגראַמעס) האָט דאָס ביוראָ אַריינבאַקומען.

פון מיט יולי ביז נאָכן קאָנגרעס האָט דאָס ביוראָ אַרויסגעגעבן אַ פּרעסע-ביולעטין אין יידיש און דייטש. עס זענען דערשינען 14 יידישע און 15 דייטשע ביולעטינען, פון וועלכע מען האָט פונאַנדערגעשיקט אין גאָר דער וועלט אַרום 7.500 עקזעמפּלאַרן.

עס זענען פאָרגעקומען צוויי גרעסערע פּרעסע-קאָנפערענצן. די ערשטע בערך אַ חודש פאַרן קאָנגרעס, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַרום 70 באַקאַנטעסטע יידישע זשורנאַליסטן און שריפט-שטעלער פון גאָר דער וועלט. עס האָבן רעפערירט די חברים בן-גוריון, מאיר בראַון, ניישטאַדט, קאַפּלאַן, רייס און שפּרינצאַק. די צווייטע, אַן אָוונט פאַר דער דערעפענונג פונם קאָנגרעס, פאַר דער דייטשער און אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע, אַחוץ עס האָבן רעפערירט די ח"ח: רובאַשאָוו, דודעל און שיפּליאַקאָוו. בכלל איז דאָס ביוראָ געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די פּרעסע-פאָרשטייער. ביי די זיצונגען פונם קאָנגרעס זענען אָנוועזנד געווען אַרום 40 פאָרשטייער פון דער פּרעסע.

די דערעפענונגס-זיצונג איז פאָרגעקומען אינם פּלענאַרן-זיצונגס-זאַל פונם אַמאָליקן פּריי-סישן „הערן-הויז" (סענאַט), די ווייטערדיקע זיצונגען אינם בנין פון לאַנדטאַג-הויז אויף דער קלייסט-שטראַסע. אַחוץ דער דערעפענונגס-זיצונג, שבת דעם 27-טן סעפּטעמבער, פון 8 ביז האַלב 12 אין אָוונט, זענען זונטיק דעם 28-טן און מאָנטיק דעם 29-טן פאָרגעקומען צו צוויי פּלענאַרע זיצונגען. פאָרמיטאָג פון האַלב 10 ביז 2 און נאָכמיטאָג פון 4 ביז 7. זונטיק אָוונט זענען די דעלעגאַטן אָנוועזנד געווען אין דער „הבימה". מאָנטיק אָוונט איז פאָרגעקומען אַן עפנטלעכער מיטינג אינם

גרויסן שפיכערן־זאַל. דינסטיק דעם 30־טן סעפטעמבער זענען פאָרגעקומען 4 זיצונגען. פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג, דאַן די דריטע זיצונג פון 9 אָוונט ביז האַלב איינס אין דער נאַכט, און די לעצטע זיצונג פון 1 אין דער נאַכט ביז ארום 10 אין דערפרי, דעם 1־טן אָקטאָבער. ביי אַלע זיצונגען אויך ביי דער נאַכט־זיצונג, זענען אַנוועזנד געווען הונדערקער געסט, סיי פון בערלין ווי אויך פון אנדערע שטעט אין דייטשלאַנד און פון אנדערע לענדער. דעם 12־טן אָקטאָבער איז פאָרגעקומען אַן אָפיציעלער קבלת־פנים פאַרן קאָנגרעס פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פונם דייטשן געווערקשאַפטס־בונד.

עס האָבן כסדר געאַרבעט צוויי קאָמיסיעס — די מאַנדאַט־קאָמיסיע און די אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע. די פּאָליטישע רעזאָלוציע און דער מאַניפעסט זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַ קאָמיסיע פון קאָנגרעס־פּרעזידיום, מיט דער באַטייליקונג פון חבר ז. רובאַשאָוו. דער קאָנגרעס האָט אויך באַשטימט אַ פּרעסע־קאָמיסיע פון די חברים: ד״ר געאָרג לאַנדויער, י. מערעמינסקי, ז. רובאַשאָוו און חברה גוסטאַ שטרומפּף. די ערשטע דריי ביולעטינען מיטן קאָנגרעס־באַריכט אין יידיש האָט רעדאַגירט ח׳ י. מערעמינסקי, די דייטשע ביולעטינען מיטן קאָנגרעס־באַריכט האָט רעדאַגירט די חברה גוסטאַ שטרומפּף.

דער רעגולאַמין פונם קאָנגרעס און זיין סדר־היום איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ שורה זיצונגען פון די מיטגלידער פונם ועד הפועל פון דער הסתדרות, וועלכע זענען אין חודש סעפּטעמבער געווען אין בערלין, מיטן אָרגאַניזיר־ביוראָ פונם קאָנגרעס.

אינם קאָנגרעס־ביוראָ זענען געווען טעטיק, אחוץ דעם סעקרעטאַר, די חברה פרידא באַוועגדא און חבר דוד טאַגע, ווי אויך טיילווייז די חברות בערטאַ ווינער און רחל ראַט. עס האָבן מיטגעהאָלפן די מיטאַרבעטער פונם ביוראָ פון דער דייטשער ליגע, חברה אַגנע ראָזענבוים און ח׳ ד״ר ש. קאַלעקא, אַזוי אויך חבר קורט גאַסמאַן. דעם אָרדנער דינסט און די קאַרטן־אויסגאַבע אין די קאָנגרעס־טעג האָבן אָרגאַניזירט די חברים דוד טאַגע און פעליקס ניישטאַדט. די איינקוואַטירונגס־ארבעט האָט געפירט חבר גאַסמאַן. די רעדעס אין יידיש האָט אויפגענומען חברה איסאַ קאַליש, טיילוויז אויך חבר בן־אַלול. צענדליקער חברים פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס י. י. ה. ב. „קדימה״ א. א. האָבן אין די טעג פונם קאָנגרעס און אין דער לעצטער וואָך פאַרן קאָנגרעס אַקטיוו מיטגעאַרבעט.

דער בודזשעט פונם קאָנגרעס־ביוראָ אין משך פון 4 חדשים — (1 יולי—1 נאָוועמבער 1930) האָט באַטראָפן 19.262 מאַרק, דערפון האָט דער ועד־הפועל פון דער הסתדרות געגעבן 10.668 מאַרק (525 פונט); פון קאָנגרעס־קאַרטן זענען ארייגעקומען 7.454 מאַרק און אנדערע הכנסות 1.047 מאַרק. די וויכטיקערע הוצאות זענען פאָלגנדע: איינאָרדנען דאָס ביוראָ און געהעלטער 5.308 מאַרק. רייזע צושטייער 4.011 מאַרק; דרוק־זאַכן און ביולעטינען 3.034 מאַרק; ביוראָ, טעלעפאָן און טעלעגראַמעס, פּרעסע־קאָנפערענצן, פּרעסע־טעלעגראַמעס, אָרדנער־דינסט א. א. — 4.045 מאַרק; קאָנגרעס־זאַלן און דעקאָראַציעס 1.505 מאַרק און אנדערע קלענערע הוצאות.

● ● ●

# ערשטע זיצונג

שבת, דעם 27־סטן סעפטעמבער 1930, 8 אַ זייגער אין אָוונט, אינם זי־צונגס־זאַל פונם אַמאָליקן „פרייסישן הערן־הויז" אין בערלין. דער זאַל און די גאַלעריע זענען פול געפּאַקט מיט דעלעגאַטן און געסט. די פּרעזידיום־טריבונע איז דעקאָרירט מיט רויט און גרינס. די וואַנט הינטער דער פּרעזידיום־טרי־בונע איז פאַרדעקט מיט אַ גרויסער רויטער לייוונט, אויף וועלכער עס איז אָנגעצייכנט די ארץ־ישראל־קאַרטע און די אויפשריפט, אויף העברעיש, יידיש און דייטש: ערשטער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. די פּרעזידיום־טריבונע פאַרנעמען די מיטגלידער פון ועד הפועל פון דער הסתדרות העובדים אין א״י און די פירער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

דעם פאָרזיץ פירן די חברים: דוד בן־גוריון, שלמה קאַפּלאַנסקי און יוסף שפּרינצאַק.

## דערעפענונגס־רעדע פון חבר ד. בן־גוריון

(הייבט אָן העברעיש, אויסרופן ביי די דעלעגאַטן פון לינקע פועלי־ציון: יידיש!)

חשובער קאָנגרעס!

די אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין א״י, וועלכע האָט צונויפגערופן דעמדאָזיקן קאָנגרעס, שיקט איר האַרציקן גרוס די פאַרזאַמלטע דאָ און אַלע זייערע ווײַלער אומעטום, וואו זיי זענען, און אין איר נאָמען זאָג איך אַלע דעלעגאַטן, איינגעלאַדענע חברים און געסט: ברוכים הבאים!

מיט צופרידנקייט אין דערמונטערונג האָבן די א״י־אַרבעטער געהערט וועגן ברייטן און מעכטיקן אָפּקלאַנג, וואָס דער רוף פון דער הסתדרות האָט געפונען אין אַלע צעשפּרייטקייטן פון יידישן פאָלק, און באַזונדערס צווישן די אַרבעטער־מאַסן, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און דער אינטעליגענץ.

נישט אָן ספקות און חששות האָט די הסתדרות אָנגענומען מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק דעם באַשלוס וועגן צונויפרופן אַ וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, און נאָר מיט אַ 3 חדשים צוריק האָט די עקזעקוטיווע פון דער הסתדרות געקאָנט באַטראַכטן די פראַגע וועגן פאַרווירקלעכן די דאָ־

זיקע החלטה און וועגן רופן דעם קאָנגרעס. נישט קוקנדיק אויף דער קורצער צייט פון פראַקטישע צוגרייטונגען און נישט קוקנדיק אויף די געאָגראַפישע שוועריקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אונזער צעשפרייטקייט, — האָבן זיך אָפּגערופן אויפן רוף פון דער הסתדרות איבער 400 טויזנט מענטשן פון אַלע עקן פון גלות. קיין איין צוזאַמענקונפט פון יידישע אַרבעטער האָט נישט זוכה געווען עד היום צו אַזאַ צאָלרייכער באַטייליקונג. באַזונדערס דאַרף איך באַצייכענען דעם וואָגיקן אָנטייל פון די צוויי גרעסטע יידישע צענטערן אין דער וועלט: די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט אַ פולמאַכט צו רעדן אין נאָמען פון אַ פערטל מיליאָן אַרבעטער און פריינט פונם אַרבעטנדן א״י, וואָס זענען אָרגאַניזירט אין דעם א״י־אַרבעטער־קאַמפּיין, וועלכער ווערט יאָר־איין יאָר־אויס איינגעאָרדנט דורכן געווערקשאַפטן־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. אין אַ געוויסער מאָס האָבן די אַמעריקאַנער חברים דאָס רעכט צו באַטראַכטן זיך אַלס די טאַטעס פונם דאָזיקן קאָנגרעס, וואָרים נאָך אין יאָר 1918 איז זיך צוזאַמענגעקומען אין ניו־יאָרק אַ יידישער אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר א״י, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

די דעלעגאַטן פון פוילן זענען אויסגעוויילט געוואָרן דורך דירעקטע וואַלן, וועלכע זענען ספּעציעל איינגעאָרדנט געוואָרן צום דאָזיקן קאָנגרעס לויט וואַל־קאַרטן אין דער צאָל פון קרוב צו 100.000.

מיט אַ טיפן צער דאַרף איך אָנווייזן, אַז ביי הונדערטער און טויזנטער איבערגעגעבנסטע און טרייסטע אונזערע חברים איז באַרויבט געוואָרן די פרייהייט צו טרעפן זיך מיט אונז; די תפיסות און פאַרשיקונגס־פּונקטן אין רוסלאַנד האָבן פאַרשטעלט דעם וועג פאַר די בעסטע פון דער יידישער יוגנט און פאַר זייערע אויסדערוויילטסטע. מיר גלייבן אָבער, אַז זייערע העראָישע ליידן וועלן נישט בלייבן אומזיסט.

עס איז אוממעגלעך נישט צו באַדויערן אויך די אָפּוועזנהייט פון אַ טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָט אַמאָל דערפילט אַ פּיאָנער־אויפגאַבע אין לעבן פון יידישן פאָלק אין חוץ לאָרץ, און וואָס עד היום שאַצן מיר אָפּ זיין פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער אין פוילן. די מענטשן פון פוילישן „בונד“ האָבן אויסגעמיטן צו קומען צו אונז, וואָרים אויך זיי זענען געפּענטעט אין אַ געפענגעניש פון זייערע אַמאָליקע אָנשויאונגען, און כדי צו פאַרדעקן זייער היסטאָרישן טעות, האָבן זיי אויסגעקליבן צו פאַרלייקענען דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל, וועלכעס בליט און וואַקסט, נישט רעכענענדיק זיך מיט זייערע פאַלשע נביאות. מיר האָפן אָבער, אַז פונם וואוקס פונם אַרבעטנדן א״י וועט אויך דער פוילישער „בונד“ שעפן כוח און מאָראַלישע קראַפט אויף אַ באַפרייען זיך פון די פאַלשע דאָגמעס, ווי דאָס האָבן געטון די בעסטע זיינע חברים אין אַמעריקע, און „בונד“ וועט געפינען אַן אָרט אין דער אַלוועלטלעכער קאָנסאָלידירונג פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס אַרום דעם באַפרייערישן ווערק פונם אַרבעטנדן א״י.

חשובער קאָנגרעס, דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער קאָנגרעס, וועלכער

איז באַשלאָסן געוואָרן אין די טעג פון דערמונטערונג און ברייטע פּערספּעק־טיוון פאַר אונזער ווערק אין לאַנד, זאָל זיך צונויפקומען אין אַ שעה פון שווערן קריזיס פאַר אונזער באַוועגונג. די געשעענישן פון אויגוסט און מאַי — זייער שווערער שאָטן ליגט נאָך אויף אונזער אַרבעט און עק־זיסטענץ.

די שחיטה אין די אויגוסט־טעג, דער רעזולטאַט פון דער פאַרברעכע־רישער פּראָפּאַגאַנדע, פון רעליגיעזער העצע און פּאָליטישע שטרעבונגען פון דער כנופיה מופטיס און עקספּלואַטאַרן, וועלכע זוכן צו פאַרפעסטיקן זייער וואַקלדיקע מאַכט איבער די אַראַבישע פאָלקס־מאַסן דורך פונאַנדערבלאָזן דעם רעליגיעזן און ראַסן־האַס און דעם קאַמף פון פאָלק קעגן פאָלק — האָט נישט אַרויסגעריסן פון אונזער האַרץ דאָס באַוואוסטזיין פון בשותפותדיקן גורל, וועלכע פאַרבינדט דאָס יידישע פאָלק, וואָס קערט זיך אום צו זיין לאַנד מיט זיינע אַראַבישע שכנים, די זין פון לאַנד און פון אַרום אים. די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען בעת די געשעענישן געשטאַנען מיטן געווער אין האַנט אויפן פראָנט פון זעלבסטשוץ קעגן די אָנפאַלער, האָבן אויף מאָרגן נאָך די געוואַלטטאַטן דערקלערט:

„מיר וועלן נישט מוותר זיין אויף גאָרנישט פון אונזערע ציוניסטישע שטרעבונגען, מיר וועלן זיך אפילו אויף איין רגע נישט צוריקציען פון פאַר־שטאַרקן אונזער ווערק אין לאַנד — מיר וועלן אָבער בשום אופן נישט צו־לאָזן צו זיך קיין שום געדאַנקען וועגן נקמה און נאַציאָנאַלן חרם. מיר קערן זיך אום אין אונזער לאַנד, כדי צו בויען דאָרט אונזער צוקונפט מיט אונזער אייגענער קראַפט און אונזער אייגענעם רשות, און נישט אויפן חשבון פון אַנדערע און צו זייער רעה. מיר זענען פאַראינטערעסירט און מיר ווילן אויפבליען דאָס לאַנד מיט אַ ל ע זיינע איינוואוינער. בויענדיק אונזער לאַנד, וועלן מיר אויפריכטן אַלע זיינע קינדער. אונזער האַנט, וואָס איז אויסגע־שטרעקט צו שלום, וועט זיך נישט צוריקציען פאַר דער שווערד פון רוצחים. ווי פריער, וועלן מיר כסדר פאָרזעצן אונזער שטרעבונג צו אויפשטעלן שכנותדיקע באַציאונגען פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש און הילף. ווי ביז איצט, וועלן מיר זיין גרייט צו אַ בשותפותדיקער טעטיקייט מיט די אַראַבישע אַרבעטער און מיר וועלן אויפריכטיק מיטהעלפן יעדן אָנהייב און פרווו פונם אַראַבישן אַרבעטער צו קעמפן פאַר פאַרבעסערן די תנאים פון זיין אַרבעט און אָר־גאַניזירונג".

נאָכן בלוטיקן אַטענטאַט אויפן ל ע ב ן פונם ישוב, איז געקומען דער פּאָליטישער אַטענטאַט, וועלכער איז נישט וויניקער שרעקלעך און דערשיטערנד פאַר דער נשמה פון אונזער ווערק. נאָכן פאַרעפנטלעכן די פאַלשע ווערטער פון דער מערהייט פון דער שאו־קאָמיסיע, האָט די מאַנדאַט־רעגירונג פאַרבאָטן די אַר־בעטער־עליה, טראָץ דער דרינגענדער באַדערפעניש אויף אַרבעטס־הענט, וואָס די א״י־רעגירונג האָט אַליין אָנערקענט. טראָץ די בלוטיקע געשעענישן, האָט דער כוח פון וואוקס פונם ישוב זיך נישט אָפּגעשטעלט, און די אויפבוי־אַרבעט איז נישט קלענער געוואָרן, נאָר פאַרקערט, זי האָט זיך פאַרברייטערט,

די צענטראַלע רעגירונג גופא ווייזט אָן אין איר יערלעכן באַריכט פאַרן יאָר 1929 צו דער פעלקער־ליגע דיווירטשאַפטלעכע פאַרפּעסטיקונג פונם ישוב נאָך די אויגוסט־געשעענישן.

„די פאָרטגייענדע פאַרבעסערונג פון די ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען — ווערט געזאָגט אינם באַריכט — האָט געבראַכט צו דער שאַפונג פון נייע אַר־בעטס־קוועלן אין דער אינדוסטריע, בוי־אַרבעט און לאַנדווירטשאַפט. די נאָכ־פראַגע אויף אַרבעטער־הענט האָט, טראָץ דער שטערונג פון די אומרוען, אי־בערגעשטיגן דעם אָנבאָט".

אין אַזאַ מצב האָבן מיר נישט געקאָנט נישט איינזען אינם עליה־פאַר־באָט קיין אַנדערע זאַך, ווי אַ נאָכגעבן פון דער מאַנדאַט־רעגירונג די מאָרד־אָרגאַניזאַטאָרן. און נישט בלויז מיר — אַזוי איז די זאַך באַטראַכט געוואָרן דורך דער גאַנצער עפנטלעכער מיינונג איבער דער וועלט, ווי ז קומט צום אויסדרוק אינם באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע.

דערדאָזיקער קלאַפּ, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער מאַנדאַט־רעגי־רונג, איז געווען נאָך פילפאַך פיינלעכער צוליב דעם, וואָס ער איז געקומען אין דער צייט פון אַן אַרבעטער־רעגירונג, צו וועלכער עס געהערן טרייע פריינט פון אונזער ווערק און וועמענס שעף און פירער עס האָט אונז געזען ביי אונזער אַרבעט. דער שעף פון דער אַרבעטער־רעגירונג האָט נאָכן באַזוכן דאָס לאַנד מיט עטלעכע יאָר צוריק געשריבן: „דער ייד, וואָס קומט אין לאַנד, איז אַ מענטש פון אַרבעט און פון וויזיע. ווען ער אַרבעט, זייעט און פלאַנצט, פירט ער אויס אַ שליחות און אַ פליכט. ווען ער אַרבעט, האָסטו דאָס געפיל, אַז ער גיט דעם לאַנד מער, ווי ער באַקומט דערפון. וועגן דער אינערלעכער באַדייטונג פונם יידישן קאָלאָניזאַציע־ווערק אין לאַנד, קאָן נישט זיין קיין ספק. צען אַזעלכע אַרבעטס־יאָר, ווי איך האָב געזען מיט מיינע אויגן, וועלן פאַרגרעסערן דאָס רייכטום פון לאַנד הונדערט פאַכיק".

„דער אַראַבישער ישוב נוצט נישט אויס די רייכטימער פון לאַנד און קאָן זיי נישט אַנטוויקלען. יעדער מענטש, וואָס קען דאָס לאַנד, וועט אין דעם נישט צווייפלען. די צאָל איינוואוינער פון א"י אין אונזער צייט איז קלענער פון דער צאָל איינוואוינער בלויז פון גליל אין דער צייט פון ישו. דאָס לאַנד ווערט נישט אַנטוויקלט און זיינע איינוואוינער זענען ווינציק. ברייטע באָדן־שטחים ווערן נישט באַאַרבעט — און דער באַזעצטער שטח ווערט באַאַרבעט אויף אַ פּרימיטיוון אופן. דער ירדן און ירמוק שטראָמען מיט געבענטשטע וואַסערן, אָבער קיינער באַנוצט זיך נישט מיט זיי. די יידישע קאָלאָניזאַציע ענדערט דאָס אַלץ. אין א"י איז פאַראַן באָדן פאַר הונדערטער טויזנטער יידן, און דאָס לאַנד פאָדערט הויך נייע אַרבעטער און נייעם פלייס".

אין גייסט פון דידאָזיקע ווערטער שרייבט אויך דער פאָרשטייער פון דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין דער שאו־קאָמיסיע.

די בריטישע אַרבעטער־באַוועגונג איז נישט ווייניקער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג שולדיק אַ טיפן דאַנק איר חבר האַרי סנעל פאַר זיינע שטאַרקע, גערעכטע און ריכטיקע ווערטער. דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון

פריינטשאַפט און אָנערקענונג סיי פאַרן יידישן, סיי פאַרן אַראַבישן פאָלק. ווערטער, וועלכע האָבן אַראָפּגענומען די חרפה פון דער שאוו־קאָמיסיע פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ענגלאַנד.

און דעריבער זענען מיר נאָך מער דערשטוינט געוואָרן פונם פיינלעכן פאַקט, וואָס נישט דער גייסט פון דער בריטישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט קיינמאָל נישט פאַרראַטן איר פאַרשטענדעניש און צושטימונג צום באַפרייענדן ווערק פונם יידישן פאָלק און אַרבעטער אין זייער לאַנד, נאָר די שעדלעכע טראַדיציע פונם קאָלאָניאַלן באַאַמטנטום זענען עס געווען אינם דאָזיקן קריזיס־יאָר דער וועג־ווייזער פאַר טאַטן פון דער אַרבעטער־רעגירונג, וועלכע ברענגען פאַר אונזער אַרבעט אין ארץ־ישראל גרויסע שוועריקייטן.

אָבער דער דאָזיקער שמערצפולער פאַקט ברעכט נישט אונזער גלויבן אין די געפילן פון יושר און אינם מאָראַלישן כּוח פון ענגלישן אַרבעטס־פאָלק. קיין שום צייטווייליקער דורכפאַל און קיין שום פאַרבייגייענדער טעות פון די אַרבעטער־פאָרשטייער איז נישט ביכולת צו אָפּשוואַכן אונזער גלויבן אינם מאָראַלישן זיג פון דער אַרבעטנדער מענטשהייט.

אַ פאָלק, ווי מיר, וואָס זיין כּוח איז נאָר אין דער גערעכטיקייט פון זיין שטרעבונג און אין דער ריינקייט פון זיין אַרבעט, — האָט נישט קיין אַנדערן אויסערן שטיץ־פונקט אין דער וועלט, ווי די אַרבעטער־כּוחות, וועלכע שטרעבן צו דער מאַכט פון יושר און גלייכהייט אין די באַציאונגען פון פעלקער און מענטשן.

דער גאַנצער קאָמפּלעקס פראַגן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט די געשעענישן פונם לעצטן יאָר, וועלן נאָך שטיין פאַר אַן אַרומנעמענדער און גרינטלעכער אויפקלערונג אויף אונזער קאָנגרעס.

איצט וויל איך נאָר באַזונדערס אונטערשטרייכן, אַז נישט צוליבן קריזיס, נאָר טראָץ אים, האָבן מיר צוזאַמענגערופן דעמדאָזיקן קאָנגרעס (פאַרזעצנדיק הייטער אין יידיש).

חשובער קאָנגרעס! נישט קיין צייטווייליקע שוועריקייט, נישט קיין צורך הרגע, נישט קיין פאָריבערגייענדע אויפגאַבע האָבן אַרויסגערופן אָט דעם היינטיקן קאָנגרעס. זיין צוועק איז נישט קיין אויפמונטערונגס־רייד, נישט קיין אויסדרוק פון סימפּאַטיע און נישט קיין דעמאָנסטראַציע כּלפּי חוץ אָדער כּלפּי פּנים.

נאָך 25 יאָר פון רעוואָלוציאָנערן אויפטו, פון חלוצישער אומאויפהערלעכער אָנשטרענגונג, וועלכע איז געווען דורכאויס געווענדט כּלפּי פּנים, זיך צוצופּאַסן צום לאַנד, אַריינדרינגען אין די נייע אַרבעטס־צווייגן, אויפשטעלן אַרבעטער־ווירטשאַפטן אין דאָרף און אין שטאָט, דעראָבערן די שפּראַך, שאַפן אַ נייעם לעבנס־שטייגער פון אַרבעטס־מענטשן, אָרגאַניזירן און פאַרייניקן דעם אַרבעטער־קלאַס, אויסגעשטאַלטן נייע קולטור־און געזעלשאַפט־פאָרמען, וועלכע האָבן איבערגעאַנדערשט דעם אויסזען פונם ישוב און אַרויפגעלייגט אויף אים אַ שטעמפּל פון שאַפנדער אַרבעט, אין אַזאַ מאָס, וואָס האָט צו זיך

נישט קיין גלייכן אין קיין שום אַנדערן יידישן ישוב, — זעט זיך דער א״י־אַרבעטער באַרופן צו ריכטן פון איצט אָן זיינע אָנשטרענגונגען אויף צום בעזייעטן און צעשפרייטן פאָלק אין חו״ל, מיטן גלויבן, אַז די צוקונפט פון פאָלק און דער גורל פון א״י וועלן באַשטימט ווערן דורכן יידישן אַרבעטער. מיטן דאָזיקן באַוואוסטזיין האָט די הסתדרות צוזאַמענגערופן דעם ערשטן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י.

די קערפּערשאַפט, וואָס האָט אויף זיך גענומען דידאָזיקע דרייסטע איניציאַטיוו, איז נישט קיין פּאַרטיי. די הסתדרות פאַרייניקט אין זיך אַלע אַרבעטער פון א״י, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי און ריכטונג. די הסתדרות פרעגט נישט וועגן דעם אני מאמין פון אירע חברים. ווער עס לעבט פון זיין אַרבעט און עקספּלואַטירט נישט דעם צווייטן, איז באַרעכטיקט צו זיין אַ מיטגליד פון דער הסתדרות. די הסתדרות איז אָבער נישט בלויז אַ געווערק־שאַפטלעכער אוןווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזם; נישט בלויז מאַטעריעלע באַ־דערפענישן און עקאָנאָמישע פאָדערונגען האָבן צוזאַמענגעשמידט די א״י־אַר־בעטער צו אַ געשלאָסענער איינהייט, וואָס האָט אפשר נישט קיין גלייכן אין דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאָר דער וועלט.

די הסתדרות איז — לויט איר גייסטיקן וועזן און לויט איר היסטאָרישן ווילן, — אַ בונט פון שטאַטס־באַגרינדער. נישט קיין שטאַט פון געוואַלט און אונטערדריקונג, נאָר פון אַרבעט און גלייכהייט. נישט מיטן כוח פון פּראַזעאָ־לאָגיע, נישט מיט מיליטאַריסטישע מעשי תעתועים, נישט מיטן אויפהייבן אַ פויסט, נישט מיטן כישוף פון דיפּלאָמאַטיע. אָט אין דער פאַרקריפּלונג פון דער יידישער רענעסאַנס־אידעע זעט דער יידישער אַרבעטער נאָר אַ קראַנק־האַפטן גלגול פון מיטלאַלטערלעכער קבלה, וואָס האָט געגלייבט צו פאַר־וואַנדלען אַ טויט ליים אין אַ לעבעדיקן גולם מיטן כוח פון שם המפורש. די מאָדערניזירטע פּאָליטישע טעאָלאָגיע פון דעם פּראַגער גולם איז נאָר אַ סימפּטאָם פון נאַציאָנאַליסטישער דעגענעראַציע און אימפּאָטענץ.

דער צוקונפטיקער שטאַט, צו וועלכן עס שטרעבן די א״י־אַרבעטער — די פאַרווירקלעכונגס־אַרמיי פון דער יידישער ווידערגעבורט — וועט אויפגעשטעלט ווערן דורך אַ נייעם „מעשה בראשית״ פון יידישן פאָלק. אַ דויערנדן און אָנגעשטרענגטן מעשי בראשית פון די, וואָס בויען דאָס לאַנד מיט זייער שוויים.

אין די אַרבעטס־דערגרייכונגען אין דעם קאָלאָניזאַציע־ווערק, אין דעם קולטור־שאַפן, אין דעם פאָרמירן די נייע געזעלשאַפט, אין די פּאָליטישע אָנ־שטרענגונגען, אין דעם קלאַסן־קאַמף פאַרן אַרבעטער־אינטערעס און פאָלקס־רעכט — ביי זייער גאַנצער וויכטיקייט פאַר די, וואָס שטייען אין פראָנט — זעט דער א״י־אַרבעטער נאָר שטאַפּלען פון דער פאַרווירקלעכונגס־לייטער, וואָס באַוועגט די טעריטאָריאַלע מלוכהשע לעזונג פון דעם יידישן פאָלקס־פּראָבלעם אין זיין גאַנצן פאַרנעם, מיטן כוח פון דער שעפערישער און פרייער אַרבעט אויף דעם אייגענעם באָדן.

דאָס לאַנד, וואָס מיר האָבן זיך דערצו אומגעקערט, — און מיר זענען איבערצייגט, אַז דאָס יידישע פאָלק אין זיין רוב מנין ורוב בנין וועט זיך דער־צו אומקערן — איז נישט דאָס היינטיקע פּאַלעסטינע, דאָס פּאַראָרימטע, וויס־טע, אויסגעשעפּטע לאַנד, וואָס האַלט אויס אין אָרימקייט אירע אַראַבישע איינוואוינער. אַזאַ פּאַלעסטינע איז נישט בכוח מפרנס צו זיין אפילו איר קליינע אַראַבישע באַפעלקערונג. נאָך דעם ווי די מערהייט פון דער שאו־קאָ־מיסיע האָט פאַרעפנטלעכט איר אומערלעכן באַריכט, האָט סוף־כל־סוף איינער פון די העלדן פון דעם ראַפּאָרט, דער באַקאַנטער לוק, מודה געווען פאַר דער מאַנדאַט־קאָמיסיע (אין גענף), אַז אין די טערקישע צייטן איז פאָר־געקומען אַ גרויסע אַראַבישע אויסוואַנדערונג פון א"י און דווקא נאָך דער מלחמה, מיט דער יידישער מאַסן־איינוואַנדערונג האָט זיך די אַראַבישע אויס־וואַנדערונג באַדייטנד פאַרקלענערט.

דאָס לאַנד, וואוהין מיר קערן זיך אום — שאַפן מיר פונדאָסניי. מיר ברייטערן אויס זיינע גרעניצן און אין די נייע פאַרברייטערטע גרעניצן קאָלאָניזירן מיר זיך.

אַ לאַנד האָט דריי דימענסיעס. צוויי פון זיי זענען געגעבן פון דער נאַטור און אויף זיי האָבן מיר נישט קיין שליטה; דאָס איז די לענג און די ברייט פון דעם לאַנד. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ דריטע דימענסיע — און די וויכטיקסטע — דאָס איז די פּרוכטבאַרקייט, די פּראָדוקטיוויטעט פון לאַנד. די־דאָזיקע דריטע דימענסיע קאָנען מיר יאָ ענדערן, פאַרגרעסערן, אויסברייטערן. די מאָס פון דער אויסברייטערונג איז אָפּהענגיק נאָר פון אונז. 100 דונאַם, וואָס טראָגן אַריין 2.000 פונט, זענען מער ווי 1.000 דונאַם, וואָס טראָגן אַריין נאָר 200 פונט. דער ערשטער שטח, וואָס לויט די ערשטע צוויי דימענסיעס איז ער נאָר אַ צענטהלק פון דעם צווייטן שטח — ווערט דורך דער פאַר־גרעסערונג פון דער דריטער דימענסיע, צען מאָל גרעסער פון דער צווייטער.

דורך פאַרגרעסערן די פּרוכטבאַרקייט פאַרוואַנדלען מיר איין דונאַם אין הונדערט. און די 99 נייע דונאַמען ווערן מסוגל אויפצונעמען נישט נאָר נייע קאָלאָניסטן, נאָר אויך צו הייבן דעם מצב פון די אַלטע איינוואוינער.

דאָס זענען נישט קיין טעאָרעטישע הנחות, דאָס זענען פּראַקטישע מסקנות פון אונזער אויפּטו אין לאַנד.

דער ענדציל פון יידישן רענעסאַנס — די טעריטאָריאַל־מלוכהשע זעלבשטענדיקייט פון דעם יידישן פאָלק אין זיין לאַנד — וועט מקוים ווערן דורכן אויפבוי־פּראָצעס פון דעם נייעם א"י. וואָס זיין גרויס וועט זיין אָפּהענ־גיק נאָר פון דער שאַפונגס־און אַרבעטס־פעאיקייט פון דעם יידישן פאָלק. דאָס צוקונפטיקע א"י אין זיין גאַנצער גרויס ליגט נישט אינגאַנצן אויף די ברע־געס פון ים התיכון, נאָר אין דער שעפערישער פּאָטענץ פונם יידישן פאָלק איבער גאָר דער וועלט. עס ליגט אין אונז, און מיר דאַרפן עס אַרויסצוציבערן פון דער פאַרבאָרגענער פאָלקס־ענערגיע, וואָס נאָר אַ טייל דערפון איז נתגלה געוואָרן ביז היינט אין א"י.

א ר ץ־י ש ר א ל וועט זיין אַזוי יידיש, ווי דאָס יידישע

פּאָלק ווערט עס ווע לן. אונזער רעכט אויף א״י — איז אַ רעכט אויף אַרבעט, אַ קאָלעקטיוו רעכט פון אַ פּאָלק צו שאַפן זיך אַליין אַן עקזיסטענץ־באַזע מיט זיין אייגענער אַרבעט און אָנשטרענגונג. און דערפאַר מוז דאָס יידישע א״י זיין אַן אַרבעטס־א״י. און דערפאַר מוז עס זיין אַ לאַנד פון פרידן און צוזאַמענאַרבעט מיט זיינע אַראַבישע זין. עס איז נישט מעגלעך אויפצובויען די חורבות פון לאַנד און נישט אויסבויען דערביי ממילא און מיט אַ כוונה די חורבות פון זיינע איינוואוינער. נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, אַרבעטס־געזעלשאַפט און יידיש־אַראַבישע אַרבעטס־געמיינשאַפט — דאָס זענען דריי אויפגאַבן, וועלכע גיסן זיך צונויף אין דעם אויפטו און שטרעבן פון דעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער.

אונטערפירנדיק אַ סך־הכל פון אַ פערטל יאָרהונדערט פול מיט דערפאַרונג, רייך אין דערגרייכונגען און דורכפאַלן, אַנטוישונגען און נצחונות, — וויל דער א״י־אַרבעטער געבן אַן אויסדרוק און אַן אָפּשאַצונג פון ציוניסטישן פאַרווירקלעכונגס־ווערק און זיין היסטאָרישער שליחות

דורך אַן אוממיטלבאַרער באַרירונג מיט דער ארץ־ישראל־ווירקלעכקייט און אַלע אירע שוועריקייטן און קאָמפּליקאַציעס, וויל דער א״י־אַרבעטער אויפדעקן די גרויסע אומבאַנוצטע מעגלעכקייטן, וועלכע זענען פאַרבאָרגן אין לאַנד; מעגלעכקייטן פון אויפנעמען גרויסע מאַסן און פּראָדוקטיווירן זיי, די מעגלעכקייט פון פאָלקס־קאָלאָניזאַציע אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, פון פעסטלייגן די סאָציאַלע יסודות און פעלקער־סאָלידאַריטעט, אויף וועלכער עס דאַרף זיך שטיצן אונזער אַרבעט אין לאַנד.

שטייענדיק פעסט, אומדערשראָקן אין די פאָדערשטע שורות פון זעלבסטשוץ און אַרבעט, אין יאָרן פון קריזיס און אומגליקן, וויל דער א״י־אַרבעטער שטורמען די ווילנלאָזיקייט און די אידעאישע פאַרווירונג, וועלכע הערשן אין יידישן פאָלק, כּדי דורכצוברעכן אַ וועג צו אַן אַקטיווער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס זאָל טראָגן מוטיק און טריי די פאָן פון פולער דערלייזונג, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער, און זיך פאַרבונדן מיטן ווערק, וואָס וואַקסט אין לאַנד.

מיט אַן אומרו פאַרן שיקזאַל פון פאָלק און לאַנד און מיט אַ טיפן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון זיין אַרבעט און איר היסטאָרישן זין, וויל ער אַנטפּלעקן די טיפע קוואַלן, וואָס שלאָגן אין די טיפענישן פון פאָלק, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין דער חלוצישער יוגנט, אין די מענטשן פון גייסט און אַרבעט, כּדי צו אַקטיוויזירן זיי אין דעם אויפבוי־ווערק און זאַמלען זיי אַרום זיין הויפּט־טרעגער — דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס שטרעבט צו ווערן דאָס אַרבעטער־פאָלק. דער סך־הכל פון אויפטו, אויסבליק אין דער צוקונפט, מאָביליזאַציע פון כּוחות, — די דריי זאַכן ווילן מיר ברענגען צום ערשטן קאָנגרעס פונם אַרבעטנדיקן א״י, וואָס איך האָב דעם זכות צו עפענען אין נאָמען פון דער הסתדרות העובדים (לאַנגע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן).

# באַגריסונגס־וואָרט פון חבר ש. קאַפּלאַנסקי

חברים דעלעגאַטן !

מיר האָבן היינט אין אונזער מיט, צו אונזער גרויסער פרייד, אַ שורה פון אינטערנאַציאָנאַלע געסט, וועלכע איך האָב דעם כּבוד צו באַגריסן אין אייער נאָמען און וועלכע וועלן רעדן צו אונז אין די שפּראַכן פונם אינטערנאַציאָנאַל.

חשובער קאָנגרעס, איך באַגריס אויפן הערצלעכסטן אופן די אָנוועזנדע דאָ געסט און פאַרטרעטער פון באַפריינדעטע און חברישע אָרגאַניזאַציעס. איך באַגריס קודם־כּל דעם וועטעראַן פון דייטשן און אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, חבר עדואַרד בערנשטיין (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, דער עולם הייבט זיך אויף צו באַגריסן בערנשטיינען).

איך דאַרף נישט זאָגן, וואָס פאַר אַ באַפרידיקונג עס איז פאַר אונז צו זעען אין אונזער מיט דעמדאָזיקן פירער און לערער און ווי שטאָלץ מיר זענען, וואָס חבר בערנשטיין האָט אונז אין די לעצטע יאָרן, מער ווי ווען עס איז פריער, אַרויסגעוויזן זיין טעטיקע סימפּאַטיע און זיין טיפע פאַרשטענדעניש פאַר אונזער זאַך.

איך באַגריס ווייטער דעם גרעסטן פירנדן גייסט פון אונזער יאָרהונ־דערט — דעם פּראָפעסאָר ד"ר אַלבערט איינשטיין (דער עולם שטייט אויף פון די פּלעצער און מאַכט איינשטיינען אַ שטורמישע אָוואַציע). מיר דאַנקען אים, וואָס ער האָט פאַרייניקט זיין רוף מיט יענע, וועלכע האָבן זיך פאַרבונדן אינם רוף צום אָנטייל אינם דאָזיקן קאָנגרעס פאַרן א"י פון אַרבעט, און מיר דאַנקען אים, וואָס ער האָט מיט זיין פּערזענלעכן דערשיינען דאָ נאָכאַמאָל מאַניפעסטירט זיין אינטערעס.

מיר באַגריסן דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פונם אינטערנאַציאָנאַלן גע־ווערקשאַפטן־בונד — חבר י. סאַסענבאַך (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן) עס איז פאַר אונז געווען די דערפילונג פון אַ היסטאָרישער שליחות, וואָס מיר האָבן געשאַפן פאַרן געווערקשאַפטלעכן אינטערנאַציאָנאַל פון דער אָרגאַניזי־טער אַרבעטערשאַפט אין דער וועלט אַ טרייען פאָרפּאָסטן אויפן נאָענטן מזרח, אין ארץ־ישראל, און עס איז פאַר אונז אַ פרייד צו האָבן צום ערשטן מאָל די געלעגנהייט צו באַגריסן אין אונזער סביבה דעם העכסטן באַאַמטן פון אונזער פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל, ביי אַ פאַראַנשטאַלטונג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין א"י.

איך באַגריס דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע נחום סאָקאָלאָוו (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן), וועלכן איך דאַרף אייך נישט פאָרשטעלן. איך באַגריס דעם פאַרטרעטער פון אינטערנאַציאָנאַלן אַר־בעטס־אַמט אין גענף דירעקטאָר דאָנאַו (אַפּלאָדיסמענטן). וועלכער איז ספּעציעל דעליגירט געוואָרן דורכן גענעראַל־סעקרעטאַר פונם אינטער־

נאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט חבר אַלבערט ט אָ מ אַ, כּדי בייצוזיין אונזערע באַראַטונגען.

איך באַגריס ווייטער מיט אַ באַזונדערער פרייד דעם אויסגעצייכנטן, באַקאַנטן פירער פון פראַנצויזישן סאָציאַליזם, חבר ז ש אַ ן ל אָ נ ג ע (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן). איינער פון אונזערע פאָרלויפער, משה העס, האָט אַמאָל באַצייכנט פראַנקרייך, אַלס „דאָס האַרץ פון דער רעוואָלוציע". עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס חבר לאָנגע און פיל אַנדערע באַדייטנסטע פירער פון פראַנצויזישן סאָציאַליזם האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַרן ווערק, וואָס מיר פאַרווירקלעכן אין א״י, ווי אינם האַרץ פון דער יידישער רעוואָלוציע.

איך באַגריס חבר אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ק נ אָ ל, וועלכער ברענגט אונז די גרוסן פונם אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטס־בונד (לעבהאַפטע אַפּלאָדיסמענטן). איך וויל אים שוין איצט זאָגן, אַז מיר האָבן, פונקט ווי די גאַנצע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג, שטענדיק געזען אין דער דייטשער פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע אַ מוסטער און אַ לער־מייסטער אויך פאַר אונזער פראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. עס איז פאַר אונז אַן אָנגענעמע פליכט, וואָס מיר קאָנען ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, אין דער דאָזיקער באַשיידענער פאָרם, געבן אַן אויסדרוק אונזער דאַנקבאַרקייט דער אָרגאַניזאַציע פון דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג.

צווישן אונז געפינט זיך דער גרויסער דיכטער פון דער ניי־העברעישער ליטעראַטור ש א ו ל ט ש ע ר נ י כ אָ ו ו ס ק י (אָוואַציעס). וועמען איך באַגריס האַרציק.

ער זענען אָנגעקומען אַ ריי שריפטלעכע באַגריסונגען, וועלכע מיר וועלן שפּעטער דורכלעזן. צווישן זיי אויך אַ באַגריסונג פון דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע וועט שפּעטער דורכגעלעזן ווערן

איצט וועלן מיר בעטן אייניקע געסט צו איבערגעבן דעם קאָנגרעס זייערע גרוסן.

איך גיב דאָס וואָרט דעם חבר

## עדוואַרד בערנשטיין

(אַלע דעלעגאַטן און געסט, אַחוץ די דעלעגאַטן פון לינקע פּועלי־ציון, שטייען אויף פון די פּלעצער און נעמען אויף דעם רעדנער מיט שטורמישע אָוואַציעס).

חשובע אָנוועזנדע, אין נאָמען פון דער געמיינשאַפט, וועלכע האָט אייך אַהער איינגעלאַדן, בין איך געבעטן געוואָרן צו זאָגן אייך אייניקע ווערטער פון באַגריסונג. איך דערפיל דידאָזיקע ביטע מיט פיל פרייד, וואָרים עס איז פאַר מיר אַ פרייד צו געפינען זיך אין אייער סביבה און עס איז מיר צוגלייך אַ פרייד צו קאָנען אָנטייל נעמען אינם דאָזיקן קאָנגרעס, צו וועלכן איר זענט איינגעלאַדן, — צוליב דער באַדייטנספולער אויפגאַבע, וואָס שטייט פאַר אים.

וואָס איז דידאָזיקע אויפגאַבע?

אויב איך זאָל זיך אויסדריקן, לויט דער איינלאַדונג און לויט דעם,

וואָס מען האָט דאָ פריער געהערט, איז די אויפגאַבע פון קאָנגרעס, אָדער די אויפגאַבע, פאַר וועלכער דער קאָנגרעס דאַרף אַרבעטן, — די פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט פאַר דער שאַפונג פון אַן עפנטלעך, רעכטלעך, געזיכערט היימלאַנד פאַר יידן אין ארץ-ישראל.

איך גלייב, מען דאַרף נישט רעדן פאַרן גאַנצן באַגריף פון פאָלק, נאָר פאַר יענע, וועלכע געהערן צום אונטערדריקטן טייל פון יידישן פאָלק. פאַרן דאָזיקן טייל דאַרף, לויט דעם וואונטש פון פילע, געשאַפן ווערן אין ארץ-ישראל אַן עפנטלעך, רעכטלעך, געזיכערטע היימלאַנד.

איבער דעם, „ווי אַזוי" דידאָזיקע העכסט-וויכטיקע אויפגאַבע זאָל פאַר-ווירקלעכט ווערן, זענען מעגלעך גרויסע חלוקי דעות; אָבער איבער דעם „ציל" איז ווינטשנסווערט — דאָ, גלייב איך, קאָן נישט זיין קיין מיינונגס-פאַרשידנהייט.

די מאָטיוון פונם „ציל" פון דער וואונטשבאַרקייט זענען דאָס, וואָס, טראָץ אַלעם, וואָס מיר האָבן דערלעבט, געזען און ווען נאָך זען אין פּראָגרעס, טראָץ אַלעם, געפינען מיר זיך היינט אין אַ תקופה פון אַ באמת שטאַרקער גייסטיקער רעאַקציע.

דידאָזיקע רעאַקציע גלייב איך אַמבעסטן צו כאַראַקטעריזירן דורך דעם, וואָס אין כמעט אַלע לענדער איז צו באַמערקן אַ שטייגנדן צוואוקס פונם צוגעשפיצטן נאַציאָנאַליזם און דאָס אויך אין דייטשלאַנד. דער-דאָזיקער נאַציאָנאַליזם לאָזט זיך אויך פילן דערמיט, וואָס עס וואַקסט מוראדיק דער אַנטיסימיטיזם, וואָס די מאַסן ווערן אויפגעהעצט קעגן יידן און אָנגעהעצט צו ברוטאַליטעטן לגבי דעם יידישן פאָלק.

איר זאָלט אייך נישט חידושן, וואָס איך דריק מיך דאָ אפשר אויס מיט אַ געוויסער ליידנשאַפט, עס איז שוין באַלד 60 יאָר, ווי איך בין אין פעברואַר פון יאָר 1872 אַריינגעטרעטן אין דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע און גלייכצייטיק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט דעמאָלט געהאַט איר זיץ-אָרט אין לאָנדאָן. דאָס צושטייער צו דידאָזיקע באַוועגונגען האָט אויף מיר געהאַט אַ שטאַרקע מאָראַלישע ווירקונג

וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אַוועקגעלייגט, אַלס איר הויפּט-יסוד, דאָס אַרבעטס-פּראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס איז דערווייל שוין טיילווייז אויסגעפירט געוואָרן, איז שוין אַ גרויסער שריט צו מענטשלעכער באַפרייאונג און מענטשלעכע באַפרייאונג פרייאונג דאָס איז דאָך אַ ייער פּראָגראַם, אַ ייער אַרבעט.

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, ווי עס האָט אויף מיר געווירקט, ווען איך (בעת איך האָב אין יאָר 1872 אויסגעקויפט די מיטגלידס-קאַרטע פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, בין איך געווען אַ יונגערמאַן פון 22 יאָר) האָב זיך געקאָנט זאָגן : „דו געהערסט צו דערדאָזיקער פאַריייניקונג" און נאָך פיל מער האָט אויף מיר געווירקט, ווען איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון דער

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָסיאַציע, פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר דעם צוזאַמענבונד פון דער אַרבעטער-באַוועגונג פון גאָר דער וועלט.

איר ווייסט, ווער עס איז געשטאַנען בראש. — גייסטיק בראש, פון דער דאָזיקער באַוועגונג: עס איז געווען דער גייסטיקער קאָפּ פון איר גענעראַל-ראַט אין לאָנדאָן, קאַרל מאַרקס, דער גייסטיק פירנדער קאָפּ פון די סאָציאַליסטן אין דער קולטור-וועלט.

דאָס געפיל פון געהערן צו דערדאָזיקער גרויסער פאַרייניקונג האָט צייטיק געמאַכט אין מיר נאָך אַנדערע געפילן, און איך גלייב, עס איז געווען אין יעדן אַרבעטער, אין יעדן מענטשן, וועלכער האָט צו איר געהערט — דאָס באַוואוסטזיין פון צוזאַמענגעהערן צו דער מענטשהייט אומעטום — און קודם-כל צו דער אַרבעטערשאַפט.

דער ערשטער רעדנער היינט אָוונט, חבר בן-גוריון, האָט דאָס געזאָגט אויף זיין אופן און אין זיין שפּראַך. איך מוז זיך מודה זיין צו מיין שאַנדע, אַז איך האָב אַ גרויסן טייל פון זיינע ווערטער נישט פאַרשטאַנען.

אין א״י שטרעבט דאָס דאָרטיקע יידנטום צו אַ בעסט-מעגלעכער דער-נענטערונג צו דער באַפעלקערונג אין צאָל און אין געמיינשאַפט. איך גלייב, אַז דאָס איז דער געדאַנק, וועלכן אויך מיר קאָנען אויסדרוקן. עס איז נישט דאָס שטרעבן צו מערהייט, נאָר דאָס שטרעבן צו גלייכהייט, צו געמיינזאַמקייט, צו געמיינזאַמען שאַפן, און דאָס אַלץ אין גייסט פון אַ גרויסן געדאַנק: דעם געדאַנק פון פאַרבר״דערונג, פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

חשובע אָנוועזנדע, דער סאָציאַליסטישער געדאַנק — ער, גלייב איך, דערפילט אייך אַלעמען היינט מער, ווי אין יעדן אַנדערן טאָג — היינט — ביי דער געלעגנהייט פונם דאָזיקן קאָנגרעס, וועלכער איז אַ וועלט-קאָנגרעס, אַ קאָנגרעס פון די פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל און פון דער באַ-פרייאונג פונם אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל, — דערדאָזיקער געדאַנק דערפילט מיך, זינט איך דענק פּאָליטיש.

איך וואָלט נאָך געקאָנט אויך רעדן איבער די געלייסטעטע אַרבעטן אין ארץ-ישראל, — די לייסטונגען, וואָס זענען שוין דורכגעפירט געוואָרן און די לייסטונגען, וואָס דאַרפן נאָך פאַרענדיקט ווערן. יעדערער האָט זיך זיינע גע-דאַנקען איבער דעם. ווען איך זאָל היינט וועלן האַלטן וועגן דעם אַ גאַנצן פאָרטראַג, וואָלט עס צו פיל צייט צוגענומען.

אָבער איינס וואָלט איך וועלן זאָגן: איך גלייב, אַז דאָס, וואָס עס דאַרף דערפילן די אָנוועזנדע און די-יעניקע, וואָס אַרבעטן מיט זיי, דאָס איז דאָס געפיל פאַר דער הויכקייט פון דער אידעע, פאַר וועלכער איר קעמפט און ווירקט, — דאָס הויכע געפיל, אַז מען טוט נישט בלויז טאָג-טעגלעכע זאַכן, נאָר אַז מען וויל פאַרווירקלעכן אַ גרויסע אידעע אין אַ געוואיסנהאַפטער אַרבעט און גע-מיינזאַמקייט. דער געדאַנק וועגן דער דערהאַבנקייט פון דערדאָזיקער אידעע מוז דערפילן אַלעמען. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן קיין מענטש, וועלכן די אידעע דערפילט נישט.

איר זענט גערופן געוואָרן צו א קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, פאַר

דער שאַפונג פון אַ רעכטלעך געזיכערט היימלאַנד פאַר יידן — ווי אַזוי קאָן עס עקזיסטירן און געשאַפן ווערן?

אָן דעם גרויסן געמיינזאַמקייטס־געפיל און דעם באַוואוסטזיין איבער דער דערהאַבנקייט פון דער שאַפונג פון אַ גלייכהייט און איינהייט, קאָן בכלל נישט געשאַפן ווערן גאָרנישט גרויסעס. דעריבער נאָך אַ צווייטע זאַך, וואָס איך מוז זאָגן:

איר האָט עס היינט נאָכאַמאָל מאַניפעסטירט, אַז דאָסדאָזיקע געפיל לעבט אין אייך, — מיט דעם ווי אַזוי, איר האָט אויפגענומען יענע, וועלכע זענען היינט אָוונט אַהערגעקומען אַלס געסט. די שטורמישע באַגייסטערונג, מיט וועלכער עס איז באַגריסט געוואָרן אַלבערט איינשטיין; מיט וועלכער איר האָט באַגריסט דעם פאָרשטייער פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט; אונזער פאָרזיצער; די פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פונם געווערקשאַפטן־אינטערנאַציאָנאַל: אייער ציטער, אייער פרייד, דידאָזיקע שטאַרקע איבערלעבונג האָט באַוויזן, וואָס פאַר אַ געפיל עס דערפילט אייך אַלעמען, און איך זאָג:

דאָסדאָזיקע געפיל מוז בלייבן, זיין בלייבן מוז געשטאַרקט ווערן.

עס מוז איינגעהאַלטן ווערן און מוז בלייבן — עס מוז אונז אַלעמען דויערנד דערפילן, — מיר מוזן אַלע געדענקען, אַז מיר קעמפן פאַר אַ גרויסן געדאַנק, אַז מיר זענען קעמפער פאַר גלייכהייט און פרייהייט, זאָל אונז אַלעמען דערפילן די באַגייסטערונג צו בילדן אַ טייל פון דער מענטשהייט. און זאָל זי נישט פאַרשווינדן, ווען מיר וועלן היינט פאַרלאָזן דעמדאָזיקן זאַל, נאָר זאָל זי בלייבן מיט אונז כל־זמן מיר זענען נאָך בכלל פעאיק צו דענקען (לאַנג־דויערנדע אָוואַציעס).

## פּראָפ. אַלבערט איינשטיין

(דער גאַנצער קאָנגרעס שטעלט זיך אויף און נעמט אויף דעם רעדנער מיט שטורמישע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

חשובע אָנוועזנדע, איך בין אַפילו אַן אַלטער שול־מייסטער, אָבער איך קאָן אייך היינט נישט לערנען, נאָר פאַרקערט: איך וויל פון אייך לערנען. אויב איך דערמאָן אַן אַלטן שול־מייסטער, וויל איך זאָגן, וואָס עס ליגט מיר אויפן האַרצן בנוגע דער ארץ־ישראל־פראַגע. איך מיין, אַז מיר, יידן, זענען אַ קולטור־געמיינשאַפט, מיר זענען אויך אַ פאָלק, אָבער מיר וואָלטן אַלס פאָלק לאַנג פאַרשוואונדן, ווען מיר וואָלטן נישט געווען אַ קולטור־געמיינשאַפט, און איך גלייב, אַז ארץ־ישראל קאָן פאַר אונז זיין נאָר דאָס, וואָס עס דאַרף זיין — עס מוז גילטן אַלס אויסדרוק פון אַ הויכער קולטור־געמיינשאַפט.

איך זאָג, אַז, לויט מיין מיינונג, האַנדלט עס זיך נישט אַזוי וועגן דעם, וויפיל יידן עס זיצן אין א״י, נאָר וועגן דעם, וואָס זיי פּראָדוצירן אינם דאָ־

זיקן לאַנד. — און דאָס מוז זיין פון אַזאַ אַרט, אַז די יידן פון גאָר דער וועלט זאָלן זס באַצייכענען אַלס אידעאַלע שאַפונג און זאָלן זיך קענען אידענטיפיצירן מיט דעם. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן אייך היינט זאָגן. אין איינצלהייטן וויל איך נישט אַריינגיין (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

## י. סאסענבאַך

(גענעראַל-סעקרעטאַר פונם אינטערנאַציאָנאַלן נעהדערקשאַפטס-בונד אין אַמסטערדאַם, ווערט אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

חשובע חברים, די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער אין א״י, מיט אירע 26 טויזנט מיטגלידער, איז זינט דעם יאָר 1923 אָנגעשלאָסן אָן אינטערנאַציאָנאַלן געווערקשאַפט-בונד און האָט זיך שטענדיק אַרויסגעוויזן אַלס אַ טרייער און זיכערער מיטגליד פון דעם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל. מיר האָבן דעריבער גערן אָנגענומען די איינלאַדונג צום דאָזיקן קאָנגרעס און איך נוץ גערן אויס די געלעגנהייט, כּדי צו אויסדריקן דער א״י-פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און דערמיט אויך דעם א״י-אויפבוי-ווערק, אין וועלכן זי איז אין דער ערשטער רייע באַטייליקט, די בעסטע וואונטשן אויף אַ גוטער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג.

דער אינטערנאַציאָנאַלער געווערקשאַפטס-בונד האָט שטענדיק מיט אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס פאַרפאָלגט די אַנטוויקלונג פון די פאַרהעלטענישן פון א״י, אויב אפילו עס געהערט נישט צו זיינע אויפגאַבן צו נעמען אָנטייל אין די דיסקוסיעס, וואָס ווערן געפירט אַרום דער שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר די יידן. דערוויילע האָבן די באַריכטן, וואָס שטייען אין אונזער רשות, געמוזט פירן צו דער איבערצייגונג, אַז די יידישע פּיאָנער-אַרבעט אין א״י איז געוואָרן אַ ברכה פאַרן לאַנד און אַז פון די יידישע פּיאָנערן ווערט געפירט מיט גרויס ענטוזיאַזם און מיט פיל פערזענלעכע קרבנות אַן אויסגעצייכנטע קולטור-אַרבעט, וועלכע ברענגט נוצן נישט נאָר די יידישע, נאָר אויך די אַראַבישע אַרבעטער.

אויב די יידישע אַרבעטער זענען אויך די הויפּט-טרעגער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ארץ-ישראל, שטייען אָבער זייערע רייען אָפן פאַר די אַראַבישע אַרבעטער און אויף אַזאַ אופן קאָן די באַוועגונג זיין אַ פאַרבינדונגס-גליד צווישן די פאַרשידענע טיילן פון דער באַפעלקערונג און דורך דעם מיטהעלפן דער שאַפונג פון פרידלעכע פאַרהעלטענישן.

די אַרבעטער-באַוועגונג פון א״י האָט צו קעמפן מיט פיל פּראָבלעמען, וואָס זענען אומבאַקאַנט אין אַנדערע לענדער און גייען אַרויס פון די גרעניצן פונם געוויינלעכן פּראָפעסיאָנעלן קאַמף. דאָס הייבט אויף דעם אינטערעס פאַר דער דאָרטיקער טעטיקייט. איך קאָן דעריבער זאָגן, אַז מיר פאַרפאָלגן מיט אַ באַלעבטן אינטערעס די אַנטוויקלונג פון די פאַרהעלטנישן אין א״י און אַז




די פרעזידיום טריבונע בעת דער דערעפענונגס-זיצונג. פון לינקס צו רעכטס: מ. יארבלום, זשאַן לאָנגע, עדוארד בערנשטיין, ש. קאַפלאַנסקי (רעדט), ד. בן-גוריון, יוסף שפרינצאַק, אליעזר קאַפלאַן, זלמן רובאַשאָוו, מלך נײַשטאַדט (שטייט), יוסף שלאָסבערג, ישראל מערעמינסקי.

מיר וועלן אונטערשטיצן אויף יעדן אופן דעם קאַמף פון די א״ידיקע אַרבע־טער פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

## נחום סאָקאָלאָוו

(פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, רעדט העברעיש, לינקע פּועלי־ציון פאַרלאָזן דעם זאַל, דער גאַנצער קאָנגרעס מאַכט דעם רעדנער אַ שטורמישע אָוואַציע).

חשובער קאָנגרעס, טעאָדאָר הערצל האָט מיט 30 יאָר צוריק, ביי אַ גע־היסער געלעגנהייט, געענדערט אַן אַלטן זאַץ און געזאָגט: „ציון בעבודה תפדה״. מיט 30 יאָר שפּעטער האָבן מיר דעמדאָזיקן קאָנגרעס פאַר אַרבעט און דערלייזונג. דער ציוניזם קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורך יידישער אַרבעט און דעריבער זאָרגט ער דערפאַר, אַז זיין נאַציאָנאַל־פאָנד זאָל שאַפן באָדן פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן. מיט חייטיק האָט דעריבער די גאַנצע באַ־וועגונג אויפגענומען דעם קלאַפּ פון שליסן די אַרבעטער־איינוואַנדערונג. מיר קאָנען נישט רוען, ביזוואַנען דער שטראָם פון דער אַרבעטער־איינוואַנדערונג וועט נישט פונדאָסניי גיין אין לאַנד. אונזער ציוניזם איז נישט פּאָליטישע ספּעקולאַציע, נישט די בלינדע אמונה אין דער מאַגישער קראַפט פון פּוסטע שלאַג־ווערטער, נאָר זעלבסט־צוטרוי, געשטיצט אויף אייגענער אַרבעט. מיר לעבן אין אַ צייט פון אַ געוואַלטיקער אַנטוויקלונג פון קראַפט אויף די פאַר־שידנסטע געביטן. אַזאַ צייט האָט ווייניק אַכטונג פאַר בלויזע טעאָריעס, שטי־מונגען און געדאַנקען, ווי זיי זאָלן נישט זיין טיף, פיין און גייסטרייך. דאָס איז גוט פאַר דער ליטעראַטור און פּרעסע, ס׳האָט אַ ווערט אַלס גייסטיקע דערנערונג, אָנרעגנד, אַלס לעזע־מאַטעריאַל, וועקנד, אַלס רעדע. מיט דעם אַליין בויט מען נישט קיין לאַנד, קיין היים, אַפילו נישט קיין קבוצה. וואָס מיר ברויכן, דאָס זענען טעטיקע לעבנס־כוחות, דערשיינונגען פון לעבנס־קאַמף. דעריבער איז דער ציוניזם אַזוי ענג פאַרקניפּט מיטן אַרבעטנדן א״י. דאָס איז נישט קיין פאַרלאַמענטאַרישע קאָמבינאַציע, נישט קיין בלאָק, נישט קיין פּאָליטיק, נאָר אַ נויטווענדיקער לאָגישער צוזאַמענהאַנג. וואָלט אונזער מאָדערנער ציוניזם געווען נאָר אַ פּאָליטישע היפּאָטעזע, אַ לייסטונג פון דער רעטאָריק, וואָלט ער שוין לאַנג באַזייטיקט געוואָרן דורכן שטורם־ווינט פון דער צייט. וואָרים קעגן יעדער אַזאַ וואָרשיינלעכער היפּאָטעזע קאָן מען אויפשטעלן הונדערט קעגנזעצלעכע היפּאָטעזן. צום גליק, איז אונזער ציוניזם נישט קיין בלויזער רעדע־טורניר און נישט קיין שפּיל פון דיפּלאָמאַטישע קאָמבינאַציעס און נישט קיין מער אָדער ווייניק געשיקטערע אַרגומענטירונג. דידאָזיקע אַלע זאַכן זענען טיילווייז וויכטיקע צוגאָבן, אָבער זיי זענען נישט דער מהות פון ציוניזם. דער מהות פון ציוניזם איז אַ ניי געוואַלטיק לעבן, קאָנצענטרירט אין אַן אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע, פאַרקערפּערט און פּערזאָ־ניפיצירט דורכן אַרבעטנדן א״י. עס איז נישטאָ קיין שום פאַקט פון דעו׳

איצטיקער געשיכטע. וועלכער זאָל אַזוי האַרץ־באַוועגנד רעדן צו אַ פאָלק, קיין שום פאַקט. וועלכער זאָל זיין צוזאַמענגעוואַקסן אַזוי שטאַרק מיטן : אַרטסטן און אינערלעכסטן לעבן פון אַ פאָלק און צוגלייך מיט די העכסטע אידעאַלן פון דער מענטשהייט, ווי דאָס באַנייטע, אין שווערן קאַמף אויפגעטרעבנדע אַרבעטנדע א״י. וואָלט די ציוניסטישע אידעע ווירקנדיק נישט אַרויסגע־טרעטן אין דער שווערער, דירעקטער און שעפערישער אַרבעט אין א״י, וואָלט אונזער אידעע, נישט קוקנדיק אויף איר גרויסקייט, געבליבן אַ פראַגע און אַ זוכעניש, אַ געפילס־ווערט, אַ בענקעניש. יאָ, אויך אַ בענקעניש, ווען זי ווערט גענערט פון מיליאָנען מענטשן, די בלויזע פראָקלאַמירונג פון אַ נישט צווייפלהאַפטן היסטאָרישן פאָלקס רעכט האָט אַ הויכן מאָראַלישן ווערט, אָבער דידאָזיקע בענקעניש האָבן מיר צֶכגעהיטן און דערהאַלטן אין משך פון טויזנטער יאָרן. אונזער ציוניזם דענקט נישט וועגן אויפגעבן דעמדאָזיקן טייערן אוצר פון בענקעניש. ער וויל ווייטער גיין, ער וויל שאַפן, ער וויל דערגרייכן. שלאָג זיך אַדורך ! אַנטוויקל דיין קראַפט ! געווין אַרבעטנדע מענטשן ! געווין באָדן ! קעמף פאַר אַ ניי לעבן ! גיי פאָרווערטס פון עטאַפּ צו עטאַפּ ! וואָרים דאָס גרויסע ליגט פאַרבאָרגן אין די לפנים קליי־נע טייל־אַרבעטן. דאָסדאָזיקע ערשטע געבאָט פון אַ גרונטלעכן און סיסטע־מאַטישן אויפבוי איז די פאָדערונג פון אַ ווירקלעך מאָדערנעם ציוניזם.

אין דאָזיקן זין באַגריס איך דידאָזיקע געלענצנדע פאַרזאַמלונג פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל אין נאָמען פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זאָלן אייערע באַראַטונגען זיין פרוכטבאַר און מזל־ברכהדיק פאַר אונזער גרויסן פאָלקס־ווערק ! (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

## זשאַן לאָנגע

(פירנדער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט אינם פראַנצויזישן פּאַרלאַ־מענט, ווערט אויפגענומען מיט אַ גאָר שטאַרקן בייפאַל, רעדט פראַנצויזיש, די רעדע ווערט דאַן איבערזעצט אין יידיש דורך חבר מ. יאַרבלום).

איך בין באמת גליקלעך צו קאָנען אייך ברענגען דאָ דעם ברודער־לעכן גרוס פון דער פראַנצויזישער סעקציע פונם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. די זאַך, וואָס איר שאַפט, איז אַ גלענצנד ווערק, וואָס מוז ווירקן אויף יעדן פרייען גייסט ; די יידישע אַרבעטערשאַפט אין א״י פאַר־דינט די טיפסטע און אַקטיווסטע סימפּאַטיע ; סיי יידן, סיי נישט יידן קאָנען נישט בלייבן גלייכגילטיק צו דער גרויסער היסטאָרישער און הומאַניטאַרער מיסיע, וואָס עס איז, דאָס שאַפן פון אַ יידישער היים אין א״י, אַ היים, דורכ־געדרונגען מיטן אידעאַל פון אַרבעט און יושר. עס איז נישט קיין וואונדער, אַז אַזעלכע גרויסע גייסטער און פירנדע פערזענלעכקייטן פון דער אַרבע־טערשאַפט ווי איינשטיין, עדואַרד בערנשטיין, עמיל וואַנדערוועלדע, לעאָן

בלום, אַלבערט טאָמאַ, סאָסענבאַך א. אַ. מאַניפעסטירן אַזאַ גרויסן אינטערעס צום ווערק פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. דאָס, וואָס עס מאַכט די שיינקייט פון אייער אַרבעט, איז דאָס, וואָס דידאָזיקע אַרבעט איז ווייט פון יעדן ענגן נאַציאָנאַליזם פון איינזייטיקייט. דער גייסט פון דער ראַסע פילט זיך דאָ — דער גייסט פון שפינאָזאַ, קאַרל מאַרקס, פערדינאַנד לאַסאַל; און די, וואָס זענען מיט אונז איצט — אַלבערט איינשטיין און עדוואַרד בערנשטיין באַשטעטיקן די גרויסקייט פון אייער אידעאַל. עמיל וואַנדערוועלדע, וואָס איז געווען אין א״י, האָט געשריבן, אַז אייער שטרעבונג איז נישט צו שאַפן אַ קאָלאָניע גלייך מיט אַלע אַנדערע קאָלאָניעס; נאָר אַז איר שאַפט אַ סאָציאַל ווערק, וואָס איז פול מיט אידעאַליזם. — איר שאַפט אַ יידישע היים, וואָס זאָל זיין אין דער זעלבער צייט אַ היים פון אַרבעט פון סאָציאַליזם; און איך פאַרשטיי די באַגייסטערונג פון די יידישע אַרבעטער פאַר אַזאַ ווערק.

איר האָט געבויט אַ שטאָט תל־אביב, פון וועלכער עס רעדט וואַנדערוועלדע מיט אַזאַ באַגייסטערונג, און וועלכע איך האָף נאָך צו זען. ווער עס באַקענט זיך מיט אייערע סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען ווייסט, אַז זיי זענען ווערט אַרויסצורופן אַ פלאַם פון באַגייסטערונג פאַר די אַרבעטער, וואָס פירן אַדורך מיט אָנשטרענגונג זייער אידעאַל. און דידאָזיקע אָנשטרענגונג איז ווערט צו באַקומען די אונטערשטיצונג פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט, סיי דער יידישער, סיי דער אַלגעמיין סאָציאַליסטישער.

איך זע דאָ די פאָרשטייער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע — שלאָסבערג, שיפּליאַקאָוו, פּיינסטאון א. אַ., — די שעפער און פירער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, פון די מעכטיקע געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס וואָס איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זען אין ניו־יאָרק, וואָס זענען דורכגעדרינגען מיט אַ פלאַם פון סאָציאַליסטישן אידעאַליזם. מיט אַזעלכע מיטאַרבעטער קאָן מען שטאָלץ זיין און רואיק זיין.

און צום סוף וועגן יידן און אראַבער. איך בין געווען גליקלעך צו הערן בן־גוריונס דערקלערונג, אַז די יידישע היים וועט געבויט ווערן נישט אין קאַמף קעגן די אַראַבער, נישט קעגן די אַראַבער, נאָר אין שלום מיט די מאַסן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג; איך האָב אויך פריער אין דעם נישט געצווייפלט, נאָר עס איז גוט, אַז אַזעלכע ווערטער ווערן אָפט און קלאָר אויסגעדרוקט. אין פרידן דאַרפט איר אַרבעטן, פאַרטיידיקן איינצייטיק די אינטערעסן פון אַראַבישן פויער, פאַרבעסערן זיין מצב — זיי זאָלן צוזאַמען מיט אייך געניסן פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד. — איר דאַרפט נאָכמאַכן דער שווייץ, וואו אַלע פעלקער זענען פאַרבונדן אין איין געדאַנק פון בויען און שאַפן צוזאַמען פאַרן לאַנד. ביידע באַפעלקערונגען קאָנען צוזאַמען אַרבעטן — ווייל עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַרבעטער־פאָלק, נישט וועגן די גרויסע רעאַקציאָנערע עפענדיס.

דאָס דאַרף זיין דער ציל פון דער יידישער אַרבעט און אייער אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל. איך ווינטש אייך דערפאָלג, אין מיין נאָמען און

אין נאָמען פון מיין פאַרטיי, צום בוי פון דער יידישער היים, פון סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל (שטאַרקע אָוואַציעס. אונמיטן דער רעדע זענען די דעלעגאַטן פון די לינקע פועלי־ציון צוריק אַריינגעקומען אין זאַל).

# אַלעקסאַנדער קנאַל

(פאָרשטייער פונם אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטס־בונד)

חשובער קאָנגרעס, איך האָב דעם בכבודיקן אויפטראַג צו באַגריסן אייך אין נאָמען פונם אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטס־בונד. דער אַלגעמיינער דייטשער געווערקשאַפטס־בונד, איז, ווי איר אַלע ווייסט, די שטאַרקסטע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט. ער נעמט אַרום 5 מיליאָן אַרבעטער און אַרבעטערינס. אין נאָמען פון זיי אַלע דריק איך אייך אויס די בעסטע גליק־וואונטשן און ווינטש אייערע אַרבעטן דעם בעסטן דערפאָלג. יעדער איינצלנער מיטגליד פון די דייטשע פראָפ. פאַריינען איז שטענדיק געווען באַזעלט פון אַ שטאַרקן אינטערנאַציאָנאַלן גייסט, און איך קאָן דעריבער זאָגן, אַז פונם ערשטן טאָג אָן, ווי מען איז דערגאַנגען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אַז אין א״י האָט דער סאָציאַליסטישער און געווערקשאַפטלעכער געדאַנק געשטעלט אַ פוס, האָט מען דעמדאָזיקן אויפבוי פאַרפאָלגט מיט אַ לעבהאפטן אינטערעס. מיר ווייסן, אַז איר דאַרפט דאָרטן אין אַ דאָפּלטן זין אַרבעטן אויף אַ שטייניקן באָדן, אָבער איך גלייב, אַז אונז פאַרבינדט אויך אַ געוויסע געמיינשאַפט פון גורל און אַז דאָס שווערע, וואָס איר האָט אי־בערגעלעבט אין לעצטן יאָר, איז נישט ספּעציפיש ארץ־ישראלדיק. אין דייטש־לאַנד איז טאַקע פאַרהעלטנישמעסיק נישט געפלאָסן אַזוי פיל בלוט, ווי אין א״י. אָבער מען קאָן שוין באַלד זאָגן : „וואָס עס איז נישט געווען, קאָן נאָך ווערן“. דער היגער „פירער“ פון די פאַשיסטן האָט שוין געזאָגט, וואָס עס וועט זיין, ווען זיי וועלן באַקומען די מאַכט אין די הענט. קעפּ וועלן זיך קייקלען אין זאַמד. עס איז טרויעריק, וואָס אויך דידאָזיקע לייט רופן זיך „סאָציאַליסטן“. אַזוי ווערט דער דייטשער סאָציאַליזם באַקעמפט פון צוויי פליגלען, פון רעכטס און פון לינקס, אָבער מיר זענען איבערצייגט, אַז מיר וועלן אויך דידאָזיקע קאַמפןביישטיין. דער געווערקשאַפטס־געדאַנק, איז אַזוי פעסט פאַראַנקערט אין די קעפּ פון די דייטשע אַרבעטער, אַז ער וועט מער נישט קאָנען אַרויסגעטריבן ווערן דורך קיין שום קאַריקאַטור פון סאָציאַליזם.

איך בעט אייך צו דערמאַנען זיך, וואו איר זיצט היינט. דאָסדאָזיקע הויז איז דאָס אַמאָליקע „הערן־הויז“. די הערן דאָס זענען די קעפּ, דאָס איז די געוואַלט, דאָס זענען אונזערע אַראַבישע שייכן, וועלכע העצן אויף די אומוויסנדע אַרבעטער קעגן סאָציאַליזם. דאָס הויז איז אָן „אַמאָליקע“, ליידער, זענען עס נאָך נישט די הערן. מיר האָבן אַלזאָ אַ גלייכן גורל. מיר האָבן צו פירן גלייכע קאַמפן, נאָר די אויסערלעכע דערשיינונגס־פאָרמען וועקסלען זיך.

אָבער אין שווערקייט שטייט נישט אָפּ דער קאַמף פון די דייטשע געווערק־שאַפטן פונם קאַמף, וואָס מוז ווערן געפירט דורך דער אַרבעטערשאַפט אין וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד. מיר וועלן אָבער אויף אונזערע פּאָזיציעס אויסהאַלטן — דאָס זאָג איך צו. און נאָכאַמאָל דעם בעסטן דערפאָלג דעם קאָנגרעס! דערלויבט מיר נאָך צום שלוס אַ וואָרט פון פריינטלעכער קריטיק.

דער אָנהויב פון דער הײַנטיקער זיצונג איז נישט געווען קיין דער־פרייענדער — ווען איר וועט נאָך לאַנג זיך צאַנקען איבער דעם, אין וועל־כער שפּראַך עס זאָל גערעדט ווערן, דאַן וועט איר נישט לייסטן קיין שום פּראַקטישע אַרבעט. איך רעקאָמענדיר אײַך, רעדט אויף אַ שפּראַך, וועלכע מיר פאַרשטייען אַלע, רעדט סאָציאַליסטיש! (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן)

## ד״ר ווײַנבערג

(פאָרשטייער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אינם בערלינער שטאָט־ראַט).

חשובע חברים, איך האָב דעם אויפטראַג צו באַגריסן אײַך אין די מויערן פון בערלין אין נאָמען פון אַלע פאַרטיי־ראַטמענער פון דער שטאָט. מיר ווייסן, אַז איר שטייט אויף אַן אַרויסגערוקטן פּאָסטן, אין אַ קאַמף קעגן דאָפּלטער אונטערדריקונג, קעגן דער אונטערדריקונג פון דער אַרבעטער־שאַפט דורכן קאַפּיטאַליזם, און קעגן דער אונטערדריקונג פון יידישן פאָלק דורך ראַסן־האַס. אויך מיר האָבן צו פירן אַ שווערן קאַמף. אויך דאָ אין בערלין, ווי אומעטום אין דייטשלאַנד, הייבט אויף, דראָענדער ווי ווען עס איז, זיין קאָפּ דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז דורך אונזער אומפאַרגעסלעכן פאָרקעמפער, אויגוסט בעבעל, געשטעמפּלט געוואָרן אַלס סאָציאַליזם פון די נאַראָנים. אָבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט נאָר־וואָס באַהערשט איר שטעלונג, אַלס די שטאַרקסטע פאַרטיי פון דייטשלאַנד, קעגן אַ וועלט פון שונאים, וועט זיך דערפאָלגרייך פאַרטיידיקן.

מיטן גרעסטן אינטערעס פאַרפאָלגן מיר די אַרבעטן פון אייער קאָנ־גרעס, ווי אויך די אומדעהערט שווערע אויפגאַבן, וועלכע איר לייסטעט, אַלס פּיאָנערן פון סאָציאַליזם. מיר ווינטשן דעם בעסטן דערפאָלג אייערע אַרבעטן און מיר האָפן, אַז דער דאָזיקער קאָנגרעס וועט זיין אַ מערק־שטיין אינם עמאַנציפּאַציע־קאַמף פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. איך רוף צו אײַך אַ ברודערלעכן „מיט מזל״ אין נאָמען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטאָט־ראַטמענער אין בערלין (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

חבר זלמן ר ו ב אַ ש אָ ו ו לייענט דאַן פאָר אַ שורה באַגריסונגס־בריוו און טעלעגראַמעס, צווישן אַנדערע פון פראָפ. שמעון דובנאָוו, חיים נחמן ביאַליק, לייבאָר־פאַרטיי. הבר י אַ ר ב ל ו ם לייענט פאָר די בריוו פון לעאָן בלום, פראַנץ סאוקופ (סאָציאַליסטישער פרעזידענט פון טשעכאָסלאָוואַקישן סענאַט), טוראַטי א. א. חבר יוסף ב ר א ס ל אַ ו ו ס ק י לייענט אין אַראַבּיש און דאַן אין יידישער איבערזעצונג דעם באַגריסונגס־בריוו פון אַראַבּישן אַרבעטער־קלוב אין חיפה. די באַגריסונגס־בריוו ספּעציעל פון אַראַבּישן אַרבעטער־קלוב, ביאַליק, בלום, לייבאָר־פאַרטיי ווערן אויפגענומען מיט גאָר שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. פאַרן דורכלייענען פראָפ. דובנאָווס בריוו, דער־מאָנט הבר ר ו ב אַ ש אָ ו ו וועגן 70־יעריקן געבורטס־טאָג פונם גרויסן יידישן היסטאָריקער און לערער, וואָס די יידישע וועלט גרייט זיך איצט צו פייערן. דער קאָנגרעס מאַכט אַ גרויסע אָוואַציע פאַר דובנאָוון (דער טעקסט פון די דערמאָנטע און די פיל אַנדערע באַגריסונגען, קומט אין אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר ן אָ פּ ט יי ל, נאָכן באַריכט פון דער ערשטער זיצונג).

דער פאָרזיצער גיט דאַן דאָס וואָרט דעם פאָרשטייער פו דער דעלע־גאַציע פון די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, וואָס איז נאָר־וואָס צוריקגע־קומען פון אַ 4־וואָכן־באַזוך אין א״י, דעם חבר

## אברהם שיפּליאַקאָוו

(ווערט אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן)

טייערע חברים, ביי אונז אין אַמעריקע זענען מיר געוואוינט געוואָרן, אַז אַ פאָרזיצער שטעלט פאָר אַ רעדנער, זאָגט ער וועגן אים אַזוי פיל, אַז ווען דער פאָרזיצער ווערט פאַרטיק, ווייסט נישט דער רעדנער, צי מיינט מען אים אָדער אַן אַנדערן.

ביי אייך איז עס וואָרשיינלעך אַנדערש. מען זאָגט „יעמוד" און גענוג. און איך פיל אַ נויטווענדיקייט אייך פאָרצושטעלן ווער איך בין. פריער פאַר אַלעמען וויל איך, אַז איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַ „נאָן־זייאָניסט". טאָמער איז דאָס נישט גענוג, האָט מען מיך אויפן קאָנגרעס אין ציריך גע־שטעמפּלט אַלס „נאָן־פּועלי־זייאָניסט". היינט האָב איך נאָך אַ ספּעציעלע מיסיע. איך פיל, אַז איך האָב דאָ אַ רעכט צו פאַרטרעטן דעם לינקן פליגל, וואָס פּראָטעסטירט קעגן עברית, ווייל איך פאַרשטיי אויך נישט די שפּראַך. פונדעסטוועגן זאָל אייך נישט וואונדערן, וואָס איך בין נישט אַרויס פון זאַל, ווען סאָקאָלאָוו האָט גערעדט. איך האָב געמיינט, אַז מען גייט אַרויס צו הזכרת נשמות, און אַזוי ווי מיין טאַטע־מאַמע זענען שוין אויף יענער וועלט, האָב איך געפילט, אַז איך מעג בלייבן.

דער זאַל, וואו מיר זיצן היינט, דערמאָנט מיך אָן יענע אומאָנגענעמע מלחמה־יאָרן אין אַמעריקע, ווען איך בין געווען אַ דעפּוטאַט אין דעם ניו־

יאָרקער סטאַט-פּאַרלאַמענט. און ווען איך האָב אין יענע יאָרן נישט געוואוסט, אויב איך וועל אַרויס פון דעם זאַל אַ לעבעדיקער.

איך וויל דעריבער האָפן, אַז איר וועט מיך לאָזן דערציילן, ווי איך, אַ יידישער עם-הארץ, פאַרשטיי ארץ-ישראל.

איך וויל דאָ אָנרירן עטלעכע פּונקטן, וועלכע האָבן אויף מיר און אויף אַנדערע חברים פון אונזער דעלעגאַציע געמאַכט אַ ספּעציעלן איינדרוק. איך פאַרשטיי גאַנץ גוט און איך האָף, אַז אויך איר וועט איינזען, אַז אין די קנאַפּע פיר וואָכן, וואָס מיר זענען געווען אין ארץ-ישראל, איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו מאַכן גרינטלעכע שטודיען פון דעם לאַנד. נאָר אַזוי ווי די זאַך האָט זיך אונז אַנטפּלעקט, אַזוי וויל איך זי אייך איבערגעבן, ווייסנדיק, אַז אַ טייל פון די מענטשן, צו וועמען איך רעד, זענען שוין אַליין דאָרט געווען און אַז איך רעד איבערהויפּט צו מענטשן, וואָס זענען פּראָפּעסאָרן איבער ארץ-ישראל אין פאַרגלייך מיט מיר.

פאָרנדיק אין ארץ-ישראל, זענען מיר דורכגעפאָרן די גרעניץ פון קאַנטאַרא אין האַלבער נאַכט. דורך דער נאַכט זענען מיר געזעסן אויף די האַרטע בענק און האָבן געקוקט דורך די פענסטער אין דעם מדבר אַריין. מיטן באַגינען, ווען מיר זענען אַרויס פון מדבר און אָנגעפאַנגען זען לאַנד-שאַפטן, איז אונזער שטימונג געוואָרן געוואַלטיק געדריקט. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט פאָרן צוריק. אַ לאַנגע שטרעקע פון גאַנצע מיילן פון וויסטע לענדערייען, דאָס ערגסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען. מיר זענען דאָך געוואוינט פון אַמעריקע אַנדערש און דאָ האָבן מיר געזען פּוסטקייט און וויסטעניש אַרום און אַרום. וואו נישט-וואו האָט מען געזען אַ קעמל אָדער אַן אייזל מיט אַ פאַרשטויבטן אַראַבער. דאָס אַלץ האָט ביי אונז געשאַפן אַ געדריקטע שטימונג. צום גליק האָט זיך געמאַכט, אַז אין וואַגאָן איז געזעסן אַ פראַנצויז, וואָס האָט גערעדט אַ ביסל געבראָכענעם ענגליש. צו אים האָב איך זיך געווענדט מיט דער פראַגע: „אָט דאָס איז פּאַלעסטינע? אַזוי קוקט אויס דאָס גאַנצע לאַנד?" „וואַרט-צו, האָט ער מיר געענטפערט, ביז דו וועסט צוקומען צו די יידישע קאָלאָניעס, דאָרט וועסטו זען אַ גאַנץ אַנדערע וועלט".

און די הויפּט-זאַך, וואָס עס האָט זיך אונז כסדר געוואָרפן אין די אויגן אין די 4 וואָכן אין דעם עמק, אין גליל און אין שרון, איז געווען דאָס, וואָס מען האָט ווי געקאָנט אָפּציען אַ ליניע, וואו עס זענען די אַראַבי-שע ווירטשאַפטן און וואו די יידישע. נאָך די ערשטע עטלעכע טעג אַרומ-פאָרן, האָב איך שוין נישט באַדאַרפט פרעגן, נאָר אַליין פאַרשטאַנען וואו עס זענען יידישע זידלונגען און וואו נישט. אַן אויסנאַם זענען בלויז געווען עטלעכע שכנותדיקע אַראַבישע זידלונגען, וואָס זענען אין דער נאָענט פון די יידישע. עס וואַרפט זיך אין די אויגן פון איין זייט אינטעליגענטע אַרבעט און פון דער אַנדערער זייט פאַרוויסטונג. שפּעטער, ווען מיר האָבן באַזוכט אַן אַראַביש דאָרף און מיר זענען דורכגעגאַנגען זייערע היימען און זיך צוגעקוקט צו זייער לעבן, איז אונז קלאָר געוואָרן פאַרוואָס זייערע לענדערייען זענען

אַזוי אַנדערש ווי די יידישע. דידאַקטיקע זאַך האָט אויף אונז געמאַכט אַ שטאַר־קע ווירקונג.

דאַן האָבן מיר אָנגעהויבן אַריינקוקן זיך אין דעם לעבן פון די יידישע אַרבעטער. איך בין אַהין געגאַנגען מיט אָפענע אויגן. איך האָב באמת באַטראַכט די גאַנצע סיטואַציע אומפּאַרטייאיש. דער איינציקער פון אונז, וואָס איז פּי־לייכט אַ פּסולער עדות, איז חבר העמלין, וועלכער איז אַן אַלטער פועלי־ציוניסט. געג. פיינסטאון און איך זענען זאַך נאָך אַלעמען „נאָן־זאַאָניסטן", און איך זאָג אייך, אַז דער 4־וואָכיקער באַזוך האָט אונז איבערצייגט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל איז אַ פענאָמענאַליקע באַוועגונג. איך וויל נישט אָוועק־מאַכן מיט דער האַנט די אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, מיר האָבן אין אַמעריקע אויפגעטון אַ היפּש ביסל. איך מוז געדענקען, אַז דער מענטשן־מאַטעריאַל פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע אין אַמעריקע איז אַ גאַנץ אַנדע־רער ווי אין ארץ־ישראל.

מיט 30—40 יאָר צוריק, ווען מען האָט אין אַמעריקע אָרגאַניזירט דעם יידישן אַרבעטער, איז דאָס נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. די פּסיכאָלאָגיע פון דעם ייד, וואָס איז געגאַנגען קיין אַמעריקע, איז געווען, אַז אַ חוץ טלית און תפילין באַדאַרף ער אויך מיטנעמען אַהין אַ לאָפּאַטע צו שאַרן גאָלד און זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען — וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דער אַרבעט, און אויב נישט ווערן רייך, איז כאָטש אַרויסאַרבעטן זיך אויף אַ געוועלב צו פאַרקויפן הערינג. אָט יענעם ייד האָט מען דאָס געמוזט מאַכן פאַר אַן אַרבעטער און קעמפער, און מיט יענעם מענטשן־מאַטעריאַל האָט מען געדאַרפט בויען די באַוועגונג אין אַמעריקע, און מען דאַרף זיך מיט דער יידישער באַוועגונג אין אַמעריקע איצט נישט שעמען.

און אין דער זעלביקער צייט, ווען מיר האָבן אַזעלכע יוניאָנס פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער — מוז איך זאָגן מיט באַדויערן (מן־הסתם זענען דאָ אורזאַכן דערפאַר), אַז די אַרבעט איז געטון געוואָרן נישט אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן. מיר האָבן פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַריינען, דעם סאָ־ציאַליסטישן פאַרבאַנד און דעם אַרבעטער־רינג פון 80 טויזנט מיטגלידער, אָבער דאָס זענען נישט קיין רינגען פון איין גאַנצער קייט. עס וואַרפט זיך אין די אויגן די אָנגעוואָרפנקייט, די נישט סיסטעמאַטישקייט.

דער איינדרוק פון דער באַוועגונג אין ארץ־ישראל איז, אַז עס איז עטוואָס גאַנצעס, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט אין יעדן פאַל אָוועקגעשטעלט דעם ריכטיקן מענטש און די ריכטיקע זאַך אויפן ריכטיקן פּלאַץ. נעמט צום ביישפּיל די פראַגע פון דערציאונג, וועלכע איז דאָרט אַ גאַנץ שווערע פראַגע, ווייל מען מוז דאָרט באַזאָרגן דאָס קינד פון שטאָט און פון דאָרף און פון גאַנץ קליינע קבוצות אָדער מושבים, און דאָך ווערט די אַרבעט געטון, לפי די אומשטענדן, אויף אַ גלענצנדן אופן. וואו איך בין געווען, האָב איך געזען, אַז פאַרן בית הספר איז דאָ די גרעסטע זאָרג און עס איז פאַראַן אַ צענטראַ־לער פּלאַץ, וואו עס ווערט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. דאָס זעלבע איז מיט ביבליאָטעקן. אין יעדן קליינעם פּלאַץ איז דאָ אַ ביבליאָטעק, און נישט בלויז

לאָקאַלע ביבליאָטעקן זענען פאַראַן, נאָר אויך אַ רייזנדע ביבליאָטעק, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט ביבליאָטעקן פון רייכערע לענדער ווי ארץ־ישראל. רייזנדע ביבליאָטעקן גיבן אַ מעגלעכקייט די קליינע פלעצער זיך צו באַקענען מיט די בעסטע ווערק, און איך האָב אומעטום געטראָפן מענטשן, וואָס באַנוצן זיך מיט דער געלעגנהייט. דאָס אַלץ גיט די ועדת־התרבות.

מיר זענען לײדער געקומען אין אַ צייט, ווען די מיינסטע שולן זענען געווען פאַרמאַכט, אָבער די אַרבעט פון די קינדער אין בית־הספר, זייערע קאָמפּאָזיציעס, זייערע צייכנונגען, זייערע האַנט־אַרבעט און די ערשטע פּאַר־זוכן פון קונסט, און די קינדערלעך, מיט וועלכע מיר האָבן זיך געקענט דורכ־רעדן (אפילו, אמת, דאָס רוב מיט דאָלמעטשערס) פון גן־ילדים ביז דער העכערער שולע, אַלץ האָט אָנגעוויזן אויף אַ געניטער האַנט, וועלכע פירט די דערציאונגס־אַרבעט אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן.

איצט די קופּת־חולים. דאָס איז דאָרט זייער און זייער אַ וויכטיקע זאַך. דער נייער חלוץ, וועלכער איז נאָך נישט איינגעאָרדנט, איז פאַר אים זייער וויכטיק צו געפינען אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל זיך קאָנען היילן און דערהאַלטן זיך פון קראַנקהייט און פילן, אַז ער נעמט נישט קיין נדבה, אַז דאָס איז די אינסטיטוציע פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. מיר האָבן דאָרט געפונען אַ שיין שפּיטאָל, מיט וועלכן מיר האָבן זיך נישט צו שעמען פאַר אַזעלכע אַנשטאַלטן אין גרויסע לענדער.

אין איבער 50 פּונקטן זענען דאָ אָפּטיילונגען פון דער קופּת־חולים, קלענערע און גרעסערע, וואו דער אַרבעטער באַקומט שטענדיקע הילף. דער קראַנקער ווערט באַזאָרגט נישט נאָר מיט מעדיקאַמענטן, נאָר אפילו מיט הוצאות צו קומען צום שפּיטאָל און צוריק פאָרן. דאָס זעלבע איז אויך די פרוי, וואָס דאַרף אַנטבינדן ווערן. קופּת־חולים גיט אויף איר אַכטונג פאַר דער אַנטבינדונג און נאָך דער אַנטבינדונג עטלעכע וואָכן צייט, אַזוי, אַז זי זאָל נישט ליידן מאַטעריעל צוליב דעם געשעעניש אין איר לעבן.

אָדער נעמט די פראַגע פון ספּאָרט. איך קום פון אַ לאַנד, וואו דער ספּאָרט איז אין די הענט פון פּראָפעסיאָנעלע ספּאָרט־לייט. דער ברייטער עולם איז געוואַלטיק פאַרקאָכט אין ספּאָרט, אָבער מען שטעלט זיך צופרידן מיט דעם, וואָס מען הערט אויף דעם ראַדיאָ אָדער מען לעזט אין צייטונג ווער עס האָט געוואונען און ווער ס׳האָט פאַרלוירן און ווער עס האָט געקריגן דעם ערשטן פּריז. איך פאַרשטיי, אַז אין דייטשלאַנד איז עס אַנדערש. אָבער קומענדיק פון אַמעריקע, האָב איך געמוזט באַוואונדערן, וואָס די יידישע אַרבעטער, יידישע חלוצים, געפינען צייט און אינטערעס נאָך זייער שווערער אַרבעט צו פאַרנעמען זיך מיט פאַרשידענע ספּאָרט־אַרבעטן. איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זען, ווי פּועלים האָבן געשפּילט סאקער מיט באַלעבאַטישע קינדער און געוואונען דעם גיים 3 צו 1.

און די קאָאָפּעראַטיוון. איך װיל מיך נאָר אָפּשטעלן דאָ אויף עטלעכע פּונקטן. אָט איז, למשל, דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער־אונטערנעמונגס־קאָאָפּעראַטיוו „יכין“, אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט חלוצים און אַנדערע,

וואָס אַרבעטן קאָאָפּעראַטיוו. די אַרבעט איז אויסגעצייכנט. איך האָב גערעדט מיט אייניקע פון די באַלעבאַטים, וואָס באַשעפטיקן די אַרבעטער פון „יכין“ און זיי האָבן גערעדט פון דעם „יכין“ מיט דעם גרעסטן רעספּעקט, און וועגן זייער פעאיקייט אַדורכצופירן די וויכטיקסטע אַרבעטן, ווי צו מאַכן פּלאַנ־טאַציעס פון אָראַנזשען, באַנאַנעס און וויינשטאָק א. א. אויך מוז דערמאָנט ווערן די אַרבעט פון „המשביר“, די אָרגאַניזאַציע, וואָס קויפט אין גרויסן מאָסשטאַב יענע נויטווענדיקייטן פאַר דער אַרבעט אין די לאַנדווירטשאַפטן. עס איז אויך דאָ אַ קאָאָפּעראַטיוו „תנובה“, וואָס פאַרקויפט די מילך און אַנ־דערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. אַזוי זענען אויך פאַראַן קליינע קאָאָפּע־ראַטיוון. אין תל־אביב איז פאַראַן אַ קאָאָפּעראַטיוו פון די אויטאָבוסן. אָנ־שטאָט געהערן צו אַ פּריוואַט אונטערנעמער געהערן זיי צו אַ קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער שטייט אונטער דער אויפזיכט פון דער הסתּדרות.

איך וויל אויך דערמאַנען די קבוצות פון די פּרויען. זיי פלאַנצן דאָרט ירקות און טוען אַנדערע לאַנד־אַרבעטן. אַ מוסטער פון פרויען־אומאָפּהענגיקייט וואָס איז נאָך, דאַכט זיך, נישט באַוויזן געוואָרן נישט נאָר אין דער יידישער געשיכטע, נאָר אַפילו אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער.

אַ געוואַלטיק גרויסן איינדרוק האָט אויף אונז געמאַכט די דראַמאַטישע אַרבעטער־סטודיע „אהל“. דאָס איז אַ גרופּע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן בייטאָג, און ביינאַכט שפּילן זיי טעאַטער. איך האַלט זיך נישט פאַר קיין קונסט־קרי־טיקער, אָבער אין דער זעלביקער צייט בין איך אַ טעאַטער־באַזוכער, ווי דער דורכשניטלער אַרבעטער, און איך וויל אייך זאָגן, אַז איך האָב געזען געאיבטע קינסטלער, מיט וועלכע עס קאָנען זיך פאַרגלייכן די שוישפּילער פון דעם „אהל“, מענטשן, וואָס אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג ביי לאַנדאַרבעט אָדער גאָר אַלס מישלער, אָדער אייזן־אַרבעטער. אויך די אַרבעט פון „אהל“ ווערט געטון אונטער דער אויפזיכט פון דער צענטראַלער אַרבעטער־קערפּערשאַפט. דאָס זעלביקע איז אויך בנוגע דער פּרעסע, זי ווערט אויך אָנגעפירט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. וועגן איר איז דאָ פיל צו זאָגן, אָבער די צייט איז באַשרענגט.

מיר האָבן געטראָפן טויזנטער אַרבעטער ביי די פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן אויך געהאַט די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן מענטשן ביי דער אַרבעט, ווען זיי האָבן אונז אַפילו נישט באַמערקט. אין מיינע יונגע יאָרן בין איך אַליין געווען אַ לאַנד־אַרבעטער אין אַמעריקע אין אַ יידישער קאָלאָניע, אָבער נישט דאָרט און נישט אין מיינע גאָר יונגע יאָרן אין רוסלאַנד האָב איך געזען אַזאַ צוגעבונדנקייט צום לאַנד, אַזאַ ליבע צו דער אַרבעט. דער גיי־ציקסטער פאַרמער אין אַמעריקע האָט נישט אַזאַ טיפן אינטערעס אין זיין פאַרם, ווי דער חלוץ האָט אין דעם באָדן פון זיין קבוצה אָדער מושב.

איינע פון די זאַכן, וואָס האָט זיך אונז באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן איז די באַציאונג צו די אַראַבער. מיר האָבן דערוואַרט אַ גרויסע פאַר־ביטערונג נאָך די געשעענישן פון 1929. דורכפאָרנדיק צפת און זעענדיק די פאַרברענטע הייזער, די חורבות, זעענדיק די אַלע סמנים פון גרויסן אומגליק, האָבן מיר דערוואַרט צו געפינען אַ האַס קעגן די אַראַבער און איך זאָג אייך,

אַז נאָר מיט וויניקע אויסנאַמען האָבן מיר געפונען דעם יידישן דורכשניטלעכן אַרבעטער אַלס אַ מליץ־יושר, אָנשטאָט אַ קטגור פאַרן אַראַבער. אומעטום זענען אונז געמאַכט געוואָרן דערקלערונגען, אַז די אַראַבער זענען אָן וויסן, מען האָט זיי געהעצט, זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס זיי טוען. דאָס האָבן מיר געהערט, אָנשטאָט דעם פאַרביטערטן טאָן, וואָס מיר האָבן דערוואַרט צו הערן.

מיר האָבן געזען די אַרבעט ביים ים־המלח. דאָרט איז די אַרבעט פאַרטיילט צווישן יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. מען האָט דאָרט גראָד דאַן גערעדט וועגן אַ שטרייק ביי די אַראַבישע אַרבעטער. מיר האָבן גערעדט צו יידישע אַרבעטער און געפרעגט, וואָס וועט זיין אויב די אַראַבער וועלן דערקלערן אַ שטרייק. יעדערער האָט זיך געוואונדערט, אַז מיר זאָלן גאָר פרעגן אַזאַ פראַגע. אין איין קול האָבן זיי אַלע געענטפערט : „וואָס פרעגט איר ? אַזוי באַלד ווי זיי וועלן באַשליסן אַ שטרייק, זענען מיר מיט זיי״.

דאָס זעלביקע האָבן מיר געזען ביי רוטענבערגן, ביי דער אַרבעט ביים ירדן. דאָרט איז געווען אַ פראַגע, וואָס מען האָט צעטיילט די אַרבעט. איך ווייס נישט ווער דאָס האָט געמאַכט, נאָר די אַרבעט איז געוואָרן צעטיילט. מען האָט באַדאַרפט טרוקענען זומפּן און מען האָט דערקלערט, אַז פאַר דער אַרבעט איז דער אַראַבער בעסער, ווייל ער איז געוואוינט מיטן קלימאַט און קאָן זיך בעסער צופּאַסן צו טריקענען זומפּן איידער די ניי אָנגעקומענע. אַזוי איז געווען די מיינונג פון די פאַרוואַלטער פון דער קאָנצעסיע, אָבער די יידישע אַרבעטער האָבן דאָרט געפאָדערט און דערקלערט, אַז זיי וועלן עס נישט דערלאָזן. זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז דידאָזיקע אַרבעט זאָל צעטיילט ווערן גלייך אויף גלייך צווישן זיי און די אַראַבער. ווען די באַלעבאַטים האָבן זיך איינגעשפּאַרט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר מאַלאַריע, איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק מצד די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געצוואונגען צו געבן זיי די דאָזיקע שווערע אַרבעט צוגלייך מיט די אַראַבישע אַרבעטער.

פאַר דער אַלגעמיינער אַראַבישער פראַגע פעלט נאָך דער שליסל, און עס איז נישט פאַר מיר צו זאָגן דאָ, ווי אַזוי די פראַגע קאָן געלייזט ווערן. אָבער זיכער איז, אַז די יידישע אַרבעטערשאַפט קאָן דאָס נישט אַליין טון, דאָס איז אַ פראַגע פון דער פעלקער־ליגע און מאַנדאַט־מאַכט און זיי, צוזאַמען מיט אונז, וועלן די פראַגע לייזן. איך בין באַזונדערס אָפּטימיסטיש וועגן דעם, נאָכדעם ווי איך האָב גערעדט מיט אַראַבישע אַרבעטער און מיט די פאָרשטייער פון זייער קלוב, פון וועלכן עס איז דאָ היינט געקומען די באַגריסונג.

איצט איז נאָך ביי דעם אַראַבער נישטאָ קיין שום דערציאונג. שטעלט זיך פאָר, אַז אין זייערע הייזער זענען נאָך נישטאָ קיין פענסטער און דאָס אייזל און די עופות לעבן מיט זיי, מיטן ווייב און קינדער אין איין צימער. דאָס גיט אַ באַגריף מיט וועמען מיר האָבן צו טון. נאַטירלעך איז זיי נישט צו באַשולדיקן, און מיר זען, אַז אין דער שטאָט, וואו דער אַראַבער הייבט אָן צו דערוואַכן, געפינט ער זיין האָפנונג אין דער אַנטוויקלונגס־אַרבעט דורך

די יידישע אַרבעטער. דאָס ביסל אָרגאַניזירטע אַראַבישע אַרבעטער, וואָס זענען דאָ, האָבן געריעדט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט וועגן די יידישע אַרבעטער, וועלכע הייבן אָן עפענען די אויגן פון די אַראַבער-מאַסן.

דערווייל, ביז די פראַגע וועט געלעזט ווערן, ביז עס וועט מעגלעך זיין פאַר די יידישע אַרבעטער, איינוואוינער אין א״י, צו לעבן אין זיכערקייט און נישט מורא האָבן, אַז עס קאָן קומען אַ מחנה אומוויסנדיקע מענטשן און אָנפאַלן אויף זיי, איז דער קאַמף זייער אַ שווערער.

און נאָך אַן איינדרוק, וואָס וועט אפשר דערשטוינען די חברים פון לינקס, אַז גראָד דאָרט צווישן די פירער, האָבן מיר געפונען אַ קריטישע באַציאונג צו זיך אַליין און צו דער אַרבעט. איך האָב געפרואווט רעדן מיט זיי און פרעגן, ווער עס איז געווען דער אַרכיטעקט, וואָס האָט געמאַכט דעם פּלאַן פון דעם אַלעם, ווער עס זאָרגט פאַר די קראַנקע, פאַר קאָאָפּעראַטיוון פון אַלע גרופּן, אין די קבוצות און קאָלאָניעס, ווער האָט אָרגאַניזירט די ספּאָרט-פאַריינען, די פרעסע א. אַ. וו., מיר האָבן געוואָלט אַרויסגעפינען ווער עס האָט געמאַכט דעם גאַנצן פּלאַן, וועלכן עס האָט נאָך נישט געזען קיין אַנדערע יידישע באַוועגונג אין קיין שום לאַנד. און דער ענטפער פון די פירער איז גראָד געווען אַ קריטישער, אַ נעגאַטיווער. זיי האָבן אונז געזאָגט: איר זעט בלויז דאָס גוטע, מיר זעען די לעכער אין אַלץ, וואָס עס פעלט אונז נאָך. דאָס האָט געמאַכט אַן אומגעהייער גוטן איינדרוק אויף אונז, ווייל מיר זענען געוואוינט צו זען מענטשן, וואָס טוען ווייניק און רעדן פיל. דאָ האָבן מיר געפונען מענטשן, וואָס האָבן אויפגעטון זייער פיל אַרבעט און רעדן זייער ווייניק דערפון.

ווייטער האָבן מיר געפונען, אַז עס זענען דאָרט דאָ פאַרשידענע פאַרטייען, נאָר קיין לינקע האָבן מיר דאָרט נישט געפונען. (אַ טומל פון לינקס). אויב איך האָב זיי דאָרט יאָ געפונען, זענען זיי פון דעם מין, וואָס שטערן נישט, נאָר בויען. אַזוי, אַז איך האָב געמיינט, אַז עס זענען נישט קיין לינקע. (ווייטער אַ טומל. דער פאָרזיצער ח׳ קאַפּלאַנסקי: קיין שום דעלעגאַט וועט נישט דיקטירן קיין רעדנער, וואָס ער זאָל רעדן. אַ שטימע פון די לינקע פועלי-ציון: מיר זענען דאָרט אומלעגאַל, האָט ער אונז נישט געקאָנט זען).

ביי מיר איז קיין צווייפל נישט, אַז צווישן די יידישע אַרבעטער אין ארץ-ישראל זענען אויך פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן, אָבער צום גליק האָבן זיי דאָרט נישט פיל צייט און האָבן איבערגעגעבן די געשיכטע פון אַרומרייסן זיך און צעבּרעכן זיך אין קליינע שפּליטערן די-יעניקע יידן אין חוץ-לארץ, וואָס האָבן דערויף פיל צייט. אין ארץ-ישראל האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט. אויב צווישן זיך האָבן זיי פאַרשידענע מיינונגען, האָבן מיר גערעדט אין 52 פונקטן אין ארץ-ישראל און געזען זיך פנים-אל-פנים מיט 25 טויזנט אַרבעטער. מיר האָבן גערעדט, וואָס מיר האָבן געוואָלט. אָפט האָבן זיך אַרבעטער אויסגעדריקט, אַז זיי זענען אין מאַנכע זאַכן מיט אונז נישט איינפאַרשטאַנדן, אָבער געשטערט האָבן זיי אונז נישט און נישט אונטערבראָכן.

דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי ווייסן, אַז די אַרבעט פון דרייען מיטן גראָבן פינגער אין חוץ־לארץ האָט נאָר געבראַכט אומגליק און האָט אין נישט קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן.

דער בוך־מענטש געפינט זיך צווישן דעם יידישן אַרבעטער, ווען עס איז געגעבן פרייע מינוטן צו לעזן דאָרט. די הויפּט־אַרבעט אין די פרייע מינוטן איז דאָס לעזן. איך געפינט דאָרט יידן, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט עטלעכע אוניווערזיטעטן און דאָרט פאַרנעמען זיי זיך מיט פלאַנצן פרוכט־ביימער אין אַזעלכע ערטער, וואו אַלע מומחים האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן דאָרט נישט קאָנען וואַקסן. אַזאַ ייד האָט צופיל אַריינגעלייגט דאָרט פון זיין אייגן לעבן און אַרבעט, אַז עס זאָל אים עמיצער זאָגן, אַז מען קאָן נישט דאָס טון. ער קאָן עס יאָ טון.

אַזעלכע יידן האָבן מיר געפונען אין כפר־גלעדי און אומעטום. אַלע איבעריקע אַרבעטער קוקן אויף זיי מיט יראת־הכבוד. דאָרט, בין איך זיכער, טראַכט מען נישט צו וועלכער גרופּע און פאַרטיי ער געהערט. מיר האָבן דאָרט געפונען דעם ייד, וועלכער דריקט אויס זיין זיכערקייט אין ביידע זאַכן: אין קיום פון יידישן פאָלק און פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, און ער דריקט אויס דאָס אין געזאַנג און אין טאַנץ, וואָס מיר האָבן קיינמאָל נאָך נישט געהערט. מיר האָבן געפונען יידן אָן מורא. ביי אונז אין אַמעריקע האָבן זיך די פאָראָמען פון רוסלאַנד נאָך נישט פאַרגעסן ביי די יידן און עס איז געווען יאָרנלאַנג אַ מורא צווישן זיי, טאָמער קאָן דאָרט אויך זיין אַזאַ זאַך. דאָ אין ארץ־ישראל האָבן מיר געפונען יידישע מיידלעך, וואָס זייער אַרבעט איז בעת די געשעענישן צעשטערט געוואָרן און דאָך זענען זיי צוריקגעקומען צו דער אַרבעט און האָבן נישט קיין שום געפיל פון מורא. עס איז דאָ פיל גלויבן אין זיך אַליין, אין זייער אַרבעט.

איך וויל דאָ זאָגן פאָלגנדעס: איך האָב דאָס ביי יעדער געלעגנהייט דערקלערט, איך גלייב נישט, אַז זיי זענען דאָרט מלאכים, זיי זענען דאָרט דורכשניטלעכע יידישע אַרבעטער. נישט מער. עס איז געקומען אַ מאָמענט אין דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק און אין דער גאַנצער מענטשהייט, עס איז געקומען אַ רוף צו אַלע מענטשן צו פאַרריכטן דעם טעות, וואָס דויערט שוין באַלד 2.000 יאָר, און זיי האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם רוף. דאָס האָט פּאַסירט און דאָס פּאַסירט איבעראַל. עס זענען נישטאָ קיין איבערמענטשן אין דער וועלט. עס איז אָבער דאָ אַ דורכשניטלעכער מענטש, וואָס ווען די צייט רופט, אַז ער זאָל זיך דערהייבן צו אַ מדרגה, רופט ער זיך אָפּ. דאָס אייגענע טוען די חלוצים, דאָס אייגענע טוט די הסתדרות אין ארץ־ישראל. נישט נסים, נאָר אַ וואונדערבאַרער ענטפער אויף אַ היסטאָרישן רוף.

נעכטן האָב איך זיך געטראָפן מיט עטלעכע זשורנאַליסטן אין בערלין. זיי האָבן אויסגעדריקט זייערע סימפּאַטיעס צום קאָנגרעס, נאָר זייער רעדאַקציע וויל אָבער נישט לאָזן פיל שרייבן וועגן דעם, ווייל עס זענען דאָ גרויסע לאַנד־פּראָבלעמען אין דייטשלאַנד, עסטרייך א. א. וו. איך וויל זאָגן צו די מענטשן: מיר מוזן פונדאַנען אַרויסטראָגן די וואָרנונג צו די אומות־העולם

וועלכע קוקן אויף דעם, ווי אויף אַ קלײנער זאַך, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין, אַז דאָס איז נישט קיין קלײנע זאַך, נישט נאָר פאַר יידן. מיר האָבן געזען די עלנטקייט פון די יידן פון פראַנקרייך; מיר האָבן געהאַט דעם טייערן פאַר־געניגן צו הערן באַליידיקונגען פון היטלעראָווצעס אין דייטשלאַנד. זיי, די פעלקער, מוזן מיר זאָגן, אַז וויפיל זיי וועלן נישט פאַרריכטן זייערע היימען, וועט עס נישט זיין געמאַכט, ביז זיי וועלן סוף־כל־סוף נישט פאַרריכטן זייער פעלער כלפּי אונז. כל־זמן זיי וועלן דאָס נישט טון, וועלן אויך זייערע היימען נישט פאַרריכט ווערן.

מיר מוזן אַרויסלאָזן אַ רוף, וואָס זאָל אָפּקלינגען אויף דער גאַנצער וועלט. איך אַנטשולדיק זיך פאַר מאַנכע דעלעגאַטן פאַר שאַרפע ווערטער. צו גרויס און צו וויכטיק איז דער מאָמענט, אַז מיר זאָלן זיך דערלויבן להכעיס־לאָזונגען. מיר וועלן זיך ווענדן צום געוויסן פון יעדן דעלעגאַט און מיר זענען זיכער, אַז יעדער איינער פון אונז וועט אַוועקגעבן דאָס בעסטע, וואָס געפינט זיך אין אים. זאָל דער קאָנגרעס זאָגן דאָס וואָרט, וואָס וועט זיך אָפּרופן אויף דער גאַנצער וועלט פאַר דעם אויפבוי פון אַ סאָציאַליסטישן אַרבעטנדן ארץ־ישראל (שטאַרקע אָוואַציעס).

דער פאָרזיצער מעלדעט, אַז די נאָענטסטע זיצונג וועט פאָרקומען צו־מאָרגנס האַלב 10 פאַרמיטאָג און שליסט די ערשטע דערעפענונגס־זיצונג פונם קאָנגרעס. דער עולם זינגט דעם אינטערנאַציאָנאַל און אַנדערע לידער.

## שריפטלעכע און טעלעגראַפישע באַגריסונגען

### ברונאָ אַש

(סאָציאַליסטישער לאַנדניק אין דער שטאָט-פאַרוואַלטונג פון פראַנקפורט בײַם מײַן)

פ ר אַ נ ק פ ו ר ט ב ײַ ם מ ײַ ן: איך וואָלט זייער גערן בייגעוואוינט אייער קאָנגרעס, ווייל די פראַגן, וועלכע איר וועט באַהאַנדלען, אינטערעסירן מיך גאָר שטאַרק. ליידער בין איך שוין געבונדן מיט אַנדערע פאַרפּליכטונגען אין יענע טעג, און איך באַדויער זייער, וואָס איך קאָן נישט קומען קיין בערלין. אַנטשולדיקט, ביטע, מיין אָפּוועזנהייט.

איך ווינטש אייערע באַראַטונגען אַלדאָס גוטס און דער באַוועגונג — פיל דערפאָלג.

### שלום אַש

ו י ן: מיין אָנוועזנהייט איז, ליידער, אוממעגלעך. איך שיק מיינע האַרציקסטע וואונטשן פאַר פרוכטבאַרער אַרבעט.

### מאַרטין בובער

מ אַ ר י נ א ד י מ א ס א (א י ט אַ ל י ע): צו מיין טיפסטן באַדויערן האָב איך נישט דעם זכות צו זיין צווישן אייך אויף דעמדאָזיקן גרויסן קאָנ-צענטראַטיוון צוזאַמענקונפט. אָבער מיין גייסט און מיין געפיל איז מיט אַ באַזונדערער אינטענסיטעט ביי אייך. וואָרים שטאַרקער, ווי ווען עס איז, מוז זיך אין דערדאָזיקער האַרבער שעה זאַמלען אַרום דער זאַך פון יידישן אַרבעטער אין א"י די גאַנצע קראַפט פון ליבע. דאָס מיינט נישט, ווי פיל קלערן, א קאַמף צווישן דער אידעע און דער ווירקלעכקייט; קיינמאָל נישט האָט אַן

עכטע אידעע געקעמפט קעגן דערווירקלעכקייט אָבער דאָס מיינט אַ קאַמף צווישן צוויי ווירקלעכקייטן: אַ הויכער, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער אידעע, און אַ נידעריקער, וועלכע שטרעבט קעגן איר. איין ווירקלעכקייט איז דאָס, וואָס עס איז געטון און דורכגעלעבט געוואָרן דורכן יידישן אַרבעטער אין א״י; די צווייטע איז דאָס, וואָס עס שטערט, אַז דאָס יידנטום פון גאָר דער וועלט זאָל דאָ געאייניקט מיטאַרבעטן און מיטליידן: די אינערץ פון הארץ, די קליינלעכקייט פונם כוח פון אַנטשליסן זיך. די אומפּעאיקייט צו דערקענען, וואו עס געשעט דאָס אַנטשיידנדיקע פאַר דער צוקונפט פון יידנטום און צו מקריב זיין זיך פאַר אים. און היות עס איז אַזוי, מוז מען זאָגן דעם יידישן פאָלק וועגן דער קראַפט פון ליבע, פון אונזער ליבע, און צו אָנווייזן, אַז איבער אַלע קלאַסן־און אינטערעס־שיידונגען איז די זאַך פון אַרבעטנדן א״י — זיין זאַך, ווייל נאָר דורך אַ לעבן פון אַרבעט, פון געמיינשאַפט און פראָדוקטיווער זעלבשטענדיקייט קאָן דער יידישער מענטש ווערן רעגענערירט.

די יידישע אַרבעטערשאַפט אין א״י האָט איצט, אויסער אירע גרויסע קאָנסטרוקטיווע אויפגאַבן פון ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן אַרט, אַ כמעט איבער־גרויסע פּאָליטישע אויפגאַבע. זי דאַרף באַווייזן, וואָס זי קאָן באַווייזן; אַז צווישן די אַ ר ב ע ט נ ד ע פעלקער פון א״י קאָן זיין און מוז אַלזאָ זיין אַן אמתע לאַנד־אויפבויענדע אייניקייט. געטראָגן פון דער קראַפט פון אונזער ליבע, וועט זי, איך בין פון דעם איבערצייגט, באַהערשן אויך דידאָזיקע אויפגאַבע.

לאָמיר לאָזן צושטראָמען צו איר די קראַפט פון אונזער ליבע אין אַ פולקייט, וואָס זאָל קיינמאָל נישט ווערן קלענער!

מיט די וואַרעמסטע וואונטשן פאַרן גאַנג און דער
פּרוכטבאַרקייט פון אייערע באַראַטונגען.

## ח״ים נחמן ביאַליק

ט ר י ע ס ט: אין דער שעה פון צעטומלעניש און אַפּהעטיקייט, זייט איר די שטאַרקע און טרייע, ווי איר זענט שטענדיק געווען. גליק און הצלחה אייער קאָנגרעס!

## לעאָן בלום

פ אַ ר י ז: מיטן גרעסטן אינטערעס וועל איך פאַרפאָלגן די אַרבעטן פון אייער קאָנגרעס. די אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין א״י האָט געהאַט אַ גליקלעכן געדאַנק פון מאָביליזירן אַלע אַרבעטער און אמת־דעמאָקראַטישע כוחות, און פאַרבינדן זיי מיט די באַמיאונגען צו שאַפן די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין א״י, דורכגעדרונגען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען פון אַרבעט.

אַ דאַנק דידאָזיקע אידעען פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, וועט איר, טראָץ אַלע שוועריקייטן, סוף־כּל־סוף רעאַליזירן די פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן, — אַ פאַרשטענדיקונג, וועלכע איז אין די אינ־טערעסן פון ביידע טיילן פון דער א״י־באַפעלקערונג.

איך ווייס, אַז דער שווערער נסיון פונם לעצטן יאָר האָט נישט דערשיטערט אייער פעסטן ווילן פאָרצוזעצן די שיינע אָנגעהויבענע אַרבעט און נישט צע־בראָכן אייער ווילן פון פאָרזעצן די פּאָליטיק פון מיטאַרבעט און פאַר שטענדיקונג מיט די אַראַבער. און דאָס איז די גאַראַנטיע פאַר אייער קינפטיק, דערפאָלג, פאַר אייער נצחון איבער אַלע רעאַקציאָנערע כּוחות.

די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע וועלט וועט אייך בלי ספק געבן איר אונטערשטיצונג, און די ענגלישע רעגירונג, טריי אירע פאַרפליכטונגען, וואָס זענען געגעבן געוואָרן פאַרן פעלקער־בונד און די דעקלאַראַציעס, וואָס זענען פיל מאָל אָפּגעגעבן געוואָרן דורך אונזערע פריינט פון דער לייבאָר־פאַרטיי, וועט איינפירן אין לאַנד אַזאַ פּאָליטישן, אַדמיניסטראַטיוון און עקאָ־נאָמישן צושטאַנד, וועלכער וועט פאַרזיכערן די שאַפונג פון אַ יידישער נאַ־ציאָנאַלער היים אין א״י, אָפּהיטנדיק די אַראַבישע רעכט און אינטערעסן, לויטן אַרטיקל 2 פונם מאַנדאַט. דורך אַ פּאָליטיק פון דערמוטיקן די יידישע איינ־וואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, ווען די מאַנדאַטן־מאַכט פאַרלייכטערן אייער טאָג־טעגלעכע אַרבעט, די שווערע אַרבעט, וועלכע ווערט אַדורכגעפירט געטריי, מיט איבערגעגעבנקייט, דורך די העראָישע חלוצים. איך גלייב אין דער צוקונפט, אין דעם ענדגילטיקן דערפאָלג פון דעררדאָזיקער נאָבעלער אונטערנעמונג, אין דער הסתדרות, וועלכע פירט אָן מיט דער אַרבעט, און איך ווינטש, אַז דעררדאָזיקער קאָנגרעס זאָל מיטהעלפן דער פאַרשטאַרקונג פון אייערע פּאָזיציעס און זאָל פאַרשנעלערן שטאַרק אייער אַרבעט.

מאיר בערלין

(פרעזידענט פון דער „מזרחי״־וועלט־אָרגאַניזאַציע, מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענץ)

נ י ו - י אָ ר ק: איך באַגריס אייך און אייערע א״י־חברים אויף דעם אַרבעטס־קאָנגרעס. זאָל דידאָזיקע וויכטיקע צוזאַמענקונפט מצליח זיין און ברענגען אַ היים פאַר יעדן יידישן מענטש און גרופּע, וועלכע שטרעבן צום פּראָגרעס און צו דערגרייכן דעם גרויסן אידעאַל פון ציוניזם און פּראַקטישער אַרבעט אין א״י לטובת אונזער פאָלק, און פאַר די ליידנדע יידן אין דער גאַנצער וועלט. אַ גליקלעך ניי יאָר.

## ג. בערנהאַרד

(פרעזידענט פונם בוי־אַרבעטער־פאַרבאַנד אין דייטשלאַנד, מיטגליד
פונם דייטשן מלוכה־ווירטשאַפט־ראַט)

**ב ע ר ל י ן:** איך באַדויער גאָר לעבהאַפט, וואָס עס איז מיר נישט מעגלעך אָנוועזנד צו זיין ביים קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י. דעם זעלבן טאָג הייבט זיך אָן אין פראַנקפורט דער בונדעס־טאָג פון מיין פאַרבאַנד, און איר וועט דאָך פאַרשטיין, אַז איך, אַלס פרעזידענט, קאָן נישט זיין אָפוועזנד.

איך ווינטש אייערע באַראַטונגען אַלדאָס גוטס, און דער באַוועגונג — די בעסטע דערפאָלגן.

## ל. דע־ברוקער

(וויצע־פאָרזיצער פונם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, פירער פון דער סאָצ. פאַרטיי אין בעלגיע)

**ב ר ו ס ע ל:** איך באַדויער זייער, וואָס צוליב פאַרשידענע סיבות קאָן איך ליידער נישט אָננעמען אייער פריינטלעכע איינלאַדונג און זיך באַטייליקן אין דעם בערלינער קאָנגרעס, וואָס עס רופט די הסתדרות אין א״י. גלייבט מיר אָבער, אַז איך וועל פאַרפאָלגן די אַרבעטן פון קאָנגרעס מיט דער גרעס־טער אויפמערקזאַמקייט און מיט דער לעבעדיקסטער סימפּאַטיע. איך ווינטש אייך פון גאַנצן האַרץ, אַז איר זאָלט האָבן דערפאָלג אין אייער גרויסער אויפגאַבע פון גרינדן די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין א״י, וועלכע שטרעבט אויך צו שאַפן צווישן יידישן און אַראַבישן פּראָלעטאַריאַט באַציאונגען פון ברידערלעכער און פרוכטבאַרער צוזאַמענאַרבעט. איך פאַרשטיי, אַז אַזעלכע באַציאונגען זענען סוף־כל־סוף מעגלעך נאָר דאַן, ווען דער רעזשים, וואָס איז אייך פייערלעך צוגעזאָגט געוואָרן אונטער דער גאַראַנטיע פון פעלקער־בונד, זאָל אין אַ ברייטער מאָס פאַרווירקלעכט ווערן סיי לויט זיין גייסט, ווי לויט זיין בוכשטאַב. נישט קוקנדיק אויף די איצטיקע שוועריקייטן און מיספאַר־שטענדנישן, פאַרליר איך נישט דעם צוטרוי אין דעם. איר האָט דאָס רעכט, ביי דידאָזיקע אומשטענדן, צו רעכענען אויף דער אַקטיווער מיטהילף פון די אַלע, וואָס פאַרשטייען דעם ווערט פון אינטערנאַציאָנאַלע התחייבותן. צי דאַרף איך דען אייך נאָך באַזונדער פאַרזיכערן, אַז לויט מיינע באַשיידענע כוחות, איז אייך געזיכערט מיין גאַנצע מיטהילף.

## שמעון דובנאָוו

**ב ע ר ל י ן:** מיין גרוס דעם וועלט־קאָנגרעס פאַר דעם אַרבעטנדן א״י. פון גאַנצן האַרץ ווינטש איך אייך אַלעמען וואָס גיכער איבערווינדן דעם

איצטיקן טראַגישן מאָמענט מיט אייער ענטוזיאַזם פאַר דער הייליקער אַרבעט, אַ פאָלק, וואָס שטרעבט אויפלעבן זיין היסטאָרישׁ לאַנד דורך אַרבעט און קולטור צום נוצן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציע, האָט דאָס רעכט אויף די סימפּאַטיעס פון אַלע קולטור-פעלקער. איך האָף, אַז די „ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל" וועט זיך איינשליסן אין דער גרויסער קייט פון דעם אַרבעטנדן און פאַר זיין עקזיסטענץ קעמפנדן פ אָ ל ק ישראל.

חיים ווייצמאַן

מיין גרוס דעם קאָנגרעס פונם אַרבעטנדן א"י און דעם אַרבעטנדן גלות. אויב עס טליעט נאָך אַ ספק אין די מוחות פון סקעפּטיקער איבערן לעבנס-כוח פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, קומט דאָס אַרבעטנדע א"י און וואַרפט דעמדאָזיקן ספק אָפּ. נישטאָ קיין אָרט פאַר יאוש. אויב מיר האָבן געהאַט געצוג צות. טראָץ אַלע שטערונגען, צו בויען דעם פונדאַמענט, וועלן מיר געוויס אויפבויען אויף דעם גאַנצן בנין.

ל. זשוּאָ

(גענעראַל-סעקרעטאַר פון די געהערקשאַפטן אין פראַנקרייך, סעק-רעטאַריאַט-מיטגליד פונם אַמסטערדאַמער געהערקשאַפטן-אינ-טער-נאַציאָנאַל)

ג ע נ ף: איך האָב דאָס אָרגעניגן צו באַגריסן די קאָנפערענץ, וואָס ווערט צונויפגערופן פון דער הסתדרות אין א"י.

איך באַצי זיך מיט דער פולער סימפּאַטיע צו דער אַקטיוויטעט פון דעדראָזיקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטרעבט צו שאַפן אין א"י אַ יידישע היים אויפן יסוד פון דער אַזוי נייטיקער פעלקער-דערנענטערונג. עטנישע אָדער רעליגיעזע באַריערן צווישן פּראָלעטאַריער זענען אַ זינלאָזיקייט. אַלע עקס-פלואַטירטע האָבן איין געמיינזאַמען ציל: די באַפרייאונג פון דער אַרבעט. דערצו איז נייטיק צו פאַרייניקן אַלע אָנשטרענגונגען.

איך האָף, אַז דער בערלינער קאָנגרעס וועט לייגן אַ פּאָזיטיוון און פרוכטבאַרן יסוד פאַר דער ברידערלעכער פאַרייניקונג פון יידישן און אַראַ-בישן פּראָלעטאַריאַט. אין דעדראָזיקער האָפנונג שיק איך איין מיין באַגרי-סונג, פאַרזיכערנדיק אייך נאָכאַמאָל אין מיין פולער סימפּאַטיע.

שאַרל זשיד

(ערן-פּרעזידענט פונם אינטערנאַציאָנאַלן קאָאָפּעראַטיוון-פאַרבאַנד)

באַלגאַרד: אויב א״י דאַרף אויפלעבן, וועט עס געשעען, לויט מיין מיינונג, אַ דאַנק דעם שטאָטישן אַרבעטער פיל מער, ווי מיט דער הילף פונם לאַנד-אַרבעטער. ווייל די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ-ישראל איז באַגרעניצט דורך דער קליינער לאַנד-פלאַך, דורכן מאַנגל אין גענוג קולטיווירבאַרן באָדן און דורך דער אָנוועזנהייט פון דער אַראַבישער באַפעל-קערונג, וואָס טאָר נישט באַרויבט אָדער אַרויסגעשטויסן ווערן. די אַנטוויק-לונג פון דער אינדוסטריע און האַנדל זענען אָבער אומבאַגרעניצט. דערדאָזי-קער שמאָלער ים-ברעג איז דאָך אַמאָל געווען שטאַרק באַפעלקערט. פאַרוואָס זאָלן די יידן היינט נישט קאָנען דערגרייכן דאָס, וואָס עס האָבן אַמאָל אויפ-געטון די פלשתים. חיפה קאָן ווערן דאָס, וואָס צור איז דאַן געווען און וואָס אַלעקסאַנדריע שטעלט מיט זיך פאָר היינט. ווען חיפה זאָל האָבן 6 ביז 7 הונדערט טויזנט איינוואוינער, איז געלעזט די פראַגע פון אַ מערהייט. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז אין דער צייט, ווען די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָ-ניזאַציע רייצט אויף און באַאומרואיקט די אַראַבער, ברענגט זיי די אינדוס-טריעלע קאָלאָניזאַציע נאָר נוצן.

איך פאַרשטיי גוט, אַז דער אידעאַל פון אייער סאָציאַליסטישער אַרבע-טער-אָרגאַניזאַציע קאָן נישט זיין דער זעלבער, ווי פון די סוחרים פון צור און צדון, וועלכע זענען בשעתו פאַרשאָלטן געוואָרן דורך די נביאים, און אויך נישט דער אידעאַל פון די ענגלישע, פראַנצויזישע, איטאַליענישע און דייטשע געשעפטס-לייט, וואָס רייסן זיך אַרום צוליב די רייכטימער און נאַפט-קוואַלן פון קליין-אַזיע. אָבער גראָד אַזוי ווי די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין א״י האָבן באַוויזן זייער לעבנס-פעאיקייט אין דער קאָאָפּעראַטיווער פאָרם, צי קאָן מען דען נישט האָפן, אַז אויך דאָס זעלבע זאָל געשעען אין דער אינ-דוסטריע און האַנדל?

אגב, איז דאָך דער הויפּט-ציל פון אייער אָרגאַניזאַציע נישט בלויז אויפלעבן א״י, נאָר אויך באַפרייען דעם לוין-אַרבעטער, און דעריבער גע-פינט ער זיך אין איינקלאַנג מיט אונזער קאָאָפּעראַטיוון פּראָגראַם.

אין נאָמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער פאַריייניקונג, וואָס האָט מיט אַ חודש צוריק אָפּגעהאַלטן איר קאָנגרעס אין ווין, פאַרזיכער איך אייך אין דער פולער סימפּאַטיע צו אייער ווערק. איך דאַנק אייך פאַר דער געלעגנהייט, וואָס איר האָט מיר געגעבן צו ברענגען נאָכאַמאָל צום אויסדרוק מיינע געפילן.

פיליפּאָ טוראַטי

(רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין איטאַליע)

פּאַריז: איך באַדויער שטאַרק, וואָס צוליב דרינגנדע אַרבעטן, קאָן איך נישט זיין אויף אייער קאָנגרעס. אָבער איך וויל זיך אויסצודריקן אייד

מיין סימפאַטיע פאַרן שיינעם ווערק פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער וויל שאַפן אין א״י אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק, אַ מאָדערנע היים, אַן אַרבעטער־היים, באַזירט אויף די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם און אויפן פעסטן ווילן פון געפינען אַ פאַרשטענדיקונגס־געביט מיט דער אַראַבישער אַרבעטער־באַפעלקערונג. איר פאַרדינט די אונטערשטיצונג פון דער סאָציאַליסטישער וועלט, און אויף וויפיל די באַשיידענע מיטלען פון אַ פּאָליטישן עמיגראַנט דערלויבן עס, איז אייך מיין הילף געזיכערט.

איך נוץ אויס די געלעגנהייט, כדי אויסצודריקן מיין גאַנצע אַנטציקונג פאַר דער הסתדרות אין א״י, וועלכע פירט אַדורך אַן אַרבעט פון אַ גרויסן ווערט, אַזוי פאַרן יידישן פאָלק, ווי אויך פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

פון גאַנצן האַרץ ווינטש איך אייך אַ גוטן דערפאָלג אין אייער אַרבעט.

### וויקטאָר טשערנאָוו

(פירער פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן)

פּ ר אָ ג : איך באַגריס האַרציק אייער קאָנגרעס. געוועזן פאַררייזט און צו שפּעט באַקומען אייער איינלאַדונג, כדי צו קאָנען רעכטצייטיק קומען.

### פּראָפ. ד״ר היינריך לעווע

(פאָרשטייער פון דער יידישער קהלה אין בערלין)

ב ע ר ל י ן : עס וואָלט פאַר מיר געוועזן אַ גאַנץ באַזונדערע פרייד צו דערשיינען אויפן קאָנגרעס און צו באַגריסן אים אין נאָמען פון דער יידישער קהלה. אָבער, ליידער, שטערט מיר אַ גריפּע צו דערשיינען דאָרטן און געבן אַ לעבעדיקן אויסדרוק מיינע געפילן און מיינע הערצלעכע סימפּאַטיעס. איר דאַרפט אָבער זיין זיכער, אַז איך באַטייליק זיך מיטן גאַנצן האַרץ אין אייערע שטרעבונגען, וועלכע זענען אויך מיינע שטרעבונגען, און אַז מיטן גאַנצן האַרץ ווינטש איך אייערע פאַרהאַנדלונגען די בעסטע הצלחה צום אויפבוי פון אַ נייער יידישער ארץ־ישראל, וואָס באַזירט אויף גערעכטיקייט און קולטור.

### ל. מאָצקין

(פּרעזידענט פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט)

ב ע ר ל י ן : איך באַדויער זייער, וואָס צוליב מיין קראַנקהייט קאָן איך נישט אויסנוצן די איינלאַדונג און באַטייליקן זיך אין אייער אַרבעט. איך שיק אייך מיין טיפע ברכה אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט.

איך האָף, אַז דער יידישער אַרבעטער, די זייל פונם ארץ־ישראל־אויפבוי, פון אונזער צוקונפט, וועט פאַרווירקלעכן אונזער דערהויבענע אויפגאַבע און אַז אייער אַרבעט אויך אויפן דאָזיקן קאָנגרעס וועט זיין פרוכטבאַר און וועט זיין אַ טייל פון דער באַפרייאונג פון יידישן פאָלק.

## קארל מערטענס

(הויפט־סעקרעטאַר פון די געהערקשאַפטן אין בעלגיע, סעקרעטאַריאַט־מיטגליד פונם געהערקשאַפטן־אינטערנאַציאָנאַל)

ב ר ו ס ע ל : איך קאָן, ליידער, נישט קומען צום קאָנגרעס און בעט אייך מיר צו אַנטשולדיקן. פון טיפן האַרץ ווינטש איך אייך אַ פולן און גאַנצן דערפאָלג. נעמט איבער מיינע ברודערלעכסטע געפילן.

## פראַנץ סאָוקופ

(פרעזידענט פונם טשעכאָסלאָוואַקישן סענאַט, עקזעקוטיוו־מיטגליד פונם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל)

פ ר אָ ג : איך באַדויער זייער, וואָס איך קאָן נישט קומען קיין בערלין. דעם 26־טן סעפטעמבער הייבט זיך אָן דער קאָנגרעס פון מיין פאַרטיי, דער טשעכאָסלאָוואַקישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכער וועט דויערן ביזן 30־טן. מיין אָפּוועזנהייט אויפן קאָנגרעס איז נישט מעגלעך.

עס טוט מיר ז יי ע ר ל יי ד, וואָס איך קאָן נישט קומען צו אייער קאָנגרעס, ווי איך האָב עס געהאַט צוגעזאָגט. גלייבט מיר, אז אין אַן אַנדערע צייט שטיי איך שטענדיק און מיט פרייד צו אייער דיספּאָזיציע.

איך ווינטש אייער קאָנגרעס אין בערלין פיל דערפאָלג און איך שיק אים מיין אויפריכטיקסטן גרוס.

## האַרי סנעל

(לייבאָר־דעפּוטאַט אינם ענגלישן פּאַרלאַמענט, מיטגליד פון דער שאָו־קאָמיסיע און פאַרטרעטער פון איר מינאָריטעט־באַריכט)

ל אָ נ ד אָ ן : איך באַדויער זייער, וואָס עס איז מיר אוממעגלעך אָנצונעמען אייער פריינטלעכע איינלאַדונג צום קאָנגרעס.

איך האָב איצט, ווי איר ווייסט, פיל דרינגנדע פליכטן און עס איז פאַר מיר אוממעגלעך צו אָפּשפּאָרן די 3 אָדער 4 טעג, וואָס אַ נסיעה קיין בערלין פאָדערט. וועט איר זיין אַזוי פריינטלעך צו בעטן דעם קאָנגרעס אַנטשולדיקן מיר פאַר מיין אָפּוועזנהייט.

אויב די מיטגלידער פונם קאָנגרעס האָבן מיר פאַרשאַפט דעם כבוד און געלעזן די באַוואַרעניש, וועלכע איך האָב געמאַכט צום באַריכט פון דער

א״ילדיקער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. וועלן זיי וויסן דעם שטאַנדפּונקט, אויף וועלכן איך האָב זיך געשטעלט בנוגע די פּראָבלעמען. וועלכע א״י רוקט אַרויס אין דער איצטיקער צייט. און איך זע נישט, זינט דער באַריכט איז דער־שינען, קיין שום גרונד, אַז איך זאָל דאַרפן צוריקציען עפּעס פון דעם, וואָס איך האָב געשריבן.

איך באַזיץ נישט מער קענטעניש איבער דער איצטיקער סיטואַציע, ווי איך באַקום פון דער פּרעסע און איך בין אין דער קלענסטער מאָס נישט פאַרטרויט מיט די פּלענער פון דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט. עס שיינט מיר פונדעסטוועגן, אַז דער שאַרפער פּעריאָד פון באַאומרואיקונג פונם לעצטן יאָר גייט פּאַמעלעך אַוועק, און אַז עס איז פאַראַן אַ האָפנונג, אַז די ענינים וועלן ווערן כסדר אַלץ בעסער. איך ווייס נישט דעם שטאַנדפּונקט, וואָס סער דזשאָן האופּ סימפּסאָן האָט אָנגענומען אין זיין באַריכט, אָבער איך האָף, אַז זיינע רעקאָמענדאַציעס וועלן באַצייכענען דעם אָנהייב פון אַ נייעם פּעריאָד פון האָפנונג און טעטיקייט פאַרן אַראַבישן און יידישן פאָלק, וועלכע דאַרפן לעבן צוזאַמען און צוזאַמען שאַפן אַ פּראָספּערירנד לאַנד.

איך וויל נישט מאַכן קיין אינטערשייד צווישן איין טייל פונם יידישן פאָלק אין א״י און צווייטן; אָבער איך פיל זיך ספּעציעל דאַנקבאַר דער אַלגעמיינער פעדעראַציע פון די יידישע אַרבעטער אין א״י פאַר איר קלאָר־זעעוודיקער אָנערקענונג פון דער פּאָזיציע פון די אַראַבישע אַרבעטער און פאַר איר אַנטשלאָסנקייט צו העלפן דעם שכנותדיקן אַראַבישן אַרבעטנדן קלאַס, צו פאַרבעסערן זיין לעבנס־מצב און צו העלפן די אַראַבישע אַרבעטער אויף עדן אויפן צו ווערן פרייע און גליקלעכע בירגער פון אַ נייער פּאַלעסטינער נאַציע. מיט דערדאָזיקער אַרבעט בויען זיי ד׳עם איינציקן זיכערן בנין, און איך האָף, אַז זייער אַרבעט וועט גיין לעילא ולעילא.

## נאָרמאַן עאַנדזשעל

(ליבאָר דעפּוטאַט פון ענגלישן פּאַרלאַמענט)

לאָנדאָן: נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל מיר זיין ליבער, ווי צו באַגריסן דעם וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י אין בערלין. אָבער צום אומגליק, איז עס מיר פיזיש נישט מעגליך. איך בין דעם גאַנצן זומער קראַנק געווען און בין געווען מחוץ דער שטאָט און עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל אַרבעט, אַז אויף דער נעכסטער וואָך בין איך געצוואונגען אָפּצוזאָגן אַלע איינלאַדונגען. איך באַדויער עס זייער און איך ווינטש אייך דערפאָלג.

י. עפּרויקין

פּ אַ ר י ז: איך באַדויער די אוממעגלעכקייט זיין צוזאַמען מיט אייך אין דער היסטאָרישער שעה פון דער פאַראייניקונג פון דער יידישער דעמאָקראַטיע פאַרן אויפבוי פון אַ יידישער היים אין ארץ־ישראל איך באַגריס אייך און ווינטש אייך הצלחה.

ד״ר פּאַרבשטיין

(סאָצ. דעפּוטאַט אין דער שווייץ)

ב ע ר ן: איך האָב די גאַנצע צייט געהאָפט, אַז איך וועל קאָנען קומען צום קאָנגרעס. ליידער, איז עס מיר נישט מעגלעך. די זיצונגען פונם נאַציאָנאַל־ראַט דערלויבן מיר נישט צו פאָרן קיין בערלין. איך ווינטש דעם קאָנגרעס פיל דערפאָלג.

ליאָן פויכטוואַנגער

ב ע ר ל י ן: איך וועל נישט זיין אין אייראָפּע אין די טעג, ווען עס קומט פאָר דער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, דערפאַר קאָן איך, ליידער, אינם קאָנגרעס גופא נישט אָנטייל נעמען. איך חתמע אָבער גערן דעם אויפרוף, וועלכער רופט צו באַטייליקונג אינם קאָנגרעס.

דוד פּינסקי

נ י ו - י אָ ר ק: איך האָף, אַז דער קאָנגרעס וועט זיין אַ קוואַל פון דערמוטיקונג און נייער קראַפט פאַר דער א״י־אַרבעטערשאַפט.

בערנהאַרד קאַהן

(עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער יידישער אַגענץ, גענעראַל־דירעקטאָר פונם „דזשאָינט״ אין אייראָפּע)

ב ע ר ל י ן: איך וואָלט עס, זעלבספאַרשטענדליך, געהאַלטן פאַר מיין חוב אָנטייל צו נעמען אין אייערע באַראַטונגען און עווענטועל אויך נעמען אַ וואָרט ביי דעם אָדער יענעם פונקט פון סדר היום. ליידער, מוז איך גראָד אַוועקפאָרן אין ענינים פון מיין אַרבעט אין יענע טעג ווען דער קאָנגרעס קומט פאָר. דידאָזיקע רייזע איז שוין מיט אַ צייט פריער באַשטימט געוואָרן און איך קאָן זי באַדויערלעכערווייזע נישט אָפּלייגן. עס טוט מיר דעריבער

אויפריכטיק לייד, וואָס עס וועט מיר נישט מעגלעך זיין, פּערזענלעך אָנטייל צו נעמען ביי אייערע באַראַטונגען און אַרבעטן.

איך שאַץ אָפּ די הויכע באַדייטונג, וואָס דער קאָנגרעס האָט און איך נעם עס אויף אַלס אַ שווערן פאַרלוסט פאַר מיר פּערזענלעך, וואָס איך קאָן נישט זיין אַנוועזנד.

איך ווינטש אייערע באַראַטונגען, וועלכע איך קען אויפמערזאַם נאָכ־פאָלגן נאָר פון דערווייטנס, אַ גוטן פאַרלויף און דערפאָלג, וועלכער וועט אונ־זער א״י־אַרבעט ברענגען פאָרווערטס.

אַרטור קריספּיען

(פאָרזיצער פון דער סאָצ. דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד)

ב ע ר ל י ן : עס איז מיר,ליידער, נישט מעגלעך ביייצוזיין די באַראַ־טונגען פון אייער קאָנגרעס. איך בעט אייך מיר צו אַנטשולדיקן. איך ווינטש אייער קאָנגרעס אַ גוטן פאַרלויף, פאַר דער אַנטוויקלונג פון אייער גרויסער באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

בריטישע לייבאָר־פּאַרטיי

ל אָ נ ד אָ ן : איך האָב געהערט מיט גרויס אינטערעס וועגן צונויפ־קומען זיך אין בערלין פון די פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער אין גאַר דער וועלט, וועלכע ווידמען זיך דער אויפגאַבע פון בויען אַ נייע יידישע נאַ־ציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אין אויפטראַג פון דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי, אַז מיר האָבן די גרעסטע סימפּאַטיעס צו אייערע אידעען און אַז מיר זענען איבערצייגט, אַז אונטער דער ווירקונג פון די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל וועט די יידישע נאַציאָ־לע היים באַנייט ווערן סיי אין איר סאָציאַליסטישן גייסט און סיי אין איר גוטער פריינטשאַפט מיט אירע שכנים.

י. ס. מידלטאָן, סעקרעטאַר

אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ההסתדרות הכללית של העובדים העברים] אין ארץ־ישראל

ת ל־א ב י ב : די ברכה פון דער הסתדרות צו אַלע אָנטיילנעמער פונם קאָנגרעס. זאָל אייער אויפטו זיין גרויס און וואָגיק.

דער ועד־הפועל

## ארץ־ישׂראלדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי

ת ל־א ב י ב: די אַלטע פּאָן־טרעגער אין דער חלוצישער יוגנט, וועלכע זאַמלען זיך אַרום דעם אַרבעטנדן א״י און דער פאַראייניקטער מחנה אין לאַנד — אונזער אויפריכטיקסטע ברכה.

## אַלגעמיינער אַרבעטער־קלוב אין חיפה „נאַדי אול־עומאל על־עום"

ח י פ ה: מיר שיקן אונזערע האַרציקסטע גרוסן דעם פּרעזידיום און די חברים פונם אַרבעטער־קאָנגרעס, וואָס ווערט אָפּגעהאַלטן אין בערלין, כדי צו שטיצן די אַרבעטער אין פּאַלעסטינע.

דער אַלגעמיינער אַרבעטער־קלוב אין חיפה, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אַלס איינער פון די ערשטע אויפן מזרח אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַל, באַשטייט פון אַראַבער און יידן אָן אונטערשיד. הגם אונזער אָרגאַניזאַציע איז נאָך יונג, גלייבן מיר, אַז דאָס איז דער אָנהייב, וואָס וועט אַרומנעמען אַלע אַרבעטער אין לאַנד. אונזער שטרעבונג איז צו דערגרייכן די אייניקייט פון אַרבעטער, אויפהייבן זיי צו אַ העכערן ניוואָ און צו באַזייטיקן אַלע אונטערשידן פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט צווישן זיי, ווי אויך באַקעמפן אַלע שלעכטע איינפלוסן, וואָס ווירקן אויף די אַרבעטער. מיר האָפן, אַז אונזער אָרגאַניזאַציע וועט אַרומנעמען אַלע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע און אַז די אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג וועט זיין דער אָנהייב פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון גאַנצן נאָענטן מזרח.

מיר דריקן דעריבער אויס אונזער טיפסטן דאַנק דער הסתדרות פאַר אירע באַמיאונגען צו פאַראייניקן אַלע אַרבעטער און פאַר איר הילף, אין פאַל פון קראַנקהייט, שטרייק, אין קאַמף פאַר זייער רעכט קעגן די בעלי־בתים, אויך פאַר יענע אַרבעטער, וואָס זענען נאָך נישט אָנגעשלאָסן אָן אירע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אונזער פאַרלאַנג, אַז דער קאָנגרעס זאָל אויסשטרעקן אַ שטאַרקע העלפנדע האַנט דער הסתדרות און אַלע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, אַזוי, אַז זיי זאָלן קאָנען פאַרטרייבן די אומוויסנהייט, עלנט און די צוזאַמענשטויסן צווישן אַרבעטער און צו דערגרייכן אַזאַ ניוואָ, וואָס פּאַסט פאַר אַן אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער.

ווען איר ווילט וויסן נאָך מער וועגן אונזער אַרבעט און אונזערע אויפגאַבן, וועלן אייך אַלץ דערציילן די חברים שיפּליאַקאָוו, פיינסטאַון און העמלין, וואָס האָבן לעצטנס באַזוכט אונזער קלוב.

צום סוף נעמט אָן אונזערע האַרציקסטע גוטע וואונטשן פאַרן דערפאָלג פונם קאָנגרעס.

מיט ברידערלעכן גרוס

פיליפּ חאסון, דזשאמיל עאסאטי, עבד אל־רחמן ראמאדאן, איבראהים סודעילעה, עליאס איסקאנדאר חאדאר, יוסף סאאר. אניס ראנעם, נאסיב ראמאדאן.

## לאַנד־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע (המרכז החקלאי) אין ארץ־ישראל

תל־אביב: די קבוצות און די מושבים, די באַגרינדער פון דער אַרבעטנדיקער לאַנדווירטשאַפט אין דער באַוועגונג פון אַרבעט אינם יידישן פאָלק, ווי אויך די אַרבעטער אין די פּריוואַטע קאָלאָניעס, די דעראָבערער פון אַרבעט, ווינטשן אייך אַ פּרוכטבאַרע אַרבעט. שטעלט צו אַן אַקסל, כּדי צו שאַפן צוזאַמען דאָס ווערק.

## הקבוץ המאוחד

עין חרוד: אונזערע ברכות, זייט מצליח.

## אַרבעטער־קבוצות אין עמק־הירדן

טבריה: פּרוכטבאַרע אַרבעט פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון חלוצישן ווערק פאַרן יידישן פאָלק אין זיין לאַנד.

פאַר די קבוצות אין עמק־הירדן, יוסף באראץ

## די אַרבעטער פונם ירדן־עלעקטריציטעט־ווערק

צמח: פּערספּעקטיק און פאַרשטאַרקט דעם אויפבוי פונם יידישן אַרבעטער.

## רעליגיעז־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי „דת ועבודה" אין ארץ־ישראל

תל־אביב: צו די, וואָס קומען זיך צונויף צו פאַרשטאַרקן און באַלעבן אונזער ווערק, צוריקצופירן דאָס יידישע פאָלק אין זיין לאַנד, עס צוריקברענגען צו אַ לעבן פון אַרבעט, באַנייען זיין קולטור, לויט די־איבערליפערונגען פון זיינע נביאים —

אונזער פולסטער גרוס.

דער רעליגעזער אַרבעטער איז געקומען צום געדאַנק פון אַ נייער געזעלשאַפט, געשטויסן דורך דעם באַפעל פון אונזער נביאים־מאָראַל. נאָר די דאָזיקע מאָראַל קאָן דינען אַלס יסוד פאַר אַ נייער אָרדנונג. דער רעליגיעזער אַרבעטער שטעלט אונטער אַן אַקסל, כּדי צו טראָגן צוזאַמען דעם עול פון אויפבוי און שאַפן ביז עס וועט פאַרשווינדן דאָס גרויסע אומרעכט און דאָס יידישע פאָלק וועט אויפשטיין צום נייעם לעבן, אַלס אַן אַרבעטנד, פריי פאָלק אין זיין לאַנד און אַלס אַ געטרייער חבר אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־משפחה.

זאָלן געשטאַרקט ווערן אייערע הענט!

## אַרבעטער־ספּאָרט־פאַרבאַנד „הפועל״ אין א״י

**ת ל־א ב י ב:** דער קאָנגרעס פונם ארץ־ישראל פון אַרבעט, פאַרשטאַרקט די אַרמיי.

## אַרבעטער־באַנק אין ארץ־ישראל

**ת ל־א ב י ב:** זאָל דער קאָנגרעס פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל דינען אַלס ממשותדיקער פאַקטאָר פאַר דער שטאַרקונג פון אונזער אַרבעט אין ארץ־ישראל.

## אויסלענדישע דעלעגאַציע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַר־טיי (צ. ס.) אין ס. ס. ס. ר.

**ת ל ־ א ב י ב:** פונם אונטערערדישן פּאָליטישן לעבן פאָלגט נאָך די צ.ס.־פּאַרטיי און צוזאַמען מיט איר די גאַנצע באַוועגונג אין ס. ס. ס. ר. און אירע פיל הונדערטער חברים, וועלכע ווערן געפייניקט אין די געפענגענישן און אין דער פאַרשיקונג, דעם פאַרלויף פונם וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

דורכן קאָנגרעס הייבט זיך אָן צו פאַרווירקלעכן די שטרעבונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג צונויפצוזאַמלען און אָרגאַניזירן די כוחות פונם גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס אין גאַר דער וועלט אַרום דעם שטאָלצן אויפבוי־ווערק פונם יידישן אַרבעטער אין א״י און צו אַריינגעבן אין די ברייטע אַרבעטער־קרייזן, וואָס זענען אָרגאַניזירט אינם סאָציאַליסטישן און פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל, דעם באַוואוסטזיין, אַז זייער מאָראַלישער חוב איז — אויסצושטרעקן דעם יידישן אַרבעטער אַ האַנט פון הילף אין זיין דאָזיקן גרויסן היסטאָרישן אויפטו.

דער צַרבעטס־קאָנגרעס קומט זיך צונויף אין אַ שווערער שעה פאַרן יידישן ישוב אין א״י. אין אַ שעה פון ברוטאַלן אַטענטאַט אויף דער נשמה פון אַרבעטס־ציוניזם.

מיר האָפן, אַז אויף דעם קאָנגרעס, וועט געפינען אַן אויסדרוק דער שטאַרקסטער פּראָטעסט פון אונזערע אַרבעטער־מאַסן אין רוסלאַנד, וועלכע זע־נען באַרויבט געוואָרן פונם רעכט צו עמיגרירן פונם לאַנד, וואו זיי ,געפינען זיך, וועלכע פאָדערן אַרבעט און עליה אין ארץ־ישראל און באַקומען עס נישט.

ווייסט חברים, — די פראַגע פון עליה קיין א״י איז אַ לעבנס־פראַגע פון אַ גרויסן חלק פון אונזערע אַרבעטער־מאַסן אין רוסלאַנד.

די פּאָליטישע תנאים דערלויבן נישט אונזער פּאַרטיי צו נעמען אָנטייל אינם קאָנגרעס, וועלכער סימבאָליזירט אַ נייע תקופה אין די באַציאונ־גען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער אַלגעמיינער אַרבעטער־

באַוועגונג אין גאַר דער וועלט צום קאַמף פונם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

פון דערוויטנס שיקן מיר אייך, אין נאָמען פון אונזער פאַרטיי, אין נאָמען פון די מאַסן אונזערע חברים, וועלכע זענען פאַרשיקט און אַרעסטירט, אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין רוסלאַנד, אונזערע וואַרעמסטע ברכות און וואונטשן.

זאָל לעבן דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל!

זאָל לעבן דער וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל!

שניאור אראנאָוו, סעקרעטאַר.

## פרייסישע רעגירונג

ב ע ר ל י ן: איך דאַנק אייך זייער פאַר דער איינלאַדונג, וואָס איר האָט געשיקט דער פרייסישער שטאַטס־רעגירונג צום וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י. איך וועל נישט זיין אין בערלין און וועל אַליין נישט קאָנען אָנוועזנד זיין. אַלס מיין פאַרטרעטער וועט אָנוועזנד זיין דער מיניסטעריאַל־ראַט ד״ר פלאטאו.

איך ווינטש די אַרבעטן פונם קאָנגרעס די בעסטע הצלחה און איך האָף, אַז זיינע באַראַטונגען וועלן מיטהעלפן צו אַנטוויקלען די הויכע סאָציאַלע און קולטורעלע אויפגאַבן, וועלכע די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל האָט זיך געשטעלט אַלס ציל.

## אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד פאַר אַרבעטער־ספּאָרט און קערפּער־קולטור

ל יי פ צ י ג: מיר פאַרשטייען די באַדייטונג פון אייער קאָנגרעס און מיר פרייען זיך, אַז איר ווילט אויפהייבן און אַנטוויקלען אין ארץ־ישראל די סאָציאַליסטישע אידעען. דאָס נאָך מער אַ דאַנק דעם, וואָס די אַרבעטער־ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „הפועל" איז אָנגעשלאָסן אָן אונזער סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און האָט שוין דערמיט פעסטגעשטעלט איר צוגעבונדנקייט צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־ספּאָרט־באַוועגונג. מיר קאָנסטאַטירן מיט פרייד, אַז מיטגלידער פון „הפועל" האָבן זיך אַפילו באַטייליקט אויף אונזערע קורסן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, און האָבן אַזוי אַרום מיטגעהאָלפן דער ברידערלעכער פאַרבינדונג מיט אונזער צענטראַלע.

מיר שיקען אייך די האַרציקסטע גרוסן און ווינטשן אייער קאָנפערענץ אַ גוטן פאַרלויף. זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען און אייערע באַשלוסן געטראָגן זיין פונם גרויסן ברידערלעכן גייסט פון סאָציאַליזם.

פריי הייל!

## אַרבעטער־טורן־און ספּאָרט־בונד אין דייטשלאַנד

ל ײ פ צ י ג : דער אַרבעטער־טורן־און ספּאָרט־בונד אין דייטשלאַנד שיקט צום היינטיקן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן פאָלק פון ארץ־ישראל די האַרציקסטע גרוסן. מיר פילן זיך פאַרבונדן אין גייסט מיט אייער געמיינזאַמער אידעע און געמיינזאַמער אַרבעט.

מיר ווינטשן אייער קאָנגרעס אַ גוטן פאַרלויף אין אינטערעס פונם אַרבעטנדן פאָלק.

פריי הייל!

## סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דער פריי־שטאָט דאַנציג

ד אַ נ צ י ג : די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דער פריי־שטאָט דאַנציג, שיקט אייער קאָנגרעס די האַרציקסטע גרוסן. מיר האָפן אויף אַ דערפאָלג פון אייערע אַרבעטן.

י. מאו, סעקרעטאַר.

## פועלי־ציון אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און קאנאדע

נ י ו ־ י אָ ר ק : די פועלי־ציון־פאַרטיי אין אַמעריקע און קאַנאַדע שיקט אירע האַרציקסטע גרוסן צום ערשטן וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטענדן ארץ־ישראל. מיר דעקלאַרירן פייערלעך אונזער אַנטשלאָסנקייט צו ווידמען אונזער גאַנצע ענערגיע פאַר דער רעאַליזירונג פון אייערע באַשלוסן און צו מאָביליזירן די אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער נאָך מער, ווי ביז איצט, פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. עס איז אונזער האָפנונג און שטאָלץ, אַז אַמעריקע וועט געבן נישט נאָר מיטלען, נאָר אויך חלוצים אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

זייט געשטאַרקט!

פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט, ב. לאָקער

## „התאחדות״ אין אמעריקע

נ י ו ־ י אָ ר ק : זאָל די קאָנפערענץ ווערן אַ מערק־שטיין אין דער אַנטוויקלונג פון דער ארץ־ישראל־אַרבעטערשאַפט.

## יידיש־נאַציאָנאַלער ארבעטער־פארבאנד אין אמעריקע

נ י ו ־ י אָ ר ק : האַרציקסטע באַגריסונג און די טיפסטע חברישע וואונטשן צום דערפאָלג פונם קאָנגרעס.

ל. סיגאל, סעקרעטאַר.

## פועלי־ציון־יוגנט אין אמעריקע

נ י ו ־ י אָ ר ק: די וואַקסנדע צאָל פון די יונגע פועלי־ציון אין אַמע־ריקע זעען דעם העכסטן ציל פון זייער לעבן אין פאַרייניקן זיך מיט די רייען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל. מיט אייך ווילן מיר אַרבעטן און מיר ווילן עולה זיין!

כהן, סעקרעטאַר.

•

## ארבעטער־מיטינג אין ניו־יאָרק

נ י ו ־ י אָ ר ק: דער מאַסן־מיטינג, גערופן דורך פועלי־ציון זונטיק דעם 28־סטן סעפטעמבער, האָט ענטוזיאַסטיש געפייערט די דערעפענונג פונם קאָנגרעס, און האָט מיך באַפולמעכטיקט צו שיקן אייך די האַרציקסטע גרוסן און צוזאָגן פאַר גרעסערע באַמיאונגען און פאַרשטאַרקונג אין דער פּאָזיציע פון דער ארץ־ישראל־אַרבעטערשאַפט מיט מיטלען און מענטשן.

פאַרן פּרעזידיום, ב. לאָקער.

*

## „התאחדות" פוילן

וו אַ ר ש ע: אונזערע האַרציקסטע וואונטשן דעם קאָנגרעס. זאָל דער קאָנגרעס דינען אַלס אַ שטויס־קראַפט און אַלס אַן עמוד־האש פאַר דער קאָנ־צענטרירונג פון די יידישע אַרבעטס־מאַסן און פון דער צו אַרבעט שטרעבנ־דער יוגנט אַרום דעם אַרבעטנדן א"י.

*

## „פועלי־ציון" בראזיל

ר י אָ דע ז ש אַ נ ע י ר אָ: דעם ערשטן קאָנגרעס פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט אונטער די פאָנען פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראַל, געטריי דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם — אונזערע חברישע גרוסן.

•

## צ. ס. און „הכוח" אין ליטע

ק אָ וו נ ע: זאָל דער ערשטער אַלוועלטלעכער אַרבעטס־קאָנגרעס באַ־וועגן צו אַקטיווער טעטיקייט פאַרן אויפבוי פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־היים.

*

## „פועלי־ציון" בולגאַריע

ר ו ש ט ש ו ק: מיר באַגריסן האַרציק דעם קאַנגרעס אַלס פאַרייניקונג

פון די פּראָגרעסיווע כוחות אין דער גאָרער וועלט אינם דינסט פונם אַר־בעטנדן א״י.

ד״ר ברוך, זשאַן דניאל.

•

„פּועלי־ציון" ענגלאַנד

לאָנדאָן: די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער בריטישער פּועלי־ציון־פּאַרטיי שיקט אירע גרוסן דעם קאָנגרעס. זי האָפט, אַז די פאַרהאַנד־לונגען פונם קאָנגרעס וועלן זיין דערפאָלגרייך פאַר דער זיכערונג פון אַן אַל־וועלטלעכער מיטאַרבעט פאַר דער ארץ־ישראל־אַרבעטערשאַפט.

*

„פּועלי־ציון" בעלגיע

אַנטווערפּן: אונזערע האַרציקסטע ברוכות צו דער דערעפענונג פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער וועלט־טריבונע פונם יידישן אַרבעטער אין א״י. זאָלן אייערע דערפאָלגרייכע אָנשטרענגונגען צו מאָביליזירן דעם יידישן און אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט לטובת דעם אַרבעטנדן א״י, העלפן פאַרשטאַרקן די שורות פון אונזער אַרבעטס־פראָנט אין לאַנד און אים מעגלעך מאַכן אָפּצושטויסן אַלע אַטאַקעס קעגן דער הסתדרות.

זאָל דער קאָנגרעס זיין דער אָנהייב פון אַ סאָלידאַריזירונגס־באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן און פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

פאַרן צ. ק., י. פוס, סעקרעטאַר.

•

אנטווערפּענער אַרבעטער

אַנטווערפּן: אינם טאָג פונם יום־טוב פון דער יידישער אַרבע־טערשאַפט שיקן מיר, אַנטווערפּענער אַרבעטער, פאַרזאַמלט ביי פּועלי־ציון (צ. ס.), די האַרציקסטע וואונטשן דעם קאָנגרעס. תחזקנה ידיכם!

*

לינע פאַרן ארבעטנדן ארץ־ישראל אין יוגאָסלאַוויע

זאַגרעב: מיר קאָנען, ליידער, נישט זיין פערזענלעך אָנוועזנד. אונזער גייסט און אונזערע הערצער זענען מיט אייך. זייט געשטאַרקט און שטאַרקט אונז.



א טייל פונם „הערן־הויז״־זאַל בעת דער דערעפענונגס זיצונג. אין דער לאָזשע זיצן: 1) פּראָפ. אַלבערט איינשטיין; 2) לעגאַציאָנס־ראט פּראָפ. סאָ־
בערנהיים (דייטשע אויסערן מיניסטעריום); 3) נחום סאָקאָלאָוו (פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע; 4) יאָהאַן סאַסענבאַך (גענעראַל־סע־
קרעטאַר פונם אינטערנאַציאָנאַלן געווערקשאַפטס־בונד — ...

## ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל אין דער שווייץ

צ י ר י ך : צו דעם היסטאָרישן צוזאַמענקונפט אונזערע בעסטע וואונטשן און גרוסן פאַר אַ דערפאָלגרייכער אַרבעט.

פאַר דער ליגע אין דער שווייץ, מ. זעטעל.

*

## ייִדישע סאָציאַליסטישע פאַריייניקונג אין אמסטערדאַם

אַ מ ס ט ע ר ד אַ ם : די בעסטע וואונטשן דעם קאָנגרעס.

*

## פּ. א. פ. גרופּע אין מעקסיקע

מ ע ק ס י ק ע - ס י ט י : נעמט-צו, טייערע חברים, די האַרציקסטע וואונטשן פון די רעזערוו-קעמפער אין דער ווייטער מעקסיקע, אין אייער — אונזער קאַמף פאַר דעם שנעלן אויפבוי פון אונזער סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

*

## „תכלת לבן (בלוי-ווייס) אין טשעכאָסלאָוואַקיע

ב ר י ן : מיר שיקן איין איבער דעם גרוס פון „תכלת לבן" אין טשעכאָסלאָוואַקיע. אונזער מועצה האָט אָנגענומען וועגן קאָנגרעס פאָלגנדן באַשלוס : דער ראַט פון „תכלת לבן" באַגריסט דאָס צונויפרופן דעם וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א"י, דורך וועלכן עס זאָל געשאַפן ווערן אַן איינהייטלעכער פראָנט פון אַלע פריינט פונם אַרבעטנדן א"י. דער ראַט באַטאָנט גלייכצייטיק, אַז די הצלחה פונם דאָזיקן ווערק איז קודם-כל אָפּהענגיק פון דער איינהייטלעכקייט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין א"י גופא און זעט דעריבער אין פאַר נויטווענדיק אַ פאַרייניקונג הן אויפן פּאָליטישן ווי אויך אויפן קבוצישן געביט.

*

## בונד פון דייטשע באָדן-רעפאָרמער

ב ע ר ל י ן : איך האַלט, ווי איך האָב עס אויספירלעך פאָרגעשטעלט אין מיינע שריפטן, דעם פרווו, אויפצובויען די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים אויף אַ נייעם, סאָציאַלן יסוד, אין יעדן פאַל פאַר זייער לערן-רייך. ווער דאַרטן געלונגען צו ברענגען אויף אַ יסוד פון אַ באָדן-רעפאָרם צו אַן אָרגאַנישן שלום צווישן סאָציאַליזם און אינדיווידואַליזם, וועט דאָס דאָזיקע ווערק ווערן פון דער העכסטער באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג.

אַדאָלף דאַמאַשקע.

*

## דאָס ווערדענדע צייטאַלטער

(מאַנאַטשריפט פאַר באַנייאונג און דערציאונג)

ד ר ע ז ד ע ן ; עס איז מיר זייער שמערצלעך, וואָס איך קאָן נישט אָנטייל נעמען אין אייער פאַראַנשטאַלטונג, וועלכע איז מיר זייער וויכטיק און וועמענס מיט־איבערלעבן וואָלט פאַר מיר פיל באַדייט.

עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ לעבהאַפטע באַפרידיקונג און אויסצייכנונג, ווען, טראָץ דעם, וואָס איך קאָן נישט קומען, וועט איר מיך פאַררעכנען צו יענע, וואָס נעמען דעם שטאַרקסטן אָנטייל אין אייער ווערק און אויף וועמענס מיטאַרבעט איר קאָנט רעכענען זיכער. וואו עס וועט נאָר פראַקטיש מעגלעך זיין, איך וועל זיך פרייען צו באַקומען פון אייך ביי אַנדערע געלעגנהייטן אָנרעגונגען פאַר אַזעלכער מיטאַרבעט.

עליזאַבעט ראָטען.

*

## יידישע פאָלקס־פּאַרטיי אין בערלין

ב ע ר ל י ן : אין נאָמען פון דער יידישער פאָלקס־פּאַרטיי האָב איך דעם כּבוד אויסצודריקן אייך אונזערע האַרציקסטע גליקוואונטשן צו אייער קאָנגרעס. צו דעם גיט מיר אַ גרונד נישט נאָר דער פאַקט, וואָס אַלס אָרט פון אייער קאָנגרעס האָט איר אויסגעקליבן בערלין, וועמענס יידישע קהלה איז פונדאַמענטאַל געוואָרן אַ מיטלפּונקט אין יידישן לעבן, אַ דאַנק דעם כּוח פון יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, וועלכער שטייט אין אַן ענגסטן צוזאַמענהאַנג אין און פאַר ארץ־ישראל.

איך גלייב, אַז איך קאָן זאָגן, אַז די אַרבעט, וואָס אייער באַוועגונג לייסטעט, שטימט אין פיל עיקרדיקע אָנשויאונגען מיט אונזערע אָנשויאונגען, בפרט אין די אַלע אויפגאַבן, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט צום דערהאַלטן און צו שטאַרקן דאָס יידישע לעבן דאָרטן, וואו עס לעבן נאָר יידן. אויפצובויען די היימאַט פון אונזער פאָלק און צו פּראָקלאַמירן דידאָזיקע אויפגאַבע, אַלס אַ פליכט פונם גאַנצן יידנטום — איז אונזער געמיינזאַמער שטרעבן.

אייער קאָנפערענץ — דעם בעסטן דערפאָלג.

אייער זייער איבערגעגעבענער

ד״ר אלפרעד קלעע, פאָרזיצער.

---

עס זענען נאָך אָנגעקומען אַ גאַנצע ריי וויטערדיקע שריפטלעכע און טעלעגראַפישע באַגריסונגען, צ. א. פון ראזא אבערסאן, זשענעווע (מיינע גרוסן די העראָאישע פּיאָנערן פונם אויפבוי פון א״י אויפן יסוד פון סאָציאַלן יושר. איך ווינטש אַ פרוכטבאַרע אַרבעט און אַ צוריקקער צום הערצלישן אינטעגראַלן פּאָליטישן ציוניזם) ; ראַבינער מ. גרינעוואַלד, מאנהיים ; סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט אינם פּרייסישן לאַנדטאַג, האַמבורגער ; סאָציאַליסטישע דעפּו־

טאַטין אינם דייטשן רייכסטאַג. מאַטילדע וואורם; מענדל זינגער, ווין (דורך דערפאָלג צום זיג פונם אַרבעטנדן א״י); גימנאַזיע־דירעקטאָר ד״ר ירדני (זאקהיים). ווילקאָווישקי (ליטע); עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער יידישער אַגענץ ד״ר ווערנער סענאַטאָר, ירושלים; פּראָפ. ד״ר סינצהיימער, פראַנקפורט ביים מיין; ה. פרומקין, לאָנדאָן; ד״ר אַלפרעד קלעע, בערלין (... עס איז היינט געוויס נישטאָ קיין ציוניסט און בכלל קיין ייד, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט די פּראָבלעמען פונם ארץ־ישראל אויפבוי און ווייסט נישט, ווי אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון דער איינציק־אַרטיקער לייסטונג פון די יידישע חלוצים אין א״י, אָן וועלכע עס וואָלט געווען אוממעגלעך דער אויפבוי אין אַזעלכע גרויסע פאַרוואָרלאָזטע טיילן פונם לאַנד. אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַט באַצי איך זיך מיט אַן אויסעראָרדנטלעכער סימפּאַטיע צו דער אַרבעט פון אייער באַוועגונג, ווי צו אַלע שטרעבונגען, וואָס קאָנען געבן אַ נייע גרויסע מיטהילף דער אַר־בעטערשאַפט אין ארץ־ישראל... ); מ. קריינין, פּאַריז (איך באַגריס האַרציק דעם קאָנגרעס און כ׳האָף, אַז אייער אַרבעט וועט צוציען די פולע אויפמערק־זאַמקייט און פאַרשטאַרקן די איבערגעבנקייט פאַר ארץ־ישראל־אינטערעסן); אַלעקסאַנדער שטיין, בערלין, רייכס־אויסשוס פאַר סאָציאַליסטישער בילדונגס־אַרבעט; ד״ר שענקער, קאַרלסבאַד; קפא״י־קאָמיסיע אין באַגאַד, געחתמעט יעקב אַווערבוך; סעמינאַר פונם „החלוץ״ אין פוילן; פּועלי־ציון און „פרייהייט״ אין קראָקע; פּועלי־ציון לידס (ענגלאַנד) גרופּע כהן (ישראל דערוואַרט אַ משפּט צדק פון דער משפחה פון אַרבעטנדע); פּועלי־ציון לידס (ענגלאַנד) גרופּע מאַרקוס; ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י ברוסעל (פאַראייניקט די כוחות לטובת דעם געמיינזאַמען אידעאַל); ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י אין פּאַריז; „התאחדות״ פּאַריז; פּועלי־ציון, פּראָג (פיל דערפאָלג לטובת דער הסתדרות, געחתמעט י. רייס); ציוניסטישע פעדעראַציע אין ענגלאַנד.

## צ ו ו י י ט ע  ז י צ ו נ ג

וונטיק, דעם 28־סטן סעפטעמבער, 10 אַ זייגער פאַרמיטאָג, אינם גרויסן זאַל פון לאָזשען־הויז, קלייסט־שטראַסע 10. דער זאַל איז איבערפולט מיט דעלעגאַטן און געסט. די בימה דעקאָרירט, ווי ביי דער דערעפענונגס־זיצונג. די דעלעגאַטן פון די לינקע פועלי־ציון זענען אָפּוועזנד, לויט אַ פאַראָרדנונג פונם ציוניסטישן פרעזידיום, וועלכער האָט עס באַשלאָסן, לויט די החלטות פונם אָרגאַניזיר־ביוראָ פון קאָנגרעס, פאַר זייער פאַרהאַלטן זיך בעת דער דערעפענונגס־זיצונג. דאָס אָרגאַניזיר־ביוראָ האָט נעמלעך גענומען אַ החלטה, אַז אַלע ריכטונגען וועלן האָבן די פולסטע מעגלעכקייט פריי צו אַנטוויקלען זייער שטעלונג פון דער קאָנגרעס־טריבונע, אָבער די־יעניקע, וועלכע וועלן שטערן דעם גאַנג פון די באַראַטונגען, וועלן אויסגעשלאָסן ווערן פון די ווייטערדיקע פאַרהאַנדלונגען.

ח״ ד. ב ן - ג ו ר י ו ן עפענט די זיצונג.

ח״ א. ק אַ פּ ל אַ ן (א״י־דעלעגאַציע) שלאָגט פאָר צו קלייבן אַ קאָנגרעס־פּרעזידיום אין פאָלגענדן צוזאַמענשטעל: ד. ב ן - ג ו ר י ו ן, ש. ק אַ פּ ל אַ נ־ס ק י און י. ש פּ ר י נ צ אַ ק — ארץ־ישראל־דעלעגאַציע; א. ר י י ס — פּועלי־ציון (פאַראייניקט מיט צ. ס.); א. ט אַ ר ט אַ ק אָ ו ו ע ר („התאחדות״); מ. י ע ר י („השומר־הצעיר״); א. ש י פּ ל י אַ ק אָ ו ו און י. ש ל אָ ס ב ע ר ג (אַמעריקע) און איין פּלאַץ רעזערווירן פאַר אַ פאַרטרעטער פון די לינקע פּועלי־ציון.

ח״ ז. אַ ב ר אַ מ אָ ו ו י ט ש (לינקע פּועלי־ציון, ריכטונג יצחקי־אַבראַמאָוויטש) לייגט פאָר אָפּצוּוואַרטן מיט דער וואַל פון פּרעזידיום ביז די לינקע פּועלי־ציון וועלן זיין אין זאַל.

ח״ ד. ב ן - ג ו ר י ו ן מעלדעט, אַז אויב די לינקע פּועלי־ציון וועלן זיך באַטייליקן אין קאָנגרעס, פאַרבלייבט פאַר זיי רעזערווירט אַן אָרט אין פּרעזידיום.

דער קאָנגרעס ב אַ ש ט ע ט י ק ט דעם פאָרשלאַג פון חבר קאַפּלאַן.

די פּרעזידיום-מיטגלידער פאַרנעמען זייערע ערטער. דעם פאָרזיץ פירט ווייטער ח״ ד. בן-גוריון, וועלכער ערטיילט דאָס וואָרט צו אַ

## באַגריסונג ערנסט טאָלער

(וועדרם אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן)

איך דאַנק אייך פאַר דער וואַרעמער אויפנאַמע, אָבער איך האָב מורא, אַז איר וועט זי מיר מער נישט מאַכן, נאָך דעם ווי איר וועט הערן, וואָס איך האָב אייך צו זאָגן. נעכטן איז דאָ געפאַלן אַ וואָרט וועגן „לינקע אַראַבער״ איך געהער נעמלעך צו דידאָזיקע „לינקע אַראַבער״.

איר אַלע, ווי אויך מיר, געפינט זיך אין אַן אויסעראָרדנטלעך שווערער לאַגע. איך אַליין בין מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געווען א״י, און ווען מען האָט מיך אויפגעפאָדערט צו שרייבן איבער דער לאַגע אין א״י, האָב איך דאָס נישט געטון, צוליב גאָר וואָגיקע מאָטיוון. איך האָב דאַן געגלייבט, אַז מיין סוביעקטיווער איינדרוק קאָן מיך האָבן אָפּגענאַרט, און איך האָב נישט געוואָלט שאַדן דעם אַרבעטער-ווערק אין א״י דורך מיינע סוביעקטיווע שילדערונגען. אָבער ווי איז די לאַגע היינט? מיר זענען אַריינגעהאַקט, ווי אַ קלין, צווישן דעם וואַקסנדן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון דער אַראַבישער וועלט, וועלכע וויל מיט רעכט זיך אויסקעמפן די באַפרייאונג פונם אייראָפּעישן אימפּעריאַליזם, און דעם עגאָאיסטישן אימפּעריאַליזם פון ענגלאַנד. דאַן האָט מען מיר אין א״י געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַראַבישער פירער, וועלכער זאָל וועלן פירן די נאַציאָנאַלע זאַך צום נצחון. ווען איך האָב אָנגעוויזן אויף דעם, אַז אין מצרים און סיריע איז די אַראַבישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג זייער שטאַרק, און אַז עס האָט נישט קיין באַדייטונג, ווען אין אַ לאַנד, וואָס איז איינגעקלאַמערט צווישן שטאַרקע שכנותדיקע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, איז גראָד אין איצטיקן מאָמענט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג שוואַך, האָט מען מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל. מען האָט געהאָפט, אַז מיטן קומען פון דער לייבאָר-פּאַרטיי צו דער רעגירונגס-מאַכט, וועלן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער גיין פאָרויס.

נאַרט זיך נישט איבערן באַגריסונגס-בריוו פון דער לייבאָר-פּאַרטיי, דען וואָס זעט איר אין א״י?

קורט אייזנער האָט איינמאָל געזאָגט אַ זייער ריכטיק וואָרט: עס האָט נישט קיין באַדייטונג, ווען סאָציאַליסטן קומען דורך צופעליקע אומשטענדן צו דער רעגירונגס-מאַכט און פירן אַדורך דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם; דאָס באַדייט נישט סאָציאַליזם. וואָס האָט דען דערגרייכט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאָ אין דייטשלאַנד? איך רעד פונם ענד-עפעקט און נישט פון איינצלנע פאַקטישע דערגרייכונגען. איך בין נישט אַזוי בלינד, אַז איך זאָל נישט זען, וואָס מען האָט דערגרייכט אין רעפאָרמען. עס האַנדלט זיך אָבער נישט וועגן איינצלנע רעפאָרמען. די רעפּובליק האָט אַלץ פאַרגעסן און גאָר-נישט געלערנט. די רעאַקציע האָט גאָרנישט פאַרגעסן און אַלץ געלערנט (צווישן

רופן: „איר האָט זי געשטאַרקט״, „און אין רוסלאַנד!״). איך וויל דאָ נישט דיסקוטירן, צי מיר האָבן זי געשטאַרקט. איך בין גערן גרייט אַמאָל וועגן דעם מיט אייך צו דיסקוטירן אויף אַן אַנדער אָרט. אָבער עס איז די אַלטע צרה, צו זוכן די שולדיקע, בעת דאָס הויז ברענט. ניין, מיר דאַרפן זוכן די וועגן, וועלכע זאָלן אונז ראַטעווען פון פאַשיזם. פונקט אין אַזאַ לאַגע געפינט איר זיך אין א״י. דערוואַרט נישט דאָס מינדסטע פון ענגלישן אימפּעריאַליזם! היט אייך פונם גורל צו זיין אַריינגעשפּאַרט צווישן דער שקלאַפעריי צו אַ פריינטשאַפט, וועלכע האָט גאָרנישט צו טון מיט די אַרבעטער־אינטערעסן אין א״י, און דער פיינטשאַפט פונם אַראַבישן נאַציאָנאַליזם! זוכט דיווירקלעכע און אמתע פאַרבינדונג מיט דער אַראַבישער אַרבעטערשאַפט אין א״י.

מיר לעבן היינט אין אַ צייט פון אַ הויך אויפגעכוואַליעטן נאַציאָנאַליזם, היט זיך פון דעם! ווען איך בין געווען אין א״י האָב איך, ליידער, פיל מאָל באַגעגנט בירגערלעכע סקויטן און איך האָב מיך געפרעגט: „מיט וואָס אונטערשיידן זיך דידאָזיקע נאַציאָנאַליסטן פון אַנדערע?״ פאַראַן אין לעבן עטוואָס אַזוינס, וואָס מען רופט אָן „אויפאַריע״: דער לעצטער אויפברויז פון אַ מענטש פאַרן טויט. דאָס זעלבע זעען מיר ביים נאַציאָנאַליזם. ער האָט נישט קיין יוגנט־קראַפט. נאָר אַ פייער פון פאַרן שטאַרבן. פון אייך הענגט אָפּ צי דאָסדאָזיקע פייער וועט לאַנג לעבן, אָדער צי וועלן מיר עס דערדריקן מיט אייזערנע פויסטן.

אין א״י וועט עס זיין אָפּהענגיק פון דעם, מיט וועלכער קראַפט איר וועט גיין אויף די פּאָליטישע וועגן, וועלכע זענען נייטיק. דער פאַשיזם איז נישט קיין אינערלעך פוילישע, אינערלעך שפּאַנישע אָנגעלעגנהייט, — מיר האָבן איבער דער גאַנצער וועלט אַ כוואַליע פון פאַשיזם. און זי וועט פונקט אַזוי פאַרפלייצן א״י, ווי אפשר אונז, — אויב איר וועט נישט דעראָבערן אין א״י דעם איינהייטס־פראָנט פון דער אַרבעטערשאַפט, דעם סאָציאַליזם, און זיך פילן, אַלס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן (שטאַרקע אָדאַציעס).

## ד. בן־גוריון

די גרויס פון אונזער ווערק באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן פריינט, זייער ווערטפולע פריינט, אין פאַרשידענע פּאָליטישע לאַגערן, אין דער יידישער, ווי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר קאָנען אין פאַרשידענע פראַגן נישט זיין איינשטימיק צווישן זיך, מיר קאָנען האָבן מיינונגס־פאַרשידנקייטן, אָבער, חברים, עס זענען פאַראַן עטלעכע פראַגן, וועלכע שליסן אונז אַלעמען, אָן אונטערשיד, צוזאַמען, אָפּגעזען פון יעדער פאַרטיי־צוגעהעריקייט און ריכטונג. איינע פון דידאָזיקע פראַגע איז — אונזער באַציאונג צום אַראַבישן פאָלק, צו זיין אויפלעבונג, און די צווייטע איז דער קאַמף קעגן פאַשיזם. אין אַלע לענדער פון זיין אַנטפלעקונג.

יעדער ערלעכער צוהערער, וואָס האָט נעכטן געהערט די רעדע פון

ה״ קנאָל, ווען ער האָט באַנוצט דאָס וואָרט „אַראַבער״, האָט געקאָנט פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט געמיינט דאָס אַראַבישע פאָלק, נאָר יענע פאַרברעכערישע פירער, עפענדיס און מופטיס, וועלכע האָבן געהעצט די מאַסן און פראָוואָ־צירט זיי צו פאָגראָמען. ה״ קנאָל האָט דאָס אויך שפּעטער אויסדריקלעך דערקלערט.

פאַר אונז איז דאָס אַראַבישע פאָלק, פונקט ווי דאָס דייטשע פאָלק, פונקט ווי דאָס יידישע פאָלק, גלייכווערטיק און באַרעכטיקט צו זיין פולשטענ־דיקער עמאַנסיפּאַציע אָן שום דרוק פון אינעווייניק אָדער פון דרויסן. די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל האָט דאָס נאָך מיט יאָרן צוריק דערקלערט און פאַרשטאַנען, און גלייך נאָכן קריג אָנגעהויבן אַן אַרבעט פון צוציען די אַראַבישע אַרבעטער אין די יידישע אַרבעטער־אונטערנעמונגען, אין די אָרגאַ־ניזאַציעס, אין די קאָאָפּעראַטיוון. איך וועל דערמאַנען דעם פּרווו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן ביי דעם שאָסיי־בוי טבריה־צמח מיט 10 יאָר צוריק. אונז איז דאָס אַלץ, ליידער, נישט געלונגען אין אַ גרויסער, אָדער גענוגנדער מאָס, אָבער מיר האָבן דעם פאַרזוך נישט אויפגעגעבן און מיר גלייבן אין דעם צו־קונפטיקן דערפאָלג, וועלכן מיר וועלן סוף־כל־סוף דערגרייכן. מיר באַטראַכטן די אַראַבער אין א״י אַלס קינדער פון לאַנד, אַלס שותּפים פון דער צוקונפט. מען קאָן דאָס לאַנד נישט אויפבויען, מען זאָל דערביי נישט גלייכצייטיק אויפ־הייבן די אַראַבישע מאַסן פון זייער געפאַלנקייט און אָרעמקייט.

חברים, מיר ווייסן אויך, וואָס עס באַדייט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, אָבער עס איז פאַראַן אויך אַן ענגלישע אַרבעטער־באַוועגונג, אין וועמענס צו־קונפט מיר גלייבן. עס מאַכט אָבער אַ מאָדנעם איינדרוק, ווען מען רעדט נאָר וועגן ענגלישן אימפּעריאַליזם. איז דאָס אויפריכטיק? און וואָס איז מיטן רו־סישן אימפּעריאַליזם — אין טורקעסטאַן, גרוזיע, מאָנגאָליע און אַנדערע לענדער? מיר גלייבן, אַז די אויפגאַבע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג איז צו באַקעמפן דעם אימפּעריאַליזם אין אַלע לענדער.

ח״ טאָלער רופט צו איינהייט. איך קאָן דערציילן ח״ טאָלערן, אַז א״י איז אפשר איינע פון די ווינציקע לענדער, וואו מיר האָבן אַן איינהייטלעכן אַרבעטער־פראָנט. אמת, עס איז פאַראַן אויך ביי אונז אַ גרופּע פון מענטשן — גראָד די, מיט וועלכע ח״ טאָלער סימפּאַטיזירט, — וואָס וויל דיזאָיקע איינ־הייט פון אונזער פראָנט צעברעכן. און נאָר אַ דאַנק אונזערע באַמיאונגען, איז נישט געלונגען דעמדאָזיקן איינהייטלעכן אַרבעטער־פראָנט צוצעברעכן און מיר וועלן אויך ווייטער קעמפן פאַר דער דערהאַלטונג פון דאָזיקן פראָנט און שטיין אויף דער וואַך, אַז ער זאָל נישט צעבראָכן ווערן. (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן)

דער פאָרזיצער ערטיילט דאַן דאָס וואָרט
ד״ר אַרטור רופּין צום רעפעראַט:

# די סאָציאַלע סטרוקטור פונם יידישן פאָלק

חשובע פאַרזאַמלונג,

דערלויבט מ״ר אַרויסצופירן אייך פון די פראַגן פון דער טאָג־פּאָליטיק, און אייך אויפהאַלטן אויף אַ רעטראָספּעקטיווער באַטראַכטונג. איידער איך טרעט צו צו די קעגנוואַרט־פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן, האָב איך בדעה צו וואַרפן אַ קורצן צוריקבליק אויף דער פאַרגאַנגענהייט.

צו דער צייט פון דעם חורבן פון דעם יידישן מלוכה־וועזן — האָט דאָס יידישע פאָלק געציילט 4 און אַ האַלבן מיליאָן מענטשן. פון זיי האָט איין מיליאָן געלעבט אין א״י גופא; 3 און אַ האַלבן מיליאָן — אין די שכנותדי־קע לענדער: אין עגיפּטן, סיריע, בבל, אין די צפון־אַפריקאַנישע לענדער, אין די ווייטערע מקומות — ביז אַריין אין איטאַליע און שפּאַניע. לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער דעמאָלטיקער רוימישער מלוכה — האָט די־דאָזיקע ציפער פון 4 און אַ האַלב מיליאָן אויסגעמאַכט אַ צוועלפט חלק. פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דער באַדייטונג פון די יידן אין יענער עפּאָכע איז אָט דער הויכער פּראָצענט־אַנטייל אַ וויכטיקער מאָמענט.

צוליב די רדיפות און אָפּטע וואַנדערונגס־פּראָצעסן האָט זיך די צאָל פון די יידן אין מיטלאַלטער פאַרקלענערט. עס האָט דערביי געשפּילט אַ ראָלע אויך דער פאַקט, וואָס די יידן זענען הויפּטזעכלעך געווען שטאָט־מענטשן. די מיטלאַלטערלעכע שטעט אָבער — באַזונדערס אין מיטל־און מערב־אייראָפּע — זענען אין פּרט פון היגיענע נישט געשטאַנען אויף אַזאַ מדרגה, ווי עס האָבן, צום ביישפּיל, דערגרייכט די אָריענטאַלישע שטעט פון דעם גריכישן אַלטערטום. עס האָבן געפעלט די נייטיקע היגיענישע איינריכ־טונגען, און דער פועל־יוצא איז געווען: אַ הויכע שטערבלעכקייט־ציפער. מיר ווייסן פון דער סטאַטיסטיק פון דעם 16־טן, 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט, אַז די געבורטן־ציפער אין די שטעט איז דעמאָלט נישט נאָר געווען העכער פון דער שטערבלעכקייט־ציפער, נאָר, להיפך, זי איז נאָך געשטאַנען נידעריקער. מען קאָן דעריבער פאַרשטיין, פאַרוואָס עס איז געזונקען די צאָל פון די יידן אין דעם מיטלאַלטער. זיי האָבן געוואוינט אין די שטעט און געליטן פון דער מאַנגלהאַפטער היגיענע. זייער שטערבלעכקייט איז געווען גרויס.

אין דעם 17-טן יאָרהונדערט האָט די צאָל פון די יידן דערגרייכט איר טיפסטן פונקט. אויף דער גאַנצער וועלט האָבן זיך דאַן געפונען נישט מער פון אַנדערהאַלבן מיליאָן יידן. אין 18־טן יאָרהונדערט איז דידאָזיקע צאָל גע־וואַקסן. זי האָט באַטראָפן 2 מיט אַ האַלבן מיליאָן. די סיבה דערפון איז באַ־שטאַנען אין די היגיענישע באַדינגונגען, וואָס האָבן זיך געבעסערט. אַ דאַנק זיי האָט זיך לאַנגזאַם פאַרגרעסערט די צאָל פון די יידן. פון דידאָזיקע 2 מיט אַ האַלבן מיליאָן האָבן אַרום דעם יאָר 1.800 געלעבט אַ מיליאָן אין די אָריענ־טאַלישע לענדער. די שפּראַך פון דעם דאָזיקן מיליאָן איז געווען על פּי רוב אַראַביש. 1 מיט אַ האַלב מיליאָן יידן האָבן געוואוינט אין די אייראָפּעאישע לענדער, באַזונדערס אין מזרח־אייראָפּע. ביי 1 מיט אַ פערטל מיליאָן פון זיי

איז געווען קאָנצענטרירט אין פוילן, — און נאָר איין פערטל מיליאָן האָט זיך געפונען אין די אַנדערע מדינות, ווי: אונגאַרן, בעהמען — וועלכע זענען אין קולטורעלער הינזיכט געשטאַנען נאָענט צו מזרח אייראָפּע. נאָר גאַנץ קליינע קבוצים האָבן געלעבט אין האָלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און עלזאַס.

דער גורל פון די צוויי טיילן פון דעם יידישן פאָלק — פון דעם אָריענטאַלישן און אייראָפּעאישן — איז אין די 130 יאָרן, וואָס זענען פאַריבער זינט יענער צייט — אַ גאַנץ פאַרשידענער. מען האָט אויף דעמדאָזיקן מאָמענט ביז איצט געלייגט ווייניק אַכט, — אָבער גראָד אין אים ליגט דער שליסל צו פיל דערשיינונגען אין דעם ווייטערן יידישן לעבן.

דער מיליאָן יידן אין דעם אָריענט האָט זיך ביזן היינטיקן טאָג כמעט נישט פאַרגרעסערט. עס איז געבליבן דער זעלבער מיליאָן, — פיליכט זענען נאָך צוגעקומען אַ צוויי הונדערט טויזנט נפשות. אויך ווירטשאַפטלעך און קולטורעל זענען זיי אין דעם זעלבן מעמד, ווי מיט 130 יאָרן צוריק. ערשט זינט דעם וועלט-קריג, אָדער זינט די מערב-אייראָפּעאישע לענדער באַהערשן אייניקע פון די אָריענטאַלישע טעריטאָריעס, איז אין אָט דעם פּרט פאָרגעקומען אַ קליינע ענדערונג. אָנגערירט האָט אָבער דאָרט דערדאָזיקער שנוי לעת-עתה נאָר די אייבערשטע שיכט פון דעם יידישן פאָלק.

די 1 מיט אַ האַלב מיליאָן מזרח-אייראָפּעאישע יידן האָבן זיך פאַרגרעסערט אויף צען מאָל. זיי זענען אויסגעוואַקסן ביז 15 מיליאָן, און זייער אַנטייל אין דער וועלט-קולטור איז געוואָרן באַדייטנד. דאָס מזרח-אייראָפּעאישע יידנטום האָט נישט ווייניקער פון פינף מיליאָן אַריבערגעשיקט קיין אַמעריקע. 4 מיט אַ האַלבן מיליאָן פון זיי לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, די איבעריקע — אין קאַנאַדע און דרום-אַמעריקע. אין אַלע לענדער פון דער וועלט באַטייליקן זיי זיך אין אַ הויכער מאָס אין דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, און זיי זענען די אייגנטלעכע טרעגער פון די פּראָבלעמען, וואָס מיר דעפינירן היינט מיט דעם וואָרט: יידן-פראַגן, אָדער — יידן-פּראָבלעמען.

ווען איך רעד דאָ בכן פון „יידישע פּראָבלעמען", מיין איך יענע יידן, וואָס האָבן מיט 130 יאָרן צוריק אויסגעמאַכט אין אייראָפּע נאָר 1 מיט אַ האַלבן מיליאָן נפשות, און וואָס באַטרעפן איצט 15 מיליאָן. אין הסכם מיט אונזער היינטיקן באַגריף פון „פאָלק" און „נאַציאָנאַליטעט" — האָבן אָט די יידישע מאַסן געבילדעט אַרום יאָר 1,800 א י י ן פ א ָ ל ק, א י י ן נ א ַ צ י א ָ נ א ַ ל י ט ע ט. זיי האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע שפּראַך (יידיש), אַן אייגענע רעליגיע, וואָס האָט זיך בולט אונטערשיידעט פון די אַרומיקע רעליגיעס. זיי האָבן געהאָט אַן אייגענע טראַדיציע, וועלכע האָט פון איין זייט באַזירט אויף דער ליטעראַטור אין העברעאיש, און פון דער אַנדערער זייט זיך געשטיצט אויפן רעליגיעזן יסוד. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע קליידונג און אייגענע פּרנסות, וואָס זיי זענען אויפגעפּאַסט געוואָרן, ווי ספּעציפיש-יידישע: פּראָצענטניקעס, שענקערס, קליינע סוחרים, הענדלער, — אַלץ פּרנסות, וואָס קריסטן האָבן זיך מיט זיי נישט פאַרנומען. קיינער האָט דעמאָלט נישט געלייקנט, אַז די יידן שטעלן מיט זיך פאָר אַ געשלאָסענע נאַציאָנאַליטעט.

*) פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געגעבן די יידן גלייכבאַרעכטיקונג, -- דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אָבער פון די יידן האָט זי נישט אָנערקענט. און געשעען איז דאָס צוליב אַ מערקווירדיקן גרונד:

אין פראַנקרייך זענען נישט געווען קיין יידן פון מזרח-אייראָפּעאישער אָפּשטאַמונג. דאָ האָבן געוואוינט אָפּגעבערעקלטע טיילן פון די ספרדישע יידן, און דאָס אויך נאָר אין פּאַריז און באָרדאָ. דאָס זענען געווען די רעשטן פון יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע. די הויפּטיילן האָבן זיך בשעתו געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער טערקיי, — קלענערע גרופּן זענען געקומען קיין פראַנקרייך, האָלאַנד, ענגלאַנד. אָט די ספרדישע יידן אין פּאַריז און באָרדאָ האָבן זיךווירקלעך אַסימילירט אין אַ גרויסער מאָס מיט די פראַנצויזישע יידן, און זענען אין קיין שום פּרט נישט געווען ענלעך צו דער מזרח-אייראָפּעאישער יידישע נאַציאָנאַליטעט. זיי האָבן גערעדט פראַנצויזיש. זייער קליידונג איז געוואָרן אַלץ ענלעכער צו דער קליידונג פון דער אָרומיקער באַפעלקערונג, — און ס'איז שוין באַלד נישט געווען צו דערקענען דעם חילוק. די רעליגיע האָט מער נישט געשאַפן דעם גרויסן אונטערשיד צווישן זיי און די פראַנצויזן, וועלכע זענען שוין געשטאַנען אין יענעם מאָמענט אויף דער שוועל פון דער אויפקלערונגס-עפּאָכע.

אַזוי האָט עס דעריבער געקאָנט פּאַסירן, אַז אין דער נאָוועמבער-זיצונג פון דער פראַנצויזשער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אין 1791, — זאָלן פאַרשידענע רעדנער אָפּגעבן אַ דערקלערונג, אַז זיי זענען פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, -- און אַז דערביי זאָל די דערקלערונג באַגרעניצט ווערן דורך די ווערטער: דעם ייד, אַלס יחיד — זאָל געגעבן ווערן אַלץ; די יידן, אַ ל ס נ אַ צ י ע — ג אָ ר נ י ש ט. דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט, צום ביישפּיל, פאַרטראָטן מיראַבאָ. די מערהייט פון די דעפּוטאַטן אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט איבערהויפּט נישט געקענט קיין יידן — און האָבן זיי שוין יאָ עמעצן געקענט, זענען עס על פּי רוב געווען ספרדישע יידן. די פראַנצויזן האָבן קיין באַגריף נישט געהאַט, אַז אין מזרח-אייראָפּע עקזיסטירט אַ יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז פון אַ גאַנץ אַנדערן מין און כאַראַקטער, ווי די פראַנצויזישע יידן. אייניקע פון די מזרח-אייראָפּעאישע יידן, וואָס זענען געקומען קיין עלזאַס-לאָטרינגען, האָבן אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג טאַקע אַרויסגערופן ספקות. די יידן פון באָרדאָ האָט מען געגעבן גלייכבאַרעכטיקונג ברייטהאַרציק און גערן; די יידן פון עלזאַס-לאָטרינגען אָבער כמעט ווי געצוואונגען.

דער אַנטאַגאָניזם צווישן דעם אַסימילירטן ייד און דעם ייד, וואָס פילט זיך פאַרבונדן מיט זיין פאָלק, ציט זיך ווייטער איבער דעם גאַנצן נײַנצענטן יאָרהונדערט, — און איך וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט דעם אַנטאַגאָניזם.

אויב איר ווילט, קאָן מען די פעדעם, וואָס האָבן צונויפגעפלאָכטן און פאַרבונדן די יידן אין מזרח-אייראָפּע, פאַרטיילן אין דריי פאַרשידענע חלקים:

ערשטנס, האָבן זיי געהאַט אַן אייגענע שפּראַך (יידיש), און די שפּראַך איז, ווי איר ווייסט, דאָס וויכטיקסטע ראָד פון יעדער קולטור און ליטעראַטור.

אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געבילדעט נישט נאָר אַ שפּראַכן־געמיינשאַפט, נאָר דורך דער שפּראַכן־געמיינשאַפט אויך אַ קולטור־געמיינשאַפט.

צווייטנס, האָבן זיי מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קבוץ דורך דער באַזונדערער רעליגיע, — אין מזרח־אייראָפּע איז דער איינפלוס פון דער רעליגיע געווען אַ געוואַלטיקער.

דריטנס, איז די ג ע מ יי נ ז אַ מ ע אָ פּ ש ט אַ מ ו נ ג געווען דער מקור פון זייער צוזאַמענבונד.

איצט לאָמיר זען, וואָס זענען עס געווען פאַר אַ פּ ר אָ צ ע ס ן, וואָס האָבן אַרויסגעריסן די דאָזיקע יידן אין מזרח־אייראָפּע אין משך פונם נײַנצענטן יאָרהונדערט פון זייער עטנישן צוזאַמענבונד, פון זייערע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע פאַרהעלטענישן, און האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין דער מיט פון דער וועלט־קולטור. איך וויל צוערשט רעדן פון די ענדערונגען אויף דעם באַפעלקערונגס־סטאַטיסטישן געביט. איך האָב שוין אָנגעוויזן, אַז אין משך פונם אַכצענטן יאָרהונדערט איז די צאָל פון די יידן לאַנגזאַם געוואַקסן. אָט דער וואוקס האָט זיך שנעל פאַרגרעסערט אינם נײַנצענטן יאָרהונדערט: די הויכע געבורטן־ציפער איז בײַ די יידן געבליבן; די שטערבלעכקייט אָבער איז פאַרקלענערט געוואָרן אין אַ ר י ז קן מאָסשטאַב. די סיבה פון דער קלענערער שטערבלעכקייט איז געליגן אין די בעסערע היגיענישע איינריכטונגען פון די שטעט. יידן זענען געווען הויפּטזעכלעך שטאָט־מענטשן, און זיי האָבן גענאָסן פון דער שטאָטישער היגיענע. גראָד אַזוי, ווי די יידן האָבן געליטן פון דער שלעכטער שטאָטישער היגיענע אין דעם זיבצענטן יאָרהונדערט, האָבן זיי איצט, אַלס שטאָטישע איינוואוינער, אין דער זעלבער מאָס געוואונען פון דער פאַרבעסערונג און דורך דעם איז צו דערקלערן, ווי אַזוי די יידן האָבן אין משך פון 130 יאָר דערגרייכט אַ צענפאַכע צאָל, בעת די איבעריקע באַפעלקערונג פון דער וועלט איז געוואָרן נאָר פינף אָדער זעקס מאָל גרעסער.

אָט די פאַרגרעסערונג האָט אָנגעהויבן צו גיין צוריק ערשט זייט 1870 אין מיטל־אייראָפּע, און זינט דער וועלט־מלחמה — אין מזרח־אייראָפּע. דאָס קומט צום אויסדרוק דורך דעם, וואָס אין מערב־און מיטל־אייראָפּע פאַלט זינט 1870 די הויכע געבורט־ציפער בײַ די יידן, — די שטערבלעכקייט אָבער ווערט אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע נישט פאַרקלענערט. דער נאַטירלעכער צוואוקס ווערט דעריבער קלענער און קלענער.

אַ בײַשפּיל; אין 1860 איז דער נאַטירלעכער צוואוקס פון די יידן אין דייטשלאַנד געווען פון 15 ביז 20 פּראָצענט; היינט האָט ער כמעט דערגרייכט דעם נול־פּונקט. אין אַזאַ מין שטאָט, ווי בערלין, האָבן מיר נישט קיין שום נאַטירלעכן עודף, נאָר — אויב איך דאַרף מיך אַזוי אויסדריקן — אַ דעפיציט; דאָס הייסט — די שטערבלעכקייט־ציפער איז גרעסער, ווי די געבורט־ציפער.

אין מזרח־אייראָפּע האַלט זיך די הויכע געבורט־ציפער אַ דרייסיק־פערציק יאָר לענגער. זי הייבט אייגנטלעך אָן באַדייטנד צו פאַלן ערשט זינט דעם וועלט־קריג. און היות, ווי די שטערבלעכקייט־ציפער פאַרקלענערט זיך נישט

אין דער גלייכער צייט פּראָפּאָרציאָנעל, פאַלט דער נאַטירלעכער צוואוקס.

איך מוז אייך אויפהאַלטן אויף דידאָזיקע טרוקענע סטאַטיסטישע צאָלן ווייל זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם גורל פון די יידן: וואָלטן די יידן אין מזרח־אייראָפּע זיך נישט געוועזן פיל שטאַרקער פאַרמערט, ווי די קריסטן, — וואָלטן זיי וואָרשיינלעך אין זייערע היימישע לענדער גופא געקאָנט געפונען עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, און וואָלטן געהאַט אַ מעגלעכקייט דאָרטן צו בלייבן. די פרנסות האָבן זיך אָבער נישט פאַרמערט אין הסכם מיט דער צאָל פון די יידן. די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג אין מזרח־אייראָפּע איז געגאַנגען מיט אַ לאַנגזאַמערן טעמפּאָ. יידן זענען געוואָרן אַרבעטסלאָז און האָבן זיך געלאָזט מיט אַ באַזונדערער עקספּאַנסיע אין דער ריכטונג צום מערב. אין רעזולטאַט זענען געקומען די געוואַלטיקע אויסוואַנדערונגען.

בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע האָט די צאָל פון די יידן, וואָס האָט אַרום 1 800 באַט־אָפּן נאָר עטלעכע טויזנט מענטשן, דערגרייכט די צאָל פון פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן. דידאָזיקע אַמעריקאַנער יידן שטאַמען צום גרעסטן טייל — צו ניינציק פּראָצענט, — פון יידן, וואָס האָבן זיך אין מזרח־אייראָפּע נישט געקאָנט דערהאַלטן, און האָבן אויסגעוואַנדערט. אָבער אויך אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד שטאַמען גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון יענע יידן, וואָס האָבן געמוזט אויסוואַנדערן פון מזרח קיין מערב־און מיטל־אייראָפּע, צוליב דעם דרוק פון דער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער נויט.

צוגלייך מיט די באַפעלקערונגס־סטאַטיסטישע ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אויך וויכטיקע שנויים פון ווירטשאַפטס־פּאָליטישן כאַראַקטער. אַרום דעם יאָר 1.800 ליידן די יידן אין מזרח־אייראָפּע פון ענדלאָזע באַגרעניצונגען. זיי האָבן נישט קיין פּאָליטישע רעכט, און אויך נישט קיין וואוין־רעכט אויסער די גרעניצן פון די פאַרשידענע תּחום המושב״ס. דידאָזיקע רעכט־באַגרעניצונגען, און די אָפּגעשניטנקייט פון די יידן פון דער וועלט־קולטור, האָבן גורם געווען דערצו, אַז דער מיטלאַלטער זאָל פאַר די יידן פון מזרח־אייראָפּע דויערן נאָך מער מיט 300 ביז 400 יאָר, — דער מיטלאַלטער, וואָס האָט זיך פאַר די קריסטן פון אייראָפּע געענדיקט שוין צו דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע און דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, צו דער צייט פון דעם אויפבלי פון די נאַטור־וויסנשאַפטן.

די יידן אין מזרח־אייראָפּע זענען געווען אָפּגעשניטן פון דער קולטור פון זייער סביבה, — ערשטנס, ווייל זיי האָבן גערעדט אַן אַנדערע שפּראַך; די ליטעראַטור פון די אַרומיקע פעלקער זענען זיי נישט געווען אימשטאַנד צו לייענען, — אָבער אויך דערפאַר, ווייל מען האָט זיי געהאַלטן אין אַן איזאָלירטן צוואַנגס־צושטאַנד. מען האָט זיי נישט דערלויבט צו געניסן פון די בילדונגס־מיטלען, וואָס זענען געשטאַנען אין רשות פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אין דעם צאַריסטישן רוסלאַנד האָט ביז צום לעצטן יאָר עקזיסטירט פאַר די יידן אין די שולן און די אוניווערסיטעטן אַ פּראָצענט־נאָרמע.

די רעגירונג האָט געטון אַלץ, כּדי שווערער צו מאַכן דעם צוטריט פון די יידן צו העכערער בילדונג.

הגם אינם יאָר 1776 איז שוין בפירוש געווען אַריינגעשריבן אין דער אומאָפּהענגיקייטס-דערקלערונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן, אַז קיינער טאָר נישט פאַרפאָלגט ווערן און באַגרענ׳צט ווערן אין זיינע בירגערלעכע רעכט, צוליב רעליגיעזער איבערצייגונג; הגם אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָבן די יידן אין דעם יאָר 1791 באַקומען פולע בירגער-רעכט, זענען, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, פאָרט פאַרביי איבער הונדערט יאָר, ביז דידאָזיקע גלייכבאַרעכטיקונג איז ווירקלעך געוואָרן דורכגעזעצט. היינט איז זי שוין אַ פאַקט. דער וועלט-קריג האָט צעשטערט די לעצטע צוימען אין רוסלאַנד און רומעניע, און מיר קאָנען זאָגן, אַז היינט — אַן ערך 1.500 יאָר נאָך דעם ווי דער ביזאַנטישער קייזער האָט צום ערשטן מאָל באַגרעניצט די רעכט פון יידן, — אַז היינט געניסן די יידן אין דער גאַנצער וועלט ווידער די גלייכע רעכט, ווי די אָנהענגער פון די אַנדערע רעליגיעס.

דאָס מיינט אָבער נישט, אַז עס זענען פאַרשוואונדן געוואָרן די נגישות בנוגע די יידן אויף אַלע געביטן. געזעצליך איז אַלץ, ווי אין אָרדנונג, — אָבער מיר וויסן פאָרט, אַז אויף די אַדמיניסטראַטיווע און געזעלשאַפטלעכע געביטן זענען נאָך פאַרהאַן שווערע פאָראורטיילן פון וועלכע די יידן האָבן זייער צו ליידן אין אַ סך לענדער.

ווי האָבן אויסגעזען די ווירטשאַפטלעכע ענדערונגען אין אָט דער צייט? איך האָב שוין פריער דערמאַנט, אַז די יידן האָבן אַרום דעם יאָר 1800 געהאַט אַ מאָנאָפּאָל — אמת, נישט קיין זייער בכּבודיקן מאָנאָפּאָל — אויף געוויסע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. פון אַלע פּרנסות, וואָס האָבן אין אַ געוויסן זין געגאָלטן אַלס „פיינע״, האָט מען די יידן אַרויסגעשטופּט; זיי האָבן געמעגט זיין נאָר פּראָצענטניקעס אָדער שענקערס; די פוילישע פּריצים האָבן זיי אויסגענוצט, כּדי אויסצופּרעסן פון דעם פּריצישן בראָנפן-מאָנאָפּאָל וואָס מערער; ווייטער — זענען יידן געווען הענדלער און האַנדווערקער פון אַ נידעריקער מדרגה.

אין ניינצענטן יאָרהונדערט זענען די יידן אַרויס פון דערדאָזיקער ווירטשאַפטלעכער איזאָלאַציע. זיי האָבן באַקומען די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין דעם גרויס-האַנדל, אין דעם סחורות-און געלט-מ.חר; זיי זענען געוואָרן אונטערנעמער אין דער אינדוסטריע, באַאַמטע, אָנגעשטעלטע — בקצור זיי זענען געוואָרן אַ סך ענגער צונויפגעבונדן מיט דעם ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם, ווי פריער מיט 130 יאָר. אין אַ גרויסער מאָס זענען זיי אויך געוואָרן אַרבעטער. איך וויל דערמאַנען אין די יידישע אימיגראַנטן אין די פאַריייניקטע שטאַטן, וועלכע פאַרדינען על פּי רוב זייער ברויט אַלס היים-אַרבעטער. ווייטער וויל איך דערמאַנען די דיאַמאַנטן-אינדוסטריע אין האָלאַנד, אין וועלכער דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטער איז אַ יידישער, און אויך אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין די מזרח-אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָט אַ גרויסן טייל יידישע אַרבעטער.

אין די לענדער, וואו די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג האָט אויפגעבליט, האָבן די יידן פאַרבעסערט זייערע אייגענע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס אויף אַן איבערראַשנדן אופן, — אַזוי איז געווען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין דייטשלאַנד. — עס איז קיין פאַרגלייך נישט צווישן דער לאַגע פון די יידן אין מיטל-אייראָפּע, מערב-אייראָפּע, אָדער די פאַראייניקטע שטאַטן — און דער לאַגע פון די יידן אין מזרח-אייראָפּע, וואָס איז ווירטשאַפטלעך געווען צוריקגעשטאַנען און האָט פאַר די יידן נישט געהאַט אין דעם האַנדל און אין דער אינדוסטריע אַזאַ טעטיקייטס-פעלד, וואָס זאָל שטיין אין הסכם מיט זייער באַפעלקערונגס-צאָל.

איר קאָנט היינט זען אין פוילן, פון וואַנען איך בין גראָד איצט געקומען, ווי אַ גרויסער טייל פון די יידן האָט נישט קיין פעסטע באַשעפטיקונג. עס איז נישט קיין גוזמא, ווען איך זאָג, אַז אַ דריטל פון די דריי מיליאָן פוילישע יידן האָט נישט קיין זיכערע פרנסה, העגנט אין דער לופטן, איז אָפּהענגיק פון צופאַל-באַשעפטיקונגען, און לעבט פון צדקה אָדער אַ דאַנק דער אונטערשטיצונג פון די אַמעריקאַנער קרובים.

די זעלבע לאַגע איז אין רוסלאַנד. פילייכט נאָך ערגער. עס האָט זיך אין רוסלאַנד אַרויסגעוויזן, אַז די ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק פון דער סאָוויעטישער רעגירונג האָט רואינירט און דעקלאַסירט אַ קאָלאָסאַלע מאַסע פון יידן, הגם דידאָזיקע ווירטשאַפטס-פּאָליטיק איז נישט געווענדט גראָד קעגן יידן. להיפך, פּאָליטיש איז זי אויסן געווען די טובה פון די יידן. אַלע באַמיאונגען פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו געבן די יידן אַ מעגלעכקייט, וואָס זענען אַרויסגעשטופּט געוואָרן פונם האַנדל און האַנדווערק, צו געפינען נייע פרנסה-מעגלעכקייטן, — צום ביישפּיל, אין דער לאַנדווירטשאַפט, — ווערן פאַרווירקלעכט נאָר גאָר לאַנגזאַם. דער טעמפּאָ פונם חורבן איז אַ פיל שנעלערער, איידער דער טעמפּאָ פונם אויפבוי. דער נישט געניגנדער גלייכגעוויכט צווישן דער צעשטערונג און דעם אויפבוי, — האָט אין סאָוויעט-רוסלאַנד געבראַכט צו הונדערטער טויזנטער קרבנות

ווען איך רעד דאָ פון די באַמיאונגען פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו עפענען פאַר די יידן אַ נייע באַשעפטיקונגס-צווייג אין דער לאַנדווירטשאַפט, וויל איך באַמערקן, אַז אין אַלגעמיין לעבן איצט אין דער גאַנצער וועלט אַן ערך 500.000 יידן פון לאַנדווירטשאַפט. עס איז נישט קיין קליינע צאָל, באַזונדערס ווען מען נעמט אין אַכט, אַז צוריק מיט 130 יאָר האָט נאָך קיין איינציקער ייד נישט געלעבט פון לאַנדווירטשאַפט.

אָט דער האַלבער מיליאָן יידן איז אין זיך כולל די 15.000 משפחות (ביי 75.000 נפשות), וואָס זענען אַ דאַנק דער נייער קאָלאָניזאַציע-אַרבעט פון דער רוסישער רעגירונג אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער לאַנדווירטשאַפט. די לאַגע פון דידאָזיקע 75.000 נפשות האָט אָבער נישט געקאָנט באַדייטנד פאַרבעסערן דעם מצב פון די יידן בכלל. דער טייל אין רוסלאַנד האַנדלט זיך עס וועגן דעם ווירטשאַפטלעכן גורל פון צוויי מיליאָן מענטשן.

דער ווירטשאַפטלעכער מצב פון די יידן אין פוילן און רוסלאַנד איז

איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען, פאַר וועלכע מיר שטייען היינט. און איך מוז זאָגן, אַז איך האָב אויף די ערטער פון קיינעם נישט געקאָנט באַקומען קיין ענטפער אויף דער פראַגע, ווי זאָל מען באַזייטיקן די נויט. איך גלייב, אַז נאָר אַ ריזיקע אינדוסטריאַליזאַציע אין פּוילן אָדער אין רוסלאַנד, אָדער די אַנט-דעקונג פון נייע אימיגראַציע-לענדער, איז אימשטאַנד צו ברענגען אַ לעזונג פון דעם פּראָבלעם. איר ווייסט אָבער אַלע, אַז אין פּרט פון איינוואַנדערונגס-לענדער זענען די אויסזיכטן שלעכטע. פאַר דעם קריג פלעגן עמיגרירן פון מזרח-אייראָפּע יערלעך פון הונדערט ביז הונדערט און פופציק טויזנט יידן קיין אַמעריקע. אַ חוץ דער אויסוואַנדערונג אין די אַנדערע לענדער. אַזוי, אַז די ציפער פון די יידישע עמיגראַנטן האָט באַטראָפן יערלעך אַן ערך 200.000 מענטשן.

די פאַרייניקטע שטאַטן זענען היינט פאַר די יידישע איינוואַנדערער געשלאָסן ; אָבער אויך קאַנאַדע, אפילו דרום-אַמעריקע. וואוהין מען האָט ביז איצט געקענט אַריינגעלאָזט יידישע אימיגראַנטן, זענען צוליב דעם ריזיקן איינ-וואַנדערונגס-שטראָם געשטימט קעגן איינוואַנדערונג. אויב די פאַרמערונג פון די יידן אין מזרח-אייראָפּע האָט זיך פאַר דעם קריג און נאָך דעם קריג גע-קאָנט דעקן דורך אויסוואַנדערונג, קאָן איצט דער צוואוקס זיך נישט מער קאָמ-פּענסירן דורך עמיגראַציע.

די איינציקע קעגנגעוויכט איז דאָ דער פאַרקלענערטער נאַטירלעכער וואוקס אויך אין מזרח-אייראָפּע. די פאַרקלענערונג איז אַ פּערמאַנענטע. די צאָל פון די יידן, וואָס קומען יעדעס יאָר צו, איז קלענער, ווי צוריק מיט צוואַנציק יאָר.

איך האָב ביז איצט געפּרוווט באַווייזן :

1) די באַפעלקערונג-סטאַטיסטישע פאַרענדערונג,

2) די פּאָליטישע פאַרענדערונג,

3) דיווירטשאַפטלעכע פאַרענדערונג.

עס בלייבט מיר איצט דער פערטער פּונקט, וועלכן איך האַלט פאַר באַ-זונדערס וויכטיק: די פאַרענדערונג אויף דעם קולטו-רעלן געביט.

איך האָב פריער געזאָגט, אַז די יידן אין מזרח-אייראָפּע האָבן אַרום דער צ״יט פון יאָר 1.800 פאָרגעשטשעלט מיט זיך אַ געשלאָסענע עטנישע גרופּע, אַזוי אַז קיינער האָט נישט געצווייפלט, אַז זיי בילדן אַ נאַציאָנאַלי-טעט — מיט די אַלע אַטריבוטן, וועלכע אונטערשיידן אַ נאַציאָנאַליטעט פון דער אַרומיקער סביבה. איך האָב אויך געזאָגט, אַז דער בעסטער סימן, דער בולטער סימן פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, — די שפּראַכן-געמיינשאַפט, — איז ביי דידאָזיקע יידן געקומען צום אויסדרוק. זיי האָבן אַלע, אָן אויסנאַם, גערעדט יידיש.

היינט האָט יידיש אין אַ גרויסער מאָס פאַרלוירן די פריערדיקע באַ-דייטונג, באַזונדערס אין מיטל-אייראָפּע, מערב-אייראָפּע און אין אַמעריקע. פונדעסטוועגן רעדן נאָך אַלץ 54 פּראָצ. פון אַלע יידן יידיש, — ווען מען

זאָל באַרעכענען די צאָל פון די יידן אין דער גאַנצער וועלט. גרופּירט מען אָבער די יידן לויט די לענדער, זעט מען, אַז אין מערב-און אין מיטל-אייראָפּע איז יידיש שוין איינגעזאַפּט אַרויסגעשטופּט דורך דער לאַנד-שפּראַך; אין אַמע-ריקע האַלט זיך די יידישע שפּראַך אין דעם ערשטן אימיגראַנטן-דור, טיילוויז — אויך אין דעם צווייטן, — אין דעם דריטן דור אָבער פאַרשווינדעט יידיש לחלוטין. לעבן די פיר און פופציק פּראָצענט, וואָס רעדן יידיש, איז די שפּראַך פון 15 פּראָצ. פון אַלע יידן אין דער וועלט — ענגליש, 7 פּראָצ. — דייטש, 5 פּראָצ. — פּויליש, און 18 פּראָצ. באַנוצן זיך מיט אַנדערע לשונות, אַלס זייער אומגאַנגס-שפּראַך. די יידישע שפּראַך, וואָס איז נאָך אין יאָר 1900 געווען דאָס לשון פון 61 פּראָצ. פון אַלע יידן, איז אין די לעצטע 30 יאָר געפאַלן מיט 7 פּראָצ; דאָס הייסט, זי האַלט איצט ביי 54 פּראָצ. די שפּראַך איז אָבער אַזאַ וויכטיקע פאַרבינדונג צווישן פאָלקס-מיטגלידער, אַז אָן איר, אָן אַ געמיינזאַמער שפּראַך איז זיך גאַרנישט פאָרצושטעלן אַ געמיינזאַמע פאַר-בינדונג, ווייל די שפּראַך איז די אומבאַדינגטע פאַרמיטלערין פון די קולטו-רעלע אוצרות ביי דעם פאָלק.

די פאַרשידנקייט פון די שפּראַכן ברענגט דערצו, אַז די יידן הייבן אָן צו פאַרלירן זייער פריערדיקע קולטור-געמיינשאַפט. זיי שפּאַלטן זיך אין פאַרשידענע „יידנטומס". און מיר זעען, ווי עס ווערט אַלץ שווערער און שווערער צו פאַרשטענדיקן זיך אויף יידישע קאָנגרעסן דורך איין געמיינ-זאַמער שפּראַך.

זינט דאַן, ווען מען האָט אין אייראָפּע איינגעפירט די אַלגעמיינע שול-פליכט; זינט דעם פּעריאָד, וואָס דאָס יידישע קינד ווערט נישט דערצויגן מער ווי פריער אין חדר אָדער אין ישיבה, — נעמט די יידישע קולטורעלע וועלט אַריין אין זיך בעל כרחו די ווערטן פון די אַנדערע, נישט-יידישע קולטורן. אַזאַ לאַגע האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז דאָס קינד זאָל אויך אין לעבן שטיין אונטער דער ווירקונג פון די קולטורעלע ווערטן פון דער נישט-יידישער דערציאונג, און זאָל אָנהייבן זיך באַציען מיט בטול צו יידישע למודים.

די מינדערהייט-רעכט, וואָס די יידן אין מזרח-אייראָפּע האָבן נאָך דער מלחמה באַקומען אַ דאַנק די פרידנס-אָפּמאַכן, האָבן דעם צוועק צו שיצן די יידישע קולטורעלע אייגנאַרט, צו געבן זיי די מעגלעכקייט אָפּצוהיטן די שפּראַך און אויסצוהאַלטן שולן אין דער אייגענער שפּראַך. מיר זעען אָבער, — צום ביישפּיל, אין די גרעסטע לענדער פון מזרח-אייראָפּע, אין פּוילן און אין רוס-לאַנד, — אַז נאָר אַ רעלאַטיוו-קליינער טייל פון די יידישע קינדער באַזוכט שולן מיט יידישער אונטעררייכטס-שפּראַך. אין פּוילן — נישט מער ווי אַן ערך 10 פּראָצענט, אין רוסלאַנד — 25 פּראָצ. נישט קוקנדיק אויף אַלע באַמיאונגען צו געבן די קינדער אַ יידישע דערציאונג, שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס לעבן איז שטאַרקער. די עלטערן שיקן זייערע קינדער אין די די שולן מיט דער לאַנד-שפּראַך, ווייל די לאַנד-שפּראַך איז וויכטיק פאַר דעם ווירטשאַפטלעכן איינ-פונדעווען זיך.



אַטייל פּרעזידיום-טריבונע בעת דער דערעפענונגס-זיצונג. פון לינקס צו רעכטס: עדואַרד בערנשטיין, אליעזר קאַפּלאַן, ש. קאַפּלאַנסקי, ד. בן-גוריון.

אויך אויף דעם געביט פון רעליגיע, וואָס איז פריער געווען אַזאַ חיכ־טיקער צוזאַמענבינדנדער פאַר די יידן, איז צו זען, ווי זי איז מיט דער צייט געוואָרן באַדייטנד אָפּגעשוואַכט. אַ גרויסער טייל פון די יידן איז ביים היינטיקן טאָג רעליגיאָנסלאָז. פאַר אַנדערע איז די פאַרבינדונג מיט דער רעליגיעזער געמיינשאַפט אַ ריין פאָרמעלע, באַזונדערס אין אַזעלכע לענדער, ווי אין אַמעריקע און פראַנקרייך, וועלכע האָבן נישט קיין עפנטלעך־אָנערקענטע רעליגיעזע געמיינשאַפטן און וואו די צוגעהעריקייט צו אַ רעליגיע באַדייט נישט מער, ווי די צוגעהעריקייט צו אַ געזעלשאַפטלעכן קלוב. די רעליגיע איז אויף אַזאַ אופן נישט מער אימשטאַנד צו שאַפן דעם תהום, וואָס זאָל אָפּטיילן די יידישע גרופּע פון די אַנדערע גרופּן. מיט 50 יאָר צוריק האָט מען זעלטן געקאָנט באַגעגענען אין מזרח אייראָפּע אַ ייד אייראָפּעאיש געקליידעט. אַזוי ווי דער רוטענישער פויער האָט געהאַט זיין אייגענע קליידונג, אַזוי האָט אויך דער ייד געטראָגן זיינע ספּעציעלע מלבושים. היינט פּאַסט זיך דער ייד אין מזרח־אייראָפּע צו אין אַט דעם פּרט צו זיין סביבה. דער אונטערשיד ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

און צום שלוס נאָך איין זאַך:

אַרום דעם יאָר 1800 האָבן די יידן געהאַט אַ שטאַרק געפיל פאַר דער געמיינזאַמער אָפּשטאַמונג, קרובהשאַפט. באַקענט איר זיך מיט דער גענעאָלאָגיע פון יידישע משפחות פאַר עטלעכע דורות, באַמערקט איר זייער שנעל, אַז די אבות אין צווייטן אָדער אין דריטן דור זענען געווען פאַרוואַנדט. מיר געפינען פּאַקטיש אַן איין איינציקע ריזיקע יידישע משפחה.

היינט האָלט דידאָזיקע אָפּשטאַמונגס־געמיינשאַפט ביים פאַרשוואונדן ווערן. ערשטנס, ווייל ביי דער צאָל פון 15 מיליאָן יידן טרעפט נאַטירלעכער אַלץ זעלטענער מען זאָל זיך מתחתן זיין מיט קרובים, ווי דאָס איז געווען בעת יידן האָבן אויסגעמאַכט נאָר אַנדערהאַלבן מיליאָן. צווייטנס, זענען די יידן נישט קאָנצענטרירט מער אין איין לאַנד, נאָר זיי זענען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. דריטנס, פאַרגרעסערן זיך אַלץ מער און מער די געמישטע חתונות און פירן אַריין פרעמד בלוט אין דעם יידישן פאָלקס־קערפּער.

אין רוסלאַנד זענען ביז דעם קריג די געמישטע חתונות געווען פאַרבאָטן; איצט זענען זיי געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג, באַזונדערס אין צענטראַל־רוסלאַנד, וואו יידן האָבן פריער נישט געטאָרט וואוינען, און וואוהין זיי האָבן איצט צוטריט.

דער רעזולטאַט פון דידאָזיקע אַלע פאַרענדערונגען איז, אַז ביסלעכוויז קומט אַ סוף צו דער פריערדיקער עטנישער איינהייט. דער ייד קומט אַריין אין אַ צושטאַנד פון וואַקלעניש צווישן זיין צוגעהעריקייטס־געפיל צו די יידן, מיט וועלכע עס פאַרבינדט אים על פּי רוב די רעליגיע און אַ געוויסע טראַדיציע, — און דער צוגעהעריקייטס־געפיל צו אַן אַנדערער פאָלקס־געמיינשאַפט, אין וועלכער ער לעבט און וועמענס קולטור־אוצרות ער געניסט —

אַ דאַנק דער שפּראַך און דער שול, — אַלץ אין אַ גרעסערער און גרע־סערער מאָס.

עס איז אפילו פאַר יעדן מענטש נייטיק צו געהערן צו אַ געוויסער עטנישער גרופּע, ווייל דער מענטש איז אומדענקבאַר אַלס אַן איזאָלירטער יחיד; כּדי דער מענטש זאָל קאָנען ברענגען צום אויסדרוק זיין מענטשלעכקייט, מוז ער האָבן אַ שייכות צו אַנדערע מענטשן, מוז ער זיין פאַרקניפּט מיטן כּלל, ביי וועלכן ער נעמט איבער די שפּראַך און די קולטור־ווערטן. די פראַגע איז נאָר צו וועלכער גרופּע ער פילט זיך פאַרבונדן.

און דאָ זעען מיר, אַז נאָכדעם, ווי די יידן זענען דורך די נייע שפּראַכן אַריין אין דער קולטור־וועלט פון די אַנדערע פעלקער, האָבן זיי ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסבייטן זייער אייגענע יידישע אייגנאַרט אויף דער אייגנאַרט פון די פעלקער, מיט וועלכע זיי לעבן.

דערדאָזיקער פּראָצעס קאָן געשילדערט ווערן דורך דריי סטאַדיעס:

עס זענען פאַראַן לענדער, אין וועלכע די יידן האָבן שוין לאַנג פאַר־געסן, אַז זיי זענען פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק, אָדער וואו זיי האָבן וועגן דעם נאָך אַ שוואַכע דערינערונג. דאָס זענען לענדער, אין וועלכע די יידן האָבן זיך שוין אַזוי דערנענטערט צום אַרומיקן פאָלק, אַז זיי פילן זיך מיט דעם שטאַרקער פאַרבונדן, ווי מיט דעם יידישן פאָלק. — אַלס ביישפּיל קאָן איך אייך ברענגען דרום־אַמעריקע. עס זענען דאָרטן פאַראַן לענדער, וואוהין יידן האָבן איינגעוואַנדערט אין דעם 16־טן יאָרהונדערט אין אַ גרויסער צאָל. היינט זע־נען זיי איינפאַך פאַרשוואונדן. זיי זענען אַריינגעזויגן געוואָרן דורך דעם פאָלקס־קערפּער פון די שכנים. די אַנדערע ביישפּילן זענען — איטאַליע, סקאַנ־דינאַוויע און טיילווייז אונגאַרן, וואו די יידן ווילן זיין מאַדיאַרן.

איר ווייסט דאָך, אַז ווען מען האָט נאָך דער מלחמה פאַרגעלייגט די יידן אין אונגאַרן אַ מינדערהייט־אָפּמאַך, וואָס זאָל שיצן זייערע קולטור־רעכט, — האָבן די אונגאַרישע יידן נישט מסכּים געווען צו גילטן אַלס אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט. אין אָט די פאַלן איז אוממעגלעך ווידעראַמאָל צו געווינען די צוגעהעריקייט פון יידן צום יידישן פאָלק. אין אַנדערע לענדער, וואו די יידן לעבן אין אַ געוויסן לויזן צושטאַנד, איז פאַר זיי אַליין נישט תּמיד קלאָר, צי האָבן זיי אַ שייכות צו דעם פאָלק אין וועמענס מיטן זיי לעבן, אָדער צום יידישן פאָלק. אין דייטשלאַנד באַטראַכט אַ גרויסער טייל פון די דאָרטיקע יידן דאָס לאַנד אַלס זייער היימאַט־לאַנד, און די פאַרבינדונג מיט דעם יידישן פאָלק איז ביי זיי שוואַכער פון דער פאַרבינדונג מיטן דייטשן פאָלק. דאָס זעלבע איז צו פאַרצייכענען אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך.

עס זענען אָבער נאָך פאַראַן יידן — בעיקר אין מזרח־אייראָפּע — ביי וועלכע די געמיינזאַמע פאַרבינדונג איז שטאַרקער פון יעדן אַנדערן בעפיל. די פראַגע איז אָבער, צי וועט נישט אויך אין מזרח־אייראָפּע, — הגם שפּעטער ווי אין די לענדער פון מערב־און מיטל־אייראָפּע, — זיך נישט איבערחזרן דאָס זעלבע, וואָס איז געשעען בשעתו אין מערב־און מיטל־אייראָפּע. נעמלעך:

דער אַסימילאַציע־פּראָצעס, אַ דאַנק די פרעמדע שפּראַכן און בילדונג, וואָס די יידן זאַפּן אין זיך איין.

קעגן דידאָזיקע דערשיינונגען פון אינערלעכער צעפאַלונג זענען די יידן נישט געבליבן פּאַסיוו. יעדע עטנישע גרופּע האָט איר זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט, — אויך דאָס יידישע פאָלק האָט אַזאַ אינסטינקט, און דאָס פאָלק האָט אַרויסגעבראַנגט פון זיך אַזעלכע כּוחות, וואָס זאָלן זיך אַנטקעגנשטעלן די פאַרניכטונגס־דערשיינונגען. אין פאַרשידענע לענדער זעען מיר, ווי דאָס יידישע פאָלק קעמפט דערפאַר, אַז די אייגענע שפּראַכן, יידיש און העברעיש, זאָלן נישט באַזייטיקט ווערן דורך די לאַנד־שפּראַכן. קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען ווערן אין דער הינזיכט געמאַכט, באַזונדערס אין אַמעריקע. דער צוועק איז, צו געבן אַ מעגלעכקייט די יידישע קינדער, וואָס זענען פאַרפּליכטעט צו באַזוכן די אַלגעמיינע שול, צו גיין אויך, אין צו גלייכער צייט, אין אַ יידישער רעליגיעזער שול, וואָס פאַרבינדט זיי מיט דער יידישער טראַדיציע. — ווייל איך אָבער אונטערפירן אַ סך־הכּל פון דעמדאָזיקן קאַמף, — ווען איך נעם אין אַכט, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע ווערן אויסגעגעבן אויף יידישע רעליגיעזע שולן יערלעך 15 מיליאָנען דאָלאַר, — אַז אין רעזולטאַט באַזוכט נאָר איין פערטל פון די יידישע קינדער די רעליגיעזע שולן, און אַז דריי פערטל וואַקסן אויס אָן יעדער קענטעניש פון יידישער טראַדיציע און שפּראַך, — דאַן הייב איך אָן צו צווייפלען, צי וועט עס אויף לאַנג געלונגען אויפצובויען אויף אַזאַ אופן אַ צוים קעגן די צעפאַלונגס־טענדענצן.

די באַמיאונגען, וואָס האָבן דעם ציל צו שטאַרקן דאָס יידישע געמיינשאַפטס־געפיל דורך דערציאונג אין די רעליגיעזע שולן, האַלט איך פאַר וויכטיק און ריכטיק; אָבער מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז נאָר אַ פּאַליאַטיוו, וואָס איז נאָר אַ צייטווייליקע לעזונג, און וואָס קאָן האָבן אַ פולן ווערט ערשט דאַן, ווען עס זאָל צוקומען אַן אַנדערער פאַקטאָר, — און דאָס איז: ארץ־ישראל.

די קורצע צייט, וואָס שטייט נאָך אין מיין רשות, וויל איך אויסנוצן, כּדי צו זאָגן אייך אַ פּאָר ווערטער וועגן דערדאָזיקער פאַרבינדונג פון א״י מיט דעם יידישן לעבן אין אַנדערע לענדער.

אָבער פריער פון אַלעמען האַלט איך פאַר ריכטיק צו האָבן צוזאַמען מיט אייך אַ ישוב הדעת, צי עס לוינט זיך איבערהויפּט פאַר די יידן צו פירן אַ קאַמף פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ אַלס פאָלק. מען קאָן דערויף ענטפערן, אַז עס וועט קיין שום פאָלק נישט איינפאַלן זיך אַוועקשטעלן פאַרן משפּט פון שכל־הישר און ברענגען באַווייזן פאַרן אייגענעם עקזיסטענץ־רעכט. צו גלייך ווי יעדער אינדיווידיום האָט אַ זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט, — האָט אויך אַ פאָלק דעמאָדזיקן אינסטינקט. די יידן קאָנען עס באַהויפּטן און נאָך מוסיף זיין, אַז אַלס עטנישע גרופּע זענען זיי זעלבסטפאַרשטענדלעך עקזיסטענץ־באַרעכטיקט, און עס איז גאַנץ איבעריק וועגן דעם צו האַלטן וויכּוחים. — אפשר אָבער איז דאָס, וואָס איז פאַר אַנדערע אַ זעלבסטפאַר־

שטענדלעכקייט, ביי די יידן ווייניקער זעלבסטפאַרשטענדלעך; ווייל אין דער גאַנ־צער וועלט איז נישט פאַראַן נאָך אַזאַ פאָלק, וועמענס עקזיסטענץ אַלס עטנישע גרופּע זאָל זיין באַדראָט פון אַזוי פיל סכנות, ווי דאָס יידישע פאָלק.

ביי דער באַטראַכטונג פון דער פראַגע, צי זענען די יידן אַלס עטנישע איינהייט עקזיסטענץ־באַרעכטיקט, — איז מעגלעך, לויט מיין מיינונג, נאָר איין שטאַנדפּונקט, — נעמלעך, — צי די יידן זענען ביכולת אַלס עטנישע גרופּע צו לייסטן פאַר דער מענטשלעכער קולטור מערער, ווי ווען זיי זאָלן פאַרבלייבן יחידים.

אויף דעם וועג פון דער וואַנדערונג פון דעם אָריענט אין די מערב־לענדער האָט דער ייד מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אַלטע קולטורעלע ירושה. אין דער גייסטיקער רירעוודיקייט, און אינם יראת הכבוד פאַר גייסטיקע אוצרות -- זעט מען דידאָזיקע ירושה. די יידישע קולטור־ירושה האָט זיך שטאַרק פאַרמערט, און איז בולטער געקומען צום אויסדרוק אין די לעצטע 500 יאָר, וואָס די יידן האָבן פאַרבראַכט אין מזרח־אייראָפּע. די סאָציאַלע תּנאים האָבן דאָ געבראַכט צו אַ האַרטן קאַמף־פאַרן לעבן, וואָס האָט איבערגעלאָזט צווישן די יידן נאָר די סאַמע אַקטיווסטע עלעמענטן. און די ווירקונג פון דאָ־זיקן פּראָצעס איז געווען: אַז צווישן די יידן האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסער יראת הכבוד פאַר גייסטיקע אוצרות, וואָס איז ביז צום היינטיקן טאָג געבליבן דער הויפּט סימן פון די יידישע אייגנשאַפטן.

פרעג איך מיך, צי איז דאָס נישט נייטיק און וויכטיק, אַז אין אַ וועלט וואו דער דורך־ארץ פאַר גייסטיקע אוצרות פאַלט אַלץ מערער און מערער וואו דער ספּאָרט און די פיזישע קראַפט פאַרנעמט ביסלעכווייז דעם אויבנאָן זאָל בלייבן עקזיסטירן אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיין בלוט די ירושה פון הויכ־שעצן גייסטיקע אוצרות. זאמבארט האָט אַמאָל געזאָגט: דער אַנטאַגאָניזם צווישן יידן און קריסטן איז אַן אַנטאַגאָניזם צווישן דער גייסטיקער און קער־פּערלעכער קולטור. איך גלייב, אַז דאָס איז ריכטיק.

מיר זענען אין אַמעריקע באַקאַנט אַזעלכע פאַלן: איינגעוואַנדערטע עלטערן — מענטשן, וואָס זענען געווען ווי פון איין גוס, וואָס האָבן אין זייער וועזן פאַרקערפּערט די טראַדיציע פון 50 דורות — האָבן זין, וועלכע זענען אין אַמעריקע געוואָרן באַרימט אַלס באָקסער און אַטלעטן. איך האָב אין פּרט פון גייסט פאַרגלייכט דעם פאָטער און דעם זון, און זיך געשטעלט די פראַגע: ווער פון זיי איז ווערטפולער פאַר דער מענטשהייט. איך בין כּלל נישט נוטה צו באַהויפּטן, אַז דאָס גייסטיקע אין דער איבערגעשפּיצ־טער פאָרם, וואָס דאָס גייסטיקע האָט אָנגענומען ביי די יידן, איז דער מענטשהייטס־אידעאַל; אָבער דאָס איז וויכטיק אַלס קעגנגעוויכט צו דער איבערשעצונג פון דער קערפּערלעכער קראַפט, וואָס פאַרברייטערט זיך איצט אַלץ מער און מער.

איך וויל זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין אַפּאָלאָגיע פון די יידן, און דעריבער שטעל איך מיך נישט אָפּ אויף די ביז איצטיקע יידישע לייסטונגען פאַר דער מענטשהייט. אָבער איך געפין, אַז די היינטיקע וועלט־קולטור איז אומדענקבאַר אָן דער באַטייליקונג פון די יידן. איך בין מיר גאָרנישט אימשטאַנד אויסצו־

מאָלן, ווי די מענטשלעכע קולטור וואָלט אויס־עזען אָן דעם ייד ישו פון נצרת, אָדער אָן די יידישע נביאים. עס איז קלאָר, אַז דער יידישער גייסט האָט באַרייכערט די וועלט מיט אַ מאַסע פון אוצרות, און אַזוי וועט אויך דאָס זיין אין דער צוקונפט, אויב די יידן וועלן קאָנען בלייבן ביי זייער ראַסן־און פאָלקס־ריינקייט. עס איז פאַראַן אַ פיזיש געזעץ, וואָס ווייזט, ווי געוויסע קרעפטן, וואָס עקזיסטירן, גייען לאבוד, ווי נאָר זיי ווערן אויפגעלעזט דורך אַנדערע ענערגיעס. אַרויסקריגן דידאָזיקע קרעפטן איז שוין דאַן אוממעגלעך. ווען די גייסטיק־הויך־געלייטערטע יידן וועלן זיך אַלזאָ אויסמישן מיט די אַנדערע פעלקער, וועט דער יידישער גייסט נישט בלייבן ביי די אַנדערע פעלקער, נאָר ער וועט פאַרשוואונדן

אגב, איז עס גאָרנישט אָפּהענגיק נאָר פון די יידן, צי זיי ווילן זיך אַסימילירן, אָדער נישט. ביז איצט נעמען די קריסטלעכע פעלקער דעם יידישן יחיד גערן אויף. ווילן זיך אָבער די יידן אַסימילירן מיט די פרעמדע פעלקער אין אַ מאַסן־מאָסשטאַב, באַגעגענען זיי באַלד מצד דידאָזיקע פעלקער אַ געהעריקן ווידערשטאַנד. די אַנדערע פעלקער האָבן מורא, אַז אַזאַ אַסימילאַציע קאָן ברענגען שאָדן זייער עטנישער ריינקייט און איינהייט. איבעראַל אַנטשטייען אָפּווער־שטרעבונגען. אפילו ווען מיר וואָלטן בכן נישט געוואָלט בלייבן אַן עטנישע איינהייט, — וואָלטן מיר עס געבליבן באונס; צו א יי ן גרופּע מוזן מיר געהערן, — אין היות ווי מיר האָבן גאָרנישט די מעגלעכקייט אַריינצוגיסן זיך אין די פרעמדע פעלקער, מוזן מיר דערהאַלטן אונזער אייגן פאָלק.

איך קום צום סוף:

אין האָב דאָ געפּרוווט צו באַווייזן דריי זאַכן:

1) די עטנישע איינהייט ביי יידן הייבט זיך איצט אָן צעפאַלן;

2) די יידן אין גלות מאַכן געוויסע אָנשטרענגונגען, כדי צו באַקעמפן דעם צעפאַלונגס־פּראָצעס;

3) דער קאַמף מיט די צעפאַלונגס־טענדענצן גאַראַנטירט נישט קיין

4) די יידן מוזן זיין פאַראינטערעסירט אָפּצוהיטן, אַיוי לאַנג ווי מעגלעך, די עטנישע צוזאַמענגעהעריקייט.

דויערנדע ווירקונג, נאָר האָט בלויז אַ ווערט ווי אַ פּאָרלויפיקע לעזונג;

איך באַריר איצט דעם אָנטייל, וואָס ארץ־ישראל האָט אין דעמדאָזיקן פּראָצעס:

אויב די יידן וועלן ווייטער, דורך דער פיינטלעכער באַציאונג פון די אַרומיקע, געצוואונגען זיין צו בלייבן אין דעם זעלבן מצב, ווי ביז איצט, — דאָס הייסט, אין אַ לויזן גלייכגעוויכט־צושטאַנד צווישן דעם יידנטום און דער פרעמדער עטנישער ריינהייט, — אָדער זיי וועלן צוגעצויגן ווערן דורך דער פרעמדער עטנישער איינהייט, און פון איר אָבער נישט אַריינגענומען ווערן, — וועט דאָס יידנטום אויפהערן צו זיין אין יעדער פאָרם טעטיק אַקטיוו אַל סיידנטום.

ווי אַזוי זאָל זיך אַ מענטש נאָך באַגייסטערן פאַר דעם יידנטום, בעת ער אַליין ווייסט גישט מער, צוליב וואָס ער איז אַ ייד? דאָס האָט אַ שייכות באַזונדערס צו די לענדער, וואו די געמישטע התונות דאָמינירן, און וואו דאָס

אָפּשטאַמונגס־געפיל פאַרלירט וואָס ווייטער זיין קראַפט. דעריבער מוזן די אָפּ־ווער־באַוועגונגען פון די יידן אין גלות באַקומען זייער דערגענצונג דורך ארץ־ישראל. איר ווייסט, אַז ארץ־ישראל האָט אין זעם יידנטום שטענדיק גע־שפּילט אַ ראָלע. אין משך פון 2000 יאָר, זינט דעם חורבן פון דער יידישער מלוכה, איז ארץ־ישראל קיינמאָל נישט פאַרשוואונדן פון דעם יידישן באַ־וואוסטזיין. אין די תפילות האָבן די יידן דערמאָנט ארץ־ישראל און געהאָפט אויף שיבת ציון. אַ טיפע בענקשאַפט האָט זיי געצויגן קיין ארץ־ישראל. און ווען שבתי צבי האָט אין 17־טן יאָרהונדערט גערופן די יידן קיין ארץ־ישראל, האָבן זיי אויספאַרקויפט זייער האָב און גוטס און זיך געגרייט צוריק־צוקערן אין דער אייגענער היימאַט.

איך האָב געפונען אין ענגלאַנד אַ בוך פון יאָר 1753, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז די יידן דאַרפן זיך אומקערן קיין א״י, גרינדן דאָרט אַ מלוכה, און ענגלאַנד מוז זיי דערביי העלפן.

די היינטיקע א״י־באַוועגונג, וואָס ווערט פאַרקערפּערט דורך דעם ציוניזם, איז פון הערצלען נישט מיטאַמאָל אַרויסגעפּישופּט געוואָרן. זי האָט זיך פון קליינע ערשטע התחלות לאַנגזאַם אַנטוויקלט. אין דייטשלאַנד זענען שוין אין דעם 19־טן יאָרהונדערט געווען אַפּאָסטאָלן פון דעם ציוניסטישן גע־דאַנק. דורך די חובבי ציון איז דערדאָזיקער געדאַנק ווייטער אַריינגעדרינגען קיין מזרח־אייראָפּע. אין דעם ציוניזם האָט די אַלטע באַוועגונג געפונען איר שלוס־קאַפּיטל. דער ציוניזם איז פאַרן יידישן פאָלק אַן אָפּווער־מיטל קעגן דעם אינערלעכן חורבן, אַ מיטל צו צעמענטירן דעם עטנישן געמיינזאַמען צוזאַמענבונד.

מיר האָבן אין ארץ־ישראל די מעגלעכקייט צו ווערן אַ פיל גרעסערער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, ווי אין יעדן אַנדערן לאַנד. די יידן מאַכן איצט אויס אין א״י 19 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. מיר האָבן אָבער די מעגלעכקייט אין דער צוקונפט צו פאַרגרעסערן דעמדאָזיקן פּראָצענט און פּילייכט אויך ווערן דער רוב פון דער באַפעלקערונג. איך גלייב נישט, אַז עס זאָל אין אייראָפּע געלונגען אויף לאַנג צו ראַטעווען די יידישע שפּראַך פון דעם שטורם פון די פרעמדע שפּראַכן. מיט דער העברעישער שפּראַך אָבער אין ארץ־ישראל איז געשאַפן געוואָרן אַן אינסטרומענט, וואָס איז פאַר דער יידישער ראַסע אַ האַמאַגענער, און אין וועלכע עס זענען געקו־מען צום אויסדרוק די גרעסטע שאַפונגען פון דעם יידישן פאָלק.

אין א״י האָבן מיר די מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַלעווירט־שאַפטס־צווייגן. מיר זענען דאָרטן ווירקלעך אַריינגעדרונגען אין אַלע צווייגן. כמעט די גאַנצע אינדוסטריע איז אין יידישע הענט — סיי די אונטערנעמער, סיי די אַרבעטער זענען אין איר — יידישע. אַ העלפט פון די אָרגאַניזאַציע־פּלאַנצונגען איז אין יידישן באַזיץ.

עס איז נישט פאַראַן קיין ראַדיקאַל־אוניווערסאַל מיטל פאַר די יידן־פראַגע. מען מוז גיין מיט פאַרשידענע וועגן. קיינער פון אונז קאָן נישט טראַכטן, אַז א״י וועט אויפנעמען אַלע 16 מיליאָן יידן פון דער וועלט. עס וועט

מינדעסטנס צוואַנציק יאָר דויערן, ביז מיר וועלן אין א"י האָבן 1 מיליאָן יידן. ערשט דאַן קאָנען מיר האָפן וועט א"י געבן דער וועלט נייע כוחות, און נייע קולטור-אוצרות. אחד העם האָט געזאָגט, אַז ארץ-ישראל דאַרף ווערן דער גייסטיקער צענטער פון די יידן. מען האָט דאָסדאָזיקע וואָרט פיל מאָל שלעכט פאַרשטאַנען. ער האָט נישט געמיינט, אַז אין א"י זאָלן געשאַפן ווערן אייניקע קולטורעלע אינסטיטוציעס, וואָס זאָל באַפרוכפּערן דאָס יידנטום. אחד העם האָט די זאַך אויפגעפאַסט אין אַ גאַנץ אַנדערן זין, — ער האָט אויפגעפאַסט א"י, אַלס אַ גרויסע יידישע געמיינשאַפט, וואָס ברענגט אַרויס פון זיך גרויסע קולטורעלע שאַפונגען. איך וואָלט פאַר א"י אויסגעקליבן נישט דעם נאָמען „גייסטיקער צענטער", נאָר דעם נאָמען „נאַציאָנאַלער צענטער". מיטדי ווערטער „נאַציאָנאַלער צענטער" וויל איך זאָגן, אַז אַ גרויסער טייל פון דעם יידישן פאָלק מוז זיין קאָנצענטרירט אין א"י, און אַז קולטורעלע ווערטן דאַרפן נישט אימפּאָרטירט ווערן קיין א"י, נאָר די א"י-איינוואוינער מוזן אַליין שאַפן די קולטורעלע אוצרות אויף די יסודות פון אַ זעלבשטענדיקן ווירטשאַפטלעכן לעבן.

מען האָט דאָ פיל גערעדט וועגן דעם אַראַבישן פּראָבלעם. איך האָב שטענדיק באַטאָנט די באַדייטונג פון דערדאָזיקער פראַגע, ד. ה. די באַדייטונג פון פריינטלעכע באַציאונגען צווישן די יידן און אַראַבער. איך האָב גערופן צו שענקען אויפמערזאַמקייט דער דערוואַכנדער אַראַבישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. איך וואָלט פאַר ארץ-ישראל נישט געאַרבעט, ווען איך זאָל נישט זיין פעסט איבערצייגט, אַז אונזער אויפבוי-ווערק קאָן געפירט ווערן אַזוי, אַז קיין איינציקער אַראַבישער אַרבעטער זאָל נישט ווערן אַרויסגעשטופּט אָדער ווירטשאַפטלעך געשעדיקט. ארץ-ישראל האָט נישט קיין אַנטוויקלטע ווירטשאַפט: אַנדערש וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין אויסזיכטן אַריינצופירן אַהינצו הונדערטער טויזנטער פון יידן. דאָס איז מעגלעך נאָר ווייל א"י האָט נישט קיין אינדוסטריע, און ווייל איר לאַנדווירטשאַפט איז אַ זייער פּרי-מיטיווע. מיט צען יאָר צוריק האָט די ארץ-ישראל-אינדוסטריע עקזיסטירט נאָר אויפן פּאַפּיר, — עס איז פון איר קיין סימן נישט געווען. אַלץ, וואָס איז איצט פאַראַן, איז געשאַפן געוואָרן פון די יידן אין משך פון די לעצטע צען יאָר. היינט לעבן שוין אַן ערך 20 פּראָצ. פון די א"י-יידן פון דער דאָרטיקער אינ-דוסטריע. דידאָזיקע 33.000 יידן האָבן מיר געגעבן דורך יידישן קאַפּיטאַל און יידישע אַרבעט אַן עקזיסטענץ-מעגלעכקייט, וואָס איז פריער נישט געווען. מיר האָבן דערביי קיין איין און איינציקן אַראַבער נישט פאַרדרענגט. מיר גייען נישט קיין ארץ-ישראל, כדי דאָס לאַנד צו דעראָבערן און די באַפעל-קערונג צו מאַכן אונז אונטערטעניק. מיר ווילן מיט אייגענער אַרבעט אויפבויען אונזער ווירטשאַפט. אין א"י איז די אַרבעט געוואָרן אויפגעהויבן צו אַן אידעאַל.

מיר ווילן נישט איבערנעמען אין אונזער ווירטשאַפט אין א"י דאָס, וואָס איז שלעכט אין דער ווירטשאַפטס-אָרדנונג פון דער וועלט. מיר ווילן אויפ-שטעלן אַ סאָציאַלן בנין, וואָס זאָל פאַרווירקלעכן די בעסערע סאָציאַלע לעבנס-פאָרמען. דער באַדן זאָל לעולם ועד זיין דאָס אייגנטום פון דעם יידישן

פאָלק. דער יחיד זאָל באַקומען באָדן צו באַאַרבעטונג נאָר אויף אַ באַשטימ־טער צייט. שוין היינט איז ארץ־ישראל „דאָס לאַנד פון די קאָאָפּעראַטיוון״. עס איז נישטאָ קיין אַנדער לאַנד, וואו די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן שפּילן אַזאַ ראָלע. עס איז נישטאָ קיין איין לאַנד אין דער וועלט, וואו פאַרן קינד זאָל פון דער וויג ביז דעם שול־אַרויסלאָז אַזוי געזאָרגט ווערן, ווי אין לאַנדווירט־שאַפטלעכן ישוב אין ארץ־ישראל. ביי די יידן אין א״י איז שטאַרקער ווי אומעטום דאָס באַוואוסטזיין, אַז נייע סאָציאַלע פאָרמען זענען נייטיק, כדי צו ברענגען צו אַ בעסער לעבן.

איך זאָג נישט, אַז מיר האָבן שוין אַ פאַרטיקע לעזונג פאַר די פּראָב־לעמען. עס זענען נאָך פאַראַן אַ מאַסע פון שווערע פּראָבלעמען, ווי אַזוי צו געפינען דעם סינטעז צווישן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע נויטווענדיקייטן. און איך רעגיסטריר דעמדאָזיקן קאָנגרעס אַלס אַן ערשטן וויכטיקן שריט אויף דעם וועג פון געפינען דעם סינטעז צווישן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טענ־דענצן אין דעם יידישן פאָלק (שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

ח״ ז. אַבראַמאָוויטש (לינקע פּועלי־ציון, ריכטונג יצחקי־אַבראַ־מאָוויטש): איך און מיינע חברים זענען געצוואונגען, צום באַדויערן, צו קאָנסטאַטירן, אַז עס איז צו דער היינטיקער זיצונג נישט צוגעלאָזט געוואָרן אַ פראַקציע פון 30 מאַן, די פראַקציע פון די לינקע פּועלי־ציון.

דאָס פּרעזידיום האָט אויף אונזער פראַגע דערקלערט, אַז דאָס איז אַ מין מאסנאם־מיטל, היות עס זענען נעכטן פאָרגעקומען אינצידענטן אויף דער דערעפענונגס־זיצונג. עס איז קלאָר, אַז אויף יעדן קאָנגרעס און אויף יעדן צוזאַמענפאָר קומען פאָר אינצידענטן און עס זענען פאַראַן פאַרלאַמענטאַרישע מיטלען. עס מוזן אָנגענומען ווערן מיטלען, ווען עס קומען פאָר אינצידענטן, אָבער קיין קאָנגרעס קאָן נישט אָננעמען אַזעלכע מיטלען קעגן אַ פראַקציע פון דעם קאָנגרעס. אויסשליסונגען פלעגן פאָרקומען אויף קאָנגרעסן, אָבער דאָס פלעגט טון דער קאָנגרעס גופא. אָבער דער אופן פון דער איצטיקער אויסשליסונג איז נישט געהערט געוואָרן.

איך לייג פאָר, אַז דידאָזיקע פראַגע זאָל געשטעלט ווערן דורך דעם קאָנגרעס אין איר גאַנצן פאַרנעם.

ח״ בן־גוריון (פאָרזיצער): דער קאָנגרעס איז אַ סוווערנע קערפּער־שאַפט און ער וועט זעלבשטענדיק אָננעמען באַשלוסן וועגן זיין געש״פטס־אָרדנונג און פּראָגראַם. דאָס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. אויפן קאָנגרעס הערשט אויך די פולסטע פרייהייט פון מיינונגען, און קיין דעלעגאַט איז נישט געבונדן. מיר געפינען זיך אָבער איצט אויפן ערשטן קאָנגרעס, וואָס האָט נאָך נישט קיין קאָנסטיטוציע. עס איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן דער מאָדוס וועגן אָפּשטימונג, עס איז נאָך נישט געהאַט געוויילט געוואָרן קיין פּרע־זידיום. אין דער איבערגאַנגס־צייט, ביז דער קאָנסטיטואירונג פון קאָנגרעס, איז דער ועד־הפועל פון דער הסתדרות פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קאָנגרעס, פאַר זיין צוזאַמענרופונג, פאַר זיין אַרבעט, פאַר זיין אָרדנונג און ווירדע.

אין מאָמענט. ווען דער קאָנגרעס נעמט אַליין איבער די פאַראַנטוואָרטונג, איז דער ועד־הפועל נאָר אַן אָנטיילנעמער און האָט די זעלבע רעכט, ווי אַלע אַנדערע דעלעגאַציעס. אָבער דערווייל, ביז צו דעם מאָמענט, טראָגט די פולע אחריות נאָר די הסתדרות.

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון קאָנגרעס האָט געלאָזט וויסן, אַז כדי צו שיצן דעם קאָנגרעס פון נישט־עטישע און נישט־פּראָלעטאַרישע האַנדלונגען, וואָס קומען, לויט פאַר זייער אָפּט ביי יידישע אַרבעטער־קאָנפערענצן אין געוויסע לענדער, וועט יעדע גרופּע, וואָס וועט דורך סקאַנדאַלן און אָבסטרוקציעס פאַרלעצן דעם כבוד פון אַרבעטער־קאָנגרעס. זיך דערמיט אַליין אויסשליסן פון קאָנגרעס.

דאָס איז געווען באַקאַנט אויך די פאַרטרעטער פון די לינקע פּועלי־ציון. אויפן דאָזיקן גרונד האָבן מיר באַשלאָסן ציטטווייליק — ביז דער קאָנגרעס וועט איבערנעמען די פירונגס־מאַכט, — אויסצושליסן די פראַקציע פון די לינקע פּועלי־ציון פון דער איצטיקער זיצונג, פאַר זייער נישט־פּראָלעטאַרישער און אומאָנשטענדיקער האַלטונג אין דער דערעפענונגס־זיצונג. איצט האָבן מיר שוין אַ געוויילט פּרעזידיום, וועמען די אָנגעלעגנהייט איז איבערגעגעבן געוואָרן. דאָס פּרעזידיום וועט פאַר דער צווייטער זיצונג זיך צונויפקומען און ברענגען אַ פאָרשלאַג וועגן דעם ווייטערדיקן אָנטייל פון דער לינקער פּועלי־ציון־גרופּע. דערמיט איז דערווייל די פראַגע דערליידיקט.

דעם פאָרזיץ איבערנעמט חבר ש. ק אַ פּ ל אַ נ ס ק י, וועלכער באַגריסט די ניי־אָנגעקומענע געסט די חברים: ק אַ מ י ל ה י ו א י ס מ א נ ס, ל. פ י ע ר אַ ר און דעם ספּעציעלן דעלעגאַט פונם אַרבעטס־אַמט אין גענף, זשאַן גודאל.

## קאַפּלאַנסקיס באַגריסונג.

פונם פּרעזידיום פון קאָנגרעס האָב איך באַקומען דעם בכבודיקן אויפטראַג צו באַגריסן אייניקע געסט, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אָנטייל נעמען אין אונזער נעכטיקער דערעפענונגס־זיצונג און זענען היינט פרי דערשינען צווישן אונז. אַלע אָנטיילנעמער ווילן עס באַגריסן, פאַרוואָס איך רוף אָן אויפן ערשטן אָרט אונזער פריינט און חבר קאמיל היואיסמאַנס. מיר פרייען זיך אַלע צו האָבן די געלעגנהייט צו אָפּגעבן דעמדאָזיקן קליינעם און באַשיידענעם חוב פון דאַנקבאַרקייט אַ מענטש, וועלכער איז אויף אַ זעעוודיקן און נישט־זעעוודיקן אופן, מער ווי אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט אונזער קאַמף און אונזער ווערק. ווען עס וועט אַמאָל געשריבן ווערן די געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועט אַלס אַ בכבודיק קאַפּיטל פון דערדאָזיקער געשיכטע גילטן דאָס, וואָס קאמיל היואיסמאַנס האָט געטון, כדי צו אויסקעמפן אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרשטענדעניש און אַ ווירדיקע אָפּשאַצונג פונם קאַמף פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט און פון אונזער א״י־ווערק. עס איז נישט דאַ דאָס אָרט

צו רעדן וועגן היואיסמאַנס, דעם מענטש מיט זיין הויכער נשמה, דעם בעלגישן מלוכה־מאַן און דעם מוטיקן קעמפער פאַרן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם. איך וויל נאָר זאָגן, אַז פונם ערשטן מאָמענט אָן, ווי איך האָב געהאַט דעם כבוד און דאָס גליק צו קומען מיט אים אין קאָנטאַקט, אַלס פאַרטרעטער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג, האָט היואיסמאַנס אַרויסגעוויזן די וואונדערבאַרע פעאיקייט אַריינצודרינגען אין אונזערע פראָבלעמען און צו דערקענען אונזער אמתן וועזן. אפשר האָט אים געהאָלפן דאָס, וואָס ער אַליין איז אַ זון פון אַן אונטערדריקטן פאָלקס-שטאַם, וואָס ווערט באַדראָט פון אַסימילאַציע, אָבער קודם־כל איז עס געווען זיין פיין געפיל פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, וואָס האָט מיט אים אָנגעפירט. און אַזוי איז עס געקומען צו דעם, אַז קאמיל היואיסמאַנסן האָבן מיר, מער ווי וועלכן עס איז אַנדערן סאָציאַליסטישן פירער, צו פאַרדאַנקען, וואָס די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אויפגענומען געוואָרן אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין אינטערנאַציאָנאַל. מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן קאמיל היואיסמאַנסן און דער בעלגישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועמענס ער איז איינער פון די באַדייטנסטע פירער, זייער הילף, און איך בין שטאָלץ, וואָס פון דערדאָזיקער גרויסער טריבונע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל, און צו וועלכער עס זענען איצט געווענדעט די אויגן פונם יידישן פראָלעטאַריאַט פון גאָר דער וועלט, קאָן איך ריכטן צו קאמיל היואיסמאַנסן דאָסדאָזיקע וואָרט פון דאַנק און אָנערקענונג, און פון ליבע.

דער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדן א״י, וועלכער איז מיט צוויי יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן אונטער דער פירונג פון אונזער גרויסן פריינט און חבר עמיל וואַנדערוועלדע, איז היינט פאַרטראָטן דורך ח׳ לואי פיעראַר, וועלכער איז צוגלייך אַ סאָציאַליסטישער מיטגליד פון בעלגישן פאַרלאַמענט. אין חבר פיעראַר באַגריסן מיר נישט נאָר דעם פאַרטרעטער פון דעמדאָזיקן קאָמיטעט. מיר האָבן זיך שוין מיט יאָרן צוריק באַקענט מיט אים אין א״י, אינמיטן פון אונזער אַרבעט, ווען ער איז פון אייגענעם ווילן געקומען צו אונז, כדי צו שטודירן אונזער טאָג-טעגלעכן קאַמף. זינט דאַן פאַרבינדן אונז בונדן פון פריינטשאַפט. איך דאַרף נישט זאָגן, ווי שטאַרק מיר שאַצן די סאָלידאַריטעט-דערקענטעניש און די מאָראַלישע און פּאָליטישע אונטערשטיצונג, וועלכע מיר האָבן באַקומען דורך דעם ברוסעלער קאָמיטעט. בעת דער מלחמה און דער שלום־קאָנפערענץ, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קאָנקרעטע פּאָליטישע פראַגן, האָט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל אונטערשטיצט אונזערע שלום-פאָדערונגען, אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע פאָדערונגען און געמאַכט זיי פאַר אייגענע. אָבער ער האָט דערמיט נישט אַקצעפּטירט אונזער אידעאָלאָגיע. דאָס האָבן מיר אויך קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט. און אַזוי אַרום איז עס געוואָרן נייטיק, אַז אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל זאָלן מיר צוזאַמענגעמען אַלע כוחות, וועלכע פילן זיך פאַרבונדן מיט אונז און זענען גרייט צו יעדער צייט אונז צו העלפן. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער ברוסע־

לער קאָמיטעט. מיר האָבן קיינמאָל נישט געזעפּקט, אַז דאָס איינציקע באַזיצ־לאָזע פאָלק פון דער ערד, דאָס יידישע פאָלק, וועט, ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן באַנייען זיין קיום, געפינען פאַרשטענדעניש ביי די פירער פון דער באַ־וועגונג, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע, די עמאַנסיפּאַציע פון אַלע באַזיצלאָזע. דעריבער איז די הילף פון די אינטערנאַציאָנאַלע פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג געווען פאַר אונז אַ גרויסע פרייד אין אַ וועלט פון מיספאַרשטענדנישן און דעריבער איז פאַר אונז דער סאָציאַליסטישער קאָמי־טעט פאַרן אַרבעטנדן א"י אַן אינסטיטוציע, אויף וועלכער מיר אַלע קוקן מיט אַ געפיל פון גרויסער דאַנקבאַרקייט. זייט האַרציק באַגריסט, חבר פּיעראַר, אויף אונזער קאָנגרעס.

איך האָב שוין נעכטן געהאַט די געלעגנהייט אייך צו מודיע זיין, אַז דער דירעקטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט, חבר אַלבערט טאָמאַ, איז געווען אַזוי פריינטלעך צו שיקן אַהער אַ ספּעציעלן פאַרטרעטער, כדי ביי צו־זיין ביי אונזערע פאַרהאַנדלונגען. א ך באַגריס אויפן הערצלעכסטן אופן דעם חבר גודאַל, וועלכער געפינט זיך צווישן אונז, אויספירנדיק דידאָזיקע שליחות. עס איז דאָ נישט דאָס אָרט צו רעדן איבער דער באַדייטונג פון אינטערנאַ־ציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט, איך וויל אייך נאָר דערמאָנען, אַז דערדאָזי־קער אַרבעטס־אַמט בילדעט די פאַרבינדונג צווישן אונז און דעם פעל־קער־בונד.

מיר היטן אָפּ אונזער דאַנקבאַרע און טרייע דערינערונג וועגן דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם פאַרטרעטער פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט אין דער פערמאַנענטער מאַנדאַט־קאָמיסיע, דעם חבר ג ר י מ ש א ו. מיר האָפן, אַז עס איז אונז צו יעדער צייט פאַרזיכערט די אונטערשטיצונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט, ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן פאַרטרעטן די אינטערעסן פון דער א"י־דיקער אַרבעטערשאַפט.

איידער מיר וועלן איבערגיין ווייטער צום סדר־היום, וועל איך בעטן דעם חבר היואיסמאַנס צו זאָגן אונז אייניקע ווערטער.

## קאַמיל היואיסמאַנס

(הערט אויפגענומען מיט גרויסע אָוואַציעס)

איך דאַנק דעם פאָרזיצער פאַר זיינע פריינטלעכע ווערטער. ער האָט דערמאָנט וועגן דעם, אַז איך בין אַן אַלטער פריינט פון אייער באַוועגונג, נאָך פון יענער צייט, ווען איך בין געווען (אומגעפער מיט 20 יאָר צוריק) סעקרע־טאַר פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין אַלע לענדער זענען פאַראַן אונטער־דריקטע נאַציעס. מיין פריינט פּיעראַר און איך, מיר פאַרטרעטן בעלגיע, און דאָך געהערן מיר צו צוויי פאַרשידענע פעלקער (צווישנרוף פון פּיעראַר: „איך בין דער אונטערדריקער, אָבער מיר זענען גוטע פריינט"). חבר פּיעראַר פאַרטרעט, אַזוי צו זאָגן, כמעט ווי דעם אַראַבער, און איך ביז דער ארעמער

ייד. מיר זענען אָבער אייניק אין אונזער ציל. די וואַלאָנישע חברים אין בעלגיע און די פלעמען אין דער פּאַרטיי ווילן דערגרייכן דעם זעלבן ציל. מיר ביידע פאַרשטייען, אַז קיין עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג איז נישט מעגלעך אָן קולטור, און קולטור איז נישט מעגלעך אָן אַן עקאָנאָמישן באָדן. מיר האָבן אייך פאַרשטאַנען, ווייל מיר זענען אין דער מיינונג, אַז ווען אַנדערע פעלקער האָבן רעכט אויף נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, דאַרף אויך דאָס יידישע פאָלק האָבן אַ רעכט דערויף.

אין אינטערנאַציאָנאַל זענען די גרויסע נאַציעס לכתחילה געווען קעגן דעם, אָבער די קליינע נאַציעס זענען געווען אין דער מערהייט. און די קליינע נאַציעס האָבן תיכף פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין אוטאָפּיע צו שאַפן אַ היימלאַנד. אונזערע גענאָסנשאַפטן אין בעלגיע פירן צום טייל אַן ענלעכע אַרבעט. ווי איר אין א"י. און מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט מאַרקסיסטיש. דעריבער זענען מיר מיט אייך מיטגעגאַנגען, און אין דער מאָס פון מעגלעכקייט, האָבן מיר אונטערשטיצט און געהאָלפן אייער אַרבעט און באַוואונדערט, וואָס איר האָט געלייסטעט. און מיר האָפן קודם־כל, אַז עס וועט אייך זיין מעגלעך פריינטלעך צו מיטאַרבעטן אין דער נעכסטער צוקונפט צוזאַמען מיט די אַנדערע פעלקער פון ארץ־ישראל. מיר האָפן, אַז די לייטער אין גענף וועלן עס פאַרשטיין, און אַז מען וועט האָבן פאַרשטענדעניש פאַר אייער שיינער קולטור־אַרבעט לטובת דעם יידישן פאָלק און לטובת דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן געדאַנק. (שטאַרקע אָוואַציעס).

דער פאָרזיצער ערטיילט דאָס וואָרט דעם חבר לואי פּיעראַר צו זיין רעפעראַט:

## ארץ־ישראל־מאַנדאַט און פעלקער־בונד

(רעדט פראַנצויזיש. די רעדע ווערט איבערגעזעצט דורך ח' מ. יארבלום)

ווילנדיק ענטפערן אויף די וואַרעמע ווערטער פון פאָרזיצער און אויף דער איינלאַדונג, וואָס איך האָב באַקומען, אַלס סעקרעטאַר פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, צו באַטייליקן זיך אין קאָנגרעס און צו האַלטן אַ פאָרטראַג איבער דער פראַגע פון א"י־מאַנדאַט, — וויל איך מיר דערלויבן אַ הקדמה, צו זאָגן אַ פאָר ווערטער איבער מיין פערזענלעכער באַציאונג צום ציוניזם.

דורך אַן איינפאַכן צופאַל האָב איך מיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיטן ציוניזם. מאַכנדיק אַ נסיעה איבערן נאָענטן מזרח, האָב איך אויך באַזוכט ארץ־ישראל. איך בין געפאָרן פון מיין אייגענער איניציאַטיוו און אָן קיין שום איינלאַדונג. איך האָב שטודירט די לאַגע אויפן אָרט. איך האָב געזען די יידישע קאָלאָניעס, געהאַט שמועסן מיט חלוצים און פון דעמדאָזיקן

וויזיט מיינעם זענען געבוירין געוואָרן מיינע שטאַרקע סאָציאַליסטישע סימפּאַ־טיעס פאַר דער יידישער זאַך אין א״י.

אַלס אַ סאָציאַליסט, הגם איך געהער נישט צו אייער פאָלק אָדער אייער קולטור־געמיינשאַפט, ווי עס האָט אַזוי גוט אָנגערופן פּראָפ. איינשטיין, באַגריס איך אייך צו דער שיינער און נאָבעלער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז איינע פון די זעלטענע דערשיינונגען פון אידעאַליזם נאָכן קריג. דעריבער אָנערקען איך אַלס מיין חוב און אַלס דעם חוב פון אַלע אַנדערע סאָציאַליסטן צו אויסדריקן אייך אונזערע סימפּאַטיעס פאַר אייער זאַך.

מען רעדט וועגן נאַציאָנאַלער ווירדע. איך וואָלט דאָ נישט געוואָלט באַ־נוצן ווערטער, וועלכע קאָנען אַרויסרופן באַדויערנסווערטע מיספאַרשטענדענישן, אָבער איך וויל דאָ זאָגן, אַז די מורא, אַז דער אַרבעטער־ציוניזם זאָל אַריינ־פאַלן אין ענגן נאַציאָנאַליזם, עקזיסטירט דאָ נישט. אין דער הינזיכט קאָן מען דאָ זיין רואיק.

איך דערמאָן מיך דאָס וואָרט פון זשאָרעס: „ווייניק אינטערנאַציאָנאַליזם דערווייטערט פון פאָטערלאַנד, פיל אינטערנאַציאָנאַליזם דערנענטערט צו אים“. אויך וואַנדערוועלדע איז געווען באַגייסטערט פון דעם, וואָס ער האָט געזען, וואָס עס שאַפט זיך אין א״י. די ווידעראויפלעבונגס־אַרבעט, וועלכע קומט דאָרט פאָר, דאַרף אַרויסרופן די אויפמערקזאַמקייט און אַנטציקונג פון דער גאַנצער וועלט.

די געשעענישן פון פאָריקן יאָר, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין א״י, האָבן מיך באַרירט נישט ווייניקער, ווי דאָס יידישע פאָלק. ווען איך האָב מיך דערמאָנט אָן די קאָלאָניסטן, וואָס איך האָב געזען זיי רואיק אַרבעטן אויף זייער באָדן און איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי זיי ליידן אומשולדיק, מוז איך אָפן זאָגן, אַז איך האָב געטיילט דעם גרויסן ווייטיק פון יידישן פאָלק.

און איצט דערלויבט מיר צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן מאַנדאַט און וועגן מיין פערזענלעכער שטעלונג. איך האָב שטודירט די אַלע דאָקומענטן איבער דערדאָזיקער פראַגע. איך וועל מיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף אַלע איינצלהייטן, וועלכע איר קענט געוויס אַליין. איך וועל זיך אָבער אָפּשטעלן אויף איין פונקט, וועלכן איך שאַץ אָפּ אַלס די הויפּט־סיבה, אַלס די וועזנט־לעכע און טיפסטע סיבה פון די געשעענישן. מען דאַרף עס אָפן אַרויסזאָגן. עס האַנדלט זיך נישט וועגן באַשולדיקן די איצטיקע ענגלישע רעגירונג, וועל־כע האָט איבערגענומען פון דער פריערדיקער ענגלישער פּאָליטיק אַן אַלטע ירושה מיט אַלע אירע פעלערן. די פריערדיקע פּאָליטיק פון דער ענגלישער מאַכט איז געווען אַ פּאָליטיק פון לאַווירן צווישן יידן און אַראַבער. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט מען פאַרשפּראָכן די אַראַבער צו שאַפן אַן אַראַבישע אימפּעריע, וואו ארץ־ישראל זאָל בילדן אַ טייל. הגם די פראַגע איז געווען נישט אָפן פאָרמולירט, האָבן די אַראַבער געמאַכט פון דעם אויספירן צו זייער גונסטן. שפּעטער איז דערשינען די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט זיך באַזירט אויף גאָר אַן אַנדערער קאַטעגאָריע אידעען. די באַאַמטע פון קאָ־לאָניעל־אַפּיס, די ווירקלעך פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די געגעבענע הבטחות,

האָבן געפּרוווט אָנווענדן דידאָזיקע צווייזייטיקע פּאָליטיק. די אַראַבער פון דעם סיריש־פּאַלעסטינער־קאָמיטעט, וועלכע וועבן אינטריגעס אין קאַירע, גענף און אַנדערשוואו, קאָן געגעבן ווערן נאָר איין תשובה: מען מוז אומבאַדינגט רעס־פּעקטירן, ביי דער איצטיקער לאַגע, דעם מאַנדאַט און די עקזיסטירנדקיע אָפּ־מאַכן, אפילו ווען מיר זענען קעגן זיי. מיר קאָנען קריטיקירן די טראַקטאַטן פון ווערסייל א. א., אָבער אויב מיר ווילן נישט אַריינפאַלן אין אַ כאַאָס, מוז מען קודם רעספּעקטירן די עקזיסטירנדיקע אָפּמאַכן.

די ערשטע פליכט פון ענגלאַנד איז: צו גאַראַנטירן די אַבסאָלוטע זי־בערקייט און אָרדנונג אין לאַנד. די יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייער געבורטס־לאַנד צוליב די פּאָרגעקומענע פּאָגראָמען און שחיטות און וואָס זענען געקומען צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, דאַרפן דאָרטן גע־פינען אַ גאַראַנטיע פון זיכערקייט און פון שלום. די בריטישע רעגירונג האָט אַליין מודה געווען, אַז אירע כוחות אין לאַנד זענען געווען נישט גענוגנד, כדי צו פאַרזיכערן אָרדנונג און רו. מען דאַרף דאָס גאַנץ אָפן זאָגן, אפילו אונזערע ליבאָר־חברים.

בלויז רו איז אָבער נישט גענוג. עס האַנדלט זיך אויך וועגן אויספירן דעם מאַנדאַט אינגאַנצן, וועמענס אַרטיקל 2 זאָגט קלאָר: „די מאַנדאַטאָר־מאַכט איז פאַרפליכטעט צו שאַפן אין לאַנד אַזעלכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אַדמיניסטראַטיווע באַדינגונגען, וואָס זאָלן באַגינסטיקן און פאַרזיכערן די שאַפונג פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק".

עס איז אָבער פאַראַן אַ צווייטער טייל פון דאָזיקן פּאַראַגראַף, וואָס פאָדערט דערביי דאָס אָפּהיטן פון די אַראַבישע רעכט. איך האָב די טיפע אי־בערצייגונג, אַז דיביידע טיילן פון דאָזיקן פּאַראַגראַף זענען אַבסאָלוט האַר־מאָניש, און, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום סתירה אין ביידע טיילן, און אַז זיי זענען אויך רעדאַגירט אין גייסט פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל. און איך זאָג דאָס אונזער פריינט ערנסט טאָלער: ווען איך האָב געזען די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל און גערעדט מיט זיי, האָב איך באַמערקט, אַז זיי זענען אַלע באַזאָרגט מיט דער פראַגע, ווי אַזוי צו הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אפילו אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל אין דער אַראַבישער שפּראַך, בכדי צו קאָנען רעדן צו די אַראַבישע אַרבעטער אין זייער אייגענער שפּראַך.

אַלזאָ, סיי פון מאַנדאַט־שטאַנדפּונקט, סיי פון די געפילן פון די יידישע אַרבעטער, זעען מיר קלאָר, אַז עס איז נישטאָ קיין שום סתירה צווישן די ביידע פונקטן, וואָס איך האָב דערמאַנט.

די מאַנדאַטאָר־מאַכט, וועלכע האָט געפירט אין ארץ־ישראל אַ מער אָדער ווייניק פּאַסיווע פּאָליטיק בנוגע דער יידישער היים, דאַרף ענדערן איר פּאָ־ליטיק און זאָרגן, אַז זי זאָל זיין אַ מער אַקטיווע. מען דאַרף זיך נישט באַ־מיען דווקא ווערן באַפרידיקן אַלע. עס איז פאַראַן אַ פראַנצויזיש שפּריכ־וואָרט, וואָס זאָגט: „מען קאָן נישט באַפרידיקן די גאַנצע וועלט און דערביי אויך די אייגענע שוויגער". די בריטישע רעגירונג דאַרף אַלזאָ פון איצט אָן

און ווייטער פירן אַ מער אַקטיווע פּאָליטיק און שטרעבן צו שאַפן די אַלע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע באַדינגונגען, וואָס באַגינסטיקן די שנעלע אַנטוויקלונג פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער היים.

קודם־כּל דאַרף מען געפינען אַ גוטע לעזונג פון דער אַגראַר־פראַגע און אויך שאַפן די תנאים פאַר אַ נייער אינטענסיווער יידישער איבערוואַנדערונג.

איך האָב בייגעוואוינט אַמאָל די קאָנפערענץ פון אינטערנאַציאָנאַל אין לאָנדאָן, וואו עס איז באַהאַנדלט געוואָרן ספּעציעל די פראַגע פון אַרבעטערוואַנדערונגען. אויך אייניקע אייערע חברים האָבן זיך באַטייליקט אין דערדאָזיקער קאָנפערענץ, און מיר האָבן געהערט מיט וואָס פאַר אַן עקשנות אַרבעטער־דעלעגאַטן פון קאַנאַדע אָדער אויסטראַליע האָבן פאַרטיידיקט די איינוואַנדערונגס־באַגרעניצונגען אין זייערע לענדער. ארץ־ישראל מוז געעפנט ווערן פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג. איך מיין נישט, אַז ארץ־ישראל קאָן דערנערן שוין היינט מיליאָנען מענטשן, דאָס לאַנד קאָן אָבער אַרייננעמען נאָך אַ גענוג גרויסע יידישע איינוואַנדערונג.

און צום סוף וויל איך צוגעבן : אמת, די מאַנדאַט־מאַכט האָט איר רעכט און איר וואָרט צו זאָגן: מיר האָבן אַן אַבסאָלוטן צוטרוי צו דער איצטיקער לייבאָר־רעגירונג, ווען פירער מאַקדאָנאַלד, הענדערסאָן און אַנדערע זענען אונזערע פּאָליטישע פריינט. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז איבער דער מאַנדאַט־מאַכט שטייט דער פעלקער־בונד, וועלכער דאַרף אין יעדן פאַל נעמען אַ קלאָרע שטעלונג צו אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו מאַנדאַט־לענדער.

די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט גערעדט אין אַ קלאָרער שפּראַך און מיר קאָנען דאָס נאָר באַגריסן. אין דער האָפנונג, אַז אויך ווייטער וועט זי נישט פאַרלאָזן איר דאָזיקע ליניע. מאַקדאָנאַלד און הענדערסאָן וועלן צו אונז נישט האָבן קיין שום פּרעטענזיעס. ווען מיר זאָגן זיי די טענות, וועלן זיי אַנטפּלעקן אַלע פאַלשע שריט און טעותים, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן דורך דער בריטישער אַדמיניסטראַציע, בנוגע דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. זיי וועלן עס פאַרריכטן — איך בין אין דעם זיכער.

און צו אייך, חברים, רוף איך : מוט און ענערגיע. די אויפגאַבע איז אַ שווערע, נאָר ווי עס האָט ריכטיק אַמאָל געזאָגט זשאָרעס : „דער וועג איז אַרומגערינגלט מיט קברים, אָבער ער פירט צום יושר". און צו דערדאָזיקער גערעכטיקייט וועט איר דערגרייכן, חברים ! (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

דער פאָרזיצער שליסט די צווייטע זיצונג.

## דריטע זיצונג

זונטיק, דעם 28-סטן סעפטעמבער, נאָכמיטאָג, דער זיצונגס-זאַל איז איבערפולט מיט דעלעגאַטן און געסט, אויך די דעלעגאַטן פון די לינקע פועלי-ציון זענען אָנוועזנד.

פּאָרזיצער חבר ד. בן-גוריון מעלדעט אין נאָמען פון פּרעזידיום: די חברים ד"ר אָסקאַר כהן און ערנסט טאָלער האָבן זיך גע-ווענדעט צום פּרעזידיום און געמאָלדן, אַז זיי זענען באַפולמעכטיקט צו דער-קלערן אין נאָמען פון דער פראַקציע פון די לינקע פועלי-ציון, אַז די לעצטע איז גרייט זאַכלעך מיטצואַרבעטן אינם קאָנגרעס אויף דעם באַזיס פון זייער פּראָגראַם. דאָס פּרעזידיום האָט דידאָזיקע דערקלערונג מיט צופרידנקייט גע-נומען צו קענטעניש, די לינקע פועלי-ציון-דעלעגאַטן האָבן באַקומען זייערע דעלעגאַטן-קאַרטן און דערמיט איז דער ענין דערליידיקט.

אין פּרעזידיום ווערט נאָך צוגעוויילט חבר זרובבל (לינקע פועלי-ציון), וועלכער פאַרנעמט זיין אָרט ביים פּרעזידיום-טיש.

ח"מ. ערעם (לינקע פועלי-ציון) גיט דאַן אָפּ אַ

### דערקלערונג פון די לינקע פועלי-ציין

אַריינקומענדיק צוריק אין זאַל פון קאָנגרעס, האַלטן מיר פאַר אונזער פליכט צו דערקלערן:

1) עס איז געשעען אַן אומדערהערטע זאַך: די גאַנצע פראַקציע לינקע פועלי-ציון, וועלכע איז געקומען צום קאָנגרעס אין אויפטראַג פון העכער 20 טויזנט ייילער, און וועלכע פאַרטרעט ווייטערדיקע צענדליקער טויזנטער יידי-שע אַרבעטער אין גאַר דער וועלט, איז נישט צוגעלאָזן געוואָרן צום קאָנגרעס. די אָרדנער איז געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדנונג אָפּצונעמען ביי די געוויילטע דעלעגאַטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט די דעלעגאַטן-קאַרטן.

2) מיר שטעלן פעסט, אַז דידאָזיקע האַנדלונג איז אַן אומדערלאָזבאַרע נאָך מער דערפאַר, ווייל זי איז דורכגעפירט געוואָרן דורכן ועד-הפועל פון דער הסתדרות וועלכער האָט דערצו נישט געהאַט קיין שום רעכט. מיטן מאָמענט ווען דער קאָנגרעס איז זיך צונויפגעקומען, איז ער דער איינציקער סוווערעני

און נאָר דער קאָנגרעס גופא קאָן באַשליסן, ווער עס האָט אַ רעכט אין אים זיך צו באַטייליקן. מיר הייבן אויף קעגן דער האַנדלונג פון ועד־הפועל פון דער הסתדרות דעם שאַרפסטן פראָטעסט.

3) די פראַקציע לינקע פועלי־ציון דערקלערט, אַז איר נעכטיקע שאַרפע אַרויסטרעטונג קעגן דער העברעישער דערעפענונג פון קאָנגרעס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פאַר די רעכט פון דער שפּראַך פון די יידישע פאָלקסמאַסן. אין אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטער־קאָנגרעס מוז אַכטן די רעכט פון די יידישע מאַסן און מוז דערעפנט ווערן אין יידיש.

4) צום וועלט־קאָנגרעס פון די יידישע אַרבעטער פאַרן אַרבעטנדן א"י איז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער יידישער בורזשואַזיע, נחום סאָקאָלאָוו. די פראַקציע לינקע פועלי־ציון האָט געהאַלטן פאַר איר פליכט צו מאַניפעסטירן איר שטענדיקע קעגנערשאַפט צו יעטוועדער קאָאַליציע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט מיט דער יידישער בורזשואַזיע דורך דעמאָנסטראַטיוון פאַרלאָזן דעם זאַל.

5) די פראַקציע לינקע פועלי־ציון דריקט אויס איר עמפּערונג קעגן די אומדערהערטע באַליידיקונגען פון דער פראַקציע מצד חבר שיפּליאַקאָוו. דער פאַקט, וואָס דער פאָרזיצער האָט נישט געפונען פאַר נייטיק, אין געהעריקן מאָמענט, צו רעאַגירן אויף דידאָזיקע באַליידיקונגען, האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געמוזט אַרויסרופן אַ שטורמישע רעאַגירונג פון דער פראַקציע.

6) די פראַקציע לינקע פועלי־ציון וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ די אינסינואַציעס, אַז זי איז געקומען צום קאָנגרעס מיטן ציל אים אויפצורייסן. זי שטעלט פעסט, אַז איר וואַל־פלאַטפאָרם בילדעט דעם יסוד פאַר איר אַרבעט אויפן קאָנגרעס און דערקלערט, אַז זי וועט די קאַמפּס־לאָזונגען פון דער קלאַסנבאַוואוסטזיניקער יידישער אַרבעטערשאַפט אַנטשידן פאַרטיידיקן.

פאָרזיצער חבר ד. בן־גוריון: איך האָב שוין דערקלערט, אַז נאָך דעם ווי די פראַקציע לינקע פועלי־ציון האָט זיך פאַרפליכטעט זאַכלעך מיטצואַרבעטן, איז דער קאָנפליקט דערליידיקט. איך מוז אָבער אָפּוואַרפן די באַהויפּטונג, אַז עמעץ זאָל האָבן צוגעשריבן די לינקע פועלי־ציון די כוונה אויפצורייסן דעם קאָנגרעס, ווייל ס'איז נישטאָ קיין כוח, וואָס זאָל דאָס קאָנען באַווייזן.

דער פאָרזיצער ערטיילט דאַן דאָס וואָרט דעם

ח' מאָרים פיינסטאַון (דעלעגאַציע פון צפון־אַמעריקע):

חברים! איך גיב אייך איבער אַ וואַרעמען גרוס פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן פון גרויס־ניו־יאָרק, אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע נעמט אַריין אין זיך איבער צוויי הונדערט טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

נאָך מיט זיבן יאָר צוריק האָבן די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן באַקעמפט דעם ציוניזם. יעדער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז באַטראַכט געוואָרן פון אונז אַלס שאָוויניסטישע אידעע, וועלכע צילט צו שפּאַלטן די מענטשהייט און שטערט דעם וואוקס פון סאָציאַליזם צווישן די גרויסע אַרבעטער־מאַסן.

מיר האָבן געגלייבט זייער שטאַרק, אַז שנעל וועט קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און די פאַרווירקלעכונג פון דעם סאָציאַליזם. דאַן וועלן פאַרשווינדן פאַרשידענע נאַציעס און עס וועט געבוירן ווערן אַ גרויסע נאַציע — — די אַלגעמיינע מענטשהייט. עס איז אָבער געקומען די וועלט־מלחמה, יעדע נאַציע איז געקומען צום אויסדרוק. עס זענען אַרויפגעשוואומען אויף דעם האָריזאָנט נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און שטרעבונגען. דער אינטערנאַציאָנאַל איז פאַרשוועכט געוואָרן — — ער האָט זיך געשפּאָלטן. מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די באַזונדערע פּאָזיציע פון דעם יידישן אַרבעטער.

מיט זיבן יאָר צוריק האָבן מיר דערהאַלטן אַן איינלאַדונג פון דער „הסתדרות״, אין וועלכער זיי האָבן אונז געבעטן זיך צו באַקענען מיט דער אַרבעט און די שטרעבונגען פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן די איינלאַדונג אָנגענומען און גאָר גיך זיך איבערצייגט, אַז די „הסתדרות״ דער־ציט די מאַסן צו אַ הויכער מדרגה פון קלאַסן־סאָלידאַריטעט און אינטערנאַציאָ־נאַלער פאַרברידערונג. זי איז אַ ריין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע און ברענגט אַריין דעם סאָציאַליזם אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

אין דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט אין דער שיינער סאָציאַליסטישער אַרבעט פון דער „הסתדרות״, האָבן מיר אינדאָסירט די אַר־בעט פון דער „הסתדרות״ און אונטערגענומען צו אָרגאַניזירן דעם געווערקשאַפטן־קאָמפּיין פאַר דעם אַרבעטנדן ארץ־ישראל. עס איז אונז געלונגען צו פאַראינ־טערעסירן אין דער אַרבעט אַ גאַנץ גרויסן טייל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. כמעט אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אַן די געווערק־שאַפטן, זענען אַ טייל פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קאָמיטעט. ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דעם געווער, שאַפטן־קאָמפּיין זענען געווען פאַרטראָטן איבער 700 דעלעגאַטן פון 233 שטעדט און 33 שטאַטן אין אַמעריקע. ביז איצט האָט אונזער קאָמיטעט געשאַפן דריי פערטל מיליאָן דאָלאַר צו שטיצן די אונטערנעמונג פון דער „הסתדרות״ אין א״י.

חברים, איך האָב דאָ געהערט מיינונגס־פאַרשידנקייטן און אויך פּראַקטיאָ־נעלע רייבונגען. אויך ביי אונז זענען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנקייטן און פּראַקטיעס, אָבער אין דער אַרבעט צו העלפן די „הסתדרות״ זענען אַלע, וואָס זענען אַן אונז אָנגעשלאָסן, איינ"ק. איין ריכטונג און איין געדאַנק האָט אונז באַהערשט: צו שטיין מיט דער „הסתדרות״ און איר שאַפנדיקן כוח. אין דעם זין האָבן מיר באַזייטיקט מיינונגס־פאַרשידנקייטן אום צו געבן אַ מעגלעכ־קייט דער „הסתדרות״, אַז זי זאָל קאָנען ווירקן און שאַפן. דאָס איז, חברים, דאָס געפיל, וואָס הערשט איצט צווישן אונז, און מיר האָפן, אַז איבעראַל, וואו עס וועלן זיך צוזאַמענקומען אַרבעטער, וועלכע זענען סימפּאַטיש צו די שטרעבונ־גען פון דער „הסתדרות״, וועט אויך זיי באַהערשן דאָס געפיל און דער געדאַנק צו אַרבעטן צוזאַמען איינ"ק, און איבערגעגעבן צו שטאַרקן די האַנט פון דער „הסתדרות״, אום זי זאָל קאָנען דערגרייכן איר ענדציל און איר גרויסן אמת.

די געווערקשאַפטן האָבן זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט דער אַרבעט צו פאַרשפרייטן דעמדאָזיקן געדאַנק וועגן דער „הסתדרות" צווישן די יידישע אַרבעטער און דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער הסתדרות־געדאַנק האָט אויך אַריינגעדרונגען אין די רייען פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער און דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָף לייבאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אָקטאָבער 1929, איז דורך דער איניציאַטיוו פון די געווערקשאַפטן איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע דריקט אויס סימפּאַטיע און אַנערקענונג צו דער אַרבעט פון דער הסתדרות און איר שטרעבונג פאַר אַ נאַציאָנאַל יידיש היימלאַנד אין ארץ־ישראל.

פאַר מיין אַוועקפאָרן פון אַמעריקע האָב איך געשריבן צום פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָף לייבאָר, וויליאַם גרין, וועגן מיין מיסיע פון מיין רייזע און אָנגעפרעגט אים, אויב ער וואָלט געוואָלט שיקן אַ גרוס אין נאָמען פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג צו די יידישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל. אַלס ענטפער האָט ער מיר צוגעשיקט אַ מאַנדאַט, אויטאָראַזירנדיק מיך אין זיין נאָמען אַזאַ גרוס איבערצוגעבן. אין דעם מאַנדאַט דריקט ער אויס אין נאָמען פון זיין אָרגאַניזאַציע דעם וואונטש און האָפנונג, אַז די שטרעבונג פון דער הסתדרות זאָל רעאַליזירט ווערן און ער זאָגט צו יעדע מעגלעכע הילף אין דעם שווערן קאַמף, וואָס דער הסתדרות קומט אויס צו פירן פאַר אירע אידעאַלן און פאַר דער שאַפונג פון אַ יידישער היים אין ארץ־ישראל. די סימפּאַטיע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָף לייבאָר מיינט די סימפּאַטיע נישט נאָר פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר פון דער גאַנצער אָפיציעלער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע — — — פון נישט יידן אַזוי גוט ווי יידן.

מיר האָבן איצט געהאַט דאָס גליק צו זיין אין ארץ־ישראל און צו זען מיט אונזערע אויגן דעם אויפבוי פון לאַנד. די אַרבעט איז אַ שווערע, אַ ביטערע, אָבער אין דער זעלבער צייט ווערט זי געטראָגן מיט גרויס ליבע און מיט געזאַנג. מען זינגט און מען בויט. די קינדער, וואָס ווערן דאָרט דערצויגן אין גייסט פון אַרבעט, זינגען צוזאַמען מיט זייערע עלטערן דאָס ליד פון אַרבעט און פון שאַפונג, און אַלע צוזאַמען בויען מיט איין געפיל און מיט איין געדאַנק: צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ נייע יידישע געזעלשאַפט אויף דעם פונדאַמענט פון אַרבעט און פון סאָציאַליסטישן יושר. זאָל דאָס זעלבע געפיל אויך באַהערשן דעם קאָנגרעס אין אונזער ווייטערער אַרבעט. מיט די ווערטער באַגריס איך אייך אין נאָמען פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן, און איך האָף, אַז דער קאָנגרעס וועט אַרויסברענגען גרויסע רעזולטאַטן פאַר דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

**יוסף שלאָסבערג: 40 יאָר ייד. אַרבעטער-באַוועגונג אין אמעריקע**

חברים! איך האָב נישט גערעכנט, אַז איך וועל דאַרפן פאַרנעמען אייער צייט מיט מיין רעדע. איך בין געקומען פון אַמעריקע הויפּזעכלעך צו הערן און צו לערנען, נישט רעדן. מיר אין אַמעריקע האָבן אַ געוואַלטיק גרויסן אינטערעס אין דער אַרבעט, וואָס ווערט געטון אין דער אַלטער וועלט, און מיר ווילן דורך באַרירונג מיט אייך דערגיין און פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט און שאַפט זיך. איך האָב נישט דערוואַרט צו זיין אַ רעפערענט, אָבער דער פאָר-זיצער האָט מיך אויפגעפאָדערט צו רעדן. איך האָף, אַז די דיסקוסיע פון דעם קאָנגרעס וועט דורכגעפירט ווערן אין אַלע פּרטים און איך וויל איצט געבן אַ ביישפּיל, פאָלגן דעם פאָרזיצער און רעדן.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, האָט מען מיך געפרעגט צו וועלכער פראַקציע איך געהער. און דעם פרעגער האָט געמוזט זיין אַ גרויס וואונדער, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך געהער נישט צו קיין שום פראַקציע.

מיינע פריינט, איך בין נישט געקומען פון קיין פראַקציע, און נישט צו קיין פראַקציע. מיינע חברים פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע, און איך מיט זיי, זענען געקומען אַלס פאָרשטייער פון הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבע-טער, וועלכע האָבן אונז באַאויפטראַגט איבערצוגעבן זייער אַרבעטער-גרוס צו די אַרבעטער אין ארץ-ישראל און אין די אייראָפּעאישע לענדער, נישט פרעגנ-דיק אויף קיין פּאַס, צו וועלכער פּאַרטיי איינער געהערט.

קומענדיק פון גרויסע אַרבעטער-מאַסן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן, נאַ-טירלעך, מיינונגס-פאַרשידנקייטן אין פאַרשידענע פראַגן, זענען אָבער פאַריי-ניקט און העלפן דער אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל, איז עס געווען אַ האַרצווייטיק צו דאַרפן דערקלערן דאָ, אויף דעם וועלט-קאָנגרעס פון יידישע אַרבעטער, אַז מיר אידענטיפיצירן זיך מיט אַ באַשטימטער פראַקציע. אונזער „פראַקציע", חברים, איז די גאַנצע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל. מיר שטעלן נישט קיין פאָדערונגען; מיר ברענגען אייך הילף. מיר האָבן אַזוי פיל געליטן פון פראַקציעס, אַז מיר ווילן שוין דאָס וואָרט מער נישט הערן. מיר ווילן אַ פאַראייניקטן אַרבעטער-קלאַס.

איך בין פאַרבונדן מיט איינער פון די גרעסטע געווערקשאַפטן אין אַמע-ריקע, מיט דער שניידער-געווערקשאַפט פון מענער-באַקליידונג — אמאַלגעמייטעד קלאָדהינג וואָרקערס אָף אַמעריקע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע נעמט אַרום נאָענט צו 30 נאַציאָנאַליטעטן. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז די גאַנצע אָרגאַני-זאַציע נישט אימשטאַנד זיך אָפיציעל צו באַטייליקן אין אונזערע צוזאַמענפאָרן, אָבער יידישע טיילן פון דער אָרגאַניזאַציע באַטייליקן זיך אין די צוזאַמענפאָרן פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער-קאָמיטעט פאַר ארץ-ישראל. צוזאַמענפאָרן פון דער אמאַלגעמייטעד זענען באַגריסט געוואָרן פון פאָרשטייער פון דער הסתדרות. חבר בן-צבי האָט אַדרעסירט אונזער צוזאַמענפאָר אין יאָר 1926, אין מאָנטרעאַל; ד״ר אַרלאָזאָראָוו, אין יאָר 1928, אין סינסינאַטי. חבר יוריס איז געווען אויף אונזער צוזאַמענפאָר אין טאָראָנטאָ, אין יאָר 1930.

פון דעם וועט איר האָבן אַ באַגריף פון די סימפּאַטיעס, אפילו מצד דער נישט יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, פאַר די אַרבעטער אין ארץ־ישראל. די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע פאַרנעמט אַ גרויסן פּלאַץ ביי אונז. עס איז אַן אינטערעסאַנטער פאַקט, וואָס די צוויי סאָציאַליסטישע פאַרטרעטער, וואָס זענען געוויילט געוואָרן צום אַמעריקאַנישן קאָנגרעס (פּאַר־לאַמענט) אין די פריערדיקע יאָרן, זענען ביידע געווען יידן — וויקטאָר בערגער און מאיר לאָנדאָן. דער ערשטער איז נישט געווען טעטיק אין יידישע אָנגעלעגנהייטן, אָבער דער צווייטער איז געווען זייער טעטיק.

די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די אַלע בלאָנדזשענישן אין דעם מדבר, האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין לאַנד מיט אַ 40—45 יאָר צוריק, נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, נאָך דעם געזעץ פון דער טשערטאַ. זיי האָבן גענומען אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע אין גרויסע מאַסן, כדי צו געפונען אַ פּלאַץ, וואו צו לעבן רואיקער און פרייער.

ווען איך בין דורכגעפאָרן פאַריז פאַריקע וואָך און זיך צוגעקוקט צו דעם דאָרטיקן יידישן לעבן, האָב איך דאָרטן געפונען אַן אָפּשפּיגלונג פון אונזערע אַמעריקאַנער דערפאַרונגען פון 40 יאָר צוריק. איך בין געווען איי־נער פון די, וואָס זענען פון די ערשטע געקומען קיין אַמעריקע און דערי־בער איז מיר די לאַגע אַזוי גוט באַקאַנט. איך האָב זיי געזאָגט אין פאַריז, אַז אונזער לאַגע אין איצטיקן אַמעריקע, איז וואָרשיינלעך אַ שפּיגל פון זייער צוקונפטיקער לאַגע. נאַטירלעך, האָף איך, אַז זיי וועלן די זאַך בעסער מאַכן. ווען מיר זענען געקומען קיין אַמעריקע, זענען מיר אַריינגעפאַלן אין אַ פּלאַץ, וועמענס פירונג און שפּראַך עס זענען אונז לחלוטין פרעמד געווען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום באַרירונג מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. די, וואָס האָבן צו יענער צייט איינגעוואַנדערט — מיט דעם אויסנאַם פון אייניקע אינ־טעליגענטן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַווע־גונג אין רוסלאַנד — האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף פון עפנטלעכער פּאָליטי־שער טעטיקייט. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער אַלטער היים אין די קליינע שטעטלעך און דעם געטאָ, אַריינגע־וואָרפן געוואָרן אין אַ שרעקלעכן קעסל־גרוב און געמוזט דאָרטן פאַר זיך אַליין געפינען אַ וועג. זייער ערשטע שולע איז געווען דאָס, וואָס מען רופט אין אַמעריקע דער „סוועטשאָפּ", שוויץ־ווערקשטאַט. זומער האָט מען דאָרטן גע־שוויצט און ווינטער געפרוירן. דאָס איז געווען איינע פון די ערגסטע דערפאַ־רונגען, וואָס דער אימיגראַנט האָט געהאַט אין זיין שווער אַרבעטער־לעבן.

אונטער דידאָזיקע באַדינגונגען, ווערנדיק עקספּלואַטירט אויפן ערגסטן אופן, האָבן מיר געמוזט איינאָרדענען אונזער לעבן אין דער נייער וועלט. מיר האָבן נישט געהאַט פון וועמען צו לערנען, ווייל דער אַמעריקאַנער אַר־בעטער איז אונז געווען פרעמד און ווייט. ער האָט געקוקט אויף אונז, ווי אויף אַריינדרינגלער, וועלכע זענען געקומען אַראָפּדריקן דעם אַרבעטס־לוין און מאַכן זיין לאַגע שווערער. די פאַבריקאַנטן פון דער קליידער־אינדוסטריע, וואו

די מייסטע יידישע אַרבעטער־אימיגראַנטן זענען געווען באַשעפטיקט, זענען געווען הויפטזעכלעך דייטשע יידן. זיי זענען געקומען אין אַמעריקע פריער פון אונז, מזרח־יידן. זיי זענען געקומען מיט מער דערפאַרונג, מיט סוחרישע קענטענישן, מיט שולונג און אויך מיט געלט, וואָס מיר האָבן פון דעם גע־טאָ נישט געקאָנט מיטברענגען. און אַזוי איז געווען נישט נאָר אַן עקאָנאָמישער אָפּגרונט צווישן די אַרבעט־געבער און די יידישע אַרבעטער, נאָר אויך אַ טי־פער סאָציאַלער אָפּגרונט. מען קאָן זיך דערפון פאָרשטעלן די שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן געמוזט דורכמאַכן.

צווישן די יונגע יידישע אימיגראַנטן האָט זיך אַנטוויקלט פיל ענטוי־זיאַזם. דאָס איז געקומען נישט בלויז דערפון, וואָס אונטערדריקטע אַרבעטער האָבן געשטרעבט צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, נאָר אויך פון דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבן געפונען פרייהייט און רעכט, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט אין דער אַלטער היים: די מעגלעכקייטן זיך צו פאַרזאַמלען אין זאַלן אָן שטע־רונג פון דער פּאָליציי, רעדן וועגן אונזערע אינטערעסן אין באַשליסן וואָס צו טון, און די פרייהייט אַרויסצוגעבן אָן צענזור צייטונגען אין אונזער שפּראַך און באַהאַנדלען אונזערע אַרבעטער־ענינים. די יידישע סאָציאַליסטישע אינטע־ליגענטן, וואָס זענען דאַן געקומען קיין אַמעריקע, האָבן געפונען צווישן די איינגעוואַנדערטע יידישע אַרבעטער אַ פּלאַץ, וואו זיי האָבן געקאָנט געבן אויס־דרוק צו זייערע אידעען און געפילן. אַזוי האָט זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט פון ערשטן טאָג אָן גענומען בויען סאָציאַליסטיש. אין דער אַלטער היים האָבן די יידישע אַרבעטער נישט געוואוסט פון סאָציאַליזם, אָבער אין אַמעריקע איז זייער לאַגע געווען אַזאַ, אַז די טעטיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען דורכאויס סאָציאַליסטיש. דאָס האָט אַוועקגעלייגט אַ שטעמפּל אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. עס האָט גענומען לאַנג ביז מיר האָבן זיך אויסגעלערנט די טעכניק פון קלאַסן־קאַמף. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו בויען געווערקשאַפטן, און נאָך ווי־ניקער, ווי אַזוי די אויפגעבויטע געווערקשאַפטן אויפצוהאַלטן. מיר האָבן גע־פירט שטרייקן. מיר האָבן פאַרלוירן און געוואונען שטרייקן. מיר האָבן פיל געקעמפט און פיל געליטן און אויך פיל דערגרייכט. האָבן מיר איצט אין אַמעריקע גרויסע געווערקשאַפטן פון יידישע אַרבעטער צוזאַמען מיט נישט־יידישע אַרבעטער.

נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 איז געקומען אין אַמעריקע אַ נייער טיפּ יידישער אַרבעטער. בעת די ערשטע איינוואַנדערער זענען געווען אַ רויער מאַטעריאַל פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, זענען די איינוואַנדערער, וואָס זענען געקומען נאָך 1905 שוין געווען סאָציאַליסטיש־אַנטוויקלטע אַרבע־טער. זיי האָבן געבראַכט אַן אויפלעבונג פון דעם סאָציאַליסטישן גייסט, פון רעוואָלוציאָנערן סענטימענט און שטרעבונג. דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלוס פאַר אונזער דעמאָלסדיקן לעבן אין אַמעריקע, ווייל עס האָט געהאָלפן אויפ־לעבן די יידישע אַרבעטער־מאַסן און שטאַרקן די געווערקשאַפטלעכע אָרגאַני־זאַציעס. זיי האָבן אָבער אויך געבראַכט מיט זיך אַ מינוס — די פּאַרטיי־

צאַנקערייען, וואָס זענען געווען פּראָדוקטן פון דער אַלטער וועלט, נישט פון דעם אַמעריקאַנישן באָדן. צוזאַמען מיטן אידעאַליזם האָבן די דאָזיקע יידישע אַרבעטער-אימיגראַנטן פון נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע מיטגעבראַכט זייערע פּאַרטיי-קריגערייען, וועלכע זיי האָבן פאָרגעזעצט אין אַמעריקע צום גרויסן שאָדן פון דער דאָרטיקער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. איך בין צו לאַנג אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, כּדי נישט צו וויסן ווי אַזוי עס שאַפן זיך פראַקציעס און זיי נישט צו פאַרשטיין. איך רעד אָבער ווי איינער, וואָס איז אויפגעוואַקסן אַלס יידישער אַרבעטער אין אַמעריקע, אין און מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג. איך קען גוט דאָס יידישע אַרבעטער-לעבן און אויך די אַרבעטער-באַוועגונג אין אַמעריקע, און איך זאָג אייך מיטן פולסטן באַוואוסטזיין: עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין אַמעריקע פאַר דעם באַגריף פון רעכטס און לינקס, ווי ער איז אַריבערגעבראַכט געוואָרן צו אונז פון אייראָפּע.

מען קאָן רעדן וועגן רעכטס און לינקס אין אַ לאַנד מיט אַ שטאַרקער אַרבעטער-באַוועגונג און מיט אַ באַדייטנדער אַרבעטער-פאַרטרעטערשאַפט אין פּאַרלאַמענט. אָבער אין אַ לאַנד, וואו די אַרבעטער האָבן נישט קיין איין פאַרטרעטער אין פּאַרלאַמענט, וואו די געווערקשאַפטן מוזן קומען בעטלען טובות ביי די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, וואו בלויז אַרום צען פּראָצענט פון די אַרבעטער זענען אָרגאַניזירט, און וואו דאָס שטרעבן צו שאַפן אַן אַרבעטער-פּאַרטיי איז שוין אַליין אַ רעוואָלוציאָנערע זאַך — ווי קאָן מען דאָ רעדן פון רעכטס און לינקס?

און איינע פון די זאַכן, וואָס זענען יאָרנלאַנג מיספאַרשטאַנען געוואָרן אין אַמעריקע, אַלס רעזולטאַט פון די אַריבערגעבראַכטע פּאַרטיי-קריגערייען, און צו וועלכער די גרויסע יידישע אַרבעטער-מאַסן אין אַמעריקע האָבן זיך באַצויגן מיט געהעסיקייט, איז געווען די פראַגע פון ארץ-ישראל. ארץ-ישראל און רעאַקציע זענען געווען סינאָנימען, און נאָך מער ווי סינאָנימען: עס איז געווען אַ באַזונדערע פיינטשאַפט, וואָס וואָלט נישט אַרויסגעוויזן געוואָרן אפילו צו אַ רעאַקציאָנערער טעטיקייט אין אַן אַנדער לאַנד. יאָרנלאַנג זענען מיר געשטאַנען ווי פאַר אַ שטיינערנער וואַנט. מיר זענען געווען אונטער אַ חרם, אָבער די וואַנט איז ענדלעך דורכגעבראָכן געוואָרן.

אין יאָר 1918 האָבן פאָרשטייער פון יידישע אַרבעטער צוזאַמענגערופן אין ניו-יאָרק אַן אַרבעטער-קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל. דער קאָנגרעס האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. אַ טייל פון אונז האָבן געזען די זאַך ווי אַן ענין, וואָס דאַרף ווערן אַ גרויסע פאָלקס-זאַך, מחוץ און איבער די פּאַרטיי-גרעניצן. מיר האָבן געפּרוווט דורכפירן דעם געדאַנק אויף דעם קאָנגרעס. אָבער דער דאָזיקער געדאַנק איז נאָך דעמאָלט געווען צו ניי און דער האַס קעגן ארץ-ישראל-אַרבעט, אפילו צו דער אַרבעטער-באַוועגונג דאָרטן, איז געווען צו שטאַרק, אַז מיר זאָלן קאָנען גלייך פון אָנפאַנג אָן צוטרעטן צו קאָנסטרוקטיווער אַרבעט. אין די געלט-זאַמלונגען, וואָס מיר האָבן אונטערגענומען, איז דאַן דער אָנטייל פון די יידישע אַרבעטער געווען זייער אַ קליינער.

אָבער מיר האָבן דאָך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זעען, אַז מיט יעדן יאָר, וואָס עס פלעגט קומען צו אונז אַ דעלעגאַציע פון דער ארץ־ישראלדי־קער אַרבעטערשאַפט, האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, וואָס האָבן מקבל פנים געווען די דעלעגאַציע, באַזוכט די פאַרזאַמלונגען, געבראַכט זייערע געלט־באַטראַגן. די זאַמלונגען און פאַר־זאַמלונגען זענען געשטיגן און געוואַקסן פון יאָר צו יאָר, ביז מיר האָבן דערגרייכט צו דער איצטיקער שטופע. עס איז פאַרווירקלעכט גע־וואָרן אונזערס אַ גרויסע האָפנונג. און דאָס, חברים, איז געשעען אין משך פון נאָר עטלעכע יאָר. די טעטיקייט פאַר דער אַבעטער-באַוועגונג אין א״י איז געוואָרן אַ פאָלקס־זאַך ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקאַ, און שפּעטער איז אויך פאַרווירקלעכט געוואָרן דער צווייטער טייל פון אונזער האָפנונג: אַן אָפיציעלע פאַרטרעטערשאַפט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע איז געשיקט געוואָרן צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א״י.

אין אָנפאַנג, ווען עס זענען געקומען די ערשטע אַרבעטער־דעלעגאַטן פון ארץ־ישראל, האָבן די יידישע אַרבעטער־מאַסן געקוקט אויף זיי, ווי אויף כמעט־מדע, און נאָך פיל ערגער, ווייל ווען אייגענע ווערן פרעמד, איז די פרעמד־קייט אַ ווייטיקדיקע. אָבער מיט דער צייט האָבן מיר זיי דערקענט ווי ברידער, וואָס זענען געקומען צו אונז צו גאַסט. זיי זענען אונז נאָענט געוואָרן, מיר האָבן זיי אויפגענומען און זיי האָבן גענאָסן פון אונזער כבוד. און שפּעטער איז געקומען אָפּצוצאָלן דעם וויזיט: אַמעריקע זאָל באַזוכן ארץ־ישראל, געניסן פון זייער כבוד און עס איז אונז דאַן נאָך וואַרעמער געוואָרן. און אַזוי איז אונזער דערנעענטערונג געגאַנגען שטענדיק פאָרווערטס, צו דער גרוי־סער צופרידנקייט פון די גרויסע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע.

חברים, פאַר אונז אין אַמעריקע, איז די אַרבעט פון דער הסתדרות נישט קיין פאַרטיי־פראַגע. מיר באַשעפטיקן זיך נישט מיט קיין זאַך, וואָס קאָן אונז צעשיידן אין דער אַרבעט. די שפראַך־פראַגע עקזיסטירט נישט פאַר אונז. העברעיש איז פאַר אונז אַ יידישע שפּראַך ווי יידיש. מיר, די מאַסן, פאַר־שטייען זי נישט, אָבער זי איז פאַר אונז אַ יידישע שפּראַך. וועגן דעם, וואָס אין א״י ווערט געפירט די טעטיקייט אין העברעיש, זאָגן מיר — איך רעד פון די, וואָס האָבן אונז אַהערגעשיקט -- דאָס איז די זאַך פון אונזערע חברים דאָרטן. זיי טוען די אַרבעט, זיי ליידן, זיי קעמפן, זיי בויען. אויב זיי ווילן בויען אויף יידיש, איז דאָס אויך זייער זאַך. און פאַרשטייט, חברים, אַז מיר, די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין אַמעריקע, האָבן אויך אַ שפראַכן־פראַגע, און דעריבער פאַרשטייען מיר די שוועריקייטן פון שפּראַך־פראַגן.

מיר יידישע, רוסישע, פוילישע, איטאַליענישע און אַנדערע אַרבעטער אין אַמעריקע, זענען פאַראייניקט דורך דער ענגלישער שפראַך, ווי ווייט זי איז די אָפיציעלע שפּראַך פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די פאַרשידענע נאַציאָ־נאַלע גרופּן באַנוצן, אויב זיי ווילן, זייערע אייגענע שפּראַכן אויף זייערע אייגענע פאַרזאַמלונגען. מיר דערלאָזן נישט, אַז די שפראַך־פראַגע זאָל אונז

צעטיילן אין אונזער געווערקשאַפטלעכער אַרבעט. און אַזוי דערלאָזן מיר אויך נישט, אַז זי זאָל אונז צעטיילן אין דער ארץ-ישראל-אַרבעט.

ארץ-ישראל פאַרנעמט איצט אַ וויכטיק אָרט אין דער וועלט-פּאָליטיק. דער ענין ווערט באַהאַנדלט פאַר דעם טריבונאַל פון די וועלט-הערשער, דער פעלקער-ליגע. עס איז אַ גליק, וואָס עס איז פאַראַן אין ארץ-ישראל אַ שטאַרק אָרגאַניזירטע אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס קאָן, אין דעם גרויסן געראַנגל, אַרויסזאָגן קלאָר און דייטלעך דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק און רעדן ווי אָרגאַניזירטע אַרבעטער צו אַרבעטער-באַוועגונגען פון דער וועלט. דאָס באַגייסטערט אונז. פאַר אונז, חברים, איז דער אידעאַליזם פון דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטער-באַוועגונג אַ הייליקייט, און דידאָזיקע הייליקייט ווערט פאַרשוועכט, ווען מען ברענגט אַריין די פּראַקטיאָנעלע שטערונגען. מיר האָבן באַוואונדערט אונזערע חברים אין ארץ-ישראל, ווען טראָץ גרויסע נסיונות, האָבן זיי זיך דאָך נישט געלאָזט מיטרייסן מיט דעם שאָוויניזם, דורך די טראַגישע פּאַסירונגען פון פאָריקן יאָר, און האָבן אויסגעהאַלטן די הויכע פּאָזיציע פון סאָציאַליסטישער אַרבעטער-סאָלידאַריטעט. מיר האָבן באַוואונדערט זייער דערקלערונג אין „דבר”, אַז די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג פירט חשבונות נישט מיט די פאַרפירטע אַראַבישע אַרבעטער-מאַסן, נאָר מיט זייערע פאַרפירער, אויף וועמען עס ליגט די שולד פאַר דאָס פאַרגאָסענע יידישע בלוט, און אַז די אַראַבישע מאַסן דאַרפן דורך אויפקלערונג געוואונען ווערן אַלס פריינט און מיטקעמפער. מיר זענען שטאָלץ אויף אונזערע חברים אין ארץ-ישראל. דעריבער רופן זיך די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין אַמעריקע אַזוי האַרציק אָפּ אויף דעם רוף פון דער ארץ-ישראל-אַרבעטערשאַפט. מיר ווילן איינקייט. מיר וועלן וואָרשיינלעך שטענדיק האָבן פּאַרטיי-אונטערשידן, אָבער מיר פילן, אַז אין דער איצטיקער אַרבעט קאָנען מיר זיין איניק. מיט אָט דעם וואָרט קומען מיר צו די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. דער גרויסער דערפאָלג פון אונזער אַרבעט באַווייזט, אַז מיר זאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט.

חברים, מיר אין אַמעריקע האָבן אַ סך אייגענע פּראָבלעמען. איינע פון זיי איז דאָס, וואָס יידישע אַרבעט-געבער ווילן נישט באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער, ווייל זיי זענען זייער טרייע געווערקשאַפטס-מיטגלידער. איך וויל אָבער דאָ נישט באַהאַנדלען אונזערע פּראָבלעמען. נישט דערפאַר זענען מיר אַהער געשיקט געוואָרן. און מיר קומען אויך נישט צום קאָנגרעס און אין ארץ-ישראל, כדי צו אונטערזוכן און קאָנטראָלירן אייער אַרבעט, כדי אויסצוגעפינען אויב דאָס געלט, וואָס ווערט געשיקט פון אַמעריקע, ווערט ריכטיק פאַרנוצט. מיר האָבן צוטרוי צו דער הסתדרות און דעריבער גיבן מיר אונזער הילף. מיר קומען אויך נישט אין דער אַלטער וועלט ווי אין אַ מוזעאום אָנצוקוקן קוריאָזיטעטן. מיר קומען אַהער מיט אַ באַגריסונג פון יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע צו די יידישע אַרבעטער אין די פאַרשידענע לענדער, אויף דעם אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר. צו דער אַרבעטער-באַוועגינג אין ארץ-ישראל און צו אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואו מיר ווילן זיך נאָך מיט זיי באַגעגענען די פירערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם ליגט אין אַמעריקע, אָבער די פירער-

שאַפט פון אַרבעטער־קלאַס ליגט אין דער אַלטער וועלט. מיר פאַרפאָלגן דע־ריבער מיט דעם גרעסטן אינטערעס דעם גאַנג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די אַלטע לענדער. מיר זעען דאָס אויסוואַקסן פון אַ גרויסן אַרבעטער־כּוח, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דעם הערשנדן קלאַס. דאָס ברענגט אונז, אין דער נייער וועלט, גרויס פרייד און דערמונטערונג. אונזער באַציאונג צו אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס ווילן אַרבעטן מיט אונז צוזאַמען, איז ווי פון ברידער צו ברידער. און דאָס איז אויך אונזער באַציאונג צו דער אַרבע־טער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

פון די גרויסע יידישע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע ברענגען מיר אייך די באַגריסונג מיטן הארציקסטן וואונטש אויף דערפאָלג אין אייער אַרבעט.

מיר ברענגען אייך, חברים, דאָס וואָרט פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין אַמעריקע, וואָס זאָגט: אונזער האָפנונג פאַר ארץ־ישראל ליגט אויסשליסלעך נאָר אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט (שטאַרקע אָדאַציעס).

דער פאָרזיצער גיט דאַן דאָס וואָרט צו אַ באַגריסונג דעם חבר ג ו ד א ל, דעם ספּעציעלן דעלעגאַט פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט אין גענף, וועלכער איז געקומען קיין בערלין ערשט נאָך דער דערעפענונגס־זיצונג.

## חבר זשאַן גודאַל

(אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־אַמט, גענף, ווערט אויפגענומען מיט אַפּלאָדיסמענטן, רעדט פראַנצויזיש, די רעדע ווערט דאַן איבער־געזעצט דורך חבר מ. י אַ ר ב ל ו ם)

חברים! איך ברענג אייך די הערצלעכסטע גרוסן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־ביוראָ און באַזונדערס פון אונזער דירעקטאָר אַ ל ב ע ר ט ט אָ מ אַ, וואָס האָט מיר דיזאָזיקע מיסיע איבערגעגעבן. איך טו דאָס נישט נאָר בלויז ווי אַ חוב, נאָר טאַקע מיט גרויס פרייד.

אונזער אינטערנאַציאָנאַלער אַמט איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, ענג פאַרבונדן; און איז צופרידן פון דערדאָזיקער פאַרבינדונג; ציט גרויסע נוצן דערפון. א״י איז דאָס לאַנד פון אינטערעסאַנטע סאָציאַלע אַרבעטן, וואָס זענען ניי פאַר אונז און פון וועלכע מען קאָן אַ סך לערנען. דאָרטן זעען מיר דאָס זעלבשטענדיקע שאַפן פון אַרבעטער־קלאַס, מיט פערפעקציאָנירטע סאָציאַלע מעטאָדן פון אַרבעט, באַפרייענדיק זיך פון אַלטע טראַדיציעס, וואָס שטערן דער אַנטוויקלונג. און נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט פאַר אונזער אַמט: אין ארץ־ישראל האָבן מיר צוויי באַפעלקערונגען, וואָס שטייען אויף פאַרשידענע מדרגות פון אַנטוויקלונג, ווייט איינע פון דער צווייטער — וואָס פאַר אַ מאָדוס זאָל צווישן זיי געשאַפן ווערן אין די סאָציאַלע באַציאונגען? צי וועט איינער דעם צווייטן אַסימילירן? צי וועלן ביידע זיך באַזונדער אַנטוויקלען? פּראָבלעמען וויכטיקע,

אינטערעסאַנטע, פון וועלכע מען קאָן אַ סך לערנען, און אונזער אַמט פאַרפאָלגט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אַלע אייערע אַרבעטן און פרוון. מיר זעען די אומגעהייער גרויסע שוועריקייטן, וועלכע שטייען אייך אין וועג, און מיר זעען אויך, אַז אייער באַגייסטערונג און אידעאַליזם איז גענוג שטאַרק, כּדי גובר צו זיין דידאָזיקע שוועריקייטן און מיט דערפאָלג צו קעמפן.

נאָר אויב אונזער אַמט האָט אַ סך צו לערנען פון אייער זאַך אין א״י, קאָנט איר זיין זיכער, אַז ער וועט אייך זיין אויך נוצלעך. אין פעלקער־בונד, אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע ביים פעלקער־בונד, געפינען זיך פאָרשטייער פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־ביוראָ, און איר האָט דאָך געזען מיט וואָס פאַר אַן ערנסטקייט די מאַנדאַט־קאָמיסיע באַציט זיך צו די א״י־ענינים. מיט וואָס פאַר אַ אומפאַרטייאישקייט זי זאָגט דעם אמת. אין דערדאָזיקער קאָמיסיע האָט זיך באַטייליקט אונזערער אַ פאָרשטייער, וואָס האָט אויך געזאָגט זיין וואָרט אין דעמדאָזיקן ענין.

אונזער דעלעגאַט האָט אין דער קאָמיסיע געשטעלט אַ רייע פראַגן, וואָס זענען נוגע זיין געביט — דעם געביט פון אַרבעט -- און דאָס טוען מיר יעדעס מאָל, אויף יעדער סעסיע — מיר פרעגן דעם פאָרשטייער פון דער מאַנדאַט־מאַכט, וואָס ווערט געטון פאַר דעם געזעצלעכן שוץ פון אַרבעט? פרויען־אַרבעט, קינדער־אַרבעט, פאַרשידענע פאַרזיכערונגען. מיר הערן יעדעס מאָל דיזעלבע תּשובה פון דער מאַנדאַטאָר־מלוכה, וועגן די מניעות תּיכּף איינצופירן די נייטיקע געזעצן, נאָר מיר באַרואיקן זיך נישט און האַלטן זיך פעסט ביי אונזערע פאָדערונגען. און מיר קאָנען זאָגן, אַז עפּעס האָבן מיר דאָך שוין דערגרייכט — אַן אָנהייב פון סאָציאַלער געזעצגעבונג — די געזעצן פון יאָר 1927 וועגן פרויען־און קינדער־אַרבעט. איז דאָס גענוג? זיכער ניין. אַ סך איז נאָך געבליבן צו טון אויפן דאָזיקן געביט, און איך פאַרזיכער אייך. אַז דאָס אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס־ביוראָ וועט ווייטער אומעטום פאָרזעצן מיט ענערגיע איר אַרבעט — אויך אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע פון פעלקער־בונד, דורך דער מאַנדאַטאָר־מאַכט, און דאָס ביוראָ וועט אייך העלפן שאַפן אין לאַנד בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, שאַפן אַ רעזשים, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די איצטיקע באַדערפעניש; פון אַרבעטער־קלאַס פאַר ביידע טיילן פון דער ארץ־ישראל־באַפעלקערונג. איך האָף, אַז דערמיט וועלן מיר מיטהעלפן אייך צו שאַפן אַ רעזשים פון שלום צווישן אַלע איינוואוינער פון לאַנד, אַ שלום, וואָס איז נייטיק אין די אינטערעסן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, וועלכע דאַרף געבויט ווערן לויט די תּקנות פונם מאַנדאַט און לויט די התחייבותן פונם פעלקער־בונד.

אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט ביים פעלקער־בונד ווינטש איך אייך, אַז די אַרבעט פון היינטיקן קאָנגרעס זאָל זיין מיט גרויס דערפאָלג און שנעלער מאַכן די פאַרווירקלעכונג פון אייער גרויסן אידעאַל (אַפּלאָדיסמענטן).

חבר פּריטץ נפתּלי לייענט פאָר איניקע באַגריסונגס־בריוו, צווישן זיי דעם בריוו פון דער פּרייסישער רעגירונג. ער מאַכט דערביי אויפ־

מערקזאַם אויף דעם פאַקט, אַז אין דער פרייסישער רעגירונג זיצן סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דער געהתמעטער אויפן באַגריסונגס־בריוו איז אַ פּאַרטיי־חבר און אויך דער פאָרשטייער פון דער פרייסישער רעגירונג אויפן קאָנגרעס איז אַ פּאַרטיי־חבר (אַלע באַגריסונגס־בריוו ברענגען מיר אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, נאָך דער ערשטער דערעפענונגס־זיצונג).

## דאָס יידישע וואַנדערונג פּראָבלעם און ארץ־ישראל

### רעפעראַט פון ח' משה ערעם

איך וויל אייך דאָ נישט פאַרמאַטערן מיט אַ האָגל ציפערן, וועלכע זאָלן אויסן זיין צו ווייזן בקיאות פון רעפערענט אין סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן. נישט קיין סטאַטיסטיש האַנטבוך וויל איך דאָ פונאַנדערוויקלען, נאָר אָנמערקן עטלעכע פּראָצעסן פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כאַראַקטער, וועלכע בילדן דעם היינט און מאָרגן פון דעם יידישן עמיגראַציע־פּראָבלעם.

עס איז קודם־כל נייטיק פעסטצושטעלן די וואָרצלען פון דער יידישער וואַנדערונג. זיי ליגן נישט בלויז אין יידישן לעבן. בעסער געזאָגט, אפילו די ספּעציפישע מאָמענטן פון דער יידישער עקאָנאָמיק זענען אַ רעזולטאַט פון דעם הערשענדן פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן סיסטעם אין דער וועלט. דאָס איז דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם. דעריבער האָבן אַזאַ קנאַפּן ווערט אַלע מיטלען און פּאַליאַטיוון, אַלע תרופות און עצות, וועלכע מען זוכט פלייסיק אויס אין די פאַרשידענע כלל־טוערישע אינסטיטוציעס לגבי דער יידישער אויסוואַנדערונג. זיי באַרירן נישט דעם תּוך, דעם קאַמף קעגן דעם מקור פון בייז — קעגן דעם קאַפּיטאַליזם. אוודאי קאָן אָט־אָ דער קאַמף נישט משפּיע זיין גרינטלעך און עפעקטיוו אויף דער לאַגע פון עמיגראַנט, דעם יחיד. מיר האָבן אָבער דאָך אין זין דעם עמיגראַציע־פּראָבלעם, אַלס אַ געזעלשאַפטלעכן פּראָבלעם און נישט קיין פּראָבלעם פאַר וואוילטעטיקייט.

קוקט זיך צו ווי אַזוי נישט בלויז די ווירטשאַפטלעכע פּראָצעסן פון קאַפּיטאַליזם, נאָר אויך אַ ריי פּאָליטישע מאָמענטן פון דער הערשנדער אָרדנונג און פון די הערשנדע שיכטן באַשטימען דעם גורל, די אויסזיכטן און פּערספּעקטיוון פון דער יידישער עמיגראַציע, דאַן וועט אייך ווערן קלאָר פאַרוואָס דער קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, דער קאַמף פאַר איינגלידערן דאָס יידישע עמיגראַציע־פּראָבלעם אין דעם אַלגעמיינעם קאָמפּלעקס פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־פּראָבלעמען איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט, איז די איינציקע ווירקלעך היסטאָרישע רעאַליטעט.

נאָך מער: די רעזערוון פון דער יידישער עמיגראַציע, הן די פּאָטענציעלע, וועלכע בלייבן אויף די ערטער צוליב דער אוממעגלעכקייט אויסצוגעפינען אַן אימיגראַציע־פּלאַץ, הן די, וועלכע לאָזן זיך אין וועג און באַקומען אַ נייעם געאָגראַפישן אָנשפּאַר־פּונקט — אָט די רעזערוון ווערן שוין

היינט צוטאָג נישט קיין פּ אַ ס י װ ע רעזערוון, נישט קיין פּאָרמלאָזער, גע־שיכטלעכער מאַטעריאַל, װאָר אַ ברויזנדיק מאַסע, װאָס דערקענט דורך איר פּיין און נויט איר טיפן אינטערעסן־קעגנזאַץ צום ק אַ פּ י ט אַ ל י ז ם.

װעלכע זענען עס די װיכטיקסטע פּראָצעסן פון דער יידישער עמיגראַציע ?

א) די פראַגע װעגן די פּאָטענציעלע קרעפטן פון דער יידישער עמיגראַציע ; ב) די ריכטונג פון דער יידישער עמיגראַציע ; ג) די סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעסן פון דער יידישער איינוואַנדערונג ; ד) די ראָל און װירקונג פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין א״י.

1) ד י פּ אָ ט ע נ צ י ע ל ע ק ר ע פ ט ן פ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ע מ י ג ר אַ צ י ע ; נאָר עטלעכע געציילטע טרוקענע ציפערן אַלס אילוסטראַציע.

פאַרן פעריאָד 1927—1899 זענען קיין אַמעריקע איינגעוואַנדערט 1,869.000 יידן, װאָס מאַכט אויס 10 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער װעלט־עמיגראַציע. דער־מאָנען מיר זיך די צאָל־פּראָפּאָרץ פון די יידן אין דער באַפעלקערונג אין דער גאַנצער װעלט אָדער אפילו, לאָמיר זאָגן, נאָר אין אייראָפּע, װערט אונז ערשט קלאָר, װאָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער אונטערשיד עס איז צווישן די יידישע עמיגראַציע־באַדערפעינישן און אַלגעמיינע. דאָס װאָלטן געמעגט גוט, גוט זיך איינחזרן אין קאָפּ אונזערע יעװסעקעס, װעלכע קומען אָפּ מיט דער גראַמאַפאָן־פראַזע „אומעטום זענען דאָ עמיגראַנטן". עס קאָן אויך דינען אַלס מוסר השכל פאַר דעם גאַנצן שיכט געוועזענע פּאַרטיי־לייט און געוואָרענע כלל־טוער, װעלכע היילן „דאָס פאָלק" מיט האָמעאָפּאַטישע דאָזעס פון זאָרגפעליקער סילמוטראַפּיע.

נאָך אַ פּאָר ציפערן : אויף יעדע 10.000 מאַן באַפעלקערונג מאַכט אויס :
אין פעריאָד פון 24—1920 — 33 יידישע עמיגראַנטן ; 0,12 רוסישע ; 1,8 פּוילישע.

אין יאָר 27—1925 — 5 יידישע ; 0,02 רוסישע ; 1,5 פּוילישע ; 0,8 רומענישע.

אָט װי גרויס און ספּעציפיש איז די יידישע איינוואַנדערונגס־נויט און אָט װי קאָלאָסאַל מען האָט זי צונויפגעפּרעסט און פאַרקלעמט אין משך פון עטלעכע יאָר. די סיבות זענען : ראַציאָנאַליזירונג פון דער װירטשאַפט, פּערמאַ־נענטע איבערפּראָדוקציע, פאַרקלענערטע קאָנסומענטן־קראַפט, ליקווידאַציע פון די קליינע פאַרמיטלונגס־פונקציעס, קאָנצענטראַציע פון די אונטערנעמונגען, הויכע טעכניש־װירטשאַפטלעכע באַזיס, װאָס צעברעכט דעם האַנטווערקער.

אין די יידישע מאַסן־ישובים : פּוילן, ליטע, רומעניע קומען נאָך צו נייע מאָמענטן : די נאַציאָנאַלע קאָנסאָלידאַציע נאָך דער װעלט־מלחמה האָט דערהויבן דעם אָרטיקן קליינבירגער־שיכט צו אַ מדרגה פון אַ ה ע ר ש ע נ ד ן מלוכה־שיכט. דער אייביקער קאָנקורענט פון דעם יידישן קרעמער, הענדלער, בעל־מלאכה האָט באַקומען די הילף פון מלוכה־אַפּאַראַט. גייען דעריבער שאַרף אָן, װי נאָך קיינמאָל נישט, די אַרויסשטויסונג־און איזאָלאַציע־פּראָצעסן אין די לענדער פון די יידישע מאַסן־ישובים. און צוליב דעם װאָס מ׳האָט אָן נישט

בלויז אומגעהייערע רעזערוו־מאַסן פאַר דער איינוואַנדערונג, נאָר אויך נייע אומשיכטונגס־פּראָצעסן אין דער איינוואַנדערונג גופא.

2) סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעסן: פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג שטייט דעריבער נישט בלויז דאָס געאָגראַפישע פּראָבלעם: וואוהין? נאָר אויך דאָס סאָציאַל־עקאָנאָמישע: וואָס צו טון? דער איבערגאַנג צו די ערשטראַנגיקע אַרבעט־צווייגן, צו דער לאַנדווירטשאַפט, צו דער אינדוסטריע, דאָס איבערקוואַליפיצירונג־פּראָבלעם ווערט אַ ברענענדיקע נויטווענדיקייט. און דער „החלוץ" איז געקומען אַלס ענטפער אויף אָט דעם אָביעקטיוון דראַנג. ערשט אויף זיין יסוד איז אויסגעוואַקסן די גאַנצע ווייטערדיקע „החלוץ"־אידעאָלאָגיע.

אָט די נייע אומשיכטונג איז אָבער אוטאָפּיש צו לעזן אין וועלכן נישט איז היינטיקן מאָסשטאַב אין די היינטיקע יידישע מאַסן־ישובים. די אַרויסשטויסונג־פּראָצעסן פון קאַפּיטאַליזם קאָן מען נישט היילן מיט קיין שום פאַכשולן, און קיין שום רעגירונגס־אינטערווענצן וועלן דאָ נישט העלפן.

3) די ריכטונג פון דער יידישער עמיגראַציע: בלייבן ביידע עלעמענטן פון דער יידישער עמיגראַציע נישט געלעזט און זוכן סטיכיש אַ וועג, אַ ציל און אַ ריכטונג. איצטער איז שוין קלאָר, אַז נישט די אינדוסטריעל־קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועלן און קאָנען זיין די אויפנאַם־פעלצער פון דער יידישער עמיגראַציע. אין היינטיקן קאַפּיטאַליסטישן פּעריאָד, וועלכער צייכנט מיט זיך די אַנטשידענע קאַפּיטאַליסטישע ירידה־ליניע, ווען עס הערשן פּערמאַנענטע עקאָנאָמישע דעפּרעסיעס, ווען דער פּאָליטישער אַפּאַראַט פון דער ראַציאָנאַליזירטער ווירטשאַפט מאַכט אַ סוף צו אָט די אַזוי גערופענע „ווירטשאַפטלעכע שפּאַלטן", וואו עס האָט גענעסטיקט די טראַדיציאָנעלע יידישע עקאָנאָמיק — אין היינטיקן פּעריאָד איז שוין נישטאָ וואָס צו טראַכטן וועגן אָט די איבערגעזעטיקטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַלס קאָנטיקע אימיגראַציע־צענטערן. נישט בלויז די יידישע, נאָר אויך די אַלגעמיינע עמיגראַציע פאַרקירעוועט זיך אַלץ מער אין אַנדערע ריכטונגען.

די אַלגעמיינע עמיגראַציע, וואָס באַשטייט אין איר גרעסטער טייל פון די פויערישער־און אַרבעטער־עמיגראַציע, געפינט אַן אָפּזאַץ אין די לענדער מיט אַ ברייטער אַגראַר־ווירטשאַפט, ווי: אַרגענטינע און קאַנאַדע, וואו דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל פאַרלייגט (מיט דער הילף פון קאָלאָסאַלע אינוועסטיציעס, מיט דער הילף פון אַ הויכן טעכנישן באַזיס נייע וועגן, באַנען, עלעוואַטאָרס, גרויספּאַרט־געזעלשאַפטן, קרעדיט־אינסטיטוציעס, עקספּאָרט־אָרגאַנען א. א. וו.) גרויסע לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. פאַר דער יידישער עמיגראַציע, הינטער וועלכער עס שטייט נאַטירלעך נישט קיין שום מלוכה־אַפּאַראַט, קיין שום רעגירונגס־מאַשין און וועלכע באַשטייט בעיקר פון אַ שטאָטישן, קליינבירגערלעכן און טיילווייז אַרבעטער־עלעמענט, שטעלן פאַר אָט די לענדער אַ שוואַכן צוציאונגס־צענטער. דער יידישער עמיגראַנט קאָנצענטרירט זיך דאָך לרוב אין די שטעט, אין די זעלביקע פאַכן, אויסטיילנדיק בלויז קליינע רעזערוון, וועלכע גייען איבער מיט דער הילף פון י. ק. א. צו דער לאַנדווירט־

שאַפט. דאָס פּראָבלעם פון אומשיכטונג און פּראָדוקטיוויזירונג, די פּראָבלעמען פון פּראָפעסיאָנעלער איבער־קוואַליפיצירונג, די פּראָבלעמען פון טערריטאָריאַלער פאַרוואָרצלונג בלייבן ווי פריער נישט געלעזט. וואַקסן דעריבער אויך אין די לענדער אַרויס וואָס ווייטער אַלץ מער די זעלביקע איזאָלאַציע־און אַרויסשטויסונג־פּראָצעסן, ווי אין די אַלטע עמיגראַציע־לענדער.

4) די יידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל: נישט „חבת־ציון", נישט „היסטאָרישע רעכט" האָבן לעצטנס אַוועקגעשטעלט ארץ־ישראל אין צענטער פון דער יידישער עמיגראַציע־אויפמערקזאַמקייט. מען האָט געקאָנט זיין באַהערשט פון דער גרעסטער בענקשאַפט צו ארץ־ישראל און גלייכצייטיק נישט אַרויסרוקן ארץ־ישראל אין רעאַלן פאָדערגרונט פונם יידישן לעבן.

ארץ־ישראל איז דאַן געוואָרן אַן „ארץ־ישראל של מטה" און געוואָרן אויס „ארץ־ישראל של מעלה", ווען די סטיכישע פּראָצעסן פון דער יידישער עמיגראַציע האָבן זיך אַ קער געטון מיטן פּנים צו איר. בלויז איין כאַראַקטעריסטישער ציפער: אין משך פון די לעצטע 10 יאָר האָבן איינגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל אַן ערך 100.000 מאַן. ד. ה. כמעט דריי פערטל פון דער צאָל, וואָס אַרגענטינע האָט צוגענומען במשך 25—22 יאָר. מען דאַרף דאָך געדענקען: ארץ־ישראל איז אַ פריי אימיגראַציע־לאַנד פאַר אַלעמען. בלויז יידן האָבן אָן אַ שיעור באַגרעניצונגען אויפן וועג צו זייער „נאַציאָנאַלער היים" און פונדעסטוועגן — איבעראַל מאַכט אויס די יידישע עמיגראַציע אומגעפער 4—3 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער און אין ארץ־ישראל — 96 פּראָצענט!

וואָס האָט מיט זיך געבראַכט די יידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל? עס איז שוין נישט דאָס ערשטע יאָר. מיר האָבן שוין הינטער זיך אַ גאַנץ סאָלידן סך הכל. קיינער קאָן, נאַטירלעך, נישט פעסטשטעלן מאַטעמאַטיש גענוי, וויפיל יידן עס קאָן אַריינעמען ארץ־ישראל. אוודאי גיט נאָך נישט ארץ־ישראל קיין תשובה אויף די כמותדיקע נויטן פון דער יידישער עמיגראַציע. דאָך מוז קלאָר געזאָגט ווערן: די אויפנאַמס־פעאיקייט פון ארץ־ישראל הענגט אָפּ נישט אַזוי פון אירע געאָגראַפישע מאָמענטן (גרויס, גרעניצן, שטחים), ווי פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וועלכע בילדן זיך אויס אין איר; אַן אינטענסיווע לאַנדווירטשאַפט, אַן אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד — זיי זענען אין אַ פיל גרעסערער מאָס באַשטימענדיקע פאַקטאָרן פון דער אויפנאַמפעאיקייט פון לאַנד. די יידישע איינוואַנדערונג איז דעריבער אויך דער גרעסטער גורם אין דער אויסברייטונג פון לאַנד.

אָבער פיל אַנטשיידנדער איז די קוואַליטאַטיווע ענדערונג, וועלכע ארץ־ישראל האָט אַריינגעטראָגן אין דעם יידישן איינוואַנדערונגסשטראָם. דער יידישער קאַפּיטאַל האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס איבערטראַנספאָרמירט אין אַן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. די יידישע אַרבעט איז

אַוועק אין דער לאַנדווירטשאַפט, אין דער אינדוסטריע און בוי און אין שוואַר־צער אַרבעט.

נישט קיין מיסטישע ראָמאַנטיק האָט גורם געווען אָט דעם גלגול. די ארץ־ישראל־ווירקלעכקייט, איר גרויסער חסרון, וואָס איז אָבער אויך איר גרעסטע מעלה — איר אָרעמקייט, פוסטקייט און וויסטקייט, זי האָט באַשאַפן דעם „וואונדער". אין אַ כּמעט לײדיקן ווירטשאַפטלעכן חלל האָט די יידישע אַרבעט געמוזט זיך איבערקוואַליפיצירן.

די עקזיסטענץ פון אַן אַראַבישן האַנדל, ביי דער אָפּוועזנהייט פון וועל־כער איז נישט מערקבאַרער אינדוסטריע, האָט געמוזט טרייבן דעם יידישן קאַפּיטאַל אויפן אינדוסטריעלן שליאַך. אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַ־מענט פאַר דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע פון דער יידישער איינוואַנדע־רונג, וועלכע טראָגט מיט זיך אַ פולשטענדיקע איבעראַנדערשונג פונם יידישן לעבן אין ארץ־ישראל.

בלייבט איצטער די עיקר־פּראַגע: וואָס דאַרף געטון ווערן, אַז אָט די יידישע איינוואַנדערונג קיין א״י זאָל אויסגעברייטערט, פאַרשטאַרקט ווערן? וואָס דאַרפן זיין די פאַראָלן פון היינטיקן קאָנגרעס? קלאָר: באַקעמפן די מניעות, וועלכע שטייען איר אין וועג. אָט דער קאַמף פירט אונז דירעקט אַרויס צו דעם גרויסן קאָמפּלעקס פון פּאָליטישע פראַגן, צום קאַמף קעגן דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט, קעגן זעם פעאָדאַלן שיכט און קעגן די יידישע בירגערלעכע גרופּירונגען.

צווישן דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכע זוכט צו פאַרפעסטיקן ארץ־ישראל אַלס איר מיליטעריש־סטראַטעגישע באַזע און צווישן דער יידישער איינוואַנדע־רונג איז דאָ אַ סתירה נישט אַריבערצושפּרינגען. די אינטערעסן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט פאָדערן רואיקע אונטערטעניקייט אין סאָציאַלן שטח און אומרואיקע צאַנקערייען אין נאַציאָנאַלן שטח. כּל־זמן יידן מיט אַראַבער וועלן נישט לעבן בשלום — וועט זיין זיכער די באַזע פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

די יידישע איינוואַנדערונג איז אָבער מיט איר עצם וועזן און עקזיס־טענץ אַן עלעמענט פון אומרו, פון רעוואָלוציאָנערער גערונג אויף אַלע געביטן.

קאַמף מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט מוז דעריבער ווערן דער פאַראָל פון היינטיקן קאָנגרעס. עס מוז גלייכצייטיק פאָרקומען דער שאַרפער קער אין באַ־צוג צו דער אַראַבישער פראַגע. עס מוז ווערן קלאָר: נישטאָ אין ארץ־ישראל קיין איינהייטלעכע אַראַבישע סעקטע. פאַראַן אַ הערשנדער אַראַבישער שיכט, דער פעאָדאַלער שיכט, וועמענס אינטערעסן זענען אָביעקטיוו קעגן אונז. דער קאַמף מיט אים באַדייט אָבער ענגע אינטערעסן־פאַרבינדונג מיט דעם צווייטן טייל פונם אַראַבישן סעקטאַר — מיט די פויערים און אַרבעטער־מאַסן.

אָט די פאַרבינדונג איז אַ היסטאָרישער מוז. פאַרווירקלעכט קאָן ער אָבער ווערן ביי איין תנאי: ווען צוזאַמען מיט דער שפּאַלטונג פון אַראַבישן פראָנט, נאַציאָנאַל־אַראַבישן, וועט אויך געשפּאָלטן ווערן דער יידישער נאַציאָ־נאַלער פראָנט, יאָ, דער פראָנט, דער קאָאַליציע־פראָנט מוז געבראָכן ווערן

נישט בלויז דערפאַר, ווייל אָן דעם איז אוממעגלעך צו שאַפן דעם אינטער-נאַציאָנאַלן פראָנט פון די אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס, יידישע און אַראַבי-שע, נאָר אויך דערפאַר, ווייל אפילו פאַר די סאַמע בלינדע פון רעכטס דאַרף שוין ווערן קלאָר, אַז אויך גרויסע טיילן פון דעם יידישן בירגערטום, באַזונ-דערס פון דעם פּלאַנטאַטאָרן-שיכט אין די קאָלאָניעס איז נישט קיין חסיד, נישט קיין אָנהענגער, נאָר אַ קעגנער פון אַ ברייטער יידישער אַרבעטער-איינ-וואַנדערונג.

ס'איז קלאָר: די ארץ-ישראל-ווירקלעכקייט קאָנסאָלידירט אָביעק-טיוו צוויי פראָנטן: איין פראָנט, וואָס ווערט באַשיצט און באַשירמט פון דער אָקופּאַציע-מאַכט און אַרום וועלכן עס שאַרן זיך צונויף די הערשנדע עלע-מענטן פוןביידע פעלקער, ווי נאָר עס האַנדלט זיך וועגן דעם אַרבעטער און אַרבעטער-איינוואַנדערונג.

און ס'איז דאָ אַ צווייטער פראָנט — דער אַרבעטער-פראָנט. ער איז נאָך נישט גאַנץ. דאַרף מען אים דערגענצן. ער איז שוואַך — דאַרף מען אים שטאַרקן. ער איז צעבראָקלט — דאַרף מען אים קאָנסאָלידירן.

צו אָט דעם איז דער היינטיקער קאָנגרעס באַרופן. אָט די אויפגאַבע ליגט אויף אונז און מיר דאַרפן זי דערפילן.

הויך מוז אויסקלינגען אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון גאָר דער וועלט דער רוף: צום קאַמף פאַר אַ פרייער יידישער אַרבעטער-איינוואַנדע-רונג קיין ארץ-ישראל! קעגן דער אָקופּאַציע-מאַכט! קעגן דעם פעאָדאַ-ליזם! קעגן דעם יידישן בירגערטום!

פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-בונד! (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

פאָרזיצער חבר ד. בן-גוריון: אָט-וואָס האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז אין ווין איז געשטאָרבן אין בליענדן עלטער פון 24 יאָר, דער יונגער טרייער חבר פאַן דעוואַלדע. ער איז געווען אַ פירער פון דער יוגנט-באַוועגונג, י. י. וו. ב., אין דייטשלאַנד, זינט אָנדערהאַלבן יאָר אַן אַקטיווער חבר פון דער פּלוגה פונם קבוץ המאוחד אין רחובות, און האָט זיך איצט געפונען אין ווין אויפן וועג קיין דייטשלאַנד, אין שליחות פון דער באַ-וועגונג. איך קאָנסטאַטיר, אַז די דעלעגאַטן האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער לכבוד דעם אָנדענק פונם יונג-פאַרשטאָרבענעם חבר און קעמפער.

עס ווערן דאַן אויסגעקליבן די מאַנדאַט-קאָמיסיע און די אָרגאַניזיר- און פינאַנס-קאָמיסיע. אין דער מאַנדאַט-קאָמיסיע גייען אַריין די חברים: מ. ניישטאַדט, אליעזר קאַפּלאַן (א"י-דעלעגאַציע); לאה בראון, אייזיק העמלין (דעלעגאַציע פון צפון-אַמעריקע); א. בערדיטשעווסקי, י. פונט (פועלי-ציון פאַר. מיט צ. ס.); יעקב ביאַלאָפּאָלסקי, י. שפּיראָ („התאחדות"); נתן בוקסבוים, שכנא זאגאַן (לינקע פועלי-ציון); זאב בלאָך, אַדעק גורוויטש („השומר הצעיר"). די קאָמיסיע האָט אויסגעקליבן אַלס פאָרזיצער דעם חבר א. קאַפּלאַן. אין דער אָרגאַניזיר- און פינאַנץ-קאָמיסיע גייען אריין פאָלגנדע חברים: י. מערעמינסקי, א. קאַפּלאַן (א"י-דעלעגאַציע); מאיר בראון, סימע פיינמאַן, מאָריס פיינסטאָון

(דעלעגאַציע פון צפון-אַמעריקע); צבי לוריה, ב. מינקאָווסקי, נח פעלער, י. פונט, מ. צעלמאַן, יואל-דוד קרימקא, יוסף ראָזען (פוילן); ש. פישמאַן, דב שאפריר, שמשון שעכטער (רומעניע); י. זימבערג, פ. ראַשיש (ליטע); א. לינדענבוים, פראָפ. גאָלדעלמאַן (טשעכאָסלאָוואַקיע); י. העלמאַן, ש. לעווענבערג (לעטלאַנד); ש. שוואַרץ (מזרח-גאַליציע); מ. נחומסאָן (בולגאַריע); ש. קאַלעקא (דייטשלאַנד); אליאס וועלט (עסטרייך); מ. בוטקאָווסקי (בעלגיע); מאָריס מייער (ענגלאַנד) און מ. ערעס. אַלס פאָרזיצער ווערט געוויילט חבר י. מערעמינסקי.

דערמיט שליסט דער פאָרזיצער די דריטע זיצונג.

---

אין אָוונט זענען די דעלעגאַטן און אויך די אויסלענדישע סאָציאַליסטישע געסט אין דער „הבימה" ביי דער אויפפירונג פון אוריאל אַקאָסטאַ.

## פערטע זיצונג

מאָטניק, דעם 29־טן סעפּטעמבער, פּאַרמיטאָג, אינם לאָזשען־הויז קליסט־שטראַסע 10. דער זיצונגס־זאַל איז ווייטער איבערפילט מיט דעלעגאַטן און געסט.

פּאָרזיצער חבר ד. בן־גוריון. באַגריסט דעם דעפּוטאַט פון דער לייבאָר־פּאַרטיי חבר קאל. ס ע ס י ל מ ע ל אָ ן, אַ געטרייען פריינט פון אונ־זער זאַך, און זיין פרוי חברטע ל א ה מ ע ל אָ ן, אַן אַקטיווע מיטאַרבע־טערין פונם פּאָליטישן קאָמיטעט פון פועלי־ציון אין לאָנדאָן, וועלכע האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג פון דעם אָרגאַניזיר־ביוראָ פונם קאָנגרעס און זענען ספּעציעל געקומען קיין בערלין, בכדי זיך צו באַטייליקן אין זיינע אַרבעטן. ליידער האָבן זיי נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָנוועזנד צו זיין ביי אונזערע ערשטע זיצונגען און וועלן ערשט פון איצט אָן זיך באַטייליקן אין אונזערע אַרבעטן (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

דער פּאָרזיצער ערטיילט דאַן דאָס וואָרט דעם ה[illegible] זלמן רובאַשאָוו צו זיין רעפעראַט

## די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין חוץ־לארץ

מיט דרייסיק יאָר צוריק האָבן זיך אויף אַ ביאַליסטאָקער בוידעם פאַר־זאַמלט די פירער פון „בונד“, אויף זייער דריטער קאָנפערענץ, און האָבן באַ־שלאָסן : דער יידישער אַרבעטער, וואָס פאַרבינדט זיינע האָפנונגען מיט א״י, טאָר נישט אויפגענומען ווערן אין קיין שום פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און נישט אין קיין שום סאָציאַליסטישער גרופּע.

די באַוועגונג, וואָס האָט דאַן דערקלערט דעם חרם אויפן סאָציאַליסטישן ציוניזם, איז דעמאָלט נאָך געווען אַ קליין הייפל, סך־הכל נאָר אין איין רוס־לאַנד און זי איז אַלט געווען נאָר קוים 4 יאָר, און דער סאָציאַליסטישער ציוניזם קעגן וועמען דער חרם איז געוואָרן דערקלערט האָט נאָך אייגנטלעך כמעט גאָרנישט עקזיסטירט. עס איז נאָר געווען אַ מורא טאָמער וועט ער קו־מען. און אָט דער חרם האָט עס געזאָלט זיין אַ סגולה קעגן דער וועלכער סכּנה. אין די דרייסיק יאָר זינט יענעם באַשלוס, זענען שווערע שנויים פאָר־

געקומען אינם יידישן לעבן. די „סכנה״, פאַר וועלכער מען האָט מורא געהאַט, איז נישט אויסגעמיטן געוואָרן, דאָס זאָגט עדות דער היינטיקער קאָנגרעס, אָבער פיל גרעסערע און ווירקלעכע סכּנות האָבן אויפגעטרייסלט דאָס יידישע לעבן. דער יידישער סאָציאַליזם האָט זינט דאַן שוין גאַנצע דורות דערצויגן. פון יענעם קליינעם הייפל אין רוסלאַנד איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אַ מעכטיקע, איבער דער גאַנצער וועלט צעשפּרייטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. חכמי הסטאַטיסטיקע דערציילן, אַז אין די הויפּט־לענדער פון יידישן מאַסן־לעבן אין אייראָפּע אַליין זענען פאַראַן איבער אַ מיליאָן יידישע אַרבעטער, און בערך אַ האַלבער מיליאָן יידישע אַרבעטער לעבן אין אַמעריקע. רעכנט מען צו די נפשות, וואָס לעבן פון זיי, קאָן מען אפשר זאָגן, אַז אַ 25 פּראָצענט פון יידישן פאָלק לעבן פון אַרבעט. דערביי איז דאָך נאָך די אַרבעטערשאַפט דער סאַמע אָרגאַניזירטער טייל ביי יידן, מיט דער גרעסטער רעוואָלוציאָנערער און געזעלשאַפטלעכער טראַדיציע. איז טאַקע געקומען די צייט צו פרעגן, ווי שטאַרק איז די השפּעה פון אָט דעם וויכטיקסטן כּוח אין דער באַשטימונג פון דער יידישער ווירקלעכקייט. וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט היינט נאָך דידאָזיקע היסטאָרישע מחלוקת אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט, און צי איז אין שיין פון דער נייער ווירקלעכקייט נישט נייטיק צו רעווידירן דעם שטרייט און צו אונטערזוכן, וועלכע פון זיינע סיבות באַשטייען נאָך און וועלכע מוזן אַלס אַנאַרכאָניזמען אויסגעוואָרצלט ווערן. איך האָף און ווינטש, אַז דער היינטיקער קאָנגרעס, וועלכער איז אַזאַ בולטער באַווייז פאַר דער אידעאָלאָגישער רעוואָלוציע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, וועט געבן דעם ענטפער. ער וועט ברענגען פרידן אין דעמדאָזיקן היסטאָרישן שטרייט.

אין דער אייראָפּעאישער אַרבעטער־באַוועגונג ווירקן דריי הויפּט־פאַקטאָרן: 1) דער אינטערעס פון דעם אַרבעטער פאַר זיינע טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן, זיין רעאַלער כּוח, זיין סאָציאַליסטישער חלום, וועלכער איז אַן אויסדרוק פון זיינע טאָג־באַדערפענישן, און וועלכער פילט אים אָן מיט פּאַטאָס און גלויבן, אַז ער וועט זיין דער זיגער; 2) דער קאַמף פון דער אַרבעטערשאַפט פאַר מאַכט, אין דער מלוכה און מלוכה־איינריכטונגען, אין דער פּאָליטיק, אין דער מוניציפּאַליטעט; די אַרבעטער־פּאַרטיי האָט באַהערשט דעם אַרבעטער־קלאַס דערמיט, וואָס זי האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישן כּוח; 3) דער גרויסער חלום, דער כּוח פון דער געוואַלטיקער מיסיע, די באַפרייאונג און באַנייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט, דער פּאַטאָס פונם חלום — דער אַלמענטשלעכער משיח־געדאַנק פון אַרבעטער־קלאַס.

אין דער קאָנקרעטער וועלט האָט זיך דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אַ קאָנקרעטער פירוש פון די אַלע דריי מאָמענטן — אַרויסגעוויזן אינדיווידועל פאַר יעדן פאָלק, פאַר יעדן לאַנד. די ווירטשאַפטלעכע תּנאים פונם געווערקשאַפטלעכן טאָג־קאַמף זענען פאַרפלאָכטן מיט דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, קולטור און לעבנס־באַדינגונגען פון יעדן לאַנד. רייסן זיך צו מאַכט — הייסט רייסן זיך צו אַ

פריי זעלבשטענדיק נאַציאָנאַל לעבן. וועלט־מאַכט קאָן נישט זיין. דאָס איז אַן אַבסטראַקציע. מאַכט האָט אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. כדי צו דערגרייכן די וועלט באַפרייענדע אויפגאַבן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז נייטיק אַן אינטימע באַציאונג צו דער נאַציאָנאַלער קולטור. אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג זענען דידאָזיקע דריי פאַקטאָרן געווען זייער פּראָבלעמאַטיש, קליין און נישט אַנטוויקלט, דערין ליגט די טראַגעדיע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

עס איז אַ גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אַז דאָס יידישע לעבן פון די פריקע דורות (פון מיטלאַלטער) איז געווען אַן אידיליע פון קלאַסן־פרידן. וואָלטן אַ רעד געטון די היסטאָרישע אַרכיוון פון די קעלערן פון דער יידישער געשיכטע, — וואָלט עס אַנדערש אויסגעזעען. וואָלטן מיר געזעען דעם קאַמף אין אַמסטערדאַם און אין פראַנקפורט און אין אַנדערע קהלות. דעם קאַמף קעגן אַסימילאַציע, אַ מעכטיקער קאַמף קעגן גייסטיקער אונטערדריקונג און קעגן דער העגעמאָניע פון דער אויטאָריטעט, נישט וויניקער בלוטיק און נישט וויניקער אַקטועל איז געווען דערדאָזיקער קאַמף, ווי אין אונזער היסטאָרישן נעכטן. און דאָך האָט זיך די יידישע וועלט דערשראָקן פאַרן וואוקס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. עס איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ גרויסן קאַמף. פון דער נויט געטריבן איז אַוועק דער יידישער מענטש פון בית־המדרש אין פאַבריק און וואַרשטאַט. ערשט נעכטן אַלע קעניגס־קינדער און גלייכגעשטעלטע זענען זיי מיטאַמאָל געוואָרן קנעכט ביי די אייגענע ברידער. עס האָט אַ בראָך געטון, אַ ריס געטון די לעגענדע פון דער יידישער אחדות. און עס איז געוואָרן אַן אימה — צי וועט נישט צעריסן ווערן דאָס גאַנצע יידישע לעבן.

און פאַר דער ניי־געבוירענער אַרבעטערשאַפט איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם: צי וועט זי זיך ספּראַווען מיט דער יידישער אייגנאַרטיקייט. „משיח און גאָט זענען געשטאָרבן, אַ נייער משיח קומט אָן" איז געשטאַנען געשריבן אויף דעם נייעם פאָן. דער חלום פון דער נייער ווירקלעכער דערלייזונג, — מיט שנאה און מיט קאַמף די נייע גאולה. דער פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט געטראָגן אין זיך חלומות, וועלכע זענען נאָך היינט נישט פאַרווירקלעכט. ווען מיר לייענען היינט ליבערמאַנען, שפּירן מיר דעם הויך פון דעם דעמאָלסטיקן אָנהייב און מיר זעען די פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבן דאַן באַהערשט די ערשטע פּיאָנערן פון יידישן סאָציאַליזם. די לוחות האָבן געוואַרט אויפן פּאָלקסטימלעכן מענטש. זאָל נאָר דער ישיבה־בחור ווערן דער אַגיטאַטאָר פאַרן סאָציאַליזם, און דער יידישער באַלמעלאָכע זאָל עס אויפנעמען.

אָבער נאָך דרינגנדער, ווי דאָס פּראָבלעם, ווי אַזוי דאָס יידישע פאָלק, יידישע געשיכטע וועלן אויפנעמען דעם פאַקט פון דעם אַנטשטיין פון אַ יידישן אַרבעטער־קלאַס, איז געווען די פראַגע, ווי אַזוי וועט די נייע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרטיק ווערן מיט די באַזונדערע פּראָבלעמען פון דער יידישער אייגנאַרטיקייט, מיט דער יידישער אַנאָמאַליע, די נייע לוחות זענען דאָך געגעבן געוואָרן פאַר אַלעמען פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. יענער צוזאַמענ־

פאַר אין ביאַליסטאָק מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט עס געוואָלט באַשטימען און מען האָט געמיינט, אַז כדי צו ספּראַווען זיך מיט דעמדאָזיקן פּראָבלעם, דאַרף מען זיך קודם־כּל אָפּזונדערן פון אַלע אַנדערע. אַוועק פון ציוניזם, אַוועק פון נאַציאָנאַלן געדאַנק, מיר וועלן אַליין פּרוּוון זוכן אַ וועג פאַר אַ פולשטענדיקער לייזונג פון דער יידן־פראַגע.

די עקזיסטענץ פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז געווען פּראָבלעמאַטיש גענוג. און אויב דער וועג פון סאָציאַליזם איז דער וועג פון מאַכט־דעראָבערונג, האָט זיך דאָ די יידישע אַרבעטערשאַפט געפילט מוראדיק פאַריתומט. די אינסטרומענטן פון דער מאַכט אַרום און אַרום זענען נישט אין איר באַזיץ. מאַכט איז פאַר דעם יידישן אַרבעטער געווען אַ ווייטער חלום. דאָס רייסן זיך צו מאַכט איז געווען אַ קללה פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון וועלן און נישט קאָנען. בשעת עס האָט זיך געדאַכט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע פלאַקערט זיך פונאַנדער — איז דעם יידישן אַרבעטער אין ערגעץ נישט געלונגען צו זיין אַליין דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר. שטאַט איז פאַרן יידישן געטאָ נאָך עד היום אַן אָביעקט פון אַפּעטיט. איז ווייטער פאַרבליבן מיין קהל, מיין יידיש שטעטל, מיין יידישע פּאָליטיק מיט מיין סאָציאַליסטישן חלום, — און די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס פלעגן לאָזן הינטער זיך די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט, זענען געווען אַזוי ווי פרעמדע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פירער. ווייל עס האָט זיך גענייטיקט אַ האַרציקע צוגרייטונג. מען האָט געמוזט אונטערשטעלן די פּלייצע צו דער יידישער ווירקלעכקייט, קעמפן אין די אייגענע נאַציאָנאַלע ראַמען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליסטישן חלום.

און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ גרויסע דערשיינונג. ווייל עס איז אַ טעות, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט נישט געהאַט קיין נאַציאָנאַלע באַדייטונג. שוין די ערשטע וויכּוחים אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ווייזן, אַז עס איז געווען אַן ערנסט ראַנגלען זיך מיט די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. אַן אַסימילאַטאָרישע באַוועגונג איז די יידישע אַרבעטערשאַפט נישט געוואָרן, הגם יחידים האָבן זיך אָפּגעריסן. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף מיטן יידישן אַרבעטס־געבער. עס האָט זיך געשאַפן אַן אָפּגרונט. דערדאָזיקער קאַמף איז געפירט געוואָרן אין די גרעניצן פון דער יידישער גאַס. דעם יידישן אַרבעטער־פירער און דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ האָט געפעלט צוגרייטונג צו דעמדאָזיקן קאַמף. בכלל איז דער יידישער אַרבעטער־פירער געווען אַ טראַגישע פיגור. איבערפילט מיט שעפערישער קראַפט, דורכגעדרונגען מיט וויסן און פאָרשער־גייסט, געטריי דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין נאַציע, האָט ער דאָך פאָרויס געמוזט מוותּר זיין אויף יעדער מעגלעכקייט פון אייגענעם אויפשטייג דורך דער באַוועגונג, זיך געמוזט באַשרענקען אין אירע ענגע ראַמען.

פערדינאַנד לאַסאַל האָט בשעתו געזאָגט: איר זענט דער פעלז, אויף וועלכן עס וועט אויסגעבויט ווערן דער טעמפּל פון דער צוקונפט. אָן דעם פאַטאָס איז נישטאָ קיין סאָציאַליזם, איז די באַוועגונג פאַראורטיילט צו בלייבן

אַ סעקטע, וועלכע וועט צום סאָציאַליזם נישט ברענגען. עס איז געווען אַ צייט, ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט עס כמעט ווי פאַרווירקלעכט. אַ גרויסע רוסישע מדינה איז געווען, מיט 6 מיליאָן יידן פון מזרח־אייראָפּע, אָפּגעריסן פון דעם מערב־אייראָפּעאישן יידנטום. די יידישע געשיכטע האָט געוואָלט, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד מיט איר אמתן פּאַטאָס זאָל אויך ווערן דער גואל, דיין גואל, יידישע ווירקלעכקייט. עס איז געוואָרן אַ גאולה־חלום, אַ קלענערער, אַ במקום; און דער חלום אין רוסלאַנד האָט זיך פאַרווירקלעכט. עס איז געוואָרן דער מענטש אַ באַפרייער פון זיין גורל. דער משיח איז געקומען. און די יידישע אַרבעטער האָבן געדאַרפט ווייטער גיין: „ווי ווער איך דער העגעמאָן פון דער יידישער ווירקלעכקייט". אין פּראָצעס פון יידישן שאַפן האָט מען אָנגעהויבן צו זוכן דעם וויסנשאַפטלעכן וועג, אויף יענער זייט פון „בונד". דאָ זיצט נאָך פאַר מיר אַ ייד, וועלכער האָט אין יענע יאָרן געזאָגט דער „טעריטאָריאַליזם ווירקט באַפרוכפערנד, נאָך איידער ער ווערט פאַרווירקלעכט". און באמת, עס איז שאַרף געוואָרן דאָס אויג פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דער יידישער אייגנאַרט, און עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער יידישער ווירטשאַפטלעכער און נייער נאַציאָנאַלער זעלבסט־דערקענטעניש. און וואָס מער באַפרייענדער געדאַנק, אַלס מער איז געוואַקסן דער רעוואָלוציאָנערער דורשט — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער וויסנשאַפטלעכער וועג פון זוכענישן שטילט נישט דעם דורשט. אַ דורשט צו מעשים איז אַנטשטאַנען. און נאָך מער סכנות זענען אַנטשטאַנען אין דעם זוכן אַליין, און טראַגיש איז געוואָרן דאָס נישט קאָנען געפינען. אין דערדאָזיקער טראַגעדיע איז ווי צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן דערפאַר, אַז שפּעטער זאָל דער שטורם אַן עקסטראָגן גראָד יענע מחנה פון זוכער.

מיט דעם אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג אין רוסלאַנד — איז די זוכערישע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געשטאַנען אַן אויסגעליידיקטע, ווי אַ גרויסער אָדלער מיט למפרע צעבראָכענע פליגלען. דער בליץ פון דער וועלט־רעוואָלוציע האָט פאַרבלענדעט. עס איז אַנטשטאַנען די מיינונג, אַז היות דער קאַפּיטאַליזם גייט אונטער, זענען מיר שוין פריי פון אַלע מצוות. מען דאַרף נישט מער זוכן: „מאָרגן אין דער פרי איז אויס! מאָרגן אין דער פרי קומט אַ נייע וועלט!" איז מען דאָך פטור פון אַלע זוכענישן, מיט דער אַלגעמיינער באַפרייאונג קומט אויך אונזער באַפרייאונג, איז די טראַגעדיע פון זיך אַליין געלייזט; אָפּגעווישט דער גלות, דער ציוניזם, דער אויטאָנאָמיזם, אַלץ איז איבעריק. דערפאַר האָט זיך אַזוי זיגרייך דורכגעטראָגן די קאָמוניסטישע כוואַליע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. עס האָט נישט געהאָלפן די גאַנצע מאַרקסיסטישע שולונג, די גרויסע בקיאות, דער אויטאָריטעט פון פירער. ווי מיט אַ פלעדערוויש איז אַלץ אָפּגעווישט געוואָרן. מען איז געוואָרן פראַנק און פריי פונם גרויסן באַלאַסט. מיט אַ הנאה האָט מען זיך געוואָרפן אין שמד; אַלץ אין ים אַריינגעשמיסן, עס איז געווען בלוטיק טראַגיש.

דער נישט־יידישער אַרבעטער, וואָס האָט גובר געווען דעם קאָמוניסטישן קריזיס און איז צוריקגעקומען צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, האָט זיך אַ

וואָרף געטון צו גרויסער פּלאַנמעסיקער פּאַרלאַמענטאַרישער און געזעצגעבערישער טעטיקייט. פאַר דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג איז דער וועג דערצו פאַרצוימט. די נישט-יידישע אַרבעטערשאַפט האָט אָנגעהויבן צוטרעטן צו אַ מאַכטפולער קאָנטראָל פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, צו דער איבערוואַכונג פון דער פּראָדוקציע. פאַרן יידישן אַרבעטער זענען די אינסטאַנצן פון דער שטאַטס-ווירטשאַפטס-קאָנטראָל נישט צו דערגרייכן, און די צעזייעטע און צעשפּרייטע „יידישע ווירטשאַפט“ לאָזט זיך גאָרנישט קאָנטראָלירן.

שווער איז דער וועג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ פעלז — איז דער פעלז צעריבן געוואָרן. האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט געזוכט פּראָדוקטיוויזירונג, האָט זיך גראָד אָנגעהויבן אַ ווירטשאַפטלעכער קריזיס אין די לענדער פון מזרח-אייראָפּע און די טויערן פון אַרבעט זענען פאַרריגלט געוואָרן פאַרן יידישן אַרבעט-זוכנדן מענטש, און אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון דעקלאַסירונג און פון פאַרלאָזן די אַרבעטס-פאַכן. האָט זי זיך איינגעשפּאַרט מיט ענטוזיאַזם און פאַרביסנקייט: שפּראַך, און האָט אין דעם אַריינגעלייגט אַ סך קרבנות און שעפערישן אויפטו. דער יידישער אַרבעטער אין ארץ-ישראל וועט דווקא מער ווי אַלע אַנדערע טיילן ביי די יידן פאַרשטיין אָט דעם קאַמף, וואָס דער יידישער אַרבעטער אין פּוילן האָט געפירט, אַז די שפּראַך פון זיין לעבן און אַרבעט זאָל ווערן די הערשנדע און שעפערישע שפּראַך פון גאַנצן פאָלק. און ער האָט עס דאָך געפירט מיט אַזוי פיל ליבע. איז אָבער דער אינהאַלט לגמרי נישט קיין פעלז. שפּראַך איז אמת אַ גרויסער אינסטרומענט, אָבער קיין שטורם האַלט עס נישט אויס.

און גראָד ערשט האָט אַ פלאַטער געטון די יידישע נויט: חורבן און אַסימילאַציע און עמיגראַציע-דורשט און מאַסן-עלנט און סכנות פאַר אַלע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע התחלות — און אַ טייל יידישע אַרבעטער-באַוועגונג שטייט שטום. אָן אַ פּרווו פון אַ תשובה, אַן אָדלער מיט צעבראָכענע פליגל, און פאָכט נאָר שוואַך מיטן חרם פון פאַר דרייסיק יאָר. און למען האמת מוז געזאָגט ווערן: דער מוחרם האָט אויף הסכמות נישט געוואַרט. וואָס דער יידישער אַרבעטער האָט אויפגעטון אין ארץ-ישראל, וועגן דעם איז און וועט אויפן קאָנגרעס אַ סך געזאָגט ווערן. די באַוועגונג אַרום דעם יידישן אַרבעטער אין א״י האָט געוואונען סימפּאַטיעס פון ווייטע און די היסטאָריש-נאָענטע זענען נישט נאָענט געוואָרן. דערפאַר איז מאַכטלאָז דער מחרים, דערפאַר איז שוצלאָז דער מוחרים. צו ביידע זאַכן מוז קומען אַ סוף.

אויב די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג זאָל אַרויס פון איר איצטיקן קריזיס, פון איר מאַכטלאָזיקייט, מוז זי דערציען אין זיך דעם ווילן צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן יידישן גורל. קאַמף קעגן אַנטי-ציוניזם פונם יידישן סאָציאַליזם איז דער קאַמף פאַרן זיג פונם יידישן סאָציאַליזם אין דער יידישער פּאָליטיק. מיר וועלן נישט וואַרטן ביזן טאָג פון ווייטן שלום. די וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י וועט שוין איצט זאַמלען אַלע כּוחות אויף צו שטאַרקן די

טעטיקייט אין און פאַר דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל. אָבער אינם טאָג פון דער גרינדונג זאָל פייערלעך דערקלערט ווערן: צערייסן אין שטיקלעך דעם חרם פון פאַר דרייסיק יאָר, הייסט אַרויספירן אויף אַ ברייטן שליאַך דעם מחרים און דעם מוחרים ציגלייך. דאַן וועט דער סאָציאַליזם ביי יידן דערפילן זיין שליחות און דערגרייכן זיין זיג (שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

דאָס וואָרט באַקומט חבר

ב. כצנלסון צו זיין רעפעראַט:

## דער אַרבעטער־אויפטו אין ארץ־ישראל

איך דאַרף דאָ היינט קורץ רעפערירן וועגן דעם אויפטו פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל. איך וועל דאָ נישט געבן קיין אויספירלעכן באַריכט, אויך נישט ברענגען קיין ציפערן. צו גרויס איז דער ענין, כדי מען זאָל אים קאָנען דאָ אויסשעפּן. איך וואָלט נאָר וועלן מאַכן אַ שטיקל חשבון־הנפש פון דעם, וואָס מיר האָבן אויפגעטון ביז איצט און דער עיקר — וואָס עס פעלט אונז נאָך.

ווען איך וועל אַ פרעג טון: פאַרוואָס איז דער יידישער אַרבעטער געגאַנגען קיין ארץ־ישראל, וואָס האָט אים אַהין געטריבן, וועל איך ענטפערן: דאָס איז געווען אַ בונט, אַ רעוואָלוציע, אַן אומרו. דאָס איז געווען אין אַ געוויסן זין אַ דרייפאַכער בונט. רשית, אַ רעוואָלוציע קעגן גלות. מיר, די ערשטע יידישע אַרבעטער אין א״י, האָבן נישט געפילט דעם אַנטיסעמיטיזם אַזוי ווי מען פילט אים היינט אין אייראָפּע. פאַר אונז איז ער געווען עפעס קרענקלעכערס: מיר האָבן נאָך אין אונזער אַלטער היים געהאַט אַ תחום המושב, דעם היסטאָריש געשאַפענעם געטאָ. און דידאָזיקע ערשטע, וואָס זענען געגאַנגען אין ארץ־ישראל, זענען נישט געגאַנגען צוליב שלילת הגלות, נאָר ווייל זיי האָבן דעם גלות שוין נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. זיי האָבן געפילט, אַז זיי ווערן דערשטיקט. דאָס לעבן פון אַ לופט־מענטש, דאָסדאָזיקע לעבן מיט זיינע אַלע העסלעכע פאָרמען איז געוואָרן פאַר זיי אַן אוממעגלעכע זאַך. דאָס האָט געבראַכט צו דעם אָנהייב פון דער אַזוי גערופענער צווייטער עליה. מען האָט נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן די פריערדיקע עקזיסטענץ. די גייסטיקע סביבה. אָבער אונזער גיין קיין ארץ־ישראל איז נישט נאָר געווען אַ רעוואָלוציע קעגן דעם גאַנצן יידישן לעבן, אַ רעוואָלוציע קעגן דער גאַנצער און האַלבער אַסימילאַציע, דאָס איז אויך געווען אַ רעוואָלוציע, אַ טיפער פּראָטעסט קעגן דעם ציוניזם, וואָס האָט געשאַפן אַ גרויסע מאַסן־באַוועגונג, אָבער איר נישט געוויזן קיין וועג פון פאַרווירקלעכונג, נישט פאַרשטאַנען צו פאַרפליכטן דעם יחיד צו מעשים. און דערדאָזיקער שטרייט גייט ביזן היינטיקן טאָג. דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער פאַטאָס פונם ציוניזם האָט נישט געהאַט וואו זיך אויסצולעבן. אַרום האָט געבראַויזט די רוסישע רעוואָלוציע און זי האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו נעמען דעם מענטש, ווי אַזוי אים צו געווינען. דווקא אירע קרבנות האָבן

געגעבן דער באַוועגונג אַ גרויסן שוואונג און פיל לעבן. דער ציוניזם דאַן האָט אָבער נישט געוואוסט צו געבן זיין יוגנט אַ פּערזענלעכע טאַט. עס איז אָבער נאָך געווען אַ דריטע רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציע קעגן די פּאַרטייען, וועלכע זענען אַזוי שטאַרק געווען פאַרנומען מיט דיסקוסיעס און זוכן טעאָריעס, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דעם וועג צו דער באַפרייענדיקער קאָנקרעטער טאַט.

די אָפיציעלע מיינונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די הערשנדע שטימונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אין דער סטודענטן-יוגנט איז דאַן געווען באַהערשט נאָר פון איין אידעאַל: אַראָפּצוואַרפן דעם צאַרישן רעזשים. מען האָט נישט געוואוסט, אַז נאָכן פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן אידעאַל וועט דאָך נאָך עקזיסטירן אַ יידן-פראַגן. נאָר די, וואָס האָבן געהאַט מוט, זענען אַרויסגעטראָטן קעגן דערדאָזיקער הערשנדער מיינונג. זיי האָבן איינגעזען, אַז דער יידישער סאָציאַליסטישער געדאַנק מוז זיין זעלבשטענדיק, אָריגינעל און שאַרף.

איך קאָן אויך איצט נאָך נישט רעדן מיט אַ רואיק האַרץ וועגן יענער תקופה. עס ליגט מיר נאָך אַלץ צו נאָענט. עס זיצן דאָ אין זאַל חברים מיינע פון יענער צייט, מיט וועלכע איך בין פאַרבונדן און זיי ווייסן דעם גאַנצן וועג, וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט. אָבער איך רעכן, אַז אין דער גרויסער עפּאָכע אין די טיפע יסורים פון יידישן אַרבעטער-לעבן, פון יידישן אַרבעטער-קלאַס, האָבן די חברים, הגם זיי זענען אַוועק פון אונז, נישט פאַרגעסן די גרויסקייט פון דער עפּאָכע און איר באַדייטונג. עס איז אָבער פאָרגעקומען אַ זייער טראַגישע, און אפשר נאָך ערגערע דערשיינונג, ביי דידאָזיקע מענטשן: זיי, וועגן וועלכע איך זאָג, אַז זיי זענען אַוועק, ווען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף דער שווערער וואַנט, וועלכע יענער דור האָט נאָך נישט געהאַט אַדורכגעבראָכן, ווייל יענער דור האָט נאָך נישט געהאַט געפונען דעם וועג, איז אָנשטאָט צו העלפן ברעכן דידאָזיקע וואַנט, אויף וועלכער מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, האָבן זיי אָנגעהויבן גיין צוריק. זיי האָבן אָנגעהויבן לייקענען אין די וועגן, וועלכע האָבן זיי געבראַכט צו דערדאָזיקער וואַנט. דאָס איז געווען אַ טראַגישע דערשיינונג. די מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן געוואוסט אין זייערע יונגע יאָרן. דאָס איז אַ מין פראַנקיזם אויפן וועג פון משיחיזם. אויך די איצטיקע יעווסעקעס זענען אַזאַ מין פראַנקיזם אין דער משיח-באַוועגונג, אַ פראַנקיזם אין אַ מאָדערנער פאָרם.

אָט אין דעם רעוואָלטירן קעגן יענע אָפּנייגונגען פון יענע צייטן, איז אַנטשטאַנען די אַזוי גערופענע צווייטע עליה. מיר וועלן דאָ נישט באַנייען דעם וויכוח וועגן ציוניזם. איר אַלע ווייסט, וואָס מיר האָבן געהאַט אַמאָל אויסצושטיין פון דעמדאָזיקן וויכוח. אָט האָב איך אַמאָל געבלעטערט אין אַ בונדישן אַרכיוו און געפונען אַ בראָשור, אין וועלכער עס איז דערקלערט געוואָרן, פאַרוואָס יידישע אַרבעטער קאָנען נישט זיין קיין ציוניסטן: ווייל, ווערט דאָרט געזאָגט, דעם ציוניזם האָט אויסגעטראַכט די בורשזואַזיע, כדי צו באַקומען ביליקערע אַרבעט. מיר וועלן איצט וועגן דעם אַלעם נישט רעדן. ווען

מיר זאָלן מאַכן אויספאָרשונגען וועגן דידאָזיקע אַלע אַרגומענטן קעגן ציוניזם, וואָלטן מיר באַדאַרפט פאָרשן גאַנצע אוניווערסיטעטן. פאַר אונז יידישע אַרבעטער איז אָבער דעמאָלט געווען נאָר איין פראַגע אין ציוניזם: די פראַגע איז געווען פיל ווייטגייענדיקער — אַלץ איינס, צי מיר האָבן געקאָנט פאַרענטפערן די פראַגע אָדער נישט, די פראַגע איז געווען: צי קאָנען מיר בויען דאָס לאַנד און ווי אַזוי זאָלן מיר עס בויען, אויב קאָלאָניזאַציע, צי טויגן מיר צו קאָלאָניזאַציע?

מיר האָבן מיט אַ שווער האַרץ געזוכט אַ לייזונג אין דער פראַגע. אויב איר ווילט איצט זען די לייזונג, קוקט זיך צו צו אונזער באַוועגונג ביים היינטיקן טאָג. לייענט אונזער נייעסטע ליטעראַטור און איר וועט געפינען די אָפּשפּיגלונג פון דערדאָזיקער לייזונג. אָט דאָס, זעט איר, איז געווען דאַן אונזער וויכטיקסטע פראַגע: צי טויגן מיר, צי קאָנען מיר בויען.

אין משך פון די 25 יאָר, זינט דעם אָנהייב פון דער צווייטער עליה, זענען פון מענדעלע־און שלום עליכם־יידן געבוירן געוואָרן יידישע אַרבעטער. עס איז אַנטשטאַנען אַ נייער יידישער מענטשן־טיפּ: דער פויער פון דגניה, דער שטיין־העקער פון ירושלים, דער בעטאָן־גיסער אין תּל־אביב, דער עלעקטריציטעט־אַרבעטער ביי רוטענבערגן, דער פלאַנצונגס־אַרבעטער אין יהודה. אָט דאָס אַלץ, דער גאַנצער וועג פון 25 יאָר, האָט געגעבן דעם אַנטשיידנדיקן ענטפער אויף אונזער פראַגע. מיר זענען געוואָרן אין די שווערע 25 יאָר מיט אַלע אונזערע דורכפאַלן, יאָ מיר האָבן אויך געהאַט דורכפאַלן, און מיט אַלע אונזערע דערגרייכונגען, זענען מיר געוואָרן דאָס, וואָס מיר זענען איצט. מיר האָבן די פראַגע געלעזט. מיר זענען פעאיק צו ווערן אַ קאָלאָניזאַציע־פאָלק.

און נאָך: די מאָס פון אונזערע פאָלקס־מעגלעכקייטן איז נישט נאָר אין כמות, נאָר אויך אין איכות. ווען מיר דערמאָנען זיך אין דער ערשטער צייט, ווען מיר האָבן געטראָגן שטיינער אין ראשון־לציון, געקויפט זאַמד, און מיר געדענקען די מיטלען, ווי אַזוי מיר האָבן געוואָלט פירן אַ קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, און ווען מיר פאַרגלייכן דאָס היינט מיט דער עקזיסטירנדיקער אינדוסטריע, מיט אונזערע היינטיקע דערגרייכונגען אין עמק, אין גליל, אָדער אין שטאָט, דאַן זעען מיר דעם גאַנצן וועג, ווי אַזוי אונזערע ווירטשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע און אַנדערע פּראָבלעמען זענען געלעזט געוואָרן.

ביי דער גאַנצער אַרבעט איז געווען נאָר איין גרונדגעדאַנק, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ סתירה צו אונזער פאַרגאַנגענהייט און וועלכער האָט נאָך נישט געהאַט זיין גלייכן און קיין ביישפּיל: דאָס איז געווען דער געדאַנק פון כבוש־הארץ. מיר האָבן איצט אין אַלע לענדער אַ קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, אין ארץ־ישראל איז דער קאַמף אפשר געווען אַ לייכטערער, אָבער די אַרבעט זייער אַ שווערע: אַ קליינע צאָל מענטשן, אָן דערפאַרונג, וועלכע האָבן פּאַקטיש נישט געטויגט צו דער אַרבעט. און אָט אין דעם קאַמף פאַר כבוש־הארץ איז אַנטשטאַנען אונזער גרויסע אַרבעטער־באַוועגונג. ווען מיר וועלן איצט דעם קאַמף פאַר אונזער רעכט אויף אַרבעט אומעטום, איך זאָג אומ

טום, ווייל נישט נאָר אין פוילן און אין אַנדערע ניי־אַנטשטאַנענע לענדער, נאָר אויך אין אַמעריקע הערן מיר שוין איצט וועגן דעמדאָזיקן קאַמף, און אויך אין דייטשלאַנד קלאָגן זיך יידישע אַרבעטער, אַז עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי, זעען מיר, אַז די אָנפאַנגער פון דאָזיקן געדאַנק, פון דאָזיקן קאַמף, זענען געווען מיר אין ארץ־ישראל, און נישט נאָר פאַר אונז אַליין, נאָר פאַר דעם גאַנצן יידישן לעבן. און אָט אין דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט איז שוין געווען די באַגעגעניש מיט דעם אַראַבישן פּראָבלעם. עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז די אַראַבער־פראַגע איז ערשט איצט אַנטשטאַנען. ניין, מיר האָבן זי שוין דעמאָלט געזען. און ווען מיר וואָלטן מיט 25 יאָר צוריק נישט אָנגעהויבן אונזער קאַמף אין דער פראַגע פון רעכט אויף אַרבעט, וואָלטן מיר איצט נישט געשטאַנען ווי צוויי פעלקער איינס קעגן אַנדערן, נאָר מיר וואָלטן געהאַט אַ באַציאונג פון פּלאַנטאַטאָרן צו שקלאַפן. ערשט איצט, נאָכן קאַמף פאַר יידישער אַרבעט, נאָכדעם איז ערשט געשאַפן געוואָרן אַ באַזע, אויף וועלכער עס קאָן אַנטשטיין אַ פאַרשטענדיקונג צווישןביידע פעלקער, צווישן אונז און די אַראַבער.

אָט דער געדאַנק פון רעכט אויף אַרבעט, וועלכער ווערט אין פיל קרייזן גערעכנט אַלס אַ שאָוויניסטישער געדאַנק, דערדאָזיקער געדאַנק איז נישט נאָר געווען די באַזע פון אונזער עקזיסטענץ, נאָר אויך די באַזע פון פון געזונטע באַציאונגען צווישן אונז און די אַראַבער אין ארץ־ישראל. אויך דער געדאַנק פון זעלבסטשוץ — נישט דער געדאַנק, וועלכן עס האָבן געשאַפן די רעוויזיאָניסטן — נאָר דער, וועלכן עס האָט מיטגעבראַכט אפרים טשיזשיק, טרומפּעלדאָר א. אַנד., אָט דער געדאַנק האָט אונז געשאַפן די ערשטע זיכערע טריט אין דעם ים פון וויסטענישן, וואו מיר זענען אַהינגעגאַנגען.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו שאַפן אַ נייע ציוויליזאַציע אין אָט דעם מדבר. אויפן באָדן פון קאַמף פאַר אַרבעט איז אויסגעשמידט געוואָרן די יידישע אַר־בעטער־באַוועגונג. איך דאַרף דאָך דאָ נישט רעדן בפרטיות און אַ פרעמדער וועט ממילא נישט באַגרייפן, אָבער איר אַלע ווייסט עס דאָך.

איך וויל נאָר זאָגן, אַז אָט אין דעם שווערן קאַמף, וועלכער איז גע־פירט געוואָרן פון אָנפאַנג אָן, אָט אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז אויסגע־וואַקסן אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן : אונזער גרויס קאָאָפּעראַטיוו קאָלאָניזאַציע־ווערק. אָט אין דעם אַלעם איז געלעגן אַ גרויסע אידעע : אַן אידעע פון בויען, פון באַטראַכטן און אָפּשאַצן יעדעס שטיקל אַרבעט, ווי אַזוי דאָס וועט זיך אויסווירקן אין דער צוקונפט און נישט נאָר דאָ, נאָר אויך ווי אַזוי עס וועט זיך אויסווירקן ערגעץ אַנדערש, ווייל דער געדאַנק איז געווען צו בויען נישט נאָר היינט, נאָר אויך פאַר מאָרגן. און די מלוכהשע אויפפאַסונג איז געוואָרן בלוט און פלייש פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

און דעריבער האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט געמוזט — איך זאָג דאָס אָפן — געמוזט זיך שאַפן אין אַ גאַנצער רייע פראַגן אַ גאַנץ נייעם שולחן

ערוך און אין אַ סך פראַגן נישט פרעגן, צי מען מעג אָדער גישט. די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין א"י, וועלכע האָט געמוזט האָבן פון אָנהייב אָן אַ קאָנסטרוקטיוון צוועק, האָט דורך דעם אויך געמוזט זעען דעם סאָציאַליזם נישט נאָר פון שטאַנדפונקט פון אַ פראָצעס, וואָס מען קאָן אין אַ טאָג אָדער אין אַ וואָך פאַרווירקלעכן, אָדער אַ זאַך, וואָס קאָן רעאַליזירט ווערן דורך דעמאָנסטראַציעס, נאָר זעען, אַז עס איז נייטיק אַ לאַנגער קאַמף, איניציאַטיוו און פיל אויפריכטיקייט פאַר זיך אַליין. און דערפאַר האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל געמוזט שאַפן אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע צווישן אירע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, צווישן איר קלאַסן-טעמפעראַמענט און איר סאָציאַלן גייסט און קלאַסן-אינטערעסן. און זי האָט דעריבער געמוזט לייגן איר אויפמערקזאַמקייט אויף דער קולטור-אַרבעט און אָרגאַניזירונג אין דער ערשטער רייע. און גראָד ווי די אַרבעטערשאַפט איז געווען דער טרעגער פונם קאָלאָניזאַציע-ווערק, איז זי אויך געווען דער טרעגער אין דעם אויפלעבונגס-פראָצעס פון דער העברעישער שפראַך און ליטעראַטור, וועלכע איז טיף צונויפגעוואַקסן מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א"י.

מיט אַלע יענע פראַגן, וועלכע באַשטייען שוין אין די לענדער, וואו דער אַרבעטער-קלאַס האָט שוין די מאַכט און ער שלאָגט זיך מיט די פראָבלעמען, צוליב פאַראַנטוואָרטלעכקייטס-געפיל, — מיט די אַלע פראַגן האָט זיך די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל באַגעגנט זייער פרי און זי האָט געמוזט געבן דערויף איר ענטפער.

מיר האָבן געשטרעבט, ווי אַלע סאָציאַליסטן, אַז די העגעמאָניע זאָל איבערגיין אין די הענט פון אַרבעטער-קלאַס, אָבער מיר האָבן דאָס אַנדערש פאַרשטאַנען ווי די אַנדערע אַרבעטער-פאַרטייען. מיר האָבן נישט געפרוווט פירן אַ ברוגז-טאַנץ מיט די יידישע מאַסן. איך פלעג באַטראַכטן פיל דערשיינונגען פון קלאַסן-קאַמף אויף דער יידישער גאַס און האָב זיי אַסך מאָל פאַרשטאַנען, ווי אַ ברוגז-טאַנץ מיט דער יידישער בורשזואַזיע. מיר האָבן געטראַכט, אַז דער אַרבעטער-קלאַס האָט זיין היסטאָרישע אויפגאַבע צו פירן דאָס יידישע פאָלק און מיר האָבן געשטרעבט צו ווערן דער אַוואַנגאַרד פון דער אויפגאַבע. און דערפאַר האָט זיך אונזער באַוועגונג נישט פאַרוואַנדלט אין אַ סעקטע. מיר זענען געוואָרן אין יידישן לעבן נישט קיין האַמער, וואָס שלאָגט, נאָר אַ קראַפט, וואָס טרייבט. און אין קאַמף פאַר אונזער עקזיסטענץ זענען מיר געוואָרן באַוואוסטזיניקע קאָלאָניזאַטאָרן, אַזעלכע קאָלאָניזאַטאָרן, וואָס איז אַ באַזונדערע דערשיינונג אין דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן געשאַפן נייע פאָרמען פון לעבן צווישן מענטש און מענטש. איך דאַרף דאָ נישט רעדן דערפון, די נעמען פון דער קאָלאָניזאַציע קען די גאַנצע וועלט: קבוצות, מושבים, און מען ווייסט, אַז דאָס זענען נייע פאָרמען, אין וועלכע עס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אומגעהייערע מענטשלעכע אוןווירטשאַפטלעכע קראַפט. די פאָרמען זענען נישט פון יחידים, וואָס האָבן געזוכט גליקלעך צו ווערן. און אונזער מזל איז עס געווען, וואָס די אַלע עקספערימענטן — ווי מען פלעגט עס אָנרופן — האָבן אויפגעהערט צו זיין עקספערימענטן, זענען געוואָרן אַ מאַס-

באַוועגונג און האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַ גרויסער פאָלקס־באַוועגונג פון נייע קאָלאָניזאַטאָרישע פאָרמען.

אָבער נישט נאָר אין דער סאָציאַלער פאָרם, נאָר אויך אין ריינעם מענטשלעכן לעבן איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד צווישן דער ארץ־ישראל־קאָלאָניזאַציע מיט אַלע אַנדערע יידישע קאָלאָניזאַציעס. יידן פלעגן זיך אין פאַרשידענע צייטן קאָלאָניזירן, אָנהייבנדיק פון די צייטן פון ניקאָליי דעם ערשטן ביז די לעצטע פרוון פון קאָלאָניזאַציע אין פאַרשידענע לענדער. אויב איר האָט אינטערעס פאַר דער פראַגע, איז גענוג אַדורכצולייענען האַל־פערסאָנס זכרונות וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. אָבער ווען איר קוקט זיך צו, וואָס עס טוט זיך אין קרים, אין אוקראַינע, וועט איר זען, אַז די מענטשן, וואָס ווערן דאָרט קאָלאָניזירט, זענען נאָר אַן אָביעקט, מען קאָלאָניזירט זיי, מען קאָלאָניזירט דעם אָדער יענעם. און ווען מען באַטראַכט דעם גרויסן ים פון יסורים פון די, וואָס האָבן געמוזט איבער־ניין צו קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד ביז אפילו די יידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע, וועט מען דאַן פאַרשטיין, וואָס אונזער אַרבעטער־באַוועגונג האָט אין דעם פרט אַריינגעטראָגן. זי האָט באַפרייט דעם יידישן קאָלאָניסט, זי האָט נישט געמאַכט פון אים אַן אָביעקט, נאָר זי האָט פאַר אים געשאַפן דעם גרויסן אויפטו פון יידישן לעבן, וועלכער איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. אמת, מיר האָבן זיך אויך אין ארץ־ישראל אָנגעטראָפן אין אונזער אַרבעט מיט אפּוטרופּסות פון פאַרשידענע מינים, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, אָבער מיר האָבן דעמדאָזיקן סיסטעם אַדורכגעבראָכן און די אפּוטרופּסות פון דאָרט פאַרטריבן.

דאָ אין זאַל זיצט אַ מענטש, וועלכער האָט אַ גרויסן חלק אין אונזער אַרבעט, דאָס איז ד״ר רופּין. מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אים איז געווען אין פּאַלעסטינע־אַמט אין ארץ־ישראל ביי אַן אַרבעטער־שטרייק. דער שטרייק האָט דאַן אָוועקגעשטעלט די אפּוטרופּסות־פראַגע און זי דעמאָלט אָפּגעשאַפן. פון דעמאָלט אָן, דורך אַ גאַנץ ברייטער אַרבעט, זענען געשאַפן געוואָרן נייע מעטאָדן פון קאָלאָניזאַציע און אַרבעט. די נייע מעטאָדן זענען נאָך נישט קיין יורידישער פאַקט, אָבער די פּאָלשטענדיקע קאָאָפּערירונג פון די באַזיצע און די באַזעצער איז געגרינדעט אויף קאָאָפּעראַטיווע כּוחות מיט אַכטונג און זעלבשטענדיקייט און דאָס האָט באַשטימט דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דעם ווערק אין ארץ־ישראל. נאַטירלעך, וואָלט דאָס אַלץ נישט מעגלעך געווען, ווען עס וואָלט נישט געקומען צו אַ קלאָרער קאָאָפּעראַציע, נישט נאָר פאָר־מעל, נאָר אויך פאַקטיש, צווישן די שטרעבונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, צווישן איר גייסט און דעם נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל. ווי מיר זאָלן נישט וועלן און נישט האָבן דעם אינטערעס פאָרצושטעלן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין איר גאַנצער קראַפט, מוזן מיר דאָך זאָגן : עס וואָלט נישט מעגלעך געווען צוצוקומען צו דעם, צו וואָס מיר זענען צוגעקומען, ווען מיר וואָלטן נישט געווען דער דינאַמישער כּוח און געטריבן די נאַציאָנאַלע קאַפּי־טאַלן צו דער מאָדערנער קאָלאָניזאַציע. און דאַ מוז געזאַגט אַ פאַר ווערטער

וועגן די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן. דער טרוים פון שאַפּירא, אַז מיט איינצלנע גראָשנס וועט מען אויסלייזן ארץ־ישראל, גייט איצט אָן און ווערט פאַרווירק־לעכט. און גאַנץ אָפט, ווען איך זע די בלויע פּושקעס, וואָס פיל באַטראַכטן זיי פון אויבן אַראָפּ, טראַכט איך, צי עס זענען דאָ אַ סך אַזעלכע באַפרייאונגס־באַוועגונגען אין דער וועלט, וואָס באַדאַרפן שאַפן פאַר אַ פאָלק באָדן אונ־טער די פיס, און וועלכע זאָלן אַרויסווייזן אַזוי פיל אָפּפערווילּיקייט ווי ביי אונז.

מיר קאָנען זיך איצט נישט פאָרשטעלן ווי די גאַנצע אידעע אונזערע פון נאַציאָנאַלן באָדן וואָלט אויסגעזען, ווען נישט אונזער נאַציאָנאַל־פאָנד. נישט נאָר דער באָדן וואָלט געווען גאַנץ פּריוואַט, נאָר עס וואָלט געווען אַ פראַגע פון יחידים גבירים. אַ פאָלקס־באַוועגונג, אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע וואָלט געווען גאַנץ אוממעגלעך, ווען עס וואָלט נישט געווען דער קליינער אינסטרו־מענט, וועלכער וואַקסט און ווירקט פון יאָר צו יאָר.

דאָ מוז איך אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן קרן־היסוד, וועלכער איז באַשטימט — לויט סירקינס וואָרט — צו זיין דער סאָציאַליסטישער בודזשעט פון ארץ־ישראל. איך זאָג דאָס אָפן און איך האָב נישט קיין מורא, אַז די באַלעבאַטים וועלן אַגיטירן קעגן קרן־היסוד, ווייל ער איז דער סאָציאַליסטישער בודזשעט. דען דער בודזשעט אין ארץ־ישראל מוז זיין אַ סאָציאַליסטישער און קאָן קיין אַנדערער נישט זיין. און ווען איך הער די פראַגע, צי די ציוניסטישע באַוועגונג איז אַ סאָציאַליסטישע אָדער בורזשואַזע, טראַכט איך, זאָל מען פאַרגלייכן דעם בודזשעט פון ארץ־ישראל און די בודזשעטן פון אַנדערע רעגירונגען און זען, וועלכע בודזשעטן עס ווערן פאַרווענדעט אויף קאָנסטרוקטיווערע מיטלען: דער ארץ־ישראל־בודזשעט צי די אַנדערע. דאַן וועט מען זען, אַז נאָך אַזאַ בודזשעט ווי אין ארץ־ישראל, מיט אַזאַ פאַרווענדונג פאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן, וועט מען נישט געפינען.

איצט וואָלט איך געוואָלט מאַכן אַ קליינעם חשבון פון אונזער פאַרמעגן אין ארץ־ישראל. איך האָב דעם איינדרוק, אַז מען דרוקט פיל בראָשורן און פּלאַקאַטן און אין דער יידישער וועלט אינטערעסירט מען זיך מער מיטן מופטי, איידער מיט דעם. וואָס איז געטון געוואָרן אין ארץ־ישראל. אויף פיל זאַכן, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט צום יידישן לעבן, ווערט געלייגט מער אַכט, ווי אויף די וויכטיקסטע זאַכן אין לאַנד. און מען ווייסט כלל נישט אין חוץ לארץ, וואָס מיר פאַרמאָגן און וואָס מיר שאַפן.

מיר האָבן היינט אין ארץ־ישראל — יאָ, מיר האָבן געאַרבעט שלעכט, נישט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן און דערביי געהאַט זייער שלעכטע באַ־דינגונגען און אַ טייל פון פאָלק שטייט אין דער זייט פון אונז, בפרט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג — יאָ, ביי דעם אַלעם האָבן מיר פאַרדרייפאַכט דעם ישוב. מיר זענען מיט 10 יאָר צוריק געווען אין ארץ־ישראל ווייניקער פון 60 טויזנט נפשות, מיר זענען היינט 170 טויזנט. מיר זענען געווען 9 פּראָצענט, איצט זענען מיר 18 פּראָצ. אין לאַנד. מיר האָבן מיט 10 יאָר צוריק געהאַט אַ 20 טויזנט דונאַם באָדן (אַ רונדע ציפער נעמענדיק), מיר האָבן איצט אין

די הענט פון קרן-קימת צוזאַמען מיט דעם באָדן, וואָס איז נאָך נישט אינ-גאַנצן איבערגעפירט אויף זיין נאָמען, — 360 טויזנט דונאַם. מיט 10 יאָר צו-ריק איז אין ארץ-ישראל געווען איין קליינע באַנק, מיר האָבן היינט אַ פאַר-צווייגטע נעץ פון באַנק-וועזן. מיר האָבן מיט 10 יאָר צוריק נאָך נישט געהאַט קיין אָנפאַנג פון אַן אינדוסטריע, מיר האָבן איצט אַ גרויסן אָנהייב פון אַ גרויסער אינדוסטריע. איר ווייסט אויך, אַז מיר קאָנען נישט אָפּשאַצן ארץ-ישראל נאָר מיט דעם, וואָס מיר קאָנען באַווייזן אין ציפערן און אין צאָלן. מיר האָבן אויך עפּעס אַנדערש אויפצווווייזן, דען די פראַגע, די הויפּט-פראַגע איז, דאָך נישט נאָר צי מיר האָבן עפּעס דערוואָרבן, נאָר צי האָבן מיר באַקומען דעם שליסל פאַר דער ווייטערדיקער באַוועגונג פון לאַנד. ביים היינטיקן טאָג האָבן מיר אין דער האַנט פון נאַציאָנאַל-פאָנד נאָך אומבאַזעצטע 80 טויזנט דונאַם באָדן אויפן ברעג פון ים, אין עמק האָבן מיר 80 טויזנט דונאַם, אין געגנט פון ירדן 10 טויזנט דונאַם. אין חיפער בוכט האָבן מיר אַ 35 טויזנט דונאַם. מיר פאַרמאָגן צוזאַמען — נישט רעדענדיק פון דער פּיק״א און פון פּריוואַט-באַזיץ — אָנגעגרייט רעזערוון פון באָדן, וועלכער קאָן און מוז באַ-זעצט ווערן. מיר האָבן 200 דונאַם ערד, וואָס קומט אין באַטראַכט פאַר אינ-טענסיווער קאָלאָניזאַציע.

איך וויל דאָ נישט מאַכן אַ רעכנונג פון דער צאָל נפשות, וואָס מיר האָבן איצט, מיך אינטערעסירט, וואָס מיר וועלן טון מאָרגן און איבערמאָרגן. מיר האָבן אין אונזערע הענט זאַכן, וואָס מען דאַרף נישט איבערחזרן, אַלע ווייסן עס, אָבער זיי זענען פון געוואַלטיקער וויכטיקייט: מיר האָבן דעם ים-המלח, די עלעקטריפיקאַציע. זאַכן, וועלכע מיר האָבן נאָך נישט אָנגעפאַנגען, אָבער מען קאָן און דאַרף זיי אויסנוצן און אויסבויען. דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, איז אַ ברוכטייל, וואָס עס געפינט זיך ביי אונז, און וואָס עס קאָן זיך נאָך געפינען אין אונזערע הענט... ווען מיט יאָרן צוריק האָבן די אוטאָפּיסטן פון ציוניזם גערעדט וועגן אַ גרויס ארץ-ישראל און וועגן איר פּאָליטישער און סטראַטעגישער באַדייטונג, איז דאָס געווען אַ פיינער טרוים, אָבער איצט שטייען מיר טאַקע פאַר דער פּאַקטישער לאַגע, ווען דער גרויסער טייל פאָלק-כוחות האָט זיך אַנטפּלעקט און דידאָזיקע אוי-טאָפּיעס ווערן היינט-מאָרגן פאַרווירקלעכט. מיר שטייען פאַר דער עלעקטרי-פיצירונג פון לאַנד, פאַר דער אויסבויאונג פון דער באַגדאַד-באַן, און מיר האָבן איצט די נייע מעגלעכקייט, וואָס ליגט אין דעם גאַנצן הינטערלאַנד פון אַרום חיפה, וועלכער איז געווען אַ טויטער זומפּ, וואו עס איז בכלל נישט געווען קיין יושב און היינט ליגט דאָרט אַ גרויסע צוקונפט פון ארץ-ישראל.

איך וויל אייך דערציילן אַ וואָרט, וואָס עס האָט מיר געזאָגט אַן אַגראָ-נאָם. אין דער צייט גראָד, ווען אונזער ווירטשאַפט איז געווען אַ ציל פאַר אַלע מיני אָנגריפן און אָנפאַלן, און דאַן האָט דער אַגראָנאָם מיר געזאָגט: איך בין נאָר-וואָס געקומען פון תל-יוסף, מען זאָגט מיר, אַז דאָרט איז דאָ אַ דעפיציט, אָבער איך האָב דאָרט געטראָפן אַ נייע ראַסע פון בהמות, און איך וואָלט באַדאַרפט האָבן דערפאַר, צו שאַפן אַזאַ ראַסע, 100 טויזנט פונט און

נישט נאָר פון בהמות קאָנען מיר אייך דערציילן: אויך הינער האָבן מיר גע־שאַפן אַ נייע ראַסע דער עיקר: מיר האָבן געשאַפן אַ נייע ראַסע פון מענטשן, וואָס קומען אַהין דורכצוברעכן אַלע שוועריקייטן, וואָס זיי טרעפן אָן אויפן וועג.

בכלל איז די ווירטשאַפטלעכע דערפאַרונג, וואָס מיר האָבן אָנגעזאַמלט, נאָך נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן, אפילו נישט אין אונזערע אייגענע קרייזן. ווען סימפּסאָן איז געווען אין ארץ־ישראל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אַזעלכע גרייפּ־פרוכט ווי אין ארץ־ישראל האָט ער נישט געגעסן אויף דער גאַנצער וועלט. דיבאַנאַנעס אייערע — האָט ער געזאָגט — זענען די בעסטע. די זאַכן דאַרפן ווערן אָפּגעשאַצט נישט נאָר לפי וויפיל מיר האָבן, נאָר וואָס מיר האָבן געפונען. וואָס פאַר אַ וועגן מיר האָבן געפונען אין דער נייער ווירטשאַפט. מיר דאַרפן אַזוי אַרום אָפּשאַצן, למשל, אַז אין באר טוביה איז נישט געווען קיין וואַסער און מיר האָבן דאָרט אַנטדעקט די קוואַלן. מיר האָבן געפונען די ווירטשאַפטלעכע קוואַלן פון לאַנד. ווען מיר האָבן דערגרייכט, אַז אונזער קאָאָ־פעראַטיוו צו פאַרקויפן אייגענע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן פון די אַרבע־טער־ווירטשאַפטן „תנובה" האָט אין לעצטן יאָר פאַרקויפט פּראָדוקטן פאַר 130 טויזנט פונט, איז דאָס אַ גרויסע זאַך, וועלכע עס האָט דערגרייכט די יידישע קאָלאָניזאַציע.

די אמתע שוועריקייטן ליגן וואו אַנדערש: מיר שטייען, ווי אַן איינזאַם אינזל אין יידישן ים, און דער יירישער ים איז פול מיט אומצוטרוי און עס פעלט גלויבן אין דער גרויסער אידעע. און דעריבער איז גרויס די אומ־געדולד צו זען, וואָס עס וועט זיין מאָרגן און זען דאָס נאָך אין איצטיקן מאָמענט. און דעריבער, חברים, וועלן מיר שווייגן און אַרבעטן און נישט רעדן. איר ווייסט דאָך, עס זענען פאַראַן פיל מענטשן, וואָס מען דאַרף זיי נישט ווייזן קיין האַלבע אַרבעט, און מיר האָבן דאָך אפילו אונזער האַלבע אַרבעט אויך נאָך נישט געטון.

אין דעם שווערן ים פון פאַרווירונג, פון אומגלויבן, שטייען מיר אין דער באַוועגונג, און דער אַרבעטער באַטראַכט זיך נישט ווי אַ שבט, נאָר ווי אַ באַוועגונג פון אַ גרויס פאָלק. מיר זעען די שוועריקייטן פון היינט, אָבער מיר זעען אויך דעם ווייטערדיקן וועג. בן־גוריון האָט דאָ גערעדט וועגן די דריי דימענסיאָנען און איך וויל דאָ נאָר פאָרמולירן - געדאַנק: אַ לאַנד ווערט געבויט נישט נאָר דורך אירע געאָגראַפישע כוחות, נאָר דורך נאָך אַ זאַך: דורך זיינע מענטשן.

אָט זעען מיר גרויסע לענדער אַרום ארץ־ישראל, ווי סיריע, מעסאָ־פּאָטאַמיע א. אנד., וועלכע זענען געווען גרויסע קולטור־צענטערן און זענען איצט אָרים און וויסט. און דידאָזיקע גאַנץ גרויסע שטחים וועט נאָך געבויט ווערן דורך אונזער אַוואַנגאַרד אַ גרויסער קולטור־צענטער. אַז איך וויל אָפּ־שאַצן די זאַך פאַר זיך אַליין, פאַרשטיי איך עס על־פּי משל: איך צייל נישט נאָר דאָס, וואָס מיר האָבן היינט, נאָר זאָג, אַז אויב מען וויל זען נייע זוימען, נייע אַרטן, מוז מען ערשט דאָס פריער פאַרזייען אין טעפּלעך, דערנאָך זעצן עס אין בייטן; דערנאָך ערשט אין דער עקספּערימענטאַל־סטאַציע, און די סטאַציע

האָט זיך איר קליין פעלד, און ערשט שפּעטער, אַז עס נעמט זיך אָן אין דער עקספּערימענטאַל־סטאַציע, שפּרייט מען אויס די זוימען אין אַ פריי פעלד. ווען עס וועט ווער קומען און פרעגן: וואָס טוט איר, נאָך וואָס האָט איר אַריינגעלייגט אַזוי פיל קראַפט? מוז מען אים זאָגן: די פאַרשטייסט נישט, וואָס דו פרעגסט. מיר מוזן זאָגן, אַז די פופציק יאָר זענען געווען די ערשטע געוואָרפענע זוימען. מיר זענען שוין אַוועק ווייטער, מיר, די צווייטע עליה, האָט שוין געהאַט קליינע בייטעלעך פאַרזייעט און די דריטע עליה איז שוין געגאַנגען נאָך ווייטער און איך זאָג אייך, חברים: גלייבט. די זאַך גייט ווייטער! און מיר האָבן נאָך אויף אַ גאַנץ גרויס פעלד! אמת, עס זענען נאָך פאַראַן גאַנץ שווערע פראַגן, וועלכע מיר האָבן נאָך נישט געלייזט און עס שטייען פאַר אונז גרויסע פראַגן, וועלכע מיר מוזן לייזן. מיר מוזן מאַכן אונזער קאָלאָניזאַציע (וואָס איז נישט קיין קאָלאָניזאַציע פאַר יחידים) צוגענגלעך פאַר טויזנטער מענטשן, זי זאָל איינשלינגען ברייטע מאַסן און מאַכן זי פאַר די אַרבעטער־מאַסן. די פראַגע מוזן מיר לייזן. איך האָב לעצטנס באַזוכט דעם טייל ירדן, וואו איך האָב מיט 20 יאָר צוריק געאַרבעט מיט נאָך חברים, וואו מיר זענען געווען די איינציקע צווישן אַ מדבר פון בעדואינער, און ווען איך בין איצט געקומען אין דער געגנט, זאָגן מיר חברים: ווען מיר האָבן דאָ נאָך אַ שטיקל ערד, וואָלטן מיר געקאָנט מאַכן אַ קבוצה נאָך אפשר אַ גרעסערע, ווי מיר האָבן איצט און עס דאַרף קאָסטן ביליק, ווייל מיר האָבן דאָך שוין די דערפאַרונג פון דער אַרבעט. הערנדיק און זעענדיק דאָס — באַטראַכט איך דאָס אַלס אַן אָנפאַנג פון דער גרויסער יידישער קאָלאָניזאַציע.

איך וויל נאָר דאָ ענטפערן אַ פּאָר ווערטער די, וואָס קומען און זאָגן אונז: יאָ, אפשר זענט איר גערעכט, אָבער איר האָט געטון איין זאַך: איר האָט אָפּגעצאַפּט פון אונז דאָס בעסטע, איר האָט צוגענומען פאַר זיך די גאַנצע יידישע כּוחות, איר האָט דאָך אָרים געמאַכט דאָס יידישע פאָלק און אַרויסגעריסן פון גלות אַלץ, וואָס איר האָט געקאָנט, און דערפאַר איז אונז דאָ שווער. ווען איך הער אָט־אָ דאָס, מוז איך דאָס זייער באַוואונדערן. ווייזט אויס, אַז דידאַקטיקע מענטשן באַטראַכטן דאָס יידישע לעבן, ווי אַ קריגל מיט מילך, פון וועלכן מען קאָן אַראָפּשעפּן די סמעטענע. מיר באַטראַכטן דאָס אַנדערש: מיר באַטראַכטן דאָס יידישע לעבן אַלס אַ גרויסן קוואַל, פון וועלכן וואָס מער מען שעפּט, אַלץ מער פילט זיך אָן דער קוואַל. אונזער באַוועגונג נעמט מענטשן, וואָס זיי וואָלט אויסגעקומען צו ווערן לופט־מענטשן און פאַרקריפּלט ווערן, — און מיר גיבן זיי אַן אידעע, אַ גרויסע באַפרייענדע אידעע פון אַ גרויסער באַפרייענדיקער טאַט. ווען מיר זאָלן וועלן באַווייזן, וואָס אונזער באַוועגונג האָט געגעבן דער יידישער וועלט, וועלכע איז אַזוי אין קריג צעשטערט געוואָרן, און ווען מיר וואָלטן געקאָנט וויסן, ווי אַזוי די יידישע וועלט וואָלט אויסגעזען אָן אונזער אידעע, ווען זי וואָלט נישט געהאַט וואו אויסצוגיסן אַ טייל פון אירע קרעפטן, וואָלטן מיר געוואוסט, וואָס פאַר אַ טרויער עס וואָלט דאַן געווען פאַר די יידישע מאַסן. עס איז זיך אומ־

מעגלעך פאַרצושטעלן די נייע פּרווון פון דער רוסישער קאָלאָניזאַציע, ווען עס וואָלטן נישט געווען אונזערע קאָלאָניזאַציע-אַרבעטן אין ארץ-ישראל. די אַלע איצטיקע קאָלאָניזאַציס-פאַרמען אין אַלע ערטער זענען מעגלעך געוואָרן נאָר אַ דאַנק אונזער ביישפּיל אין ארץ-ישראל. מיר טראָגן מיט אונזער אַרבעט אַ באַווייז, אַז ציוניזם איז נישט קיין טרוים, נאָר עס ווערט געשאַפן אַ טאַט, וואָס זאָגט, אַז די האָפנונג פון קבוץ גלויות איז נאָך נישט אויפגעגעבן געוואָרן (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

אליעזר פּראי („השומר הצעיר״): מיר זיצן שוין דעם דריטן טאָג, האָבן שוין אויסגעהערט אַ שפע פון באַגריסונגען און רעדעס. אָבער די דעלעגאַטן זענען נאָך נישט געקומען צום וואָרט. נישט וועלנדיק פאַרמינערן אין מינדסטן די חשיבות פון די רעדעס, מוז איך אָבער מאַכן פאָלגנדע פאָרשלאָגן: א) באַגרעניצן די צאָל רעפעראַטן; ב) באַשטימען אַ צייט פאַרן אַלגעמיינעם וויכוח אַרום די רעפעראַטן לויטן פאָלגענדן כּלל: דער ערשטער רעדנער פון יעדער ריכטונג באַקומט אַ האַלבע שעה, די נעכסטע אַ פערטל שעה; ג) אָפּהיטן דאָס פּינקטלעכע אָנהייבן די זיצונגען.

פאָרזיצער ד. בן-גוריון: דאָס פּרעזידיום וועט האָבן אַ זיצונג בעת דער מיטאָג-הפסקה און וועט זיך באַראַטן וועגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון די קאָנגרעס-פאַרהאַנדלונגען. ביים אָנהייב פון דער נעכסטער זיצונג וועלן מיר מודיע זיין דעם קאָנגרעס אונזערע פאָרשלאַגן.

יצחק לעוו (לינקע פּועלי-ציון — פּוילן): לויט דעם באַריכט אינם קאָנגרעס-ביולעטין נר. 1 קאָן מען פאַרשטיין, אַז מיר האָבן פאַרלאָזט דעם קאָנגרעס-זאַל בעת דער רעדע פון נ. סאָקאָלאָוו, דערפאַר, ווייל ער האָט גערעדט העברעיש. דאָס איז נישט ריכטיק. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל, כּדי צו דעמאָנסטרירן אונזער קעגנערשאַפט קעגן יעדן מין פון קאָאַליציע מיט דער יידישער בורזשואַזיע.

שלוס פון דער פערטער זיצונג.

## פינפטע זיצונג

**מאָנטיק, דעם 29־טן סעפּטעמבער, נאָכמיטאָג.**

**פאָרזיצער ד. בן־גוריון, מעלדעט: דאָס פּרעזידיום האָט געהאַט אַ זי־צונג און באַשלאָסן, אַז אויף דער היינטיקער זיצונג זאָלן אויסגעהערט ווערן אַלע רעפּעראַטן און דער גאַנצער מאָרגנדיקער טאָג זאָל זיין געווידמעט דער דיסקוסיע. די פיר גרעסערע פראַקציעס און אַמעריקע באַקומען יעדערע אַ שעה צייט אין דער דיסקוסיע, „דת־ועבודה" און די אַבראַמאָוויטש־פראַקציע צו פופצען מינוט יעדע, יחידים וועלן קאָנען רעדן ביז אַ פערטל שעה.**

**עס ווערן פאָרגעלעזן אַ רייע באַגריסונגען און דאַן באַקומט דאָס וואָרט**

**חבר יוסף שפּרינצאַק צו זיין רעפּעראַט**

## די אַרבעטער־באַוועגונג אין א״י און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

**איך האָב דאָס געפיל, אַז אין גאַנג פון קאָנגרעס איז מיין טעמאַ שוין פיל מאָל געבראַכט גשוואָרן צום אויסדרוק. יעדערער, וואָס האָט אויף אונזער קאָנגרעס פאַרבראַכט אייניקע שעה, קאָן שוין זעען, אַז דאָ אויפן קאָנגרעס שלאָגט דאָס געוויסן פון ציוניזם, און אַז דאָ איז געקומען צום אויסדרוק דער געדאַנק וועגן שאַפן און זאָרגן פאַר די מאַסן פון יידישן פאָלק.**

**די הכתדרות איז נישט פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נישט אָפיציעל און נישט אָרגאַניזאַטאָריש. עס איז אָבער פאַר קיינעם נישט קיין סוד, אַז די הסתדרות באַציט זיך נישט גלייכגילטיק צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין דער יידישער אַגענץ. עס איז אויך נישט קיין סוד, אַז די הכתדרות האָט פאַר נייטיק אַריינגרייפן אין דעם גאַנג פון דער ציוניסטישער אַרבעט, כדי צו זיכערן די אינטערעסן פון דער אַרבעטערשאַפט.**

**איך האַלט דידאָזיקע פאַרבינדונג פון אונזער אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַר אַ נאַטירלעכע, ווייל דער ציוניזם ווערט גע־שאַפן אין צייכן פון אַרבעט. דער ערשטער אויסדרוק פון אָרגאַניזירטן און**

אַקטיווען ציוניזם זענען געוועזן די ביל״וים; יענע אָרגאַניזאַציע, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען אַריינצונעמען נאָר אַזעלכע מיטגלידער, וועלכע ווילן זיך פאַרפליכטן אַריבערגיין אין א״י צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. זינט ס׳איז אויפן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס דערשינען דער פאַרטרעטער פון דער אָרגאַניזירטער א״י־אַרבעטערשאַפט, האָט די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג געווירקט אויף דעם, אַז דער ציוניזם זאָל פון אַ סענטימענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָרגאַניזירטן ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן פאַקטאָר, וועלכער האָט געשאַפן דעם פונדאַמענט פון דעם, וואָס מיר באַזיצן איצט אין ארץ־ישראל. דידאָזיקע פאַרבינדונג האָט געשאַפן אונזערע שטיץ־פונקטן אין לאַנד, האָט געשאַפן אונזער באָדן־פאָנד און אויפגעהויבן אים צו אַ קאָלאָניזאַטאָרישן פאַקטאָר. דידאָזיקע פאַרבינדונג האָט אויך באַווירקט, אַז אין דער ציוניסטישער באַוועגונג זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן דאָס אַראַבישע פּראָבלעם.

די באַטייליקונג פון דער אַרבעטערשאַפט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין די קאָנגרעסן איז געקומען נישט צוליב וועלכע ס׳איז אַלגעמיינע סענטימענטן, נאָר צוליב די אמתע פאָלקס־אינטערעסן. זי איז געקומען אַלס אויסדרוק פון דער יידישער נויט, פון דער נויט פון אויסוואַנדערונג. די אַרבעטער־באַוועגונג אין ציוניזם איז דער לעבעדיקער טרעגער פון דידאָזיקע פּראָבלעמען. עס זענען צווישן אונז פאַראַן חילוקי־דעות איבער דער פראַגע פון אונזער באַטייליקונג אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און עס זענען פאַראַן חברים, וועלכע זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן אָנטייל נעמען אין אַ פּרייוויליקער אָרגאַניזאַציע, ווי די יידישע אַגענץ, און דער באַטייליקונג אין אַן אינסטיטוציע פון מלוכה־מאַכט, ווייל אין אַ געוויסן מאָמענט קאָן מען די מלוכה־מאַכט דעראָבערן. איך וויל דאָ נישט באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם פון מאַכט־דעראָבערונג. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט 30 יאָר. אין דערדאָזיקער צייט האָבן מיר געהאַט אַ וועלט־מלחמה און בירגער־קריגן, וועלכע האָבן דערשיטערט די וועלט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אָבער געבליבן עקזיסטירן, ווייל זי איז בשום אופן נישט אַזוי פּרייוויליק, ווי מען מיינט. עס איז אַ נאַטירלעכער צוואַנג, וועלכער שאַפט דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע. עס איז דער יידישער גורל, וועלכער עקזיסטירט פאַרן קליינטשן ייד אין אַ גאַליציש שטעטל פונקט אַזוי, ווי פאַרן גרעסטן יידישן טיפּ. דערדאָזיקער פאַקט שאַפט דעם צוואַנג, וועלכער מאַכט פון דער פרייער אָרגאַניזאַציע אַן אָבליגאַטאָרישע.

אונזער באַטייליקונג אין דער פרייער אָרגאַניזאַציע באַשטייט אין דעם, וואָס מיר ווילן דורך איר קומען צו דער מלוכה־מאַכט. מיר באַטייליקן זיך אין איר, כּדי צו דערפילן אונזער פליכט לגבי דעם יידישן פאָלק און זיינע צוקונפטס־אינטערעסן, וועלכע קאָנען אין ארץ־ישראל זיין נישט קיין אַנדערע ווי די אינטערעסן פון אַן אַרבעטס־פאָלק. מיר האָבן געשאַפן דעם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד. מיר האָבן אויפגעשטעלט אין ארץ־ישראל די פאַקטאָרן פון אַ נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט. מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער ציוניסטישער

באַוועגונג, כּדי צו טרייבן די ענערגיע פון גאַנצן יידישן פאָלק אויפן וועג, וועלכן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגעצייכנט אין ארץ־ישראל.

מען רעדט ביי אונז פון אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע. מיר זענען אַ קאָאַליציע, אָבער נישט מיט דער בורזשואַזיע, נאָר מיטן יידישן פאָלק אין אַלע זיינע אויסדרוק־פאָרמען, אין די קהלות, אין דער יידישער אַגענץ, א. א. וו. ווען די אַגענץ זאָל נישט דערפילן אונזערע דערוואַרטונגען, דאַן וועלן מיר איבערגיין פון דער אַגענץ צו אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. מיר באַטראַכטן זי נאָר אַלס אַן איבערגייענדע פאָרם, אַלס דעם אָנהייב צו אַ פאָלקס־טימלעכער אַגענץ, וועלכע וועט פאַרייניקן די גאַנצע יידישע געמיינשאַפט פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. נישט אַלע אונזערע דערוואַרטונגען זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַגענץ. מיר לייקענען עס נישט. מאַנכע האַלטן עס פאַר אַ דורכפאַל, מיר האַלטן, אַז דאָס איז אונזער מיט שוועריקייטן און יסורים באַדעקטער וועג.

אַלץ, וואָס מיר האָבן געהערט פון סאָקאָלאָוון ביז ערעמען, איז געווען דער אויסדרוק פון ציוניסטישן ווילן, צו פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ לאַנד, וועלכעס קען אויפנעמען גרויסע יידישע אַרבעטנדע מאַסן. מיר גלייבן, אַז דער ערשטער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, וועלכער האָט זיך צונויפגעזאַמלט אונטער דעם פּאַראָל פון רעכט אויף אַרבעט פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל, וועט אונז געבן מוט און קראַפט פאַר אונזער וייטערדיקער אַרבעט (צווישנרוף פון לינקס: צום פּאַראַט!) חברים, אויב איר מיינט, אַז צו שאַפן נהלל, דגניה און דאָס גאַנצע אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל באַדייט פּאַראַט, דאַן האָב איך דעם מוט רופן צו אייך: גייט מיט אונז צוזאַמען אויפן וועג פון אַזאַ מין פּאַראַט! (שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן)

דער פּרעזידענט שטעלט דאַן פאָר

קאָל. סעסיל מעלאָן, מיטגליד פון דער לייבאָר־פראַקציע אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, וועלכער ווערט אויפגענומען מיט שטאַרקע אָוואַציעס. ער רעפערירט ענגליש (זיין רעדע ווערט איבערזעצט דורך חבר מאיר ב־און) א. ד. ט.

## ענגלאַנד און ארץ־ישראל

חברים, יידישע אַרבעטער,

איך בין באַערט מיט דער איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אין ערשטן וועלט־קאָנגרעס, אָרגאַניזירט פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

אַלס מיטגליד פון דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, בין איך צופרידן דאָ צו זיין און צו באַגריסן אונזערע יידישע חברים נישט בלויז פון א״י, נאָר פון דער גאָרער וועלט.

דידאָזיקע צוזאַמענקונפט איז אַ וואונדערבאַרע. ווען איך באַטראַכט דעם עולם און איך זע וויפיל יוגנט עס באַטייליקט זיך אין אייער צוזאַמענקומפט,

פיל אַיך, אַז די יוגנט איז מיט אייך, און אַז אייער צוקונפט איז געזיכערט. אייער אַרבעטער־ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל איז, ווי איך פאַרשטיי, פאַר־אינטערעסירט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אָבער פון אַן אַרבעטער־שטאַנד־פונקט, די גרויסע אידעאַלן פון ציוניזם האָבן אינספּירירט די מענטשהייט. דער דורות־לאַנגער וואונטש פון יידישן פאָלק צו האָבן זיין נאַציאָנאַלע היים, ווערט דורכגעפירט אין דער היינטיקער צייט.

די אויפגאַבע, וואָס איר האָט גענומען אויף זיך, איז איינע פון די גרעסטע הומאַניטאַרע אויפגאַבן פונם היינט. דער עקספּערימענט פון אויפבויען אַ נייע מלוכה אויף דעם פונדאַמענט און פּלאַץ וואו עס איז אַמאָל געווען די עלטסטע מלוכה אין דער וועלט, ווערט נאָכגעפאָלגט מיטן טיפסטן אינ־טערעס דורך דער גאַנצער וועלט. און נישט ווייניקער פון די אַרבעטער, ווייל די אַרבעטערשאַפט אין אַלע לענדער, — די בריטישע, פראַנצויזישע א. אַנד. האָפט, אַז איר וועט אויפבויען אַן אַרבעטער־מלוכה, האָפט, אַז איר וועט לערנען פון דער דערפאַרונג און איר וועט נישט דאַרפן דורכמאַכן דעם גאַנצן קאַמף, וואָס די אַרבעטער פון אַנדערע לענדער האָבן דורכגעמאַכט, און פון וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק געליטן.

איר האָט די גרויסע געלעגנהייט אויסצומיידן אייניקע שטופן פונם היסטאָרישן קאַמף צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. נישט דורכמאַכן די טעותים פון קאַפּיטאַליזם. איך וויל אָבער היינט בעיקר רעדן איבער דער בריטישער אַרבעטערשאַפט און דעם א״י־מאַנדאַט.

דער אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַלער־היים און גרויס־בריטאַניענס אָננעמען דעם ארץ־ישראל־מאַנדאַט, זענען אַ געמיינזאַמער ענין פון ענגלאַנד און פון די יידן אין דער גאָרער וועלט. עס איז זייער אַ גרויסע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט.

ענגלאַנד פאַרוואַלטעט א״י, באַפולמעכטיקט דורך דעם פעלקער־בונד, ביז צו דער צייט, ווען די אַראַבישע און יידישע באַפעלקערונג וועלן גרייט ווערן פאַר זעלבסטפאַרוואַלטונג און זעלבסט־שוץ. און עס איז אויך וויכטיק, אַז דאָס זאָל געשען. ענגלאַנד איז פאַראַנטוואָרטלעך צוזאַמען מיט דער יידישער אַגענץ איינצואָרדנען דאָס לאַנד אונטער אַזעלכע פּאָליטישע, אַדמיניסטראַטיווע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס זאָלן פאַרזיכערן דעם אויפבוי פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים.

מען קאָן זאָגן, אַז אַן אימפּעריאַליסטישע מדינה, ווי בריטאַניע, נעמט נישט איבער קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ מאַנדאַט אויס ריין אַלטרואיס־טישע מאָטיוון. איך האָב געהערט, ווי אין קרייזן פון דער יידישער בורזשואַזיע אַרגומענטירט מען, אַז פאַר ענגלאַנד איז א״י וויכטיק צוליב דעם שוץ פון סועץ־קאַנאַל, צוליב דער פאַרבינדונג מיט אינדיע, כדי צו האָבן אין חיפה אַ ים־באַזע. אַזעלכע רייד זענען נישט קיין טובה, ווייל זיי עלימינירן די מיט־הילף און סימפּאַטיע. מיר, די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, קאָנען נישט אָננעמען אַזעלכע אַרגומענטן. מיר זענען נישט פאַראינטערעסירט אין א״י, ווייל עס באַשיצט דעם סועץ־קאַנאַל, ווייל עס שאַפט אַ לופט־פלי־פאַר־

קער קיין אינדיע, ווייל חיפה איז פּאָטענציעל אַ ים־באַזע. מיר זענען פאַראינטערעסירט אין דער אידעע פון אַ יידישער נאַציאָנאַנאַלער היים, בעיקר ווייל עס איז אַ גרויסער הומאַניטאַרער אידעאַל, אַ מיטל צו באַפרייען יידישע מאַסן, בעיקר די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין גאָר דער וועלט פון אונטערדריקונג.

איך ווייס פון דערפאַרונג ווי איר האָט געליטן. איך ווייס וועגן אייערע ליידן אין רוסלאַנד איך האָב געזען שפּעטער די שרעקלעכע פּאָגראָם־טעג אין דעניקינס תקופה. קעגן וועמענס רציחות איך האָב פּראָטעסטירט אין פּאַרלאַמענט אין יאָר 1919. איך ווייס, אַז איר האָט אומעטום געליטן. צי זענט איר דען שטענדיק גליקלעך און לעבט זיך אייך דען תמיד באַקוועם אפילו אין דייטשלאַנד? און ווערט איר דען נישט אפילו אין מיין אייגן לאַנד צייטנווייז באַשימפּט און באַליידיקט? זענט איר נישט אַ פאָלק, וואָס איז באַרעכטיקט צו זוכן אַ היים, אַ רו־פּלאַץ, אַן אייגן היימלאַנד?

מיר פירן אויס אונזער פאַרפליכטונג פון פעברואַר 1918, ווען די בריטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געפאָדערט פאַר יידן אין אַלע לענדער די זעלבע עלעמענטאַרע רעכט און טאָלעראַנץ, פרייהייט, וואוין־רעכט און באַשעפטיקונג און גלייכע בירגער־רעכט, וואָס ווערן געגעבן די איבעריקע איינוואוינער פון לאַנד.

מען קאָן פרעגן פאַרוואָס מיר, די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, אינטערנאַציאָנאַליסטן, אונטערשטיצן אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג? זאָג איך, אַז אַן אמתער אינטערנאַציאָנאַליסט איז נאָר מעגלעך צווישן גלייכע. אויב איר ווילט, אַז די אַרבעטער פון דער וועלט זאָלן זיך פאַרייניקן אין קאַמף פאַר עקאָנאָמישער גערעכטיקייט, וואָס די יידישע אַרבעטער זענען גלייכע שותפים, גרייט צו ווערן גלייכע און פרייע ברידער, גלייכע שותפים אין דעם גרויסן קאָאָפּעראַטיוון צוזאַמענלעבן פון דער וועלט. ווייל נאַציאָנאַלע פרייהייט איז דער ערשטער שריט צו עקאָנאָמישער פרייהייט, אומאָפּהענגיק צו איר לעבט אין אייער אייגן לאַנד, אָדער אונטער אַ פרעמדן יאָך, אָדער איר זענט צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

די געשיכטע האָט אונז באַוויזן, אַז אַזוי לאַנג ווי נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס ווערן נישט באַפרידיקט, ווענדן זיך נישט די געדאַנקען צו דער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג. און דאָס זענען די מאָטיוון, וואָס באַוועגן די אַרבעטער־באַוועגונגען פון אַנדערע לענדער אייך צו שטיצן. אייך יידישע אַרבעטער, פון קישיניעוו און קאָוונע, פון לאָדז און לעמבערג, פון א״י און פון אַלע אַנדערע לענדער און דאָס איז דער ציל פון אייערע גרויסע אויפגאַבן, וואָס באַשעפטיקן אייך און וועלכע וועלן דערפאָלגרייך אַדורכגעפירט ווערן. אין דעם פּראָצעס פון אויפבויען אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים, ווילן מיר, אַז דער יידישער אַרבעטער זאָל זיין דער וועג־ווייזער און לייכטנדער שטערן. מיר זענען זיכער, אַז איר וועט זיגן, מיר ווינטשן אייך דערפאָלג. ווען די צייט וועט קומען פאַר אַ זעלבסטרעגירונג אין א״י, האָף איך, אַז עס וועט זיין אַן אַרבעטער־און סאָציאַליסטישע רעגירונג, און דאַן וועט זיך עפענען דער ערשטער פּאַרלאַמענט אין ארץ־ישראל.

מיר באַדויערן די טרויעריקע געשעענישן אין אויגוסט 1929, געשעענישן, וואָס האָבן נישט געטאָרט פּאָרקומען און וואָס האָבן געקאָנט פאַרמיטן ווערן. אַ יאָר צייט איז אַוועק. דעם לעצטן חודש האָב איך באַזוכט אייניקע אייערע פאַרזאַמלונגען. עס איז נישט אייער ערשטער אומגליק, אָבער איך בין אויף אייערע פאַרזאַמלונגען טיף באַווירקט געוואָרן פון אייער נישט-געבראָכענעם און נישט-צעברעכבאַרן גייסט און פון אייער פעסטער אַנטשלאָסנקייט ווייטער פאָרצוזעצן אייער קאָנסטרוקטיווע אַרבעט.

ווי פאַרברעכעריש און קרימינעל די געשעענישן זענען נישט געווען, גלייב איך אָבער, אַז פון אומגליק וועט אַרויסקומען אַ טובה. ווייל די געשעענישן פון 1929 האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די חסרונות און פאַרנאַכלעסיקונגען פון דער ארץ-ישראל-אַדמיניסטראַציע. איך גלייב, אַז די עפנטלעכע מיינונג וועט צווינגען די פעלקער-ליגע צו פאָדערן אַ חשבון, אַ רעאָרגאַניזאַציע און הילף. נאָך דער שרעקלעכער טראַגעדיע האָט די בריטישע רעגירונג געשיקט די שאו-קאָמיסיע. מיר אין דער אַרבעטער-באַוועגונג זענען שטאָלץ מיט די באַוואָרענישן פון חבר האַרי סנעל, דעם פאָרשטייער פון דער אַרבעטער-פאַרטיי אין דער קאָמיסיע. זיי האָבן באַרעכטיקט און פעסטגעשטעלט אונזערע פאַרפליכטונגען און אויפגעהאַלטן אונזער כבוד. איך בין געווען צופרידן מיט דעם, וואָס סנעל האָט געזאָגט, אַז מען זאָל נישט פאַרבינדן די מאַסן פון די אַראַבער מיט די באַדויערנדסטווערטע געשעענישן פון אויגוסט 1929. צופרידן אויך דערמיט, וואָס ער האָט באַטאָנט, אַז דאָס אַראַבישע פאָלק קאָן נאָר געווינען פון דער יידישער אַרבעט, און אַז עס זאָל געזיכערט ווערן די ערד-איינאָרדנונג פון לאַנדלאָזע אַראַבער; סנעל דערמאָנט דעם מעמאָראַנדום פון דער הסתדרות צו דער שאו-קאָמיסיע, וועלכער זאָגט, אַז „יידישע עמיגראַנטן, וועלכע קומען אין א"י צו לעבן דורך אייגענער אַרבעט, באַטראַכטן די אַראַבישע אַרבעטער ווי זייערע ברידער, וועמענס נויטן זענען זייערע נויטן, און וועמענס צוקונפט איז זייער צוקונפט". הגם די פעלקער-ליגע איז נישט געווען אַקטיוו אין דער פראַגע פון מינאריטעטן, וועלכע לעבן אונטער פרעמדער הערשאַפט, ווי אונזערע דייטשע פריינט ווייסן עס צו גוט, ווייזט דאָך דער באַריכט פון דער פערמאַנענטער מאַנדאַט-קאָמיסיע אָן זייער קלאָר די פעלערן פון דער בריטישער אַדמיניסטראַציע אין די לעצטע צען יאָר. דער באַריכט ווייזט אָן קלאָר, אַז די אַראַבישע פירער זענען צו פריינטלעך באַהאַנדלט געוואָרן אינם שאו-באַריכט, אַז די פאַלעסטינע-רעגירונג איז נישט געווען פאָרבאַרייטעט און איז איבערראַשט געוואָרן, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט אַרויסגעוויזן מאַנגל און פאַרשטענדעניש, אַז 175 בריטישע פאָליציאַנטן זענען נישט גענוג פאַר דעם שוץ פון אַ באַפעלקערונג פון 900 טויזנט נפשות.

דער אַרטיקל 6 פונם מאַנדאַט, אינסטרואירט קלאָר די אַדמיניסטראַציע צו פאַרלייכטערן יידישע איינוואַנדערונג און דערמוטיקן דעם קאָמפּאַקטן באַזעצן פון יידן אויפן באָדן. עס איז קלאָר, אַז דאָס איז נישט דערמוטיקט געוואָרן און מיר מוזן זען, אַז אין דער צוקונפט זאָל די רעגירונג פאַרשטיין,

אַז עס איז איר פליכט צו רעגירן און פון דער אַדמיניסטראַציע צו פאַרוואַלטן און נישט צו זיין אַ מין שידס-ריכטער, אַ בורר, צווישן צוויי פעלקער. אָן אַ ספק איז די פאַרבעסערונג פון לאַנד אַן אויפגאַבע פון דער אַדמיניסטראַציע, און נישט בלויז דאָס, נאָר אויך די פאַרבעסערונג פון דער סאָציאַלער הילף פאַר די איינוואוינער.

דאָס צוריקציען די 2,300 סערטיפיקאַטן פאַר חלוצים איז געווען צייט-ווייליק, ווי שילס האָט עס דערקלערט דעם 21-טן מאַי 1930 אין פאַרלאַמענט. איינציקע פון אונז האָבן בכלל געצווייפלט, צי איז נייטיק געווען דידאָזיקע סוספענדירונג און צי איז דאָס געווען פאָליטיש קלוג. אונז שיינט, אַז פאַ-לעסטינע-איינוואַנדערונג איז נישט אַ פראַגע פון איינציקע טויזנט, נאָר אַ פראַגע פון איינוואַנדערונג פון הונדערטער טויזנטער. מען האָט נישט געטאָרט צוריקציִען די סערטיפיקאַטן, וואָס זענען שוין געהאַט געוואָרן באַשטעטיקט. נאָך דעם באַריכט פון סער דזשאָן האָופּ סימפּסאָן, וועלן די טויערן פון א״י גע-עפנט ווערן אין דער מעגלעכסט קורצסטער צייט. מען זאָל נישט מיינען, אַז מיר אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע שטיצן אייך, זענען אַנטי-אַראַביש. ווייל גע-וויינלעך מיינט פראָ-אַראַבער אַנטי-יידיש, אָבער פראָ-יידיש מיינט נישט אַנטי-אַראַביש. מיר גלייבן, אַז אין אַן אמתער דעמאָקראַטישער אַרבעטער-מלוכה קאָנען אַרבעטער, יידן און אַראַבער, אַרבעטן און לעבן צוזאַמען. איך האָב תמיד גע-גלייבט, אַז די אינטערעסן פון די אַרבעטער זענען די זעלבע, אָן אונטערשיד פון קאָליר און ראַסע. זיי האָבן געמיינשאַפטלעכע אויפגאַבן. איך גלייב, אַז איינער פון די מעכטיקסטע אינסטרומענטן צו אַנטוויקלען א״י, און אויפהאַלטן שלום — איז די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין ארץ-ישראל קאָן נישט, נאַטירלעך, זיין אַ באַוועגונג פון יידישע קאַפּיטאַליסטן און אַראַבישע אַרבעטער, די לעצטע צו עקספּלואַטירן. די בעסטע פאַרבינדונגען פאַר קאָאָפּעראַציע זענען די ענלעכע אינטערעסן. די בעסטע אחדות איז מעגלעך דורך קאָאָפּעראַציע פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. איר וועט און מוזט ברענגען גרויסע נוצן פאַר די ביז איצט נישט אָרגאַניזירטע אַראַבער. איר האָט עס שוין געטון. דאָס ווערט געזאָגט אין שאו-באַריכט און אינם באַריכט פון דער פּערמאַנענטער מאַנדאַט-קאָמיסיע. איך מיין נישט בלויז דורך דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, ווי למשל דער וואונדערבאַרער רוטענבערג-פּראָיעקט, פאַר עלעקטריפיצירונג און באַוואַסערונג. איך נעם אויך אין אַכט אייער געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס קעמפט פאַר אַ העכערן לעבנס-ניוואָ און פאַר אַן אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער הילף.

צום ערשטן מאָל קעמפט אַן אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין ארץ-ישראל. איך בין צופרידן, וואָס אייער הסתדרות אין ארץ-ישראל קעמפט פאַר דער איינפירונג פון אַ געזעצלעכן מינימום-לוין ביי רעגירונגס-אַרבעטן. צו די מאָמענטן פון קאָאָפּעראַציע צווישן דער בריטישער אַרבעטער-פּאַרטיי און אייך קאָן מען אויך צורעכענען דעם פאָרשלאַג פון דער לייבאָר-פּאַרטיי אין ענגלישן פאַרלאַמענט, אַז ביי די אַרבעטן, וואָס די פּאַלעסטינער רעגירונג

וועט אַדורכפירן מיט די געלטער פון דער הלוואה, וואָס דער ענגלישער פּאַר־לאַמענט האָט באַשטעטיקט מיט דריי יאָר צוריק פאַר פּאַלעסטינע, זאָל איינ־געפירט ווערן „אָנשטענדיקע לוינען" Fair wages אין די קאָנטראַקטן.

איך האָף, אַז אייערע אַלע אַרבעטס־צווייגן וועלן זיך אַנטוויקלען גוט און וועלן מצליח זיין. אַזוי אייער קאָאָפּעראַטיוו „המשביר", די אַרבעטער־באַנק, און בפרט די קופּת־חולים, די אַרבעטער־קראַנקן־קאַסע. איר האָט דאָך נישט קיין מלוכה־פאַרזיכערונג. נאָר דורך אייער דרוק און די באַמיאונגען פון דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איז מעגלעך געוואָרן צו ברעכן די אַפּאַטישע באַציאונג פון דער רעגירונג און אַדורכצופירן אַ געזעץ, וואָס רעגולירט דעם שוץ פון קינדער און פרויען־אַרבעט און דאַן אַ געזעץ, וואָס רעגולירט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די אַרבעטס־געבער פאַר אומגליקס־פאַלן ביי דער אַרבעט. מיר מוזן אַרבעטן צוזאַמען, כדי צו פאַרזיכערן די פאָדערונגען פון דער דריטער הסתדרות־קאָנפערענץ אין יאָר 1927 : 1) באַשטימען אַ מינו־מום־לוין, 2) דאָס רעכט פון רעגירונגס־אַרבעטער צו זיין אָרגאַניזירט, 3) די אָנערקענונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע אַלס די פאַרטרעטונג פון דער אַרבעטערשאַפט, 4) די געזעצלעכע באַשטימונג פון אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, 5) דאָס שאַפן פאַבריקס־אינספּעקציעס, 6) מלוכהשע אַרבעטס־לאָזן־הילף און סאָציאַלע פאַרזיכערונג. די אַלע זאַכן זענען נייטיק אין טאָג־טעגלעכן לעבן פונם אַרבעטער. איך גלייב, אַז די סאָציאַלע הילף אין ענגלאַנד (קראַנקן־פאַרזיכערונג, אַרבעטסלאָזן־הילף, פאַבריק־אינספּעקציע) איז מער אַנט־וויקלט ווי אין אַנדערע לענדער. און ווייל מיר זענען אַ מאַנדאַטאַר־מאַכט, באַ־דאַרפן מיר זען, אַז דער צושטאַנד אין ארץ־ישראל זאָל זיין פּונקט אַזוי גוט פאַר די דאָרטיקע איינוואוינער, ווי פאַר די ענגלענדער אין ענגלאַנד.

פאַרוואָס זאָלן מיר עס נישט קאָנען באַווייזן? לאָמיר צוזאַמען עס העלפן אַדורכפירן אין ארץ־ישראל. וואָלט מיט 100 יאָר צוריק עמיץ געוואַגט פאָרויסצוזאָגן אַן אַרבעטער־רעגירונג אין ענגלאַנד? איז עס דען צו געוואַגט צו האָפן אויף אַן אַרבעטער־רעגירונג אין ארץ־ישראל, ווען עס וועט קומען די צייט איבערצוגעבן דעם מאַנדאַט דער באַפעלקערונג אין לאַנד?

איך בין צופרידן דאָ צו זיין אַלס מיטגליד פון דער בריטי־טישער אַרבעטער־פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט איצט די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון אַ רעגירונג, און צו באַגריסן אייך אין איר נאָמען צו אייער ערשטן וועלט־קאָנגרעס.

די אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד און פון גאָר דער וועלט מוז שטיין ביי דער זייט פון די יידישע חברים אַרבעטער.

ווען איר פאָרט צוריק אין ארץ־ישראל, אָדער פּוילן, אָדער ליטע, רו־מעניע, און אין אַלע אַנדערע לענדער, קאָנט איר זאָגן אייערע חברים, אַז עס איז דאָ אַ וועלט־סימפּאַטיע פאַר אייך. נישט בלויז צווישן יידישע אַרבעטער, נאָר אויך צווישן די נישט־יידישע אַרבעטער אין דער גאָרער וועלט. אַ סימ־פּאַטיע און שטיצע פאַר דורכפירן איינעם פון די גרעסטע אידעאַלן פון דער

מאָדערנער צייט — דעם אויפבוי פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. זאָגט זיי, אַז די אמתע הילף און שטיצע און דער יסוד פון דער אַר־בעט איז אַ היים, וואָס וועט זיין אַן אמתע היים פאַר דעם יידישן אַרבעטער און יידישן פאָלק, וואו די אַרבעטער וועלן האָבן שוץ, פרייהייט און זיכער־קייט (שטאַרקע אָוואַציעס).

פאָרזיצער ד. בן־גוריון דאַנקט דעם רעפערענט פאַר זיינע פריינטלעכע ווערטער. דער צוטרוי פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט צו דער בריטישער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג איז נישט דערשיטערט געוואָרן דורך די פעלער פון דער ענגלישער אַרבעטער־רעגירונג. ביי דער דערפילונג פון דער וויכטיקער אויפגאַבע צו שאַפן אַ בריק צווישן מזרח און מערב, וועט די יידישע אַרבעטערשאַפט מיט אירע שוואַכע כוחות מיטהעלפן, צו פאַרוואַנדלען די בריטישע אימפעריע אין אַ בונד פון פרייע פעלקער.

חבר ש. קאַפּלאַנסקי האַלט דאַן זיין רעפעראַט וועגן

## די קאָלאָניזאַטאָרישע אויפנאַמס־פעאיקייט פון ארץ־ישראל

חשובער קאָנגרעס!

דער וויכוח איבער דער פעאיקייט פון א״י „צו ווערן די היים פון באַ־דייטנדן טייל פון יידישן פאָלק״, איז אַלט, ווי דער מאָדערנער, פּאָליטישער ציוניזם און איז שטענדיק געווען באַזונדערס העפטיק אין דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג. די דעבאַטע צווישן די יידישע סאָציאַליסטן פון דער פועלי־ציוניסטישער און דער בונדישער ריכטונג, און נאָך דער מלחמה צווישן אונז און די קאָמוניסטן, האָט זיך שטענדיק געדרייט אַרום צוויי פּראָבלעמען. פון איין זייט האָבן זיך אונזערע קעגנער באַמיט צו באַווייזן, אַז א״י איז צו קליין און אָרים, כּדי אַריינצונעמען יידישע אַרבעטס־זוכנדע מאַסן אין אַן אָנגעזעענעם אומפאַנג. די באַדייטונג פון דער ארץ־ישראל־קאָלאָניזאַציע פאַר דער אויפהאַלטונג און באַנייאונג פונם יידישן פאָלקס־לעבן ווערט באַ־קעמפט אָדער אָפּגעשאַצט זייער לייכט. פון דער אַנדערער זייט האָב איך שוין מיט 15 יאָר צוריק זיך געמוזט ווענדן קעגן דעם פּרווו פון אונזערע יידישע קעגנער צו באַצייכענען די ווידערבאַזעצונג פון א״י דורך יידן, אַלס אַן עקס־פּראָפּריאירונג און אַרויסשטויסונג פון די אַראַבישע פעלאַכן און „דעם ציוניזם אַלס אַ נאַציאָנאַליסטישן דעראָבערונגס־צוג״.*) דער צווייטער פונקט איז אין גרונד פון אַן אַנטשיידנדער באַדייטונג. ווייל ווען עס וואָלט געווען ריכטיק, אַז דאָס איינוואָרצלען זיך פון יידישע קאָלאָניסטן־מאַסן אין א״י

*) S. Kapłansky, Probleme der Palästina Kolonisation. Verlag Ostertag, Berlin, 1923.

וואָלט געווען מעגלעך נאָר דורך דער אויסוואָרצלונג פון אַראַבישע מאַסן, דאַן וואָלטן מיר געשטאַנען פאַר אַן אויפגאַבע, וואָס איז אומלעזבאַר, מאָראַליש, אַזוי גוט ווי פּאָליטיש, און עס וואָלט געווען איבעריק צו קעמפן איבער דעם היסטאָרישן ווערט פון אַ יידיש ארץ־ישראל.

די דיסקוסיע, בפרט איבער דעמדאָזיקן צווייטן אַספּעקט פונם יידישן קאָלאָניזאַציע־ווערק, איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן פון אַן אינערלעך־יידישער — אַן אינטערנאַציאָנאַלע. די טעזע, אַז א״י איז אייגנטלעך אַ גענוג גע־דיכט באַזעצט לאַנד, און אַז די באַזעצונג פון יידן וועט דעריבער ווערן אַ ווירטשאַפטלעכע סכנה פאַר דער שוין באַשטייענדער אַראַבישער באַפעלקערונג, האָט געפונען די אָנערקענונג פון דער מערהייט פון דער באַקאַנטער שאָו־קאָמיסיע. דער באַריכט פון דערדאָזיקער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע האָט דערקלערט, קעגן דער אָפּווייכנדער מיינונג פונם אַרבעטער־דעפּוטאַט האַרי סנעל:

„ווי עס זאָל נישט זיין, שיינט די לאַגע צו זיין אַזאַ, אַז נעמענ־דיק א״י אַלס גאַנצעס, קאָן דאָס לאַנד נישט אויסהאַלטן אַ גרעסערע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג, ווי עס באַזאָרגט איצט, סיידן די לאַנדווירטשאַפטלעכע מעטאָדן וועלן דורכמאַכן אַ ראַדיקאַלן שנוי. עס איז בלי ספק אַן אמת, אַז די ווירקונג פון לאַנדווירטשאַפלעכער אויספאָרשונג, קאַפּיטאַל־אינוועסטיציעס און קרעדיט פאַרלייכטערונגען גיט אין געוויסע דיסטריקטן באַדייטנדע מעגלעכקייטן פאַר מער אינ־טענסיווע מעטאָדן פון קולטור, און אַז סוף־כל־סוף וועט די ערד פון ארץ־ישראל קאָנען אויסהאַלטן אַ גרעסערע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַ־פעלקערונג.

אין דער פאַרגאַנגענהייט זענען אומפאַרמעגלעכע פערזאָנען אויפ־גענומען געוואָרן אין די שכנותדיקע דערפער; מען האָט אונז אָבער דערציילט, אַז דערדאָזיקער פּראָצעס, הגם ער האָט מיט פיר אָדער פינף יאָר צוריק געקאָנט זיין מעגלעך, איז איצט מער נישט מעגלעך; דער זעטיקונגס־פונקט איז שוין דערגרייכט געוואָרן. די קלאָרע פאַקטן אין דער פראַגע זענען, ווי מיר באַטראַכטן עס, אַז עס איז מער נישטאָ קיין נוצלעכער באָדן, וואָס זאָל קאָנען פאַרנומען ווערן דורך נייע איינוואַנדערער, נישט אַרויסשטויסנדיק די איצטיקע באַ־פעלקערונג״*).

ווילן מיר אַלזאָ פונדאַסנייע אונטערזוכן, צי אונזער ווערק אין א״י באַ־דייט אַ פאַרדרענגונג אָדער אַ פאַרדיכטונג פון דער באַפעלקערונג פון א״י, אַ דעראָבערונג מיטן צוועק צו עקספּלואַטירן אָדער אַ דערוועקונג פון די שלו־

*) Report of the Commission on the Palestine Disturbances of August, 1929. Cmd. 3530.

מערנדע פּראָדוקטיוו־כּוחות צו אַ נייעם און העכערן וואוילשטאַנד פאַר אַ ווייט צאָלרייכערער באַפעלקערונג אינם לאַנד.

ווען מיר פרעגן זיך, וואָס פאַר אַ באַפעלקערונג קאָן א״י מפרנס זיין, גייען מיר אַרויס פונם תּנאי מוקדם, אַז זיינע ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן דאַרפן פולשטענדיק אויסגענוצט און אַנטוויקלט ווערן לויט דעם איצטיקן מצב פון דער וויסנשאַפט און טעכניק. אָן אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון די עקאָנאָמישע־און פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן פונם לאַנד, וועגן וועלכער אויך דער שאָו־באַריכט רעדט אגב אורחא, איז נישט מעגלעך, סיי אויפהייבן באַדייטנד די ווירטשאַפטלעכע אויפנאַמס־פעאיקייט פון א״י, סיי צו הייבן דעם לעבנס־מצב פון די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן. אַ גרויס פאַרמאָסטענע איינוואַנדערונג פון יידן מיט אייראָפעאישע באַדערפענישן רופט אַרויס אַן אייראָפעאיזירונג פון דער אָריענטאַלישער ווירטשאַפט פון א״י און ווערט דורך איר מעגלעך.

זינט איך האָב געפרוווט אין יאָר 1915 צו מאַכן אַן אויסרעכנונג פון דער דערגרייכבאַרער באַזעצונגס־געדיכטקייט פון א״י, האָבן זיך די גרעניצן פון א״י עטוואָס איבערגערוקט. אין דער גלייכער צייט איז וועזנטלעך באַרייכערט געוואָרן אונזער קענטעניש פונם לאַנד און קודם־כּל פון זיינע לאַנד־פאַרהעלטענישן און פון דער ריכטונג פון זיין לאַנדווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. עס איז דעריבער נייטיק צו קאָנטראָלירן די עיקרדיקע צאָלן. צום גליק זענען מיינע דעמאָלסדיקע השערות געווען זייער פאָרזיכטיקע און צוליב זיכערקייט — גיכער צו נידעריק ווי צו הויך.

ד ע ר  ש ט ח  פ ו ן  א ר ץ ־ י ש ר א ל. די היינטיקע פּאָליטישע גרעניצן פונם מאַנדאַט־געביט אין א״י פאַלן נישט צונויף מיט די היסטאָרישע גרעניצן פון א״י. דאָס אַראָפרוקן דעם צפון־גרעניץ מיטן לבנון פון נהר ליטאַני צו ראַס־על־נאַקורא קאָן מען נאָך דורכלאָזן. שווערער איז דער פאַרלוסט צו סיריע פון דער הייך־פלאַך פון גולן און חורן, אַ געביט פון 5 ביז 7 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער, צווישן ירדן און דעם הויך־לאַנד פון די דרוזן. דידאָזיקע קינסטלעכע פּאָליטישע טיילונג פון א״י, קעגן וועלכע מיר האָבן בשעתו פּראָטעסטירט פון דער טריבונע פון דער בריטאַן־קאָנפערענץ פון דער ענגלישער אַרבעטער־פאַרטיי, דאַרף נישט אויסשליסן יעדע יידישע קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט אינם אַלטן בשן. עס דערשיינט אָבער צוועקמעסיק צו באַשרענקען אונזערע אונטערזוכונגען פון די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן אויפן פּאָליטישן מאַנדאַט־געביט פון ארץ־ישראל. מיר אונטערשיידן נישט דערביי צווישן מערב־ארץ־ישראל, וועלכער געפינט זיך אונטער דער דירעקטער פאַרוואַלטונג פון דער בריטישער אַדמיניסטראַציע, און דעם מזרח־ירדן־לאַנד, וואו עס איז פאַראַן אַ באַזונדערער אָפּמאַך צווישן דער מאַנדאַט־רעגירונג און דעם עמיר עבד־אַללה. וואָרים נישט געקוקט אויף די אויסנאַמען, וואָס זענען אַקצעפּטירט געוואָרן דורכן פעלקער־בונד אין יאָר 1922, גאַראַנטירט אונז דער מאַנדאַט דאָס רעכט און די פרייהייט פון ווירטשאַפטלעכער און קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט אין עבר־הירדן.

לויט די צאָלן פון דער א״י רעגירונג, באַטרעפט דער שטח פון מערב־א״י, פון מתולה ביזן גאָלף (ים־איינשניט) פון אַקאַבאַ, 26.330 קוואַדראַט־קילאָמעטער, בעת דער שטח פון עבר הירדן ווערט אָפּגעשאַצט אויף 40.000 קוו. קמ*). אָבער דידאָזיקע 66 טויזנט קוו. קילאָמעטער שליסן איין גרויסע לאַנד־טיילן, וועלכע דאַרפן באַטראַכט ווערן אַלס נישט פּאַסיקע פאַר קאָלאָניזאַציע. צו זיי געהערט אין מערב דער זייער אָרימער אין רעגן און מדבר־אַרטיקער טייל פונם נגב צו דרום פון דער פּאַראַלעל־ליניע נר. 31, וועלכער דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן אויף 8 מיליאָן דונאַם, אָדער 8 טויזנט קוו. קמ. דער מזרח־גרעניץ פון עבר הירדן איז אַרויסגערוקט ווייט אין דעם סירישן סטעפּ און מדבר. שוין אויהאַגן האָט באַצייכנט דעם סטעפּן־געביט צו מזרח פון דער העדזשאַס־באַן, אַלס לחלוטין קולטור־פעאיק. פּונקט אַזוי האָבן עקספּערטן פון דער א״י־עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענץ, וועלכע האָבן דאָ נישט לאַנג אויסגעפאָרשט דאָס אַלטע גלעד און מישור, אָנגעוויזן אויף דער גוטער קולטור־פעאיקייט פון אויסגעשפּרייטע לאַנד־שטרעקעס צו מזרח פון דער באַן־ליניע, ווען עס וועט געפינען ווערן אַ פאַרענטפערונג פון דער וואַסער־פראַגע, ווי דאָס איז זעט אויס געלונגען אין אַלטערטום, אורטיילנדיק לויט די חורבות פון אַלטע ישובים. דאָך ווילן מיר בלייבן אין די גרעניצן פון דעם, וואָס קאָן היינט דערגרייכט ווערן, און ציען דעם מזרח־גרעניץ פון עבר הירדן בערך לויט דער לענג פון דער העדזשאַס-באַן, אָדער פונם מערידיאַן O .L. 36°. לויט דעם איז דער שטח פון א״י, וואָס טויג פאַר קאָלאָניזאַציע: אין מערב — 18.330 קוו. קילאָמעטער (פון דעם געהערן 15.570 קוו. קמ. צו די היינטיקע פאַרוואַלטונגס־ראַיאָנען צפון און דרום, בערך ביז צו דער ליניע עזה־באר שבע, און 2.760 קוואַדראַט קילאָמעטער — צום נגב); אין מזרח — אַ הויך־פלאַך פון ירמוק ביז מען, פון בערך 300 קמ. אין דער לענג און 50 קמ. אין דער ברייט, אַלזאָ אַ שטח פון 15.000 קוו. קמ. צוזאַמען 33.330 קוו. קילאָמעטער.

די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג. די צאָל איינוואוינער אין גאַנץ א״י איז אין יאָר 1930 אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף רונד 1.200.000 נפשות. דערין זענען אַריינגערכנט געוואָרן אין לאַנד אויפן מערב פון ירדן — איבער 100.000 בעדואינער און אין עבר הירדן 170.000 נאָמאַדן און האַלב־נאָמאַדן, וועלכע וואַנדערן אין די סטעפּ־געביטן אויפן דורם און מזרח פון דער מאַנדאַט־טעריטאָריע. דאָס גיט אַ באַפעלקערונגס־געדיכטקייט פון 18 מענטשן אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער פאַר גאַנץ א״י ריכטיקער איז אָבער צו באַרעכענען די געדיכטקייט פון דער באַזעצטער באַפעלקערונג אין פאַרהעלטעניש צו דעם באַוואוינבאַרן שטח פון א״י. ווערן דאַן אַראָפּגענומען די 75 טויזנט בעדואינער פון באר־שבע־ראַיאָן, די העלפט פון די האַלבע נאָמאַדן און די בעדואינער פון עבר הירדן, דאַן באַטרעפט די באַזעצטע

*) קרן־היסוד, סטאַטיסטיש האַנטבוך, ירושלים, 1229.

באַפעלקערונג פון א״י. רונד 1 מיליאָן מענטשן, וואָס עס אַנטשפּרעכט אַ געדיכטקייט פון 30 פערזאָן אויף אַ קוו. קמ.

דער קולטיווירבאַרער שטח פון לאַנד. מיר גייען אַרויס פון דער הנחה, אַז די ווירטשאַפטלעכע אויפנאַמס־פעאיקייט פון אַ לאַנד באַזירט אין דער ערשטער רייע אויף זיין לאַנדווירטשאַפטלעכער קאַפּאַציטעט. נישט וועלנדיק פאַרלויפן דעם וועג דער פראַגע, וועלכעס אָרט עס וועט פאַרנעמען אין דעם אויפבוי פון דער יידישער געמיינשאַפט אין א״י דער איבערגאַנג צו לאַנדווירטשאַפט, איז דאָך קלאָר אָן אַ ווייטערער באַגרינדונג, אַז די פאַרברייטערונג פונם אַגראַר־באַזיס פון א״י וועט אויף יאָרן פאָרויס בלייבן דער ערשטער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פונם יידישן קאָלאָניזאַציע־ווערק אין לאַנד. ביים פעסטשטעלן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאַפּאַציטעט פונם לאַנד זענען באַשטימענד דער שטח פון זיין קולטור־פעאיקן באָדן און די דעררגרייכבאַרע מדרגה פון דער אינטענסיווירונג פון זיין לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. עס איז אַלזאָ נויטווענדיק צו באַרעכענען דעם קולטיווירבארן שטח פון ארץ־ישראל.

די א״י־רעגירונג האָט אין מאַי, 1925, אין אַ תשובה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין לאָרדן־הויז, אָפּגעשאַצט דער קולטור־פעאיקן שטח פון מערב־א״י אויף 12 און אַ האַלבן מיליאָן טערקישע דונאַם, דאָס זענען בערך 11,4 מיליאָן מעטרישע דונאַם (אָדער 1.140.000 העקטאַר). די רעגירונג האָט צוגלייך געגעבן גענוי דעטאַלירטע צאָלן איבער דער פאַרטיילונג פון באַזיץ און דער באַאַרבעטונג פונם באָדן. לויט דעם זענען פון די דאָזיקע 12,5 מיליאָן (אַלטע) דונאַם געווען: 1 מיליאָן אין באַזיץ פון יידן און אַנדערע נישט אַראַבער; 2,5 קולטור־פעיק, אָבער לגמרי נישט באַאַרבעט; 9 מיליאָן אין אַראַבישן באַזיץ, פון וועלכע 6 מיליאָן זענען פערמאַנענט באַאַרבעט און 3 מיליאָן נישט באַאַרבעט. אַלזאָ, נאָר אַ העלפט פונם באָדן, וואָס די רעגירונג האָט באַצייכנט אַלס קולטור־פעאיק, ווערט באַאַרבעט פון די אַראַבישע פריצים און פעלאַכן. אַ כמעט גלייכער שטח פון 5,5 מיליאָן ליגט פאַרוואָרלאָזט, אָדער ווערט נישט באַאַרבעט. צו דעם מוז צוגעגעבן ווערן, אַז פונם רונד 1 מיליאָן דונאַם, וועלכע זענען צו יענער צייט געווען אין יידישן באַזיץ, איז אַ באַדייטנדער טייל נאָך נישט באַזעצט.

די אָפּשאַצונג פונם שטח פון דער ערד, וואָס ווערט באַאַרבעט פון די פעלאַכן, איז גיכער צו הויך, ווי צו נידעריק. וואָרן די סטאַטיסטיק פון די גערעטעניש, וואָס נעמט אַרום איבער 10 יאָר, באַווייזט, אַז די ארץ־ישראלדיקע לאַנדווירטשאַפט ברענגט אַ ברוטאָ־הכנסה פון 200 טויזנט טאָן תבואה פון אַלע מינים, ווינטער־און־זומער־קולטורן צוזאַמענגענומען. נעמט מען אַלס יסוד די געוויינטלעך קליינע גערעטעניש פון 60 קילאָ פון אַ דונאַם, דאַן באַקומט מען אַ קולטור שטח פון קוים 3,5 מיליאָן דונאַם, און די פאַרהעלטנישמעסיק קליינע פלאַנצונגס־שטחים וועלן דעם גאַנצן שטח, וואָס ווערט באַאַרבעט פון אַראַבער און יידן, נאָך נישט ברענגען צו 4 מיליאַן דונאַם. עס איז אַלנפאַלס נישט

אומוואָרשיינלעך. אַז די עושר-שאַצונגען, אויף וועלכע עס באַזירט די איינטראָג-סטאַטיסטיק, זענען קלענער פון דערווירקלעכקייט אויף אַ באַדייטנדן פּראָצענט. די רעגירונגס-שאַצונג פונם שטח, וואָס ווערט באַאַרבעט פון די אַראַבער, איז בכן אפשר נענטער צום אמת און וואַרפט אַ שאַרפע שיין אויפן מצב, אין וועלכן עס געפינט זיך דער באָדן אין א״י.

מיר זענען אָבער נישט אָנגעוויזן בלויז אויף די שאַצונגען פון דער א״י-רעגירונג. די וויכטיקסטע פאָרשונגס-אַרבעט, וועלכע איז געלייסטעט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, איז די באָדן-אונטערזוכונג פונם אַמעריקאַנער עקספּערט, מר. א. ט. סטרעהאָרן, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1927, לויטן אויפטראַג פון דער „פאַרייניקטער פּאַלעסטינע אונטערזוכונגס-קאָמיסיע" Joint Palestine Survey Commission. דידאָזיקע באַרייכערונג צו דער באָדן-וויסנשאַפט פון ארץ-ישראל וועט איינהאַלטן איר ווערט אויך נאָכדעם, ווי דער אַלגעמיינער באַריכט פון דער קאָמיסיע וועט, ווי ער האָט עס באמת פאַרדינט, פאַרגעסן ווערן.

סטרעהאָרן האָט אונטערזוכט כמעט אַלע פלאַכן און טאָלן פון מערב א״י. נאָר די אויספאָרשונג פון עמק הירדן איז געווען נישט קיין פולשטענדיקע, צוליב מאַנגל אין צייט און צוליב דער אומגינסטיקער צייט פון יאָר. אין לעצטן יאָר איז, אין צוזאַמענהאַנג מיט די אָנפאַלן פון דער שאָו-קאָמיסיע און די אונטערזוכונגען פון סער דזשאָן האופּ סימפּסאָן, דורכגעפירט געוואָרן אַ דערגענצנדע אונטערזוכונג דורך עקספּערטן פון דער יידישער אַגענץ. זי האָט בעיקר געהאַט דעם צוועק, אויספאָרשן די פאַרהעלטענישן פון דער באַאַרבעטונג פון באָדן אין געוויסע טיילן פון א״י. זי האָט אָבער געפירט צו אַ קאָנטראָלירונג און, אינם וויסנאַם-פאַל פון עמק הירדן, צו אַ וויכטיקע קאָרעקטור פון די פעסטשטעלונגען פון סטרעהאָרן. אויפן יסוד פון דידאָזיקע אונטערזוכונגען פון סטרעהאָרן און דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע קומען מיר צו פאָלגנדער פאַרטיילונג פון די קולטור-פעאיקע שטחים אין די פלאַכן און טאָלן פון מערב-א״י. (זע טאַבעלע א, זייט 130.)

דערביי דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די טיילן, וועלכע זענען נישט קולטור-פעאיק צוליב לאַנדווירטשאַפטלעכע אָדער טאָפּאָגראַפישע סיבות, ווי דיונען, פאַרזאַלצטער באָדן, באַרג-אָפּהאַנגען, זענען אַראָפּגערעכנט געוואָרן פון דעם אַלגעמיינעם שטח.

די גרעסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַדייטונג באַזיצט די ב ר ע ג - פ ל אַ ך, וועלכע נעמט אַרום פון עזה ביז נאקורא די פלאַכן פון פלשת, שרון און עכו און האָט 3 מיליאָן מעטרישע דונאַם (300 טויזנט האַ.) קולטור-פעאיקע ערד. פון דעם איז רונד אַ העלפט עקאָנאָמיש באַוואַסערבאַר (טעכניש גיט סטרעהארן אָן בערך 70 פּראָצ. אַלס באַוואַסערבאַר). די פלאַך י ז ר ע א ל (דער עמק) און דער נ ו ר י ס-ט אָ ל באַזיצן איבער 48 טויזנט האַ. (488 טויזנט מעטרישע דונאַם) קולטור-פעאיקן באָדן, וועלכע קאָנען צום גרעסטן טייל נישט באַוואַסערט ווערן. די פלאַך פון חולה איז היינט אַ שווער פאַרזומפּטער רעזערוו פון גוט באַוואַסערטן באַדן פון כמעט 13 טויזנט האַ. (128 טויזנט מעטרישע דונאַם).

# טַ א בּ ע ל ע א׳.

## דער קולטור=שטח פון די פלאַכן און טאָלן פון מערב=א״י (אין מעטרישע דונאַם)

| פ ל אַ כ ן | אלגעמיינער שטח | קולטור= ש ח | פ ן דעם באוואסע=רונגס=פעאיק | פון דעם נ׳י באוואסע=רונגס=פעאיק |
|---|---|---|---|---|
| 1) די ברעג=פלאַכע | 3.398.600 | 3.032.300 | 2.178.550 | 853.750 |
| (עמק עכו, השרון, פלשת) | | | | |
| 2) יזרעאל=פלאַכע (עמק) | 437.700 | 394.100 | 348.200 | 45.900 |
| 3) טאָל יזרעאל (נוריס) | 105.100 | 94 600 | 82.700 | 11.900 |
| 4) אייבערשטער עמק=הירדן | 443.900 | | | |
| (בית=שאן און צמח) | | 341.200 | 128.800 | 212.400 |
| 5) אונטערשטער עמק=הירדן | 352.100 | 231.800 | 231.800 | — |
| 6) חולה | 138.000 | 128.800 | 128.000 | — |
| 7) נגב | 2.760.000 | 2.200.000 | — | 2.200.000 |
| צ ו ז אַ מ ע ן | 7.635.400 | 6.422.800 | 3.098.850 | 3.323 950 |

ב אַ מ ע ר ק ו נ ג : די צאָלן פאַר 1, 2 און 3 זענען געבראַכט לויט די צאָלן פון ס ט ע ר ה א ר ן (Reports of the Experts, J. P. S. C., Boston 1928, p. 222), די צאָלן פאַר 4, 5 און 6 לויט די עקספּערטן פון דער יידישער אַגענץ (Palestine Land Settlement, Memorandum to Sir John Hope Simpson, London, 1930). אונטער דעם אַלגעמיינעם שטח פון נגב איז אַריינגערעכנט געוואָרן נאָר דער קאָלאָניזאַציע=פעאיקער טייל צום צפון פון 31°N ; דער קולטור=פעאיקער שטח אין אָפּגעשאַצט געוואָרן מיט 80 פּראָצענט.

אינם אויבערשטן און אונטערשטן (ע מ ק ה י ר ד ן מערב=זייט פון ירדן) באַטרעפט דער קולטור=פעאיקער שטח 57 טויזנט האַ. (573 טויזנט מ. ד.). פון דעם איז די גרעסערע העלפט צום באַוואַסערן. דער נ ג ב צווישן באר=שבע און דער פאַראַלעל=ליניע 31° איז אַ נידערונג פון $2\frac{3}{4}$ מיליאָן מ. ד. מיר נעמען אָן, אַז זיין קולטור=פעאיקער טייל דאַרף באַרעכנט ווערן מיט 80 פּראָצ. פונם שטח און באַטרעפט אַזוי אַרום 2.200 000 מ. ד. (220 טויזנט האַ.).

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פלאַכן אין מערב=ארץ=ישראל פאַרנעמען אַ שטח איבער 7 און אַ האַלבן מיליאָן דונאַם, פון וועלכע רונד 6.400.000 מ. ד. (640 טויזנט האַ.) זענען קולטור=פעאיק. עס ווייזט זיך ווייטער אַרויס, אַז דער קולטור=פעאיקער באָדן אין בערגלדיקן (שפלה) און באַרגיקן טייל (הר) פון א״י=

דאָרף, לויט דער אויבנדערמאָנטער רעגירונגס־שאַצונג, באַרעכנט ווערן מיט 500 טויזנט האַ. (5 מיליאָן מ. ד.). דאָס וואָלט געווען 50—40 פּראָצענט פונם באַרגיקן באָדן; לויט דער מיינונג פון פיל פאַכמענער אַ גענוג פאָר־זיכטיקע שאַצונג.

וועגן עבר הירדן זענען נישטאָ קיין זיכערע ציפערן. מערב־א״י איז טאָפּאָגראַפיש מער צעבראָכן און האָט שאַרפערע איבערגאַנגען ווי מזרח־א״י, וואו עס איבערוועגן פלאַכן און הויך־פלאַכן (פּלאַטאָ׳ס). מיר גייען אַרויס פון דער השערה, אַז נאָר 2 דריטל פון די 15 טויזנט קוו. קמ., וועלכע מיר האָבן באַצייכנט אַלס קאָלאָניזאַציע־פעאיק, זענען קולטיווירבאַר; דאָס וואָלט געווען רונד 10 טויזנט קוו. קמ. (אָדער 1 מיליאָן העקטאַר). פון דעם זענען, לויט דער לעצטנס פאָרגעקומענער ערשטער אונטערזוכונג פון א״י־פאַכמענער, 40 טויזנט האַ. באַוואַסערבאַרער באָדן אינם מזרח־טייל פונם ירדן־טאָל, בעת די רעשט פון 960 טויזנט האַ. (9.600.000 מ. ד.) קלאַסיפיצירן מיר אַלס תבואה־און פלאַנצונגס־באָדן אָן באַוואַסערונג.

## טאַבעלע ב׳

דער גאַנצער קולטור־שטח פון ארץ־ישראל. (אין מעטרישע דונאַם און העקטאַרן)

| | קולטור־שטח | | |
|---|---|---|---|
| מערב־ארץ־ישראל: | אין מעטרישע דונאמען | אין העקטארען | צוזאמען אין הא. |
| פלאַכן | 6.420.000 | 642.000 | |
| באַרגיק־לאַנד | 5.000.000 | 500.000 | 1.142.000 |
| עבר־הירדן: | | | |
| עמק־הירדן | 400.000 | 40.000 | |
| הויך־פלאַכן | 9.600.000 | 960.000 | 1.000.000 |
| סכ״ה | 21.420.000 | 2.142.000 | 2.142.000 |

דער גאַנצער קולטור־שטח פון א״י באַטרעפט אַזוי אַרום 11,4 מיליאָן מ. ד. אין מערב, 10 מיליאָן מ. ד. צו מזרח פון ירדן, צוזאַמען 31,4 מיליאָן מ. ד. אָדער 2.140.000 העקטאַר. (לויט טאַבעלע ב״).

**אַרבעטס־נאָרם און קאָלאָניזאַציע־געדיכטקייט.** וואָס פאַר אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג קאָן זיך באַזעצן און לעבן אויף דעמדאָזיקן נוצבאַרן שטח? כדי אויסצורעכענען די צאָל פון די משפחה־ווירטשאַפטן, וואָס קאָנען עקזיסטירן פון דער א״י־דיקער לאַנדווירטשאַפט, גייען מיר אַרויס, לויט דער רוסישער טערמינאָלאָגיע, פון דער לאַנדווירטשאַפטלע־כער אַרבעטס־נאָרם. אין דייטשלאַנד רעדט מען פון דער „זעלבשטענדיקער

אַקער-נאַרונג״. איך פאָלג דערביי נאָך פראָפעסאָר פראַנץ אָפּענהיי-
מער. אָ. האָט כידוע נאָך אין יאָר 1913 אויפגעגעשטעלט דעם כלל, אַז ביי
די היינטיקע אינטענסיווע מעטאָדן פון באָדן-באַאַרבעטונג, דאַרף די דורכשניט-
לעכע גרייס פון אַ פויערישער משפחה-ווירטשאַפט אָנגענומען ווערן מיט 5
העקטאַר. „דער שטח פון דורכשניטלעך 5 העקטאַר, זאָגט אָפּענהיימער, דאַרף
באַטראַכט ווערן, ווי דער מינימום פונם באַדאַרף אַזוי אויך בערך די העכסטע
מאָס פון דער לייסטונגס-פעאיקייט פון אַ פויערים-משפחה אָן געדונגענע פאַ-
ראָבקעס און הילפס-כוחות״*). עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס דערדאָזיקער
כלל איז פיל מאָל שלעכט פאַרשטאַנען און באַקעמפט געוואָרן. וואָיטינסקי**)
ווייזט אָן מיט רעכט, אויף דעם, אַז בעת אַ ווירטשאַפט פון 5 ביז 10 האַ.
ווערט באַטראַכט אין אַמעריקע אַלס אַ קאַרליקן-ווירטשאַפט, גילט זי אין
אייראָפע אַלס אַ קליינע מיטל-ווירטשאַפט און שטעלט מיט זיך פאָר אין יאַפּאַן
אַ פריצישן באַזיץ, וואָס קאָן פאַרטיילט ווערן אויף עטלעכע משפחות. די לאַנד-
נאָרם פון 5 העקטאַר. איז אַ דורכשניטס-מאָס, וואָס איז מעגלעך געוואָרן דורך
דער דערגרייכטער אין די פאָרגעשריטענע לענדער פון אייראָפע אינטענסי-
וויטעט פון פילזייטיקייט פון דער לאַנד-באַאַרבעטונג. ווי אָפענהיימער
ווייזט אָן אויפן יסוד פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער סטאַטיסטיק אין
דער פאַר-מלחמה-צייט, איז די אַרבעטס-נאָרם שוין דערגרייכט געוואָרן
אין רוב לענדער. דער באַקאַנטער רוסישער נאַציאָנאַל-עקאָנאָם, פּראָפעסאָר
טוגאַן-באַראַנאָווסקי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער דער 5-העקטאַר-נאָרם,
אָנווייזנדיק אויף דעם מצב אין דער רוסישער לאַנדווירטשאַפט. ביי דער פאַר-
טיידיקונג פון דער אָפענהיימישער טעזע, האָב איך זיך געקאָנט פאַררופן אויף
די בעסטע קענער פון דער רוסישער פויערים-ווירטשאַפט — אָגאַנאָווסקי, קויפ-
מאַן, מאַסלאָוו. זיי אַלע פירן דורך אַ דייטלעכע דעמאַרקאַציאָנס-ליניע צווישן
דעס אַבסאָלוטן, אמתן באָדן-מאַנגל און דער רעלאַטיווער באָדן-נויט, וועלכע
איז בלויז אַ רעזולטאַט פונם קריזיס פון דער עקסטענסיווער לאַנדווירטשאַפט.
דערווייל איז אין רוסלאַנד פאָרגעקומען איינע פון די גרעסטע אַגראַר-איבער-
קערענישן פון דער געשיכטע, און די לאַנדווירטשאַפטלעכע ציילונג פון יאָר
1922 באַווייזט, אַז דער באַאַרבעטער שטח פון אַ מיטעלער פויערישער ווירט-
שאַפט (די צאָל מענטשן 5,5) האָט זיך, ווי עס איז צו זען, פאַרקלענערט
אין דער רוסישער ראַטן-רעפובליק פון 4,3 דעסיאַטינעס (אין יאָר 1917) אויף
2,2 ד. (אין יאָר 1922) ; אין אוקראַאינע — פון 3,7 דעסיאַטין אויף 3,4 דעס., און
אין דעם גאַנצן ראַטן-פאַרבאַנד — פון 2, 4 אויף 2, 3 דעס. (בערך 3 און אַ האַלב
האַ.). וואָיטינסקי קומט צום שלוס, אַז דער הערשנדער טיפּ אין רוסלאַנד

*) Prof. Dr Fraz Oppenheimer. Sozialismus und soziale Frage, Jena.

**) Wl. Woytinsky. Die Welt in Zahlen. Band lll Die Landvirtchaft, Berlin 1925.

איז אַ פויערישע ווירטשאַפט פון 2 דעס (2,2 האַ.) באַאַרבעטן שטח, מיט 1 פערד און 1 קו. עס איז אפילו שווער צו גלייבן, אַז דידאָזיקע געוואַלטיקע רעדוקציע פונם גרייס פון דער ווירטשאַפט איז אַ רעזולטאַט פון אַ ווירקלעכער אינטענסיווירונג פון דער לאַנדווירטשאַפט. זינט 1922 האָט זיך אַ סך געקאָנט ענדערן. אָבער עס איז נישט קיין ספק, אַז אויך די אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד באַווייזט אַ גרויסע דערנענטערונג צו דער אָפּענהיימערישער נאָרם.

לאָמיר קורץ באַטראַכטן די אַנדערע לענדער.

אין ד ײ ט ש ל אַ נ ד האָבן אין יאָר 1907 די גרויס קאַטעגאָריעס ביז 10 העקטאַר אויסגעמאַכט כמעט 75 פּראָצענט פון אַלע הויפּט-ווירטשאַפטן און האָבן געהאַט אַ דורכשניטלעכן נוץ-שטח פון נאָר 4 האַ.; די ווירטשאַפטס-ציילונג פון 1925 באַווייזט, אַז די גרויס-קאַטעגאָריעס פון אַ האַלבן האַ. ביז 10 האַ. (מיר לאָזן אַדורך די קאַרליקן-ווירטשאַפטן אונטער אַ האַלבן העקטאַר), שטעלן מיט זיך פאָר 82,2 פּראָצענט פון אַלע ווירטשאַפטן איבער אַ האַלבן העקטאַר און זייער דורכשניט-שטח איז 3 4 האַ.

אין פ ר אַ נ ק ר ײ ך — די סטאַטיסטיק איז לײדער פאַרעלטערט און נישט פולשטענדיק — זענען 85 פּראָצ. פון אַלע ווירטשאַפטן געווען פון אונטער 1 האַ. ביז 10 האַ. און זייער דורכשניטלעכער נוץ-שטח איז געווען 2,5 האַ.; צורעכענענדיק די גרויס-קאַטעגאָריע פון 10 ביז 40 האַ., באַקומט זיך פאַר 97,5 פּראָצענט פון אַלע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַטריבן אַ דורכשניט-מאָס פון געגנוי 5 האַ.

אין א י ט אַ ל י ע האָבן 88 פּראָצ. פון אַלע פויערים-ווירטשאַפטן אַ שטח פון ווייניקער ווי 4 האַ. אין דער ש װ ײ ץ זענען 91 פּראָצ. פון אַלע ווירטשאַפטן פון 0,5 ביז 15 האַ., זייער דורכשניט-מאָס איז 4,4 האַ., דער הערשנדער טיפּ פון דער פויערים-ווירטשאַפט איז 5,5 האַ.

אין ב ע ל ג י ע געהערן 88 פּראָצ. פון אַלע ווירטשאַפטן איבער אַ האַלבן האַ. צו די גרויס-קלאַסן פון 0,5 ביז 10 האַ., און די דורכשניט-גרויס פון אַ משפחה-ווירטשאַפט שיינט יעדנפאַלס צו זיין אונטער 3,3 האַ. אין ה אָ ל אַ נ ד, אָפּגעזען פון דער באַדייטנדער צאָל פון די קליין-ווירטשאַפטן אונטער 1 האַ., בילדן די ווירטשאַפטן פון 1 ביז 10 האַ. רונד 73 פּראָצ. פון אַלע ווירטשאַפטן און זייער דורכשניטלעכער נוץ-שטח איז 3,8 האַ. אין מ צ ר י ם איז די גרייס פון אַ פעלאַכן-ווירטשאַפט 1,7 פעדאַן, אָדער 0,68 האַ. (ד. ה. 6,8 מעטרישע דונאַם).

כדי צו דערלייכטערן דעם איבערבליק, זענען אין דער טאַבעלע ג״ צוזאַמענגענומען געוואָרן די אויבן געבראַכטע ציפערן איבער די קליין-און מיטל-באַטריבן, וועלכע קאָנען באַטראַכט ווערן אַלס פויערים-ווירטשאַפטן, וואָס באַזירן אויף דער אייגענער אַרבעט פון דער משפחה. דידאָזיקע רשימה פון די לענדער, קודם-כל פון אייראָפּע, וועלכע באַשטעטיקט די פאָרהערשאַפט פונם 5-האַ-טיפּ, ווי אויך די רעדוקציע פון דער פויערישער ווירטשאַפט אפילו אונטער 5 האַ. קאָן באַדייטנד פאַרלענגערט ווערן. דער פּראָצעס גייט האַנט ביי האַנט מיט דער אינטענסיווירונג און פּראָדוקציע-שטייגערונג פון דער לאַנד-

הירטשאַפט און דערמעגלעכט אַ וואַקסנדע געדיכט־מאַכונג פון דער באַפעלקע־רונג. נישט נאָר אין לענדער פון אַ שטאַרקער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג — ווי דייטשלאַנד. ענגלאַנד, בעלגיע, — נאָר אין אַ נישט שוואַכערן טעמפּא אויך אין באַדייטנד לאַנדווירטשאַפטלעכע מלוכות, ווי איטאַליע, האָלאַנד, נישט רעדנ־דיק שוין פונם לאַנד פון ניל.

כדי צו מאַכן דעמדאָזיקן צוזאַמענהאַנג, דייטלעכער זענען אין דער טאַבעלע ג״ אַריינגענומען געוואָרן צאָלן איבער דער געדיכטקייט פון דער באַ־פעלקערונג און דער הויך פונם גערעטעניש פון אייניקע וויכטיקע תבואות פּרא העקטאַר. (זע טאַבעלע ב״, זייט 135.)

באָדן־נאָרם און דערנערונג: פון אַן עטוואָס אַנדערן שטאַנדפּונקט באַהאַנדלט די זעלבע פראַגע סער דניאל האָל. אין זיין אָקספאָרדער פאָרטראַג פאַר דער אַגריקולטור־סעקציע פון דער בריטישער אַסאָסאַציע. (The relation between cultivated area and population. Oxford 1926) אונטערזוכט ער, ווי גרויס דאַרף זיין דער לאַנדווירטשאַפטלעך באַנוצטער שטח, וועלכער איז נייטיק פאַר דער דערנערונג פון איין מענטש. ער קומט צום רעזולטאַט: „אַז ביי די עקזיסטירנדע באַדינגונגען פון דער לאַנד־ווירטשאַפט ביי די מערב־פעלקער, זענען נייטיק בערך 2 ביז 2,5 אַקרען (1—0,8 0 האַ.) פון באַאַרבעטן באָדן, כדי צו דעקן די באַדערפנישן פון אַן איינהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס געפינט זיך אויפן לעבנס־ניוואָ פון די ווייסע פעלקער״ (דאָרט, זייט 5). סער. ד. האָל באַגרינדעט זיין באַהויפּטונג דורך אַ רייע עמפּירישע מאָטיוון ; ער פאַרגלייכט דעם באַאַרבעטן שטח און די גרייס פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין אַ רייע לענדער אָדער לענדער־גרופּן, וועלכע קאָנען באַטראַכט ווערן, אַז זיי פאַרזאָרגן זיך אַליין מיט דער־נערונגס־מיטלען. אַזוי, צ. ב., גרופּירט ער צוזאַמען אַלע אייראָפּעאישע לענ־דער, חוץ רוסלאַנד, מיט די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, אַרגענטינע, אויס־טראַליע און ניי־זעלאַנד, ד. ה. מיט די ווייסע לענדער, וועלכע זענען די הויפּט־פאַרזאָרגער פון אייראָפּע מיט אַלע לעבנס־מיטלען. מיט געוויסע באַוואָרע־נישן — די לענדער פון דעמדאָזיקן געוואַלטיקן געביט אימפּאָרטירן דאָך נאָך צוקער פון אַמעריקע, רייז פון מזרח און טיילווייז תבואה פון רוסלאַנד — בילדן זיי פונדעסטוועגן אַ גרויסע טעריטאָריע, וועמענס לאַנדווירטשאַפט איז ביכולת צו פאַרזיכערן די דערנערונג פון איר באַפעלקערונג. דער לאַנדווירט־שאַפטלעכער שטח פון דעמדאָזיקן געביט באַטרעפט, לויט האָל, 464,1 מיליאָן העקטאַר, פון וועלכע עס ווערט דערנערט אַ באַפעלקערונג פון 481,5 מיליאָן מענטשן. אַזוי אַרום פאַלט אויס עטוואָס ווייניקער ווי 1 העקטאַר באַאַרבעטער שטח (גענוי 2,4 אַקר) אויף אַ קאָפּ. עס מוז אַלנפאַלס באַריקזיכטיקט ווערן, אַז גראָד אין אַמעריקע און אויסטראַליע, וואָס עקספּאָרטירן דערנערונגס־מיטלען, הערשן נאָך זייער עקסטענסיווע מעטאָדן פון לאַנדווירטשאַפט און ווירטשאַפטס־טיפּן, וועלכע פאָדערן אַ סך מאָל גרעסערע ערד־שטחים, ווי דער טיפּ פונם זעלבסט־אַרבעטנדן פויער, וואָס איבערוועגט אין אייראָפּע. מיט אַנ־

# טאַבעלע ג׳

## דורכשניטלעכער נוץ־שטח פון די קלײן־און משפחה־װירטשאַפטן

| לאַנד | גרויס פון די ווירטשאַפטן | פּראָפּאָרציע פון די ווירטשאַפטן פון אַלע גרויסן אין % | דורכשניט־לעכער נוץ־שטח אין הא. | געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג פער קוו. קמ. | גערעטעניש פער הא. אין קווינטאַלס (100 ק״ג) | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | ווייץ | גערשט | קוקו־רוזע |
| דייטשלאַנד | פון 0,5 הא. ביז 10 הא. | 82,2 | 4,3 הא | 137,6 | 20,9 | 20,7 | — |
| פראַנקרייך | אונטער 1 „ „ 10 „ | 85,0 | „ 2,5 | 74,9 | 16,9 | 17,1 | 14,5 |
| איטאַליע | „ 1 „ „ 4 „ | 88,0 | אונטע. 4 „ | 133,8 | 14,8 | 11,2 | 16,7 |
| בעלגיע | פון 0,5 „ „ 10 „ | 88,0 | בערך 3,3 „ | 264,8 | 25,0 | 24,3 | — |
| האָלאַנד | „ 1 „ „ 10 „ | 72,9 | „ 3,8 | 239,7 | 32,7 | 34,7 | — |
| שווייץ | „ 0,5 „ „ 15 „ | 91,0 | „ 4,4 | 98,1 | 21,9 | 18,5 | 30,0 |
| ס.ס.ס.ר. | ———— | — | „ 3,5 | (*24,3 | 6,6 | 9,1 | 11,8 |
| מצרים | ביז 20 „ | 99,0 | „ 0,68 | 355,0 | 18,8 | 17,0 | 23,1 |
| ארץ־ישראל | ———— | — | „ 7–10 | 30 (18) | 6,5 | 6,5 | 5,5 |

באַמערקונג: די ציפערן בנוגע די גרויס־קאַטעגאָריעס פון די ווירט־שאַפטן זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן אויפן יסוד פון „Annuaire International de Statistique Agricole", 1929.1930 (אינטערנאַצ. יאָרבוך פון לאַנדווירטשאַפטלעכער סטאַטיסטיק), אַרויסגעגעבן פונם אינטערנאַציאָנאַלן לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט אין רוים (דייטשלאַנד, ציילונג פון יאָר 1925, האָלאַנד — 1921) און פונם ווערק פון חל. וואָיטינסקי „די וועלט אין צאָלן" באַנד 3, די לאַנדווירטשאַפט (דייטש): (פראַנק־רייך 1892, איטאַליע 1912, בעלגיע 1895, שווייץ 1905, ראַטן־פאַרבאַנד 1922, מצרים 1924). די ציפערן איבער דער געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג און דעם הויך פונם גערעטעניש פון די דריי תבואות (אין יאָר 1929) זענען גענומען געוואָרן פון: Annuaire International de Statistique de I. L. I.

*) אין אייראָפּע.

דערע ווערטער, די באָדן=איינהייט, וועלכע איז נייטיק פאַרן פראָדוצירן דערנערונגס=מיטלען אויף אַ קאָפּ פון דער באַפעלקערונג, וואָלט געקאָנט ממשותדיק רעדוצירט ווערן, וויבאַלד אַמעריקע און אויסטראַליע וואָלטן אונטערן דרוק פון דער באַפעלקערונג, צוליב דער אויסשעפונג פון די רעזערוון פון זייער קרקע=בתולה, אָדער צוליב אַנדערע סיבות, אָנגעהויבן צו אינטענסיווירן זייער לאַנדווירטשאַפט אויפן זעלבן אופן, ווי דאָס האָבן שוין געטון זייערע אייראָפעאישע מוטער=לענדער. די אויסרעכנונגען פון סער ד. האָל, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן בנוגע דייטשלאַנד און דענעמאַרק, באַווייזן, אַז אין די דאָזיקע לענדער פון הויך אַנטוויקלטער לאַנדווירטשאַפט ליפערן שוין 1,5, עווענטועל 1,8 אַקרן (0,6 האַ, עווענטועל 0,75 האַ.) דעם סכום פראָדוקטן, וואָס איז נייטיק פאַר איין פערזאָן. כדי צו פאַרגלייכן די אויספירונגען פון סער ד. האָל מיט די אויספירונגען פון אָפענהיימערן, דאַרף מען נישט איבערזען, אַז, לויט האָל, באַדאַרף אַ 5-קעפּיקע משפחה 10 ביז 12,5 אַקר, אַלזאָ 4—5 האַ., בלויז צום פראָדוצירן פון איר באַדאַרף אין דערנערונגס=מיטלען. אויב דער ערד=שטח, וואָס איז נייטיק פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ פויערים=משפחה זאָל אויסגערעכנט ווערן אויפן דאָזיקן יסוד, דאַן מוז געמאַכט ווערן אַ צושלאָג פאַר די אַנדערע פאָסטנס פונם משפחה-בודזשעט, ווי דירה, באַקליידונג א. א.

עס וואָלט אונז צו ווייט געפירט צו פאַרנעמען זיך מיטן רייכן מאַטעריאַל איבער בודזשעטן פון פויערים-משפחות אין פאַרשידענע לענדער. דאָס וואָלט אויך געווען קוים צוועקמעסיק, וואָרים די פאַרשידנקייט פון די לעבנס=באַדינגונגען און פונם לעבנס=שטייגער פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג אין פאַרשידענע וועלט=טיילן איז צו גרויס אַזוי זענען, צ. ב., די הוצאות אויף באַהייצונג און באַקליידונג אין די צפון=לענדער פיל העכער, ווי אין די לענדער פון אַ וואַרעמען קלימאַט. פון דער אַנדערער זייט, איז דער יידישער פויער אין ארץ=ישראל געצוואונגען צו מאַכן פיל באַדייטנדערע הוצאות אויף געזונט, דערציאונג און קאָמונאַלע לאַסטן, ווי אַ פויער אין די אייראָפּעאישע מלוכות. אויב מיר וועלן אַלזאָ לייגן אַלס יסוד די א״י=פאַרהעלטענישן און מיר וועלן אויסרעכענען די הוצאות פון אַ חובות=פרייען אַראַבישן פעלאַך פאַר שטייערן, באַקליידונג א. א. וו., אַזוי ווי די אויסגאַבן פון אַ יידישן קאָלאָניסט אין עמק פאַר די זעלבע צוועקן, ווי דערציאונג, קראַנקן=קאַסע, געמיינדע=הוצאות און דערהאַלטונג פון די בנינים*), דאַן קומען מיר צום רעזולטאַט, אַז זיי בילדן בערך 20=30 פראָצ. פון פויערישן משפחה=בודזשעט. לאָמיר מאַכן בהתאם מיט דעם אַ צושלאַג פון רונד 30 פראָצ. צו דער באָדן=איינהייט, וואָס איז אויסגערעכנט

*) I. Elazari=Volcani. The Fəllah's Farm. p. 49, Tel=Aviv 1930. Report of the Experts, J. P. S. L. p. 92—93 (Summary of economic data, by Prof. F. Adams), Boston, 1928; Key for the Settlement of Palcstine, P. Z. E. Jerusalem 1929.

געוואָרן פון סער ד. האָל, דאַן באַקומען מיר אַלס דורכשניטס־מאָס פאַר דער אויסהאַלטונג פון אַ זעלבסט־אַרבעטנדער פויערים־משפחה, אַ ווירטשאַפט פון דער גרייס פון 6,5—5 האַ. עס איז אַזוי אַרום נישטאָ קיין ממשותדיקע דיפע־רענץ צווישן אָפּענהיימער און האָל, וועלכע קומען מיט דער הילף פון פאַר־שידענע מעטאָדן צו כמעט גלייכע רעזולטאַטן.

ווירטשאַפטס־איינהייט אין א״י. די טעזע פון אַ דורכ־שניטלעכן ערד־באַדאַרף פון 5 האַ., אָדער 50 מ. דונאַם פאַר אַ פויערישער משפחה, איז אַמווייניקסטן פאַרשטענדלעך אין לענדער פון עקסטענסיווער ערד־אַרבעט אויף גרויסע שטחים. אויפן דאָזיקן פונקט באַגעגענען זיך די פאַרמער פונם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, — וואו דער באַגריף פון אינטענסיטעט איז נישט דער באַגריף פון אַ העכסטן גערעטעניש פונם קלענסטן שטח, נאָר פון אַ רענטאַבעלסטער אויסנוצונג פון דער מאַשין אויפן גרעסטן שטח, — מיט די ערד־אַרבעטער פון די אָפּגעשטאַנענסטע לענדער, וואו די קליינע ערד־הכנסות און די אָפּטע קריזיס־יאָרן, צוליב דער עקסטענסיטעט פון דער באַ־ווירטשאַפטונג און דער „גזלנישער" אויסשעפּונג פון דער ערד, שאַפן די השגה, אַז ס'איז נויטווענדיק צו פאַרגרעסערן דעם לאַנדווירשאַפטלעכן נוץ־שטח. מיט דידאָזיקע דערשיינונגען פון „רעאַלעטיוון ערד־הונגער" אין רוס־לאַנד, און אפילו אין די אָן אַ שיעור רייכע אַקערבוי־געביטן פון סיביר, האָט זיך שוין פאַר דער מלחמה באַשעפטיקט אַ גאַנאָווסקי. ענלעך וואָרנט אונז סער ד. האָל אין דעם ציטירטן פאָרטראַג: „געוויס, אַ ריקזיכטלאָזע עקספּלאָטאַציע, ווי צ. ב דאָס כסדרדיקע זייען פון ווייץ אָדער קוקורוזע אָן באַמיסטיקונג, וועט מיט דער צייט אויסשעפּן די רעסורסן אפילו פון דער סטעפּן־ערד פון מיטל־וועסט און עס זענען פאַראַן סימנים, אַז אייניקע פון די לאַנג קולטיווירטע אינדישע לענדערייען פאַרלירן זייער פּרוכטבאַרקייט, וואָר־שיינלעך נאָר צוליב דעם, וואָס מיסט און אַנדערע אָפּפאַלן, וואָס דאַרפן צוריק־געגעבן ווערן דער ערד, ווערן פאַרבאַרענט, אָדער פאַרקויפט אַלס הייץ־מאַטעריאַל; אָבער אין אַלגעמיין, קאָן זיך די ערד דערהאַלטן אויף אַ באַשטימטער מדרגה פון פּראָדוקטיוויטעט אין משך פון צן אומבאַגרעניצטער צייט... אין אייראָפּאַ איז זי לעצטנס אויפגעהויבן געוואָרן".

ביים לייענען פון די שורות מוז מען נישט ווילנדיק טראַכטן וועגן א״י און דער הערשנדער מעטאָדע פון תבואות־ווירטשאַפט ביים אַראַבישן פעלאַך. איר אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט זענען קליינע און נישט זיכערע גערעטע־נישן און אַ גרויסע אָרימקייט פונם פויער, וועלכער באַאַרבעט רעלאַטיוו גרויסע שטחים. די טיפּישע פעלאַכן־ווירטשאַפט איז 100—70 טערקישע דונאַם (9—6,5 האַ.), לויט דער פּרוכטבאַרקייט פונם לאַנד וואו דער פעדאַן (אַן ערד־איינהייט, וואָס ווערט געמאָסטן דורך דער לייסטונגס־פעאיקייט פון אַ געשפּאַן אָקסן) דערגרייכט 14—11 האַ., באַשעפטיקט דער פעלאַך בדרך כלל אַ חראַט (אַ דאָרף־אַרבעטער). די אַראַבישע עקספּערטן פאַר דער שאו־קאָמיסיע האָבן אָנגעגעבן 150—100 טערקישע דונאַם (14—9 האַ.), אַלס דעם לאַנד־באַדאַרף פון אַ פעלאַך. אויפן יסוד פון דידאָזיקע עדות, האָט די שאו־קאָמיסיע פעסט־

געשטעלט די דורכשניט-מאָס אויף 130 דונאַם (בערך 120 מ. ד.). און אַזוי ווי לויט אירע אויסרעכנונגען קלעקט דער באָדן, וואָס געפינט זיך אין אַראַבישן באַזיץ, אויף אַ חלק פון נאָר 110 דונאַם אויף אַ דאָרפישער משפחה, איז דער רוב פון דער קאָמיסיע געקומען צו דעם אויבן-ציטירטן רעזולטאַט, אַז אין א״י באַשטייט שוין היינט לאַנד-מאַנגל.

דערדאָזיקער אויספיר איז שוין צוליב דעם נישט ריכטיק, ווייל מיר זעען נישט קיין יסוד צו פּאָלגן דאָס פּאָליטיש-געפאַרבטע עדות-זאָגן פון די אַראַבישע „עקספּערטן“ און פעסטצושטעלן די דורכשניטלעכע באָדן-מאָס פון אַ פעלאַכן-ווירטשאַפט אויף מער ווי 100—70 דונאַם, אַ טאַט-זאַך, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך ווילקאָנסקין נאָך אַ פּיליעריקער פאָרשונגס-אַרבעט. בהתאם מיט דעם איז ביי די פעלאַכן פון א״י נישטאָ קיין באָדן-מאַנגל אפילו, ווען מען זאָל מערב-א״י באַטראַכטן פאַר זיך אַליין, און נישט מיטרעכענען עבר-הירדן. דער אַנטשיידנדער פּונקט איז אָבער, אַז גראָד אין א״י קאָן באַוויזן ווערן, און אפשר נאָך בולטער ווי אין אַן אַנדער לאַנד, אַז אפילו ווען רעכנעריש וואָלט געווען אַ מאַנגל אין לאַנד, האָבן מיר דאָ צו טון מיט אַ קלאַסישן ביישפּיל פון „רעלאַטיווער לאַנד-נויט“. וואָרים שוין היינט קאָנען מיר דאָרטן באַמערקן, ווי מיטן אַריינדרינגען פון מערב-מעטאָדן פון לאַנד-באַאַרבעטונג, און מיטן איינפירן נייע קולטורן, אַנטוויקלט זיך אַ ווייטגייענדע און פּראָגרעסיווע רעדוקציע פון דער ערד-איינהייט פּראָ פאַמיליע.

דער איבערגאַנג צו מאָדערנע און אינטענסיווע מעטאָדן פון לאַנדווירטשאַפט אין א״י איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך די דייטשע קאָלאָניסטן, און איז דורך אונז יידן ווייטער געפירט מיט אַן אָנזעעוודיקן דערפאָלג. דאָס שוין דערגרייכטע באַווייזט, אַז מיר זענען אויך דאָ אויפן וועג צום דורכשניט-מאָס פון 5 האַ. פאַר אַ ווירטשאַפט, וואָס באַזירט אויף דער אייגענער אַרבעט פון דער משפחה. דורכן איינפירן דעם געמישטן ווירטשאַפטס-טיפּ, וועלכער שטיצט זיך אויף תבואה, מילך-ווירטשאַפט, עופות-צוכט, פּלאַנצונגען און גרינסן, האָבן מיר, ווי באַקאַנט, רעדוצירט די באָדן-איינהייט אין דעם תבואה-גאַרטל פון 200-300 דונאַם אין די אַלטע יידישע קאָלאָניעס (אויף וועלכן שטח עס זענען אַלנפאַלס באַשעפטיקט לוין-אַרבעטער) ביז 120—80 מ. ד. (12—8 האַ.). אין דעם באַוואַסערבאַרען דיסטריקט פון דער ברעג-פלאַך, עס עקזיסטירן שוין היינט קאָלאָניעס אויפן באַזיס פון אַ באָדן-נאָרם פון 50 דונאַם, 25 ד. און 20 ד. (ווי מגדיאל, הרצליה, עין גנים, נחלת יהודה), אַלזאָ 2—5 האַ. דער לעצטנס באַשלאָסענער קאָלאָניזאַציע-פּלאַן פאַר 1000 ערד-אַרבעטער-משפחות באַזירט אויף אַ ווירטשאַפט פון 15 דונאַם (בערך 1,5 האַ.) און עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז אַן אָראַנזשן-ווירטשאַפט פון 1 האַ. שטעלט מיט זיך פאָר דעם זיכערסטן באַזיס פון אַן עקזיסטענץ פון אַ משפחה*). גראָד דער כאַראַקטער פון גרויסע

*) פאַרגלייך ש. קאַפּלאַנסקי: די פאַרביליקונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, אין דער צייטשריפט Palästina, ווין 1928 און „Key for Settelment of various zones in Palestine“, P. Z. E., 1929.

טיילן פונם לאַנד, די קלימאַטישע באַדינגונגען, די באַוואַסערונגס-מעגלעכקייטן אין דער לענג פון ים-ברעג און פון ירדן, די פּאַרקערס-לאַגע פון א״י — די און אַנדערע פאַקטאָרן דערמעגלעכן און פאַרלייכטערן די ווייט-גייענדע אינטענסיפֿיזירונג פון דער ארץ-ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט.

די ווירטשאַפטס-צייל׳ונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1927 דורכן קאָלאָניזאַציע-דעפּאַרטאַמענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין די יידישע ישובים, באַווייזט, אַז אין יהודה און אין שרון זענען פון אַלע ווירטשאַפטן, אַ חוץ די ווינציקע אונטער 5 דונאַם (אַ האַלבער האַ.), געווען כמעט אַ העלפט (9,4 פראָצ.) אונטער 5 האַ.; די גרויס-קלאַסן פון 5 ביז 150 טער-קישע דונאַם (בערך 14—0.5 האַ) האָבן אויסגעמאַכט 80,2 פּראָצ. פון אַלע ווירטשאַפטן און האָבן געהאַט אַ דורכשניטלעכן שטח פון 4,6 האַ. (פאַרגלייך, קרן-היסוד, ספר סטטיסטי לארץ-ישראל, 1929, לוח 52.) דאָס בילד ווערט נאָך דייטלעכער, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז צווישן די גרויס-ווירטשאַפטן איבער 30 האַ. זענען אויך געציילט געוואָרן אייניקע קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפטן (קבוצות), וועלכע האָבן באַאַרבעט שטחים פון 2 ביז 3 האַ. פּראָ-משפחה. ווי-טער, אַז אין יאָר 1927 זענען אין דערדאָזיקער געגנט ביי 10 פּראָצ. פון די שטחים געווען אין די הענט פון קאַפּיטאַל-אינטענסיווע פרדסים, וואָס זענען נישט מער קיין משפחה-ווירטשאַפטן, אפילו ביי אַ שטח פון ווייניקע העקטאַר, און מוזן באַשעפטיקן בדרך כלל צו 1 אַרבעטער אויף אַ העקטאַר.

בהתאם מיט דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיין נאַטור, וועט א״י באַזיצן פאַרשידנסטע ווירטשאַפט-טיפּן. לעבן דער ציטרוס-פלאַנצונג פון 10 דונאַם און ווייניקער אין עמק השרון, וועלן אין עמק, אינם באַרג-לאַנד, אין גליל און אין דער הויך-פלאַך פון עבר-הירדן פונקט ווי ביז אַהער באַשטיין אַקער-בוי-ווירטשאַפטן פון 80 און 100 דונאַם. לעבן דער באַנאַנען-אָדער טייטלבוים-פלאַנצונג פון 25—20 דונאַם אין עמק הירדן, וועלן אין די בערג געדייען ווירטשאַפטן פון 50 און 75 דונאַם, וועלכע וועלן באַקליידן די טעראַסן מיט וויינגערטנער און איילבערטן-וועלדלעך; בעת אין דעם רעגן-אָרעמען נגב וועט זיין דער כלל אַ משפחה-ווירטשאַפט פון 200 דונאַם און מער. אָבער פונקט ווי אין דייטשלאַנד, אָדער אין איטאַליע, וועט אויך אין א״י דער שטח פון 5 האַ. ווערן די דורכשניטס-מאָס פון אַ משפחה-ווירטשאַפט נאָך אַן אַנטוויק-לונג, וואָס איז געוויס באַרעכנט אויף דורות.

דאָס באַדייט, אַז אויף דעם קולטור-שטח פון 2.140.000 האַ. קאָנען באַ-זעצט ווערן בערך 428.000 דאָרפישע ווירשאַפטן, און אַז א״י קאָן דערנערן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג פון 2.140.000 מענטשן. די דאָרפישע באַ-פעלקערונג פון גאַנץ א״י, אַריינגערעכנט כמעט די העלפט פון די בעדואינער, באַטרעפט היינט בערך 700.000 מענטשן. מיר קומען בכן אַזוי אַרום צום וויכטיקן רעזולטאַט, אַז די קאָלאָניזאַציע-פעיאקייט פון א״י דערמעגליכט אַ פאַרדרייפאַכונג פון איר לאַנדווירטשאַפטלעך-טעטיקער באַפעלקערונג.

די פאַרטאַפלונג פונם פויערטום דער נאָענטסטער

שריט. אַז דידאָזיקע קאַלקולאַציע איז נישט קיין גרויע (אָדער זאָלן מיר זאָגן: נישט קיין גרינגע?) טעאָריע, ווייזט זיך אַרויס פון אַ באַרעכענונג פון דער מעגלעכער קאָלאָניזאַציע־געדיכטקייט פון פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע דיסטריקטן אין א״י, אויפן יסוד פון ווירטשאַפטס־טיפּן, וואָס זענען שוין היינט אויסגעפּרוווט געוואָרן און האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס רענטאַבל פאַר אַ קאָלאָניסט פון יידישן לעבנס־ניוואָ. עס איז אויך די מעטאָדע, וואָס ד״ר רופּין האָט אָנגעווענדט ביים אויסאַרבעטן דעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן פאַר די באַוואַסערבאַרע פלאַכן פון מערב־א״י, וועלכע איז פאַרגעלייגט געוואָרן פון דער יידישער אַגענץ פאַר סער דזשאָן האופּ סימפּסאָן*). דערביי גייען מיר אַרויס צוליב מער זיכערקייט, פון מיטעלע שטחים. אַזוי, צ. ב. נעמען מיר אָן אַלס דורכשניטס־מאָס פאַר דער באַוואַסערטער זאָנע פון דער ברעגן־פלאַך, אַ ווירטשאַפט פון 2 האַ. אין די נישט באַוואַסערבאַרע לאַנד־שטחים פונם מערב־ירדן־לאַנד — דעם טיפּ פון 10 האַ. דערפאַר רעכענען מיר אין מזרח־ירדן־לאַנד, נישט קוקנדיק אויף געוויסע באַוואַסערונגס־מעגלעכקייטן אויך אין טיילן פון דער הויך־פלאַך נאָך אַלץ מיט אַ ווירטשאַפטס־איינהייט פון 12 האַ. און אין דעם נישט אויסגעפאָרשטן נגב, מיט אַן איינהייט פון 30 האַ. אין אויבערשטן עמק־הירדן פאָלגן מיר נאָך די עקספּערטן פון דער יידישער אַגענץ און טיילן דעם שטח אויף 3 כמעט גלייכע גאַרטלען — אַ באַוואַסערבאַרער, אַ טיילוויז באַוואַסערבאַרער און אַ טרוקענער, — וואו די באַטרעפנדע ווירטשאַפטס־איינהייטן זענען 2,5 האַ., 10 האַ., און 12 האַ. די באַוואַסערונגס־מעגלעכקייטן אינם טאָל יזרעאל (נורים) ווערן פאַרזען, און אין דער ברעגן־פלאַך ווערט גענומען אין חשבון נאָר די עקאָנאָמיש־באַוואַסערבאַרע העלפט פונם שטח. לויט דידאָזיקע פאָרזיכטיקע און באַגרעניצטע השערות קומען מיר, ווי עס ווייזט די טאַבעלע ד״, צו דער מעגלעכקייט פון באַזעצן איבער 175 טויזנט משפחה-ווירטשאַפטן אין מערב־ארץ־ישראל און פון 96 טויזנט ווירטשאַפטן אין עבר־הירדן — צוזאַמען איבער 271 טויזנט ווירטשאַפטס־איינהייטן פאַר גאַנץ ארץ־ישראל, מיט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג פון 1.355.000 מענטשן. (זע טאַבעלע ד״, זייט 141.)

מיט אַנדערע ווערטער. דאָס נעכסטע קאַפּיטל פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל איז אַ פאַרטאָפּלונג פון זיין פויערים־באַפעלקערונג אין די ראַמען פון די שוין אויסגעפאָרשטע און אויסגעפּרוווטע מעגלעכקייטן.

געוויס, אויך דערדאָזיקער פּרק פון אַנטוויקלונג וועט פאַרענדיקט ווערן נישט אין יאָרן, נאָר אין צענדליקער יאָרן. מ'דאַרף דערצו האָבן אַלס פאָרויסזעצונג קודם־כל אַ פּלאַנמעסיקע אויסנוצונג פון די פאַראַנענע באַוואַסערונגס־מעגלעכקייטן אויפן ברעג פונם מיטלענדישן ים און אין עמק הירדן; אַ פאַרגרעסערונג פון דעם שטח פון טרוקענע פלאַנצונגען אין באַרג־לאַנד און אויך אין

*) Palestine Land settlement, Urban Development, and Jmmigration, London. 1930.

# טאבעלע ד׳

## די לאנדווירטשאפטלעכע באזעצונגס-פעאיקייט פון ארץ-ישראל

(ביי דער ווירטשאפטס-אינטענסיוויטעט, וואס קאן שוין היינט דערגייכט ווערן)

| לאנד-דיסטריקט | קולטור-שטח אין הא. | ווירטשאפטס-נארם אין הא. | צאל פון משפחה ווירט-שאפטן |
|---|---|---|---|
| 1. ברעגן-פלאכע | | | |
| (באוואסערבאר) | 150.000 | 2.0 | 75.000 |
| (אומבאוואסערט) | 150.000 | 10.0 | 15.000 |
| 2. עמק-יזרעאל | 39.000 | 10.0 | 3.900 |
| 3. טאל-יזרעאל (נוריס) | 9.500 | 10.0 | 950 |
| 4. אויבערשטער עמק-הירדן | 34.000 | 2,5 באוו. 12 אומב. | 6.500 |
| 5. אונטערשטער עמק-הירדן | 23.000 | 2,0 | 11.500 |
| 6. חולה | 13.000 | 2,5 | 5.200 |
| 7. נגב | 220.000 | 30,0 | 7.300 |
| 8. בארג-לאנד | 500.000 | 10,0 | 50.000 |
| צוזאמען מערב-א״י | 1.138.500 | — | 175.350 |
| 9. עבר-הירדן | | | |
| עמק-הירדן | 40.000 | 2.5 | 16.000 |
| הויך-פלאכע | 960.000 | 12.0 | 80.000 |
| צוזאמען מזרח-ירדן-לאנד | 1.000.000 | — | 96.000 |
| ס״ה | 2.138.500 | — | 271.350 |

די פלאַכן ; דאַן אַ לפּחות טיילווייזע אינטענסיווירונג פונם אַקערבוי און דעם איבערגאַנג צום געמישטן ווירטשאַפטס־טיפּ. דער לעצטער פּראָצעס איז, מסתּמא דער שווערסטער. די יידישע קאָלאָניסטן אין עמק און אין ירדן־טאָל האָבן באַדאַרפט האָבן אַ צענדליק יאָר אייגענע דערפאַרונג און דעם נסיון פון די עלטערע קאָלאָניעס, כּדי צו העכערן די תּבואה־גערעטעניש מיט 50 פּראָצ., איינצופירן פאַשע־קולטורן און אויסהאָדעווען אַ ראַסע פון קי, וועלכע גיבן 3 ביז 4 מאָל מער מילך, ווי די אָרטיקע קו פון די פעלאַכן. די אַראַבישע פויערים וועלן פון איין זייט ציען נוצן פון די דערוואָרבענע דערפאַרונגען, אָבער פון דער אַנדערער זייט וועט זייער פּראָגרעס אָפּגעהאַלטן ווערן דורך זייער נידעריקע בילדונגס־שטופע און דורך דער טראַדיציאָנעלער אינערציע פון פויערים. אָבער די ריכטונג פון דער אַנטוויקלונג איז געגעבן געוואָרן, די אַנטשיידנדע פּראָבלעמען זענען דורך דער יידישער קאָלאָניזאַציע־און פאָרשונגס־אַרבעט פאַרענטפערט געוואָרן אָדער זענען נאָענט צו דער פאַרענטפערונג, און דער רעזולטאַט קאָן נישט זיין אין ספק : דאָס פריימאַכן פון ברייטע שטחים פאַר נייער קאָלאָניזאַציע, פאַר אַ ממשותדיקער פאַרגרעסערונג און געדיכטער ווערן פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג, ביי גלייכצייטיקער דערהייבונג פון דעם לעבנס־ניוואָ פונם אַראַבישן פעלאַך צו אַ ווירדיקער, מענטשלעכער עקזיסטענץ. אַזוי פירט אונז דידאָזיקע אונטערזוכונג צום אויספיר, אַז מיטן איינפירן מאָדערנע, אינטענסיווע מעטאָדן פון דער באָדן־פּראָדוקציע, שאַפט די אַגריקולטור פון א״י די מעגלעכקייט אויפצובויען הונדערטער טויזנטער נייע ווירטשאַפטן, נישט אַרויסשטופנדיק פון דער ערד קיין איין איינציקע פעלאַכן־ווירטשאַפט. די דאָרף־באַפעלקערונג קאָן, אפשר שוין אין דעם נעכסטן דור, פאַרטאָפּלט ווערן און שפּעטער פאַרדרייפאַכט ווערן, וואָס פאַר אַ מיטלען פון פּראָדוקציע־שטייגערונג וועט אונז געבן די פאָרויסגייענדע אַגריקולטור־טעכניק נאָך דעם, ווי עס וועט דערגרייכט ווערן דידאָזיקע באַזעצונגס־געדיכטקייט פון 2 מיליאָן, — דאָס קאָנען מיר נישט פאָרויסזען היינט. פּונקט ווי סער ווילי אַם בעווערידזש גלייבן מיר, „אַז די גרעניצן פון לאַנדווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע זענען אומבאַשטימט וייט״ (ציטירט, לויט סער ד. האָל).

אַגראַר־באַזיס און פאָלקס־ווירטשאַפט. וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט וועט אַנטשטיין אויפן דאָזיקן באַזיס פון 2 מיליאָן פויערים ?

דאָס פאַרהעלטעניש צווישן שטאָט און דאָרף קאָן נישט געווי אויסגערעכנט ווערן. די מעגלעכקייט פון אינדוסטריאַליזירונג, די פאַרקערס־לאַגע, די ריכטונג פון די וועגן פונם וועלט־האַנדל, פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, — דידאָזיקע און אַנדערע פאַקטאָרן באַשטימען די מדרגה פון דער פאַרשטאָטלעכונג פון אַ לאַנד. צו דעפינירן זיי שוין היינט בנוגע צו א״י איז נישט מעגלעך. פּונקט אַזוי קאָן די קאָמפּליצירטע פראַגע נישט פאַרענטפערט ווערן פולשטענדיק ריכטיק מיט דער הילף פון אַנאַלאָגיעס. אין רוב לענדער פון אייראָפּע איז איין פויער מפרנס 2 שטאָט־איינוואוינער ; דאָס איז

על כל פנים זייער נישט קיין גענויער אויסדרוק-אופן, וואָרים אין רוב מלוכות מיט 33 פראָצ. לאַנדווירטשאַפט און 66 פראָצ. מלאכה, אינדוסטריע און האַנדל, ווערן לעבנס-מיטלען אימפּאָרטירט. אָבער אויך א״י וועט נישט זיין קיין לאַנד פון אויטאַרקיע (אַבסאָלוטע אַליין-פאַרזאָרגונג). עס וועט געוויס עקספּאָרטירן זיינע ווערטפולע פרות. פריע גרינסן און אַנדערע דערנערונגס-מיטלען. נאָך אַנטשיידנדער. איז אָבער דער מאָמענט, אַז א״י וועט נישט בלייבן קיין איבער-וועגנד אַגראַר-ווירטשאַפטלעך לאַנד. מיר האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג ביי דער באַהאַנדלונג פון דערדאָזיקער פראַגע אין יאָר 1916, און די אַנטוויקלונג זינט דעמאָלט האָט דידאָזיקע טענדעץ אונטערגעשטראָכן.

די אינדוסטריעלע און האַנדלס-מעגלעכקייטן פון א״י זענען אַ טעמע, וועלכע פאָדערט פאַר זיך אַליין אַ מער גרינדלעכע אויספאָרשונג, ווי דאָס לאָזן צו די ראַמען פון אונזער היינטיקן פאָרטראַג. דער אויבן דערמאַנטער מעמאָראַנדום פון דער יידישער אַגענץ אַנטהאַלט ווערטפולן מאַטעריאַל בנוגע מלאכה און אינדוסטריע, זייער היינטיקן מצב און זייערע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט. מיר זענען אַפילו נישט געניגט צו אַקצעפּטירן די אַביסל ווייטגייענדע באַהויפּטונג פונם מחבר, אַז „פונם שטאַנדפונקט פון דער אינדוסטריע איז דאָס גאַנצע גערעדעריי וועגן דער אויפנאַמס-פעאיקייט פונם לאַנד נישט אויפן פלאַץ". געוויס האָט אויך דער פאָרטשריט פון אינדוסטריע און האַנדל אין ארץ-ישראל זיינע גרעניצן. אָבער נישט די היינטיקע אָרעמקייט און קליינקייט פונם לאַנד, און נישט דאָס אויספעלן פון געוויסע רוי-שטאָפן און נאַטור-אוצרות, ווי קוילן און מינעראַלן, זענען דעצידירנד. א״י האָט גענוג וואַסער-כוחות פאַר באַקומען עלעקטריציטעט; זיין הויפּט-פּאָרט חיפה וועט גאָר באַלד ווערן דער טערמינוס פאַר די נאַפט-רערן פון מעסאָפּאָטאַמיע; די עקספּלואַטאַציע פון די מי-נעראַל-אוצרות פון ים-המלח עפנט מעגלעכקייטן פאַר אַ באַדייטנדער כעמישער אינדוסטריע; די נאַטור-שיינקייטן און דער היסטאָרישער כאַראַקטער פונם לאַנד שטיצן די טוריסטיק און די פרעמדן-אינדוסטריעס; א״י איז דאָס טויער פאַרן גאַנצן נאָענטן מזרח; אַלע שכנותדיקע לענדער, ביז פערסיע און טערקיי, קומען אין באַטראַכט אַלס זיינע אָפּזאַץ-מערק; אַלס אַ בריק צווישן 3 וועלט-טיילן, באַזיצט א״י אַ באַהערשנדע פּאָזיציע אַלס טראַנזיט-לאַנד, און איז אַ קנוט-פונקט פון די באַהן-ליניעס פון סטאַמבול ביז קהיר, און פון חיפה קיין באַגדאַד און טעהעראַן; אין דער יידישער איינוואַנדערונג באַקומט א״י אַ מענטשן-עלעמענט, וואָס איז באַזונדערס צוגעפּאַסט עקאָנאָמיש און פּסיכאָלאָגיש צום אויסנוצן פון די אַלע מעגלעכקייטן. צוליב דידאָזיקע און ענלעכע סיבות גלייבן מיר, אַז די אינדוסטריעלע און שטאָטישע קאָלאָניזאַציע וועט איבעריאָגן די דאָרפישע קאָלאָניזאַציע.

אגב אורחא זאָל אָנגעוויזן ווערן אויף דעם, אַז שוין היינט האָט א״י אַ פאַרהעלטנישמעסיק הויכן פראָצענט פון שטאָטישע איינוואוינער. באַטראַכטן מיר די באַזעצטע באַפעלקערונג פון מערב-ירדן-לאַנד, זעען מיר, אַז אין יאָר 1922 איז זי באַשטאַנען פון 264 טויזנט שטאָט-איינוואוינער און 390 טויזנט דאָרף-איינוואוינער. אין יאָר 1930 איז די צאָל שטאָט-איינוואוינער געשאַצט

געוואָרן אויף 350 טויזנט, די דאָרפישע באַפעלקערונג אויף 500 טויזנט, ד. ה. 40 פראָצ. פון דער באַפעלקערונג איז שטאָטיש.

ווי אַזוי וועט זיך, אַלזאָ, קאָנען אויסבילדן די פּראָפּאָרציע צווישן דאָרף און שטאָט אין א״י, וועלכעס האָט אין דער פולער מאָס אַנטוויקלט זיינע לאַנדווירטשאַפטלעכע פונקט ווי אינדוסטריעלע פּאָטענצן? מיר רעדן שוין נישט פון הויך־אינדוסטריעלע לענדער, ווי גרויס־בריטאַניע, דייטשלאַנד אָדער בעלגיע, וואו די פויערישע באַפעלקערונג איז געזונקען ביז 10 פּראָצ., 23 פּראָצ. און 21 פּראָצ. אין פראַנקרייך בילדעט די באַפעלקערונג, וואָס לעבט פון לאַנדווירטשאַפט, קנאַפּע 50 פּראָצ., אין איטאַליע — 52 פּראָצ., אין דער שווייץ — 26 פּראָצ., אין האָלאַנד — אונטער 25 פּראָצ., אין די פאַראייניקטע שטאַטן — 30 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער. דידאָזיקע ציפערן, אַרויסגענומען פונם ווין דערמאָנטן אינטערנאַציאָנאַלן יאָרבוך פאַר אַגראַר־סטאַטיסטיק, באַזירן אויף ציילונגען נאָך דער מלחמה.

לויט דעם, וועלכן קאָעפיציענט מיר נעמען אָן פאַר א״י — דעם קאָעפיציענט פון איטאַליע אָדער דעם פאַר דער שווייץ — באַקומען זיך שאַצונגען פון דער דערגרייכבאַרער באַפעלקערונג אין א״י, וועלכע ליגן צווישן די ווייטע גרעניצן פון 4 ביז 8 מיליאָן. די געבראַכטע ביישפּילן זענען נישט אַזוי קרום, ווי זיי קאָנען דערשיינען אויפן ערשטן בליק. אין הינזיכט פון קלימאַט, כאַראַקטער פון באָדן און פאַרקערס־לאַגע, זענען די צוויי מיטל־ים־לענדער, איטאַליע און א״י, טראָץ דעם קעגנזאַץ צווישן רויב און ירושלים, זייער געראָטן. די שווייץ איז אַ טיפּיש באַרגיק לאַנד, אמת, געלעגן אינם האַרץ פון אייראָפּע, בעת האָלאַנד געניסט אַ באַפּאָרצוגטע טראַנזיט־לאַגע אויפן וועג פון אייראָפּע קיין אַמעריקע, ווי א״י איז עס באַרופן צו פאַרנעמען אויף דער קרייצונג פון די האַנדלס־וועגן צווישן אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע.

עס פעלט אונז לע״ע אַ רעאַלער שטיץ־פונקט פאַר דעם ענטפער אויף דער פראַגע, וואו וועט ליגן צווישן אַזעלכע ווייט־ליגנדע גרעניצן די אַנטשיידונג פון דער געשיכטע; צי די רעזולטאַנטע פון די ווירקנדע סאָציאַלאָגישע כוחות וועט גיין אין דער ריכטונג פון דער מיטל־צאָל פון 6 מיליאָן, אָדער זי וועט אָפּטרעטן אַראָפּ אָדער אַרויף פון דער ליניע. צו וואָס מיר קומען, איז די פעסטשטעלונג, אַז די מאַנדאַט־טעריטאָריע פון א״י קאָן נאָך אויפנעמען מיליאָנען אַרבעטנדע מענטשן און קאָן דערנערן אַ באַפעלקערונג, וועלכע איז פירמאָל, פינפמאָל און נאָך מער אַזוי גרויס ווי די איצטיקע איינוואוינערשאַפט פונם לאַנד.

פון דעם דרינגען אַרויס צוויי אויספירן: איינער בנוגע דעם פאַרהעלטעניש צווישן יידן און אַראַבער; דער צווייטער — בנוגע דעם ספּעציפישן געוויכט פון דער יידישער ארץ־ישראל־קאָלאָניזאַציע אין אונזער פאָלקס־לעבן.

די תשובה אויף דער פראַגע פון אַ יידיש־אַראַבישן אינטערעסן־קאָנפליקט

איז פון זיך אַליין געדרונגען. מיר ווייסן, עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס קוים האַנדלט עס זיך וועגן יידן אין א״י, אינטערפּרעטירן זיי דעם פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט אַזוי, אַז די איינוואוינער פון אַ ווייניק באַפעלקערטן נישט אַנטוויקלטן לאַנד האָבן אַן אַבסאָלוטן אייגנטום-רעכט איבער אים, אַ רעכט, וואָס זיי קאָנען געברויכן און מיסברויכן. לויט דערדאָזיקער טעאָריע קאָנען שוואַך באַזעצטע לענדער און געביטן פאַרשלאָסן ווערן פאַר דער איינוואַנדערונג פון לאַנדלאָזע, אַרבעטזוכנדע מענטשן, וואָס וואָלטן זיי געקאָנט אויספילן און באַרייכערן מיט זייער אַרבעט. לויט דעם כּלל וואָלט מען די אָרגאַניזירונג פון דער וועלט-ווירטשאַפט, וועלכע שרייט נאָך פאַרמערטע אַרבעטס-געלעגנהייטן, נאָך מער רוי-מאַטעריאַלן און לעבנס-מיטלען, געדאַרפט אָפּהאַלטן צוליב דעם ווּנטש פון נאָמאַדיזירנדע אָדער באַזעצטע שבטים, ריכטיקער פון זייערע פעאָדאַלע הערן און שייך״ס אַריינצונעמען אין זייערע הענט נישט באַאַרבעטע אָדער אָפּגעשטאַנענע טעריטאָריעס און צו האַלטן זיי אין די אַלטע פּראָדוקציע-פאָרמען. לויט דעמדאָזיקן וואולגאַר-רעסטריקציאָניזם, וועלכער טוט זיך גערן אָן אַ סאָציאַליסטיש מאַנטעלע, קאָן א״י פאַרשלאָסן ווערן פאַר יידן שוין צוליב דעם, ווייל זייער איינוואַנדערונג ענדערט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פונם לאַנד.

מיר וואָלטן נישט געוואָלט שאַפן דעם רושם, אַז מיר רעדן פאַר אַ פולשטענדיק אומבאַגרעניצטער פרייהייט אויפן געביט פון עמיגראַציע, עס דאַרף נישט געלייקנט ווערן דאָס רעכט פון יעדער באַפעלקערונגס-גרופּע און פון יעדן געמיינוועזן צו שיצן זיך קעגן דריי זאַכן: קעגן דער אַראָפּנידערונג פונם לעבנס-ניוואָ און פון דעם וואוילשטאַנד דורכן אַריינשטראָמען פון מענטשן מיט קלענערע באַדערפענישן און מיט אַ נידעריקער שטופע פון קולטור; קעגן סכּנות פאַר זייער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט; קעגן פּאָליטישער פרעמד-הערשאַפט. עס איז נישט נויטווענדיק דאָ צו באַגרינדן דעם באַנאַלן אמת, אַז די אַראַבישע באַפעלקערונג פון א״י ווערט נישט געבראַכט אין סכּנה פון קיין איינעם פון דידאָזיקע שטאַנדפּונקטן. דער א״י-מאַנדאַט איז דאָך טאַקע אַ פּרווו פון אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל-געשיצטער און רעגולירטער ניי-קאָלאָניזירונג פון אַ לאַנד דורך אַ נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט, וועלכע שטרעבט צו אַ באַנייאונג פון איר מלוכה-לעבן אויפן באָדן פון פולער גלייכווערטיקייט מיט דער אַראַבישער געמיינשאַפט אינם לאַנד, וועמענס באַשטאַנד און אינטערעסן זענען אויך אינטערנאַציאָנאַל געזיכערט. פאַר די רעסטריקציאָניסטן אין און מחוץ א״י, וועלכע זוכן צו פאַרמאַסקירן זייער קעגנערשאַפט צו דער יידישער א״י-זאַך מיט אַ טערמינאָלאָגיע, וואָס איז אויסגעבאָרגט ביי דער טעאָריע פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט, איז עס גלייכגילטיק, וועלכע ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע ווירקונגען וועט אַרויסרופן די יידישע ניי-קאָלאָניזירונג פון ארץ-ישראל. פאַר אונז אָבער, אַלס יידישע סאָציאַליסטן און אינטערנאַציאָנאַליסטן, און פאַר אונזערע פריינט צווישן אַנדערע פעלקער, זענען די אויספירן איבער דער קאָלאָניזאַטאָרישער פעאיקייט פון א״י אַנטשיידענד פאַרן יידיש-אַראַבישן פּראָבלעם. מיר קאָנען מיט אַ רואיק געוויסן ווייטער פירן אונזער ווערק. עס באַדייט

נישט קיין סכנה אָדער עקספּראָפּריאַציע פון דער דאָרט־זיצנדער אַראַבישער באַפעלקערונג, עס קאָן נישט באַשטיין קיין דויערנדער קעגנזאַץ צווישן די אַרבעטנדע מאַסן פוןביידע פעלקער. דער רעוואָלוציאָנערער זין פון דער באַהעפטונג פון יידישער אַרבעט מיט די פּראָדוקציע־קוואַלן פון א״י באַשטייט אין דעם, וואָס עס אַנטשטייען מער פּלאַץ און מער וואוילשטאַנד.

די אַנדערע פראַגע — פונם ווערט פון א״י פאַר אונז — ווערט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַרטונקלט דורכן שטרייט איבער אַ נייער דעפיניציע פון די ענד־צילן פונם ציוניזם. עס טומלען זיך ווידער אַרום די אַלטע פאָרמולעס און השגות, ווי יידן־שטאַט און קולטור־צענטר.

מיר פאַראורטיילן דידאַזיקע פּרוכטלאָזע מחלוקת שוין צוליב דעם, ווייל דורך איר ווערט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אַריינגעטראָגן אַ נאַציאָנאַליסטיש טומלעריי, נאַציאָנאַליסטישע שלאָג־ווערטער און אַ פּאָליטיק פון פּאָכען מיט פענדלעך.

כדי צו כאַראַקטעריזירן אונזער שטעלונג וואָלט איך וועלן ציטירן דאָס פיל באַקעמפטע וואָרט פון עדוארד בערנשטיין איבערן ענד־ציל פון סאָציאַליזם. „וואָס מען רופט געוויינלעך אָן דעם ציל פון סאָציאַליזם, איז גאָרנישט, די באַוועגונג איז אַלץ“. נישט קוקנדיק אויף דער סכנה שלעכט אויסגעטייטשט צו ווערן, ווי בשעתו בערנשטיין, וועלן מיר זאָגן:

וואָס מען דעפינירט געוויינלעך אַלס ענד־ציל פונם ציוניזם איז גאָרנישט, דער עקאָנאָמישער אינהאַלט פון דער באַוועגונג און פונם אויפבוי־ווערק איז אַלץ.

מיר ווייסן זייער גוט, אַז קאָלאָניזאַציע און די שאַפונג פון אַ נייער ווירטשאַפט קאָנען נישט זיין אידענטיש מיט דער פאַרענטפערונג פון די אומטלבאַרע נויטן פון דער יידישער איינוואַנדערונג. מיר קאָנען נישט פאַר יעדן איינציקן ייד, וועלכער שטייט מכון ומזומן אויסצוואַנדערן, תיכף געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון זיין היימאַט־לאָזיקייט. אָבער ווען אין א״י וועלן ווירקלעך הונדערטער־טויזנטער און מיליאָנען איינגעוואָרצלט ווערן אין ערד, אַרבעט, מלאכה, און אינדוסטריע, דאַן איז אפשר נישט פאַרענטפערט די היימאַטלאָזיקייט פון יעדן יחיד, אָבער עס וועט באַזייטיקט ווערן די היימאַטלאָזיקייט פונם יידישן פאָלק. דאָס יידישע פאָלקס־לעבן וועט באַקומען אין א״י אַ נייעם שווער־פּונקט, צו וועלכן עס וועלן גראַוויטירן אַלע כוחות פון דער ווירטשאַפטלעכער אומשיכטונג, סאָציאַלער באַנייאונג און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג (שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

שלוס פון דער פינפטער זיצונג

## עפנטלעכער מיטינג

מאָנטיק, דעם 29־טן סעפטעמבער, האַלב ניין אין אָוונט, אינם גרויסן שפּיכערן־זאַל. דער זאַל און די בימה זענען דעקאָרירט מיט רויט און גרינס. דאָס קאָנגרעס־פּרעזידיום און די סאָציאַליסטישע געסט ווערן אויפגענומען מיט שטאַרקע אָוואַציעס. נאָך דעם ווי דער כאָר פונם ייִנג־ייִדישן וואַנדער־בונד (י. י. וו. ב.), אונטער דער לייטונג פון חבר ש מ ו א ל ש פּ י ר אָ, זינגט אייניקע לידער, עפנט חבר ש. ק אַ פּ ל אַ נ ס ק י דעם מיטינג. ער רעדט וועגן דער באַדייטונג פונם ערשטן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, באַגריסט די געסט, באַזונדערס די פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און ערטיילט אַלס ערשטן דאָס וואָרט דעם חבר

## לואי פּיעראַר

(רעדט פראַנצויזיש, די רעדע ווערט דאַן איבערזעצט אין דייטש פון חברטע א ל י ס פּ ע ל ס — ברוסעל)

חברים און פריינט! דער ערשטער קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל איז אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון אינטערנאַציאָנאַל און פון ציוניזם. איך וויל אין אַ פּאָר ווערטער איבערגעבן אייך די גרוסן פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל און פון דער בעלגישער אַרבעטער־פּאַרטיי. איך רעד אָבער מער אין נאָמען פון בעלגישן סאָציאַליזם. עס פרייט מיך באַזונדערס, וואָס איך זע אַזוי פיל יוגנט אויפן קאָנגרעס.

בעלגיע איז אַ קליין לאַנד. אָבער ס'איז געוועזן אַ מקום מקלט פאַר פּאָליטישע אַנטלאָפענע, עס האָט אויפגענומען ביי זיך אַלעמען, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן די ערד פון זייערע עלטערן. בעלגיע איז געוועזן דאָס וויגעלע פון דער פרייהייט פון פיל לענדער. ווען פּוילן האָט געקעמפט פאַר איר פרייהייט, האָבן די פּאָליטישע פּליטים געפונען הילף אין בעלגיע. פאַר דער מלחמה האָט זיך דאָס ביוראָ פונם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל געפונען אין ברוסעל און אַהין איז געקומען יעדער סאָציאַליסט, וועלכער האָט באַדאַרפט הילף. ווען לעטלאַנד האָט געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון לאַנד און פאַר סאָציאַליזם, האָבן די חברים געפונען אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ אַ הילף, וועלכע איך דאַרף נישט כאַראַקטעריזירן.

קאַמיל היואיסמאַנס, דער פריערדיקער סעקרעטאַר פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט נעכטן אין זיין קאָנגרעס־רעדע דערמאָנט, אַז ער איז אין אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגעטרעטן פאַר דעם, אַז פועלי־ציון און בכלל די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג זאָל דאָרט באַקומען איר פּלאַץ. דאַן האָבן נאָך נישט אַלע לענדער געקאָנט געוואונען ווערן פאַר דערדאָזיקער זאַך.

בעלגיע האָט פיל פעלערן, אָבער איין שלעכטע מידה האָט זי נישט: דעם אַנטיסעמיטיזם. פריער זענען אין בעלגיע געווען וויניק יידן און זיי האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעבירגערט. אין די לעצטע יאָרן איז די יידישע באַפעלקערונג שטאַרק אויסגעוואַקסן און דאָס זענען סרוב אַרבעטער. מיר האָבן אין בעלגיע יידישע אַרבעטער אין דער דימענטן־אידוסטריע, אין דער באַקליידונגס־אינדוסטריע און לעדער־פאַך. און פאַר דידאָזיקע אַרבעטער האָט די בעלגישע אַרבעטער־פּאַרטיי ברייט געעפנט אירע פאָלקס־הייזער. זיי געפינען אויך ביי אונז די גרעסטע פריינטשאַפט. ביי אונז זענען זיי ווי אין דער היים

מיר זענען אויך שטאָלץ מיט דעם, וואָס עמיל וואַנדערוועלדע, אונזער פירער, וועלכן מיר רופן אָן „דער פּאַטראָן", האָט באַזוכט ארץ־ישראל און האָט באַזונדערס שטודירט די אַרבעטער־באַוועגונג פון ארץ־ישראל און עס געשילדערט אין זיין בוך, אַ בוך, וועלכעס האָט געבראַכט דעם ציוניזם נוצן.

איך האָב שוין וועגן דעם דערציילט דעם קאָנגרעס, אַז איך האָב, נאָך מיט צוויי יאָר פאַר וואַנדערוועלדעס ארץ־ישראל־נסיעה, גאַנץ צופעליק אַנטדעקט דעם ציוניזם, באַזונדערס דעם אַרבעטער־ציוניזם. איך האָב געמאַכט אַן אָריענט־רייזע און בין געקומען צוריק איבער ארץ־ישראל. וואָס עס האָט מיך דאָרטן טיף באַוועגט, איז מיין באַזוך אין די קאָלאָניעס, דאָס לעבן אוןווירקן פון די חלוצים, דאָס גאַנצע ווערק, וואָס שטייט אונטערן צייכן פון העכסטן אידעאַליזם. איך האָב פאַר דערדאָזיקער באַוועגונג אַ סימפּאַטיע, אויף וועלכע איר קאָנט רעכענען, ווי אויף דער סימפּאַטיע פון אינטערנאַציאָנאַל.

איך האָב מיט פרייד געהערט, ווי דער חבר מעלאַן האָט היינט ביים קאָנגרעס געזאָגט, אַז די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע באַפרייאונג פון פּראָלעטאַריאַט קאָן באַזירן נאָר אויף דער נאַציאָנאַלער פרייהייט. אַ פאָלק מוז באַזיצן נאַציאָנאַלע ווירדע.

אַ באַוועגונג, ווי אייערע, אַ סאָציאַלער עקספּערימענט, ווי דער, וואָס ווערט געמאַכט אין ארץ־ישראל, הענגט אָפּ פון דער האַלטונג פון פעלקער־בונד. איר ווייסט אונזערע געפילן פאַרן פעלקער־בונד; מיר, סאָציאַליסטן, זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געווירקט פאַרן פעלקער־בונד, אפילו ווען ער האָט נאָך נישט עקזיסטירט. און מיר זענען פאַרן פּרינציפּ פון אַ פעלקער־ליגע. מיר ווילן, אַז זי זאָל געשטאַלטעט ווערן דעמאָקראַטישער, אַז זי זאָל זיין אַן אמתער אויסדרוק פון די פעלקער, וואָס ביז איצט איז עס דאָך נאָך

נישט אַזוי. מיר דאַרפן אפשר זאָגן, אַז אין גענף טרייבט מען בירגערלעכע דיפּלאָמאַטיע, און אַז עס וואָלט געווען בעסער צו טרייבן אַ לעבעדיקערע און פּאָזיטיווערע פּאָליטיק.

נאָך איינס — איר וועט מיר דערלויבן, ווען איך זאָג, אַז איך האָב מיט אַ גרויסן אינטערעס פאַרפאָלגט די דעבאַטן פונם קאָנגרעס, און איר וועט עס מיר נישט נעמען פאַר שלעכט, ווען איך וועל זיין אָפן און אייך זאָגן, אַז עס האָט מיך אינמיטן באַפאַלן אַ געפיל פון אומרואיקייט.

איך וויל זיין אָפן, ווי עס פּאַסט צווישן פריינט. ווען איך האָב געזען, אַז אייער שיינע באַוועגונג טיילט זיך אויף אַזוי פיל פּראַקציעס און טענדענצן, אין „רעכטע" און „לינקע" און אין „רעכטס פון לינקס" און „לינקס פון רעכטס", אַז איר טיילט אַ האָר אויף 10 טיילן, אין דער לענג און אין דער ברייט. קאָן איך מיך דאָ נישט אָפּהאַלטן פון צו זאָגן: מיינע פריינט, גיט אַכטונג! היט עטוואָס, וואָס מען מוז אָפּהיטן אין די אָפּטיילונגען פון אינטערנאַציאָנאַל, פון יענעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז דער באַזיס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג: היט אָפּ די אַרבעטער-איינהייט! לאָזט זיך נישט אַריין אין פּלפּולדיקע דיסקוסיעס! מיר מוזן פּרווון צו זיכערן די איינהייט פון די הערצער, אויב עס קאָנען אפילו זיין פאַרשידנקייטן אין די מיינונגען. אַלזאָ: היט אָפּ די איינהייט פון די הערצער!

געדענקט אָן דעם, וואָס עס איז געשען אין אַנדערע לענדער, געדענקט וועגן אַ לאַנד, וואו די אַרבעטער נאָך דער מלחמה זענען געווען געשפּאָלטן אויף מאַקסימאַליסטן, מינימאַליסטן, דעמאָקראַטן א. אַנד. פּראַקציעס, וועלכע האָבן צווישן זיך געקעמפט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען מוסאָליני האָט דערווייל אָנגעהויבן צו שמידן זיינע וואַפן און צו פּלאַנען דעם מאַרש אויף רוים.

נאָכאַמאָל: גיט אַכטונג און געדענקט וועגן דעם, אַז אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג מוז הערשן איינהייט!

מיינע פריינט, זאָל לעבן די איינהייט פון אינטערנאַציאָנאַל און אינם ציוניזם! און איך וויל שליסן מיט די ווערטער, וועלכע מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס האָבן אין יאָר 1847 אָנגעזאָגט דער וועלט: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך! (שטאַרקע, לאַנג-דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

## ל א ה מ ע ל אָ ן

(הערט באַגריסט מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, רעדט ענגליש. די רעדע הערט דאָך איבערזעצט פון ח׳ אב. ש י פּ ל י אַ ק אָ ח)

די פון אונז, וואָס זענען אָנוועזנד אויף דעם קאָנגרעס, מוזן פילן, אַז מיר נעמען אָנטייל אין דעם אָנהייב פון אַ ניי קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידן און פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. ווייל די הסתדרות ברענגט צום ערשטן מאָל פאַר אַן עפנטלעכן וועלט-קאָנגרעס אירע שוועריקייטן און אויפטואונגען. און דורך דעם קאָנגרעס ברענגט זי איר זאַך פאַר די אַרבעטער פון גאַר דער וועלט.

און די פון אונז, וואָס קומען פון ענגלאַנד, פילן אַ ספּעציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל מיר האָבן דאָך געזאָגט און ווידעראַמאָל איבערגעחזרט, אַז בריטאַניע און די יידן זענען שותפים צו אַ גרויסער אונטערנעמונג, איינער פון די גרעסטע אונטערנעמונגען פון די נאָך־מלחמה־יאָרן, די שאַפונג פון אַ נייער פרייער היים אין אַ טויט אַלט לאַנד, דעם אויפבוי פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. און מיר, די, וועלכע געהערן צו דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי, מוזן זעען, אַז ענגלאַנד זאָל אין דער ווירקלעכקייט זיין אַן אַקטיווער שותף, אַז ווען די היים וועט ענדלעך אויפגעבויט ווערן, זאָל זי באמת זיין אַ נאַציאָנאַלע היים, וואָס זאָל פּאַסן פאַר דער באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

אויב יידן פילן זיך אין איצטיקן מאָמענט באַעוולהעט פון דער ענגלישער מאַנדאַטאַר־מאַכט, אויב זיי זענען איצט אַנטוישט און אומצופרידן, האָפן מיר אָבער, אַז דאָס איז אַ סכסוך צווישן אַ פּאַרליבטער פּאָר. מיר האָפן, אַז די פון אונז, וועלכע זענען אין דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי, אָבער נישט אין דער רעגירונג, וועלן אויסגלייכן דעם סכסוך, ווייל עס וואָלט געווען פאַר אונז שרעקלעך צו פילן, אַז ענגלאַנד האָט אַנטוישט די יידישע אַרבעטער.

איך גלייב, אַז אַזוי לאַנג ווי די יידן דאַרפן אַ שותף, וועלן זיי מן הסתם קיין בעסערן שותף ווי ענגלאַנד נישט האָבן.

און איצט, ווען מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט פון אַלע עקן וועלט, מוזן מיר זיך פרעגן: וואָס קאָנען מיר טון אויף צו העלפן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל, און וואָס פאַר אַ צושטייער קאָנען געבן די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל פאַר העלפן לייזן די פּראָבלעמען פון די אַרבעטער פון דער וועלט.

איך גלייב, אַז די יידישער אַרבעטער קאָנען געבן אַ וויכטיקן צושטייער, ווייל צי איז דען נישט מעגלעך, אַז די יידישע אַרבעטער אין א״י מיט זייער געוואַלטיקן ענטוזיאַזם, מיט זייער אָפּרייסן זיך פון אַלטע טראַדיציעס, זאָלן ווייזן דעם אויפבוי־וועג פון אַ נייער געזעלשאַפט, צו וועלכער עס גאַרן אַזוי שטאַרק די אַרבעטער פון גאָר דער וועלט. דעם אויפבוי פון אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער די באַדערפענישן פונם אַרבעטער, מאַן און פרוי, זענען די ערשטע זאָרג, אַ געזעלשאַפט, וועלכע וועט מאַכן אַ סוף צום עלנט און אומזיכערקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער ס׳זאָל נישט מער מעגלעך זיין די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטש דורכן צווייטן און פון איין ראַסע דורך דער צווייטער?

איך גלייב, אַז ווען די באַלפור־דעקלאַראַציע איז געקומען האָט יעדער מענטש מיט מענטשלעכע געפילן זיך דערפרייט. דאַן שפּעטער איז געקומען דער צווייפל, די מורא, אַז מען קאָן אַרויספירן ארץ־ישראל פון דער פינסטערניש פונם טערקישן פעאָדאַליזם און זי גאָר מאַכן פאַר אַ ווערקצייג אין די הענט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, אָדער בלויז אַ קאָלאָניע פאַר דעם אייגננוצן פון יידישן קאַפּיטאַליסט און עקספּלואַטאַטאָר.

איר, די אַרבעטער פון א״י, מוזט זען, אַז דאָס זאָל נישט זיין. אייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אייערע קאָאָפּעראַטיוון, אייערע אויפבוי־אָפּאַראַטן, אייערע אַרבעטער־ראַטן, האַלטן שוין אין וואַקסן. וואָס פאַר אַ וואונדער וועט דאָס זיין, ווען איר וועט ווייזן דער וועלט אַ נייעם טיפּ פון אַ קאָלאָניע, נישט געבויט אויף עקספּלואַטאַציע, נאָר געבויט אויף יסודות פון אַרבעט פון פרייע אַרבעטער, געשאַפן מיט פרייד און מיט באַוואוסטזיין, אַז זיי ברענגען אַריין נייע לעבן אין זייער אַלט פאָטערלאַנד.

די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט רעדן וועגן דער צוקונפטיקער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט פון דער וועלט. איר, די אַרבעטער פון ארץ־ישראל, האָט די געלעגנהייט צו ווייזן דער וועלט אַ קאָאָפּעראַטיווע מלוכה אין ווירקלעכן לעבן.

איך אונטערשעץ נישט אייערע שוועריקייטן, אָבער איר, חלוצים, וועלכע האָבן שוין צו פאַרצייכענען אַזעלכע וואונדערבאַרע דערגרייכונגען, איר, וועלכע זענט געוואוינט געוואָרן צו ברענגען קרבנות, איר, וועלכע זענט געגאַנגען קיין ארץ־ישראל מיט אָפענע אויגן, אויסקלויבנדיק פאַר זיך דעם שווערן וועג, איר, וועלכע האָט באַוויזן צו לאָזן וואַקסן צוויי גרעזלעך דאָרט, וואו פריער איז בלויז געוואַקסן איינס, איר, וואָס האָט געשאַפן פיל בליענדע אָראַנזשן־גערטנער, דאָרט, וואו עס איז געווען וויסט לאַנד, — ביי אייך איז דאָס אוממעגלעכע מעגלעך.

און דאַן נאָך עפּעס. איך פיל, אַז דאָס גרויסע ראַסן־און עקאָנאָמישע פּראָבלעם פון די יידן און אַראַבער אין א״י קאָן בלויז געלייזט ווערן דורך די אַרבעטער, די סאָציאַליסטן, וואָס גלייבן אין דער פאַרברידערונג פון דער מענטשהייט. איך גלייב נישט, אַז עס איז דאָ וועלכע עס איז ווירקלעכע שנאה צווישן די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער, פּונקט ווי עס איז נישט געווען קיין ווירקלעכע שנאה צווישן די ענגלישע און דייטשע אַרבעטער אין דער צייט פון דער מלחמה. חבר האַרי סנעל דערציילט, ווי בעת די שרעקלעכע געשעענישן אין ארץ־ישראל אין לעצטן יאָר האָבן העלדישע אַראַבישע אַרבעטער געמאַכט געוואַלטיקע אָנשטרענגונגען, כדי אָנצוזאָגן יידישע אַרבעטער וועגן דער סכנה, וואָס דראָט זיי. וועגן דעם, אַז יידן האָבן אויפגעהויבן דעם לעבנס־ניוואָ פון אַ סך אַראַבער, איז דאָך גוט באַוואוסט. און אָט דער־דאָזיקער פאַקט טאַקע האָט געבראַכט צו דער גרויסער שנאה פון די אַראַבישע בעלי־בתים צו יידן.

מיר האָבן פאַר זיך צוויי ראַסן, איינע, וועלכע שטייט אַ סך ווייטער אויפן וועג פון פּראָגרעס, איידער די צווייטע. געוויינטלעך פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, אַז די קאַפּיטאַליסטן נוצן אויס די אָפּגעשטאַנענע אַלס אַ בייטש קעגן די פאָרגעשריטענע. אין ארץ־ישראל וועט עס האָפנטלעך זיין גאָר אַנדערש. די פאָרגעשריטענע וועלן אויסשטרעקן אַ ברודערלעכע האַנט צו די אָפּגעשטאַנענע און צוזאַמען וועלן זיי מיט דער צייט לייזן זייערע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

וואָס קאָנען מיר, אין דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי, טון כדי אייך צו

העלפן ? מיר ווע̇לן פאָדערן, אַז דער מאַנדאַט זאָל אויסגעפירט ווערן ביז דער העכסטער מדרגה, אין דעם גייסט, אין וועלכן ער איז געשאַפן געוואָרן. מיר קאָנען ברענגען צו אייער הילף די דערפאַרונגען פון אונזער לעבן, וואָס מיר, אַלס אַן אַלט אינדוסטריעל פאָלק, האָבן דורכגעמאַכט. מיר קאָנען אייך אויך העלפן דערמיט, וואָס מיר וועלן שאַפן אינם ענגלישן פאָלק די פאַרשטענדע־ניש וועגן אייך און אייער קאַמף, און דאָס איז דאָך גאָר נייטיק פאַר אייערע אינטערעסן.

די ענגלישע מאַסן אַרבעטן און לײדן, אָבער מיר געפינען, אַז זיי אינ־טערעסירן זיך תמיד מיטן שיקזאַל פון די יידן.

מיר מוזן איבערצייגן די־יעניקע, וואָס פאַרשטייען נאָך נישט, אַז איר זענט נישט קיין רייכע יידן, וועלכע קומען אַוועקנעמען דאָס לאַנד פון די אָרעמע אַראַבער, נאָר אַז איר זענט יידישע אַרבעטער, וואָס פרובירן צו לייזן גרויסע פראַגן אין אייער אייגענעם ווינקל פון דער וועלט.

מיר ווי̇לן אייך העלפן אין אייער באַמיאונג אויפצובויען אַ נייע געזעל־שאַפטלעכע אָרדנונג, דאַן וועט אַ ניי ארץ־ישראל ווירקלעך ווערן אַ פאַקט, און ישראל וועט ווידער זיין אַ ליכט־טורם פאַר די פעלקער פון דער וועלט

(שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

## זשאַן לאָנגע

(הערט שטורמיש באַגריסט, רעדט פראַנצויזיש, די רעדע הערט דאַן איבערזעצט אין דײַטש פון חברטע אַליס פעלס — ברוסעל)

חברים, אויך איך מוז רעדן אין אַ שפּראַך, וועלכע אַ סך פון אייך פאַר־שטייען נישט. דאָס איז אַ שוועריקייט ביי אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. אָבער אונזערע הערצער שלאָגן אין אַ גלייכן טאַקט.

איך האָב מיט סימפּאַטיע נאָכגעפאָלגט אייער קאָנגרעס, אַ קאָנגרעס, וועלכער האָט אַרום זיך גרופּירט אַלע סימפּאַטיעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. חבר קאַפּלאַנסקי האָט אויסגערעכנט די כּוחות, וועלכע נעמען אָנטייל אינם דאָ־זיקן קאָנגרעס. אָבער לעבן די יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע, פּוילן און אַנ־דערע לענדער איז אויך דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַ־ציאָנאַל מיטן גאַנצן האַרץ מיט אייך.

אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז פאָרגעקומען אַ גרויסע עוואָלוציע. פאַר דער מלחמה האָבן זיך מיטן ציוניזם אינטערעסירט נאָר ווייניק סאָציאַליסטן. ער איז אונז אויסגעקומען, ווי אַ קאָלאָניזאַציע פון באַראָנען און האָט אונז געשיינט צו זיין ווייט פון די ציֵלן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אויך די יידישע חברים צווישן אונז האָבן זיך גערעכנט צו די שטאַרקסטע קעגנערס פון ציוניזם. איצט איז פאָרגעקומען אַ שנוי, און אַלע די, וואָס זענען דאָרט געווען, האָבן זיך לגמרי געענדערט.

איך דערמאָן מיך וועגן אונזער גרוי־גרייזן חבר אב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר

פון ניו-יאָרקער „פאָרווערטס“, וועלכער איז געווען אַמאָל אינגאַנצן דערשטוינט, ווען איך האָב גערעדט אויף אַ ציוניסטישער פאַרזאַמלונג. שפּעטער איז ער אָבער אַליין געווען אין ארץ-ישראל, ווי פריער, וואַנדערוועלדע און ראַמזיי מאַקדאָנאַלד, וועלכע האָבן דאָרטן אַלץ געזען, עס באַוואונדערט און זענען פון דעם, וואָס זיי האָבן געזען, איבערצייגט געוואָרן. וואַנדערוועלדע שרייבט אין זיין בוך, וואָס איך האָב שוין ציטירט ביי דער דערעפנונגס-זיצונג פונם קאָנגרעס אין הערן-הויז: ווייל די פאַרווירקלעכונג אין ארץ-ישראל אז נישט קיין קאָ-לאָניזאַציע אין אַלטן זין, ווייל זי איז נישט ווי קיין שום אַנדערע קאָלאָניזאַציע, נאָר זי איז אידעאַליסטיש, רופט זי אַרויס די סימפּאַטיע פון דער סאָציאַליס-טישער באַוועגונג. מיר האָבן דאָרטן אין לאַנד קאָלעקטיווע ישובים, אַרבעט פון אינטעליגענטן, וועלכע גייען אַהין, בכדי צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד אונ-טער דער גליענדער זון, אַלס אַרבעטער, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ וואונדערפולן ביישפּיל פון אידעאַליזם.

עס זענען אָבער אויך פאַראַן שוועריקייטן, וועגן וועלכע עס האָט שוין דערמאָנט חבר מ ע ל אָ ן: אין מיין דאָס יידיש-אַראַבישע פּראָבלעם אין ארץ-ישראל. דאָס גייט מיר באַזונדערס צום האַרצן, וואָרים אין משך פון 25 יאָר בין איך אַרויסגעטראָטן אין מיין לאַנד פאַר די מוסלמענער און קעגן דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם. איך קעמף פאַרן אַראַבישן פאָלק און נישט פאַר זיינע אונטערדריקער.

איך זאָג אייך, אַז מיינע סימפּאַטיעס זענען פאַר דער ציוניסטישער באַ-וועגונג, אָבער די רעכט פון אַראַבישן פאָלק דאַרפן אויך פאַרטיידיקט ווערן. איך האָב מיט פאַראַכטונג געלעזן די בראָשורן פון סיריש-פּאַלעסטינעזישן קאָמיטעט, וועלכע רעדן פון יידישן אימפּעריאַליזם און באַהויפּטן, אַז ער באַ-דראָט די אַראַבער. דאָס איז נישט אמת. — דווקא די פעלאַכן זענען די אונ-טערדריקטע און זייערע בעלי-בתים האָבן מורא פאַר די יידן, וועלכע ברענגען מיט זיך די פרייהייט אין לאַנד. מען דאַרף דעריבער פאַרמיידן אַלץ, וואָס קאָן פאַרלעצן די עמפּינדלעכקייט פון די אַראַבער.

חבר ב ר יי ל ס פ אָ ר ד זאָגט: „אין ארץ-ישראל לעבט אַ פאָלק פון 10-טן יאָר-הונדערט, לעבן אַ פאָלק, וואָס געפינט זיך אין 20-טן יאָרהונדערט, דעריבער קאָנען זיי נישט לייכט אַרבעטן צוזאַמען. די אויפגאַבע פון דער אַר-בעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל דאַרף זיין — צוזאַמענברענגען זיי“. און דערי-בער בין איך געווען דערפרייט צו הערן דעם בריוו פונם אַראַבישן קלוב אין חיפה.

אָרגאַניזירונג איז אָנשטעקנד; ווען די אַראַבער וועלן דערגרייכן אַ העכערן לעבנס-ניוואָ דורכן ביישפּיל פון די יידישע אַרבעטער, וועט עס העלפן. בריילספאָרד באַווייזט אויך, ווי ווייט די אַראַבער שטייען הינטער די יידן אין היגיענישער הינזיכט. מען קאָן עס פאַרשטיין, ווען מען ווייסט די אונטער-דריקונג, אונטער וועלכע די אַראַבער לעבן.

דאָס מוז זיין אַ ציל פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל — צו באַווייזן דעם אַראַבער, אַז זיין אינטערעס איז דער זעלבער, ווי דער אינטערעס פון די יידן (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

# לאה בראון

(דעלעגאַציע פון צפון־אַמעריקע, פאָרשטייערין פון דער פּרויען־פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע אין צפון־אַמעריקע)

חברים, חברות און פריינט!

דעם קאָנגרעס אינטערעסירט געוויס יעדעס לאַנד, וואו עס וואוינען יידישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע זענען געוואונען געוואָרן אָדער קאָנען געווינען ווערן פאַר ארץ־ישראל! ווייסט איר דאָך, אַז אַמעריקע איז איינע פון זיי, וויל איך באַקענען די דעלעגאַטן אין ווייניקע ווערטער מיט אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער־פרויען, וועלכע האָט איצט פאַרענדיקט 5 יאָר דערפאָלגרייכע טעטיקייט. דאָס איז די פרויען־פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע, וועמען חברה סימע פיינמאַן און איך האָבן דעם גרויסן כבוד דאָ צו פאַרטרעטן און פון וועלכער מיר ברענגען אַ גרוס פון טויזנטער חברות, וועלכע ווינטשן, אַז מיט דעם ערשטן וועלט־קאָנגרעס זאָלן זיך אָנפאַנגען נייע גרויסע דערפאָלגרייכע אַר־בעטן און אַ נייַ קאַפּיטל אין אונזער יידיש־סאָציאַליסטישער געשיכטע.

איך באַנוץ זיך מיט דער געלעגנהייט צו באַקענען די דעלעגאַטן מיט אַ כמעט ראָמאַנטישן מאָמענט, וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון אונזער אָרגאַניזאַציע. אין אַ געוויסן טאָג, דעם דאַטום לאָז איך איבער פאַר דעם צו־קונפטיקן היסטאָריקער, האָט זיך חברה רחל ינאית פון ירושלים געווענדעט צו אייניקע אַמעריקאַנער חברות מיט אַ בקשה פון אַ הלוואה אויף צו בויען אַ ברונעם. בכדי צו האָבן פריש וואַסער פאַר די קליינינקע ביימעלעך, וועלכע זיי האָבן צו יענער צייט געפלאַנצט אין זייער משתלה. מיר האָבן אונזער פליכט געטון. אָבער קענטיק, אַז אין יענעם ברונעם איז געווען פאַרבאָרגן דער איי־ביקער קוואַל פון לעבן, ווייל אַ נייַ לעבן איז אַריינגעשפּראָצט געוואָרן אין די נשמות פון הונדערטער חברות, וועלכע האָבן אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אויך זיי זענען גערופן צו טון זייער פליכט. קענטיק, אַז אונזער פאַנטאַזיע איז גע־ווען זייער רייך, ווייל די גרינינקע קליינינקע ביימעלעך האָבן זיך דורך אונ־זער פאָרשטעלונגס־קראַפט פאַרוואַנדלט אין געדיכטע גרינע וועלדער, וועלכע וועלן באַדעקן די הויכע בערג און טאָלן פון ארץ־ישראל.

דאָ איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אונזער פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע.

היינט־צו־טאָג פאַרמאָגן מיר אייניקע טויזנטער חברות, אונזערע קלובן זענען פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע. אונז איז אויך געלונגען צו פאַרנעמען אַ בכבודיקן פּלאַץ אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס מיט אונזער אָנטייל אין אַלע אַרבעטן, וועלכע ווערן דורכגעפירט פון אַלע צווייגן פון אונזער באַוועגונג. די פרויען־פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעקליבן דעם וועג נישט פון פילאַנטראָפּיע און צדקה, נאָר דעם וועג פון זעלבסטהילף און זעלבסטטע־טיקייט. די פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע האָט די אידעאָלאָגיע פון אַרבעטנדן א״י. ארגאַניזאַטאָריש זענען מיר פאַרבונדן מיט די פועלי־ציון פון אַמעריקע.

אָבער אונזער אַרבעט טוען מיר זעלבשטענדיק און אויף אַן אייגנאַרטיקן וועג, ווייל דערדאָזיקער וועג, האָבן מיר איינגעזען, איז דער ווירקזאַמסטער אריינצוציען די פרוי אין דער אַרבעט, און גיט איר אַ געלעגנהייט זיך גייסטיק און אָרגאַניזאַטאָריש צו אַנטוויקלען און גיט איר אַ מעגלעכקייט אויסצולערנען זיך זעלבשטענדיק און באַוואוסטזיניק צו פירן די אַרבעטן אין גייסט פון אונזער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישן אידעאַל. ווי געזאָגט, פאַרנעמט אונזער אָרגאַניזאַציע אַ וויכטיקן פּלאַץ אין אונזער באַוועגונג פאַר דאָס אַרבעטנדע ארץ-ישראל. מיר האָבן באַדייטנדע סומען געלט געשאַפן, אָבער איך וויל זאָגן, אַז אָנגעקומען איז דאָס אונז זייער שווער. פיל מי האָבן מיר אַריינגעלייגט, אָבער אונזערע חברות האָבן די אַרבעט געטון מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט און באַוואוסטזיניק. מיר פאַרנאַכלעסיקן אויך נישט אונזערע קולטורעלע אויפגאַבן. מיר גיבן אַרויס אַן אייגענעם זשורנאַל, בראָשורן און גרעסערע ביכער, וועלכע דינען אונז פאַר אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע. מיר זענען אויך זייער אַקטיוו אין דעם יידישן אַרבעטער-שול-וועזן און זענען פאַראינטערעסירט אין דער פּראָגרעסיווער דערציאונג פון יידישן קינד.

דער פאַקט אַליין, וואָס ביים ערשטן יידישן אַרבעטער-קאָנגרעס זענען ווייניק פרויען פאַרטרעטן, מאַכט מיך צום דענקען, אַז אפשר איז שוין די צייט געקומען, אַז מען זאָל זיך פאַרטראַכטן וועגן גרינדן ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אויך אין אַנדערע לענדער. אין דעם וועלן מיט מיר זיכער איינשטימען אַלע אויפן קאָנגרעס, אַז דאָרט, וואו די פרוי נעמט נישט דעם זעלבן אָנטייל אין דער אַרבעט ווי דער מאַן, קאָן די אַרבעט נישט זיין דערפאָלגרייך.

איך וויל נישט פאַרנעמען צופיל צייט ביים קאָנגרעס-מיטינג. צום שלוס וויל איך פאַרזיכערן דעם קאָנגרעס, אַז נישט קוקנדיק אויף אַלע טראַגישע געשעענישן און שוועריקייטן פון לעצטן יאָר, זענען אונזערע חברות אַנטשלאָסן פאָרצוזעצן די אַרבעט און צוזאַמען מיט אייך אַלעמען פאַרלייכטערן דעם שווערן וועג פאַרן אויפבוי פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל! (לעבהאַפטע אַפּלאָדיסמענטן).

עס רעדן נאָך די חברים וו. לאַצקי-בערטאָלדי, (ריגע), אברהם שיפּליאַקאָוו (ניו-יאָרק) און ח׳ יוסף שפּרינצאַק וועלכער שליסט דעם מיטינג.

# זעקסטע זיצונג

דינסטיק, דעם 30־טן סעפטעמבער 1931 פאַרמיטאָג, אינם ברויסן זאַל פון לאָזשען־הויז. דער זאַל איז היינטער איבערפולט מיט דעלעגאַטן און געסט

פאָרזיצער חבר י. שפרינצאַק, מעלדעט, אַז אַזוי ווי חבר בן־גוריון, וועלכער האָט איצט געזאָלט רעפערירן אַלס לעצטער רעפערענט, איידער מיר הייבן אָן די גענעראַל־דעבאַטע, איז נאָך נישטאָ, וועט מען דערווייל אָנהייבן די דעבאַטע און זי דאַן איבעררייסן, ווען חבר בן־גוריון וועט קומען.

י. ריטאָוו (פועלי־ציון [צ. ס.] פוילן): דאָס פרעזידיום האָט געמאַכט אַ פעלער באַשליסנדיק צו געבן יעדער פראַקציע, אומאָפּהענגיק פון איר גרייס, די גלייכע צייט אין דער דיסקוסיע. עס פירט זיך, אויך אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן, אַז גרעסערע פראַקציעס באַקומען אַ מעגלעכקייט לענגער אויפצוטרעטן אין דער דעבאַטע ווי קלענערע פראַקציעס. איך שלאָג דעריבער פאָר, אַז די צייט אין דער דיסקוסיע זאָל פאַרטיילט ווערן לפי דער גרייס פון יעדער פראַקציע.

י. שפרינצאַק (פאָרזיצער): מיר ווען איצט נישט פירן קיין דעבאַטע איבער ריטאָווס פאָרשלאָג. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַ נויטווענדיקייט, וועט דאָס פרעזידיום דעמראָזיקן פאָרשלאַג באַהאַנדלען.

זרובבל (לינקע פועלי־ציון): די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט נאָך נישט אָפּגעגעבן קיין באַריכט און מיר ווייסן בכן אפילו נישט ווי אַזוי צו פאַרטיילן די רעדע־צייט אין דער דיסקוסיע לפי ריטאָווס פאָרשלאַג, דערווייל זיצן מיר אָבער שוין דריי טעג און די דעבאַטע האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן, מיר קאָנען אַלזאָ נישט וואַרטן ביז עס וועט פעסטגעשטעלט ווערן די גרייס פון יעדער פראַקציע און דאַרפן שוין געבן אַ מעגלעכקייט די פאַרטרעטער פון די ריכטונגען, אַז זיי זאָלן קומען צום וואָרט, לויט דעם מאָדוס, וועלכן דער דער קאָנגרעס אַליין האָט שוין באַשלאָסן, און דערפאַר קאָן אים דאָס פרעזידיום נישט ענדערן

י. ריטאָוו (פועלי־ציון [צ. ס.] פוילן): איך נעם צו קענטעניש די דער־קלערונג פון חבר פאָרזיצער.

אַלס ערשטן אין דער דעבאַטע ערטיילט דער פאָרזיצער דאָס וואָרט חבר

נ י ר (לינקע פועלי־ציון):

חשובע חברים! אין אויגוסט 1929 זענען אין ארץ־ישראל פאָרגעקומען די געשעענישן, וועלכע האָבן אויפגערודערט די גאַנצע וועלט, וועלכע האָבן באַוואויגן אַ סך חברים צו רעוויזיע און וועלכע האָבן נאָך דער מיינונג פון אַ סך חברים געשטעלט אונזער גאַנצע זאַך אין אַ סכנה. די געשעענישן האָבן צעטומלט אפילו די פירער פון הסתדרות, און ווען אין סעפטעמבער 1929 איז פאָרגעקומען די מועצה פון דער הסתדרות, די ערשטע נאָך די געשעענישן, מוז מען באמת קאָנסטאַטירן, אַז דאָס איז געווען אַ צעטומלטע מועצה, וועל־כע האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אויסוועג פון דער לאַגע. און דאַכט זיך, אַז ווען מיר קומען זיך דאָ צוזאַמען דרייצן חדשים נאָך די געשעענישן, האָט דאָסדאָזיקע פראָבלעם געדאַרפט זיין דאָס צענטראַלע פון קאָנגרעס און מיר זיצן שוין צוויי און אַ האַלבן טאָג, מיר הערן אויס פאַרשידענע דרשות, און ביז איצט איז נאָך קיין וואָרט נישט געזאָגט געוואָרן וועגן דעם הויפט־פראָבלעם אונזערן און וועגן די געשעענישן. און אַז היינט האָט מען שוין גע־דאַרפט רעפערירן אויך וועגן דעם, איז דער רעפערענט נישטאָ. דעריבער דערלויבט מיר צו דערפילן דאָס, וואָס דער קאָנגרעס האָט געדאַרפט טון און נישט געטון, אָנהייבן דווקא פון דעמדאָזיקן וויכטיקסטן פראָבלעם.

דידאָזיקע פראַגע גרייפט איין אין דער מאַנדאַט־מאַכט, אין דער אָקופּאַציע־מאַכט. ווי באַציט זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און די פון אויסער ארץ־ישראל, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין א"י, צו דערדאָזי־קער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט די געשעענישן אַרויסגערופן, וועלכע האָט זיי שוין נישט צום ערשטן מאָל פאַראורזאַכט און וועלכע וועט זיי נאָך אַרויסרופן און פאַראורזאַכן אין דער צוקונפט? אַזוי דאַרף געשטעלט ווערן די פראַגע, און דאָ דאַרפן מיר ענטפערן.

אונזערע חברים אין ארץ־ישראל, די מער עקספּאַנזיווע, וועלכע רעאַגירן מער מיט געפילן, האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן אָפן באַשול־דיקט די רעגירונג אין די פּאָגראָמען, אָבער אונזערע פּאָליטיקער, פון בן־גוריון אָן, האָבן די רעגירונג פאַרטיידיקט, מען האָט געטענהט, אַז די צענטראַלע רעגירונג איז גאָרנישט שולדיק, נאָר אַלץ די אָרטיקע אַדמי־ניסטראַציע, אָבער אַז עס איז געקומען דער פאַרבאָט אויף דער איינ־וואַנדערונג, דווקא פון דער צענטראַלער רעגירונג, איז מען שוין געבליבן אָן לשון.

דער מיטגליד פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, מעלאָן, האָט דאָ אין זיין באַ־גריסונג געזאָגט, אַז עס איז זייער נישט גוט, ווען מען רעדט וועגן די אימ־פעריאַליסטישע אינטערעסן פון ענגלאַנד אין א"י. דער באַגריף פון גוט און

שלעכט איז אַ רעלאַטיווער, און איך למשל האַלט פאַר זייער גוט און גע־וואונטשן אויפצודעקן דעם אמתן פרצוף פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און אָפן זאָגן, אַז איינציק און אַליין אירע אימפעריאַליסטישע אינטערעסן האָבן זי געצוואונגען צו קומען קיין ארץ־ישראל, און נאָר דידאָזיקע אינטערעסן פּיק־סירן די לאַגע אין ארץ־ישראל, פּונקט ווי אין העדשזאַס, אין איראַק וכדומה. די פאַרטיידיקונג פון איינציקן וועג קיין אינדיע, דעם סועץ־קאַנאַל, דער וועג דורך דער העדזשאַס־באַן קיין אינדיע, די נאַפט־קוואַלן אין מאָסול, די קאָנ־קורענץ מיטן פראַנצויזישן אימפעריאַליזם אין דער ווירטשאַפטלעכער השפעה אויפן נאָענטן מזרח — דאָס אַלץ איז דער ענגלישער אימפעריאַליסטישער אינטערעס אָם בולטסטן איז עס צו זעען אין דער געשיכטע מיטן חיפער פאָרט. לויט די באַדערפעניש פון לאַנד האָט דער האַפן געדאַרפט געבויט ווערן אין יפו, ווייל יפו איז דער צענטער פון די אָראַנזשן־פּלאַנטאַציעס, און די אָראַנזשן זענען ביז איצט דערווייל דער איינציקער וויכטיקער עקספּאָרט־פּראָ־דוקט פון לאַנד, און דאָך ווערט דער האַפן געבויט אין דער פון יהודה ווייַ־טער חיפה, ווייל אַהינצו דאַרפן אַדורכגעפירט ווערן די נאַפט־רערן פון מאָסול, און חיפה דאַרף קאָנקורירן מיט בירות און אָפּטויטן דעם סיריש־פראַנצויזישן פּאָרט. דידאָזיקע אינטערעסן ענגלאַנדס ברענגען זי צו העצן איין טייל באַפעל־קערונג קעגן דער צווייטער, ווי זי טוט עס אין אינדיע, אַפגאַניסטאַן, מצרים וכדומה. ביי אונז אין ארץ־ישראל האָט ענגלאַנד אין דעם פרט אַ גליקלעכן צושטאַנד: עס באַשטייען אין לאַנד הן נאַציאָנאַלע הן רעליגיעזע רייבונגען, קאָן מען זיי לייכט אויסנוצן אין דער קעגנזייטיקער העצע. מען נוצט אויס די אַראַבישע דעקלאַראַציע מאק־מאהאנס, בכדי נישט צו דערפילן די יידישע דעקלאַראַציע באַלפורס, און מען נוצט אויס די יידישע דעקלאַראַציע, בכדי נישט צו דערפילן די אַראַבישע. און אויף אַזאַ אופן האַלט מען אין שטענדיקן קאַמף איין נאַציאָנאַלע גרופּע קעגן דער צווייטער. און בכדי דער קעגנזייטי־קער קאַמף, וואָס מען האָט אונטערגעהעצט דורך דער מעשה אַרום דעם כותל־מערבי, זאָל זיך נישט איינשטילן מיט דער צייט, שיקט מען אונז כסדר אַראָפּ קאָמיסיעס, די רעזולטאַטן פון וועלכע זענען נאָך עד היום נישט באַוואוסט, בכדי אַרום די קאָמיסיעס זאָל זיך ווייטער פירן דער קאַמף צווישן די צוויי נאַציאָנאַלע גרופּן.

מען דאַרף זאָגן אָפן: כל־זמן די אָקופּאַציע־מאַכט וועט זיצן אין ארץ־ישראל וועט נישט זיין קיין שלום צווישן דער יידישער און אַראַבישער באַ־פעלקערונג. און דעריבער איז דער איינציקער וועג — קאַמף קעגן דערדאָזי־קער רעגירונג, זי זאָל אָפּטרעטן פון ארץ־ישראל. אמת, אין דעמדאָזיקן קאַמף זענען מיר צו שוואַך, דאָס זאָגט אָבער נישט, אַז מען דאַרף נישט פירן דעם קאַמף. מער נישט, מיר מוזן זוכן פאַרבינדעטע אין דעמדאָזיקן קאַמף. (צווישנ־רופן אין זאַל: און וואָס וועט זיין דאַן?) אייער אומרו איז טאַקע דאָס שלעכ־טע. אין דער מאַכט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען, זעט איר אייערע פאַרטיידיקער, דערלויבט מיר אין דעם פרט צו ברענגען אַן אַנאַלאָגיע אַלס תשובה אויף אייער פראַגע. דאָ אין זאַל געפונען זיך אַסך חברים פון פּוילן

(איך אַליין בין אויך אַ פּוילישער בירגער נאָך עד היום, ווייל איך קאָן נישט ווערן קיין ארץ־ישראל־בירגער). און מיר זענען באַקאַנט די באַציאונגען אין פּוילן. און איך ווייס, אַז ווען אין סוף פון יאָר 1918, ווען די דייטשן זענען אַרויס פון פוילן און עס האָט זיך אָרגאַניזירט די אַזוי גערופענע להבדל אַר־בעטער־און פויערים־רעגירונג, מאָראַטשעווסקיס, האָט זיך אין לאַנד אָנגעהויבן אַ רייע פון פּאָגראָמען, אין קעלץ, לעמבערג וכדומה. האָט זיך דער יידישער עולם אָנגעהויבן שרעקן: אויב ביי אַן אַרבעטער־און פויערים־רעגירונג קומען פאָר פּאָגראָמען, וואָס וועט ערשט זיין, אַז צו דער מאַכט וועט קומען די נאַ־ראָדאָווע דעמאָקראַטיע, דאַן וועט מען דאָך אַלע יידן אין פוילן אויסשעכטן! די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע איז געקומען צו דער מאַכט. גיכער ווי מען האָט עס דערוואַרט, און די יידן האָט מען נישט נאָר נישט אויסגעשאָכטן, נאָר די פּאָגראָמען האָבן אויפגעהערט. פּאָגראָמען ווערן געמאַכט דורך די רעאַקציאָנע־רע עלעמענטן, ווען זיי געפינען זיך אין אָפּאָזיציע, גייט אָבער די אָפּאָזיציע איבער צו דער מאַכט, דאַן ווערט זי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ווירטשאַפט פון לאַנד, און זי שטערט די פּאָגראָמען.

פּאָגראָמען ווערן געמאַכט אין ארץ־ישראל דורך די עפענדישע שיכטן. איך בין גאַנץ ווייט צו זאָגן, אַז דידאָזיקע שיכטן זענען ערגער פאַר דער אָקופּאַציע־מאַכט, דאָס זענען צוויי רעאַקציאָנערע כוחות אין לאַנד, עס איז פיל באַקוועמער און געזונטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, ווען אָנשטאָט צוויי רעאַקציאָנערע כוחות וועט בלייבן נאָר איינער.

מען מוז זוכן דעם וועג פון אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, אָבער נישט דעם וועג, וואָס עס גייט דער ברית שלום. די אַראַבער זענען נישט האָמאָגען, פונקט ווי עס זענען דאָ פאַרש־דענע יידן, אַזוי זענען דאָ אויך פאַרשידענע אַראַבער. ווער עס מיינט, אַז אַלע אַראַבער זענען אומוויסנד, מאַכט אַ גרויס טעות. מען טאָר נישט פאַראַלגעמיינען. עס איז שוין דאָ אַ גרויסע אַראַבישע אינטעליגענץ, עפענדיס, בורזשואַזיע, אַרבעטער און פעלאַכן און אַלעמען קאָן מען נישט מעסטן מיט איין מאָס. מען קאָן דעריבער נישט רעדן וועגן אַן אַלגעמיינער פאַרשטענדיקונג: אונזער יידישער קאָלאָניסט, למשל, איז אויך פאַר אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, אָבער דאָס הייסט ביי אים צאָלן דעם פעלאַך אַ לוין פון צען פּיאַסטער אַ טאָג, און דער פעלאַך זאָל זיין ביי אים אַ קנעכט. מיר מוזן געפינען די שיכטן צווישן דער אַראַבישער באַפעלקערונג, וועמענס אינטערעסן זענען געמיינזאַם מיט די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער, און נאָר צווישן די שיכטן קאָן און מוז קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג.

פאַרבייגייענדיק וויל איך אָנווייזן, אַז עס איז אַ טעות, ווען מען מיינט, אַז די קלאַסן־אינטערעסן פון דער אַנטשטייענדיקער אַראַבישער בורזשואַזיע זע־נען קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג. די אַנטשטייענדיקע אַראַבישע בורזשואַזיע נייטיקט זיך נאָך אין דער אַנטוויקלונג פון אינערלעכן מאַרק, צו דעם צוועק נייטיקט זי זיך אין דעם אינערלעכן קאָנסומענט. און דעם שטעלט צו כמעט אויסשליסלעך די יידישע איינוואַנדערונג. די עפענדיס, וועמענס קלאַסן־אינטע־

רעסן זענען קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג, נוצן אָבער אויס די נאַציאָ־נאַלע און רעליגיעזע מאָמענטן, בכדי אַריינצוציען אין קאַמף קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג די נאָך נישט קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַראַבישע בורזשואַזיע.

די אַראַבישע אַרבעטער זענען על פי רוב נאָך זייער אומקולטורעל און נישט אַנטוויקלט, און דעריבער איז עס אַן עלעמענט, וועלכער גיט זיך אונטער דער שאָוויניסטישער און רעליגיעזער אַגיטאַציע פון דער אַריסטאָקראַטיע. און ווען מיר רוקן אַרויס דאָס פּראָבלעם פון אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזירונג איז עס נישט דערפאַר, ווייל מיר גייען אַרויס פון יושר־שטאַנדפּונקט, אָדער ווייל מיר האָבן ליב דעם אַראַבישן אַרבעטער, — איך דערקלער אָפן, אַז איך האָב ליב דעם אַראַבישן אַרבעטער נישט מער ווי דעם דייטשן אָדער אַן אַנ־דערן אַרבעטער — עס האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן הומאַניטעט־שטאַנדפּונקט, מיר גייען אַרויס איינציק און אַליין פון שטאַנדפּונקט פון די קלאַסן־אינטע־רעסן פון יידישע אַרבעטער, וועלכער איז פאַראינטערעסירט אָפּצוציען דעם אַראַבישן אַרבעטער פון דער רעאַקציאָנערער השפעה פון עפענדי און שייך. טוען מיר עס נישט, דאַן שטויסן מיר דעם אַראַבישן אַרבעטער אין די אָרעמס פון דער אַריסטאָקראַטיע. פאַר דעם אַראַבישן אַרבעטער איז די זאַך איינפאַך: זיי זאָגן, אַז ביז דער יידישער איינוואַנדערונג האָבן זיי נישט געוואוסט פון קלאַסן־קאַמף און געלעבט אין זייער שלעכטע באַדינגונגען. דער יידישער אַר־בעטער העלפט זיי צו ווערן קלאַסן־באַוואוסטזיניק, און ווען די חיפהער אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציע פון די אַראַבער האָט דאָ נישט לאַנג אַרויסגעלאָזט אַן אויפ־רוף, האָט זי אָפן גערופן די אַראַבישע אַרבעטער צו נעמען אַ ביישפּיל פון די יידישע, וועלכע האָבן אַ דאַנק זייער אָרגאַניזירטקייט דערגרייכט גרויסע רעזולטאַטן. אַזוי אַרום פאַלן צונויף די אינטערעסן פון יידישן און אַראַבישן אַרבעטער.

ווען מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ רייע פון רעפּע־ראַטן פון הבר ז׳ ש אָ ר ז ש נ צ ר, האָט מען אים געזאָגט אין דער דיסקוסיע: דו, ז׳שאַרזש, ביסט אַ פאַררעטער, גיי צו דיין פאָלק! טאָ וואָס וואונדערט איר זיך, אַז דער אַראַבישער אַרבעטער גייט צו זיין פאָלק און פאַלט אַריין אין די אָרעמס פון עפענדי? צו דער דריטער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות אין יאָר 1927 האָבן מיר אָרגאַניזירט אַן אונטערשריפט־קאַמפּאַניע צווישן די אַראַבישע אַרבעטער, און געבראַכט צו דער קאָנפערענץ 700 אונטערשריפטן פון אַראַבישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי אַריינעמען אין דער הסתדרות. וואָס האָט מען זיי געענטפערט? דאָ דערציילט מען אייך וועגן דער געמיינשאַפטלעכער סאָלידאַריטעט, וועגן די פרוון פון דער הסתדרות צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער, אָבער דאָס זענען נאָר ווער־טער. פאַרוואָס האָט איר דאַן די 700 אַראַבישע אַרבעטער אָפּגעשטויסן? ענט־פערט מען, אַז זיי זענען פאַרפינצטערט און אומקולטורעל. אוודאי וועל איך אייך נישט געבן קיין גאַראַנטיע דערפאַר, אַז קיינער פון די 700 האָט נישט

גענומען קיין אָנטייל אין די פּראָגראַמען. אָבער אויב דאָס איז געווען, איז עס אייער שולד.

איר אין הסתדרות האַלט זיך דאָך פאַר סאָציאַליסטן, איר האָט דאָך אויך אַספּיראַציעס פון מאַכט (אין דער הסתדרות גופא זענט איר די שטאַרקע, קעגן דער יידישער בורזשואַזיע זענט איר אָבער זייער הכנעהדיק, הויפּטזעכלעך, אַז איר קומט בעטן די בודזשעטן, וועלכע מען דאַרף זיכער האָבן, אָבער וועגן דעם שפּעטער). איר רעדט וועגן סאָציאַליזם, וועגן מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט, טאָ ווי שטעלט איר זיך פאָר דעם סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל, די מאַכט פון דער אַרבעטערשאַפט אָן דעם אַראַבישן אַרבעטער? אַלס דיקטאַטור איבערן אַראַבישן אַרבעטער? איר טענהט, מיר האָבן דאָך די בפירושע רעזאָלוציעס פון דער דריטער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות צו אָרגאַניזירן צוויי נאַציאָנאַלע סעקציעס. אָבער דאָס איז, חברים, פּשוט נישט אויפריכטיק, ווייל נאָר אויסערלעך קלינגט די רעזאָלוציע שיין. די אַראַבישע אַרבעטער קאָנען זיך נישט אַליין אָרגאַניזירן, אָן אונזער הילף קאָנען זיי עס אַליין נישט מאַכן, און ווען איר נעמט אָן דידאָזיקע רעזאָלוציע וועגן די סעקציעס, ווייסט איר גענוי, אַז די אַראַבישע סעקציע וועט זיך אַזוי שנעל אַליין נישט אָרגאַניזירן. איר דערציילט וועגן דעם יידיש־אַראַבישן קלוב, וואָס איר האָט אָרגאַניזירט אין חיפה. און דערמאַנט איר זיך, אַז ווען אין יאַנואַר 1930 האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען די קאָנפערענץ פון די אַראַבישע אַרבעטער אין חיפה, האָט אייער „דבר" זי באַגריסט בזה הלשון: אויב איר וועט גיין אויפן וועג פון דער באַפרייאונג פון יידישן פאָלק, באַקומט איר אונזער ברכה. מיר אָבער האָבן פאַרשטאַנען (עכל האָבן מיר, הגם מיר זענען אַ קליינע גרופּע), אַז מיר מוזן קומען צו דערדאָזיקער קאָנפערענץ און דאָרט אויפן אָרט אויפדעקן דעם אמתן פּרצוף פון דערדאָזיקער קאָנפערענץ, וועלכע איז שפּעטער אָפּגעזאָרן לויט די אַלע פּאָליטישע רעזאָלוציעס — וואָרט ביי וואָרט די רעזאָלוציעס פון דער אַראַבישער עקזעקוטיווע. (צווישן די עקאָנאָמישע רעזאָלוציעס איז געווען איינע, וועלכע האָט נאָר געפאָדערט אָפּצושטעלן דעם אַריינפיר פון אויטאָמאָבילן, ווייל דאָס וועט זיין אַ קאָנקורענץ פאַר די אַראַבישע שאָפערן — דאָס באַווייזט דעם ניוואָ פון דער קאָנפערענץ).

(אויסגעשרייען אין זאַל, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן אייער נצר און פיליפּ חסון?)

איך וועל אייך זאָגן דעם אונטערשיד: ז'שאָרזש נצר האָט אָרגאַניזירט די סאָציאַליסטישע פראַקציע אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ, וועלכע האָט אים שפּעטער אַרויסגעוואָרפן. און ווען ז'שאָרזש האָט זיך געבעטן ביי אייער פיליפּ חסון צו גיין צו דער קאָנפערענץ, האָט יענער נישט געוואָלט. אין דערדאָזיקער פאַרשידענער באַציאונג ליגט דער גרויסער אונטערשיד צווישן זיי ביידע. דער ערשטער האָט אונטער זיך קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַראַבישע אַרבעטער, מעגן זיי זיין נישט פיל, און דער צווייטער נישט.

אַלזאָ, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע איז אוממעגלעך אָן דעם אַראַבישן אַרבעטער. מוז מען אים אָרגאַניזירן. אַליין קאָן ער עס נישט טון,

מוזן מיר אים העלפן. טוען מיר עס נישט, כוט עס די אַראַבישע בורזשואַזיע קעגן אונז. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם איצט ביי אונז אין לאַנד. און אויב דער קאָנגרעס האָט דאָסדאָזיקע פּראָבלעם נישט אַוועקגעשטעלט, איז עס נישט דערפאַר, וואָס די הסתדרות אינטערעסירט זיך נישט דערמיט, ניין, און דעם באַשולדיק איך נישט די הסתדרות, ניין, נאָר דאָ איז ווידער געקומען צום אויסדרוק די אַלגעמיינע שטעלונג פון דער הסתדרות: זי האַלט עס פאַר איר אינערלעכן ענין, און וועלכן איר דאַ דאַרפט זיך נישט אַריינמישן, און מיר זאָגן: דאָ מוז דאָס פּראָבלעם געשטעלט ווערן און דאָ מוז עס געלייזט ווערן: קאַמף קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם, אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזירונג פון יידישן און אַראַבישן אַרבעטער — דאָס וועט פאַרש־עלערן די פאַרווירקלעכונג פון אונזער אידעאַל, די שאַפונג פון אַ יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטס־צענטער אין ארץ־ישראל.

נאָך וועגן אַ צוויי פראַגן וויל איך זיך דאָ צולעצט דורכשמועסן מיט מיינע אַלטע חברים פון רעכטס און טאַקע מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש. אך האָב דאָ נישט קיין צייט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, ווי אַזוי עס איז געגאַנגען די צווייטע עליה באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. איינס וויל איך נאָר זאָגן, אַז די ערשטע זענען געגאַנגען טאַקע אונזערע חברים פועלי־ציון, ווי בן־גוריון און אַנדערע. זיי זענען אָבער נאָך נישט געווען פּאָליטיש געשולט און זענען גיך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון דער יידישער אינטעליגענץ, אלא בערל קאַצנעלסאָן, וואָס איז געגאַנגען אין ארץ־ישראל זוכן פאַר זיך אַ תקון הנפש און נישט צו פאַרענטפערן געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען. דאָס האָט לכתח־לה געלייגט דעם חותם אויף דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל אין אויף אירע באַגריפן וועגן סאָציאַליזם. דאָס איז געווען אַן עטישער סאָציאַליזם מיט אתה בחרתנו־עלעמענט. נאָך מיט צען יאָר צוריק האָט מען מיר דערקלערט אין ארץ־ישראל, אַז פונקט ווי די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן אויסגעטראַכט זייער אייגענעם סאָציאַליזם, דעם באָלשעוויזם, אַזוי האָבן זיי אין ארץ־ישראל אויסגעטראַכט, ערפונדן זייער אייגענעם סאָציאַליזם, דעם קבוציזם. און איך וואונדער זיך אויף דידאָזיקע מענטשן. זיי האָב דאָך גוטע פריינט, ווי אב. קאַהאַן, למשל, וועלכער האָט זיי מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אגב, אויף דער שוועל נישט אַרויפגעלאָזט, און דער זעלביקער אב. קאַהאַן אין זיינע „בלעטער פון מיין לעבן״ דערציילט דאָך וועגן אַזעלכע קבוצות מיט דרייסיק פערציק יאָר צוריק? טאָ וואָס האָט איר דאָ ערפונדן? וואָס האָט איר באַנייט? איר האָט געמיינט, אַז דורך די קבוצות שאַפט איר סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל, אַז דורך דערדאָזיקער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט וועט איר שאַפן אַ סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל? טאָ איצט, נאָך לאַנגע יאָרן, פרעגן מיר אייך, וואו איז אייער סאָציאַליזם? יאָ, מיר האָבן אויך מסכים געווען צו קבוצות (נאַטירלעך נישט צו מושבי עובדים, וועלכע פאַר־גרעסערן נאָר די צאָל פון אַליין שטייענדיקע קליינבירגער) אַלס קאָלאָניזאַציע־מעטאָד, וועלכער העלפט אַריינדרינגען יידישע אַרבעטער אין דער לאַנדווירט־שאַפט, אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט ב־יען סאָציאַליזם אין לאַנד?

שוין מיט יאָרן צוריק האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז די אַנטוויקלונג פון לאַנד הענגט אָפּ פון דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז דאָס, וואָס איר רופט אָן נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל, איז אויך אַ בירגערלעכער קאַפּיטאַל. דאָס געלט ווערט טאַקע געקליבן פון גאַנצן פאָלק, אָבער עס ווערט געשטעלט אין רשות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און איר מעגט לאַכן נאָך אַמאָל, אָבער דאָס איז באמת די פאָרשטייערין פון דער יידישער בורזשואַזיע, אמת, מיר קריגן אויך סומען פון דער בורזשואַזיע, אָבער פאַרוואָס? צי צוליב דעם, וואָס האַרצפעלד קריגט זיך אַרום אין דער בורזשעט-קאָמיסיע. צי דערפאַר, וואָס די יידישע בורזשואַזיע האָט זיך געניייטיקט אין יידישן אַרבעטער, בכדי ער זאָל דורכברעכן דעם וועג?

(דער רעדנער ווערט דאָ איבערגעריסן דורך אַ רייע פראַגן, ענטפערט ער: בעט דעם פאָרזיצער ער זאָל מיר געבן נאָך אַ ביסל צייט — וועל איך ענטפערן אויף די אַלע פראַגן. זייט איר אדרבה, אַזעלכע בריהס און ענטפערט אויף די אַלע פראַגן אין אַזאַ קורצער צייט — געלעכטער).

אַ טשיקאַווע זאַך: די גאַנצע וועלט איז פאַר זיי אַ נעכטיקער טאָג, זיי זייגן זיך פון פינגער אייגענע טעאָריעס. אָט זאָגט שפּרינצאַק: „מיר קאָנען נאָר רעדן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און וועגן דער קעגנוואַרט, וועגן דער צוקונפט צו רעדן — איז נביאות". און איך למשל ווייס, אַז שוין מער ווי הונדערט יאָר צוריק האָט העגעל פעסטגעשטעלט געזעלשאַפטלעכע געזעצן פון דיאַלעקטיק, און אויפן סמך פון דיאַלעקטיק קאָן מען און דאַרף מען פעסטשטעלן די טענדענצן פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין דער צוקונפט. און אַמאָל האָט איר עס אויך געטון, און געטענהט, אַז די אַנטוויקלונג פון ארץ-ישראל וועט גיין אויפן וועג פון די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן, און אָט דערלויבט מיר אייך צו דערציילן אַ פאַקט: מיט צען יאָר בשעת מיר זענען געווען אין דער פועלי-ציון-קאָמיסיע, האָבן מיר געהאַט אַ געמיינזאַמע זיצונג מיטן צענטראַל-קאָמיטעט פון „אחדות-העבודה", וואו רוטענבערג האָט אונז דערציילט וועגן זיין גרויסן עלעקטריפיקאַציע-פּלאַן. און אַז מיר האָבן רוטענבערגן געפרעגט, וויפיל געלט דאַרף מען האָבן צו פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן פּלאַן, האָט ער אונז אָנגערופן אַ ציפער פון אַכציק מיליאָן פונט. אַז מיר זענען געוואָרן אַ ביסל איבערראַשט פון דערדאָזיקער ציפער, האָט אונז רוטענבערג דערקלערט, אַז די קאַפּיטאַלן זענען דאָ, פון וואַנעט? פּריוואַטע מענטשן לייגן אַריין די קאַפּיטאַלן. זענען זיי ציוניסטן? רוטענבערג לאַכט און זאָגט: אַז עס איז אַ גוט געשעפט, קאָן מען עס אויך באַדעקן מיט אַ ציוניסטישן שלייער. זאָגט אויף דעם יבנאלי: אם כן, זה לא כדאי!

דאָס איז געווען די אַלגעמיינע איינשטעלונג: אַז פּריוואַטער קאַפּיטאַל טאָר נישט אַריינקומען אין לאַנד, אַז אויף די טויערן פון ארץ-ישראל זאָל זיין אָנגעשריבן: קאַפּיטאַליסטן, דאָ האָט איר נישט וואָס צו זוכן. האָט מען, ווי איר זעט, יאָ גערעדט וועגן דער צוקונפט, און דאָס איז טאַקע געווען נישט מער ווי נביאות, באַזירט אויפן רצון, אָבער אַז דידאָזיקע נביאות האָט באַנקראָטירט, אַז פון דער אידעע אויפצובויען ארץ-ישראל מיט דער

הילף פון נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן און אָן פּריוואַטן קאַפּיטאַל האָט זיך אויסגע־לאָזט אַ בוידעם, אַז די ציפערן, וואָס האָפיען ברענגט, באַווייזן, אַז אין משך פון צען יאָר זענען אַריינגעקומען אין לאַנד פּריוואַטע קאַפּיטאַלן אומגעפער אויף פערציק מיליאָן פונט, און פון די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע קאַ־פּיטאַלן״ נאָך אַ זעקס מיליאָן, דאַן הייבט מען אָן טענהן, אַז מען טאָר זיך נישט באַשעפטיקן מיט „ווירטשאַפטלעכע נביאות״. אַזוי טאָר נישט רעדן אַ פּאָליטישער פירער. פּאָליטישע מענטשן דאַרפן האָבן דעם מוט און זאָגן אָפן: מיר זענען געווען אוטאָפּיסטן, מיר האָבן געזינדיקט — און איצט. ווען מיר האָבן פאַר זיך רוטענבערגס אַרבעטן, די קאָנצעסיע ביים ים־המלח פון פּאָלאַק און נאָוואָמייסקי, „נשר״ וכדומה, מוז מען זאָגן, אַז דער וועג פון דער ווירט־שאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל גייט אויפן וועג פון דער אַנטוויקלונג און צופלוס פון פּריוואַטע קאַפּיטאַלן.

מיר פאָדערן פון אייך אויפריכטיקייט: האָט איר פאַרשפּילט, טאָ זייט זיך מודה אין דעם, זאָגט עס אָפן און באַהאַלט זיך נישט אונטער אומגעלומ־פערטע טעאָריעס פון „ווירטשאַפטלעכער נביאות״ (אַפּלאָדיסמענטן לינקס).

דער פאָרזיצער גיט דאַן דאָס וואָרט דעם חבר

ד. בן־גוריון צו זיין רעפעראַט

## די אויסערן־פּאָליטיק פונם יידישן פאָלק

דער פונקט, וואָס שטייט איצט אויפן טאָג־אָרדנונג פון אונזער קאָנגרעס, איז די אויסערן־פּאָליטיק פון יידישן פאָלק. עס קאָן געשטעלט ווערן אַ פראַגע: צי דאָס יידישע פאָלק, וואָס האָט נישט קיין אייגענע מלוכה און וואָס איז צע־שפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, צי אַזאַ פאָלק האָט אַן אויסערלעכע פּאָליטיק?

דער פאַקט איז, אַז אין לויף פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע אין גלות, נאָך דעם ווי די יידן האָבן פאַרלוירן זייער מלוכה־עקזיסטענץ אין ארץ־ישראל, איז דאָס יידישע פאָלק קיינמאָל נישט געווען קיין טרעגער פון אייגענער פּאָליטיק. יידן זענען נאָר געווען אַן אָביעקט פון פּאָליטיק. יידן האָבן אויך, אַלס איינצעלנע אָדער אַלס גרופּע, געקאָנט שפּילן אַ פּאָליטישע ראָלע אין פאַרשידענע לענדער. יידן האָבן געקאָנט אַרויסגעבן גרויסע מלוכה־מענער וועלכע האָבן נישט נאָר אין זייער לאַנד, נאָר אין זייער עפּאָכע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. עס איז גענוג צו דערמאָנען צוויי מלוכה־מענער פאַר די לעצטע הונדערט יאָר, וועלכע האָבן געשפּילט אַ וועלט־היסטאָרישע ראָלע — דיזראַעלי און טראָצקי. אָבער דאָס זענען נישט קיין יידישע מלוכה־מענער, וואָס האָבן גע־מאַכט פּאָליטיק פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע פאָלק איז נישט געווען קיין סוביעקט פון מלוכה־מעגלעכקייטן און מלוכה־ווילן.

יידישע פּאָליטיק, אַלס קאָלעקטיווער ווילן־אויסדרוק און ציל־שטרע־בונג פון אַ יידיש פאָלק, אַלס נאַציאָנאַלע איינהייט, האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. עס זענען דאַן געווען חכמים, וועלכע האָבן

דערקלערט פאַר אוטאָפּיסטיש די אידעע, אַז אַ פאָלק אָן אַ לאַנד קאָן ווערן אַ טרעגער פון אַ נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. די געשיכטע האָט דידאָזיקע הכמים אויסגעלאַכט. פונקט ווי די געשיכטע האָט אויסגעלאַכט אַנדערע סאָציאָלאָגישע חכמים, וועלכע האָבן אונז געוואָלט באַווייזן מיט 25 יאָר צוריק דאָס, וואָס אונז האָט היינט געוואָלט דערווייזן חבר ניר, אַז אונזער גאַנצע אַרבעט אין ציוניזם און אין ישוב, אונזער טעטיקייט אויפן ווירטשאַפטלעכן, סאָציאַלן און קולטורעלן געביט, אונזער חלוצישע באַוועגונג — איז פרוכטלאָז, אוטאָפּיסטיש און שעדלעך. די אַרבעט איז איצט געוואָרן דער שווערפּונקט פון אַ גרויסער וועלט־באַוועגונג, זי האָט אַרויסגערופן און מעגלעך געמאַכט דעמדאָזיקן קאָנגרעס און ער און זיינע חברים שעפּן פון איר זייער גאַנצע חיונה.

איך זאָג: פונקט אַזוי ווי מיר האָבן אין א״י געענטפערט אויף דער אַנטי־ציוניסטישער סאָציאָלאָגיע פון „בונד" און דער קוואַזי־פּועלי־ציוניסטישער פרוכטלאָזער פּראָגנאָזע פון נירס חברים, אַזוי איז אויך די פּאָליטישע פּאָרויסזעאונג פון די אַנטי־ציוניסטן, אַז אַ מלוכהלאָז פאָלק קאָן נישט ווערן קיין פּאָליטישער פאַקטאָר און טרעגער פון פעלקער־רעכט, פון דער געשיכטע אָפּגעפרעגט געוואָרן. די „אוטאָפּיע" איז מקוים געוואָרן, דאָס יידישע פאָלק איז פעלקער־רעכטלעך אָנערקענט געוואָרן אַלס דער טרעגער פון אינטערנאַציאָנאַל־גאַראַנטירטע רעכט אויף ארץ־ישראל. די „פּרייוויליקע" ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אינטערנאַציאָנאַל לעגאַליזירט און אָנערקענט געוואָרן, אַלס די אַגענטור פון יידישן פאָלק פאַר ארץ־ישראל. דער היסטאָרישער בונד צווישן יידישן פאָלק און ארץ־ישראל איז באַשטעטיקט געוואָרן אין אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, און אַוועקגעלייגט געוואָרן אַלס גרונד־שטיין פון פאַלעסטינער מאַנדאַט.

עס קאָנען זיין ביי אונז מיינונגס־פאַרשידנקייטן וועגן דער דויערנדיקער ווערט פון דעם עקזיסטירנדיקן פעלקער־רעכט בכלל. נישט וועגן דעם האַנדלט עס זיך. עס קאָן זיין אַ מיינונגס־פאַרשידנקייט וועגן דער עקזיסטירנדער מלוכה בכלל. דאָס אַליין האָט נישט צו טון דערמיט, אַז דאָס פאָלק, אין די ראַמען פון דעם עקזיסטירנדן פעלקער־רעכטלעכן סיסטעם, איז געווען רעכטלאָז, האָט נישט געקאָנט רעפּרעזענטירט ווערן און ברענגען צום אויסדרוק זיין פאָלקסווילן און פאָלקס־באַגער אויף אַ לעגיטימען, אָנערקענטן וועג, ביז די „פּרייוויליקע" אָרגאַניזירונג פון יידישן פאָלק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און צוליב דעם ציוניסטישן ציל האָט קאָנסטיטואירט אַ נייעם מאַכט־פאַקטאָר און רעכט־אינהאַבער אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און פעלקער־רעכט. אין דעם זין האָט דער ציוניזם דערגרייכט אַ גרויסן זיג: דאָס יידישע פאָלק איז איצט — דערווייל נאָר אין באַצוג צו ארץ־ישראל — אַ פעלקער־רעכטלעכער אָנערקענטער אָרגאַניזם, וואָס באַזיצט באַשטימטע עפנטלעכע אינטערנאַציאָנאַל־גאַראַנטירטע רעכט אויף ארץ־ישראל. עס מוז קלאָר אונטערגעשטראָכן ווערן: נישט די יידן אין ארץ־ישראל — נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, אַלס אַ נאַציאָנאַלע איינהייט. און נישט רעכט אין א״י — נאָר רעכט אויף א״י.

פונקט ווי מען דאַרף דידאָזיקע ציוניסטישע דערגרייכונג נישט אונ־

טערשעצן — אַזוי דאַרף מען זי אויך נישט איבערשעצן. דאָס, וואָס מיר האָבן דערגרייכט בעת די גרויסע — טעריטאָריאַלע ענדערונגען צום סוף פון וועלט־קריג — איז נישט דאָס זעלבע, וואָס אַנדערע פעלקער. דאָס, וואָס מיר האָבן באַקומען אין א״י, איז נישט דאָס זעלבע, וואָס די פּאָליאַקן האָבן באַקומען אין פוילן און די טשעכן אין טשעכאָסלאָוואַקיי — נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, ווייל אונז פעלט די סובסטאַנץ און פאָרויסזעצונג פאַר אַ מלוכה־עקזיסטענץ — עס פעלט אונז דאָס פאָלק אין לאַנד. מיר האָבן נאָר געקאָנט באַקומען — און דאָס איז, וואָס מיר האָבן פאַקטיש באַקומען — אַ ראַם, וואָס מיר האָבן געדאַרפט אָנפילן מיט לעבעדיקן אינהאַלט. מיר האָבן באַקומען אַ מעגלעכקייט, אַ שאַנס, וועלכן מיר אַליין האָבן געדאַרפט פאַרווירקלעכן. און עס מוז געזאָגט ווערן — דאָס יידישע פאָלק און די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן נישט פאַרווירקלעכט אין דער מאָס, ווי עס איז מעגלעך געווען, האָבן דעם געגעבענעם שאַנס נישט אויסגענוצט אין זיין פולן פאַרנעם, האָבן אין די געגעבענע ראַמען נישט אַריינגעלייגט אַ גענוגנדן אינהאַלט. עס איז אפשר אומפאַרמיידלעך — מיר האָבן הונדערטער יאָרן נישט געלעבט קיין מלוכה־לעבן, און אונזערע מלוכהשע חושים זענען אַטראָפירט געוואָרן, אונזער פאָלקס־ווילן איז כמעט פאַראַליזירט געוואָרן. איז אַ וואונדער, אַז מיר זענען נישט אויסגעוואַקסן מיטאַמאָל צו דער הייך פון דער היסטאָרישער סיטואַציע? עס איז ווירקלעך שווער צו זאָגן, צי מיר דאַרפן מער באַדויערן, וואָס מיר האָבן פאַרפעלט די פאַרגאַנגענע צען יאָר — אָדער באַוואונדערן, וואָס מיר האָבן פאַר דער קורצער צייט געלייסטעט. צוזאַמען מיט אונזער היסטאָרישן אומרו און אומגעדולד — מוזן מיר אויך ריכטיק האַלטן אונזער היסטאָרישן פערספעקטיוו. מיט אַנדערע מלוכהשע חושים האָבן מיר אויך פאַרלוירן דעם חוש פון מאָס.

מיר זענען פעאיק אין מאָמענט פון אַ פאָליטישן זיג, אין מאָמענט פון ענטוזיאַזם, צו די ווילדסטע איבערטרייבונגען, צו אומבאַגרעניצטע דערוואַרטונגען פון דאָזיקן זיג. און מיר זענען פונקט אַזוי פעאיק אין אַ מאָמענט פון אַ פּאָליטישער נידערלאַגע צו זומבאַרעכטיקטע איבערטרייבונגען אויף דער פאַרקערטער זייט, צו אַן אומבאַגרינדעטן פעסימיזם און דעפּעטיזם. אין איין מאָמענט איז די באַלפור־דעקלאַראַציע אַ יידישע מלוכה און אַן ענדגילטיקע ישועה פאַרן יידישן פאָלק, אין אַ צווייטן מאָמענט איז דאָס נאָר אַ בלאָף, אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ גאָרנישט. עס איז נישטאָ קיין מער פּאָפּולערע זאַך איצט אין אַלע ציוניסטישע קרייזן, ווי צו מאַכן אַש און בלאָטע פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן דערגרייכט אויפן פּאָליטישן געביט פון 1917 ביז היינט. און עס איז אונזער אויפגאַבע צו זאָגן, אַז דאָס איז אַזוי אומבאַגרינדעט, איבערטריבן און פאַלש, פונקט ווי עס איז געווען נאַריש און לעכערלעך די באַהויפּטונג, אַז אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט מען אונז געגעבן אַ יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל.

דאָס, וואָס מיר האָבן דערגרייכט פּאָליטיש מיט 10־12 יאָר צוריק — אמת, אונטער אויסעראָרדנטלעכע היסטאָרישע אומשטענדן, וואָס חזרן זיך נישט אפט איבער — איז נישט געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר. דער פּאָליטישער

זיג פון ציוניזם, ד. ה. פון די יידישע פאָלקס-קרעפטן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז פאַר די פאַרגאַנגענע 10 יאָר רעאַליזירט געוואָרן אין אַ באַדייטנדער מאָס. די רעכט, וואָס מיר האָבן דער-וואָרבן, זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ פּאָליטישן, ווירטשאַפטלעכן און קול-טורעלן אינהאַלט. איצט, ווען מען וואַרפט זיך אַזוי לייכטזיניק מיט „מאַנדאַטן", איז כדאי צו דערמאָנען אייניקע פונדאַמענטאַלע טאַטזאַכן. מיר האָבן דאָס רעכט אונזער שטימע זאָל געהערט ווערן — אי ביי דער מאַנדאַטאָר-מאַכט, אי ביי דער פעלקער-ליגע — דאָס מעגן זיין זייער פעלערהאַפטע אינסטי-טוציעס, אָבער דערוויל די איינציקע עקזיסטירנדע, וואָס פאַרוואַלטן און באַ-שטימען איצט דעם גורל פון לאַנד. און מיר האָבן גראָד איצט געזען, אַז אונזער שטימע איז נישט אינגאַנצן אַ קול קורא במדבר.

ארץ-ישראל איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו די שפּראַך פון יידישן פאָלק איז איינע פון די מלוכה-שפּראַכן פון לאַנד. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס אַ יידישער בירגער פון זיין לאַנד קאָן פאָרן איבער דער גאַנצער וועלט מיט אַ פּאַס, וואָס איז אויסגעשטעלט אויך אין זיין שפּראַך. דאָס זעלבע איז מיטן געלט. דאָס זענען אמת מער סימבאָלישע ווערטן, אָבער אויך סימבאָלן האָבן אַ גרויסע באַדייטונג. מיר ווייסן וויפיל פעלקער, קלאַסן און פּאַרטייען קעמפן פאַר דער אָנערקענונג פון זייערע סים-באָלן, פון זייער פאָן. איך האָב מורא צו זאָגן, אַז פיל אונזערע אַרבעטער-פּאַרטייען און יוגנט-אָרגאַניזאַציעס קעמפן צווישן זיך מער צוליב סימבאָלן — אונטער וועלכע עס שטייט קוים אַ קאָנקרעטער אינהאַלט...

פאַר אונז זענען אָבער סימבאָלן — נישט מער ווי סימבאָלן. אַ לעבנס-וויכטיקייט האָבן פּראַקטישע, רעאַלע דערגרייכונגען. און מיר מוזן מודה זיין — אָפן און ערלעך, — אַז מיר האָבן מיט צען יאָר צוריק פיל מער דער-וואַרט און געוואָלט. ווייט נישט אַלץ איז מקוים געוואָרן. מיר האָבן געהאַט שווערע און ביטערע אַנטוישונגען. און אויב צרת-רבים איז חצי נחמה — קאָנען מיר זיך ליידער „טרייסטן": פיל, גרויסע, נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, וועלט-געשיכטלעכע דערוואַרטונגען זענען פאַר די צען יאָר אַנטוישט געוואָרן. צו-זאַמען מיטן גאַנצן אַרבעטער-קלאַס האָבן מיר דערוואַרט אַ נאָענטע סאָציאַלע באַנייאונג פון דער מענטשהייט. מיר האָבן געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף די רעוואָלוציעס אין דייטשלאַנד, אין רוסלאַנד. זיי האָבן אַלעמען ביטער אַנטוישט. אַלעמען, אַ חוץ, נאַטירלעך, די לינקע פועלי-ציון, וועלכע האָבן געזיגט אויף אַלע פראָנטן, אי אין מאָסקווע, אי אין א"י. ווען נישט אַלץ, וואָס מיר האָבן דערוואַרט און וואָס איז מעגלעך געווען, איז נאָר די צען יאָר מקוים געוואָרן, — מוזן מיר ווייטער מודה זיין, אַז אין דער ערשטער רייע זענען מיר אַליין שולדיק. די מעגלעכקייטן, וואָס זענען פאַר אונז געעפנט געוואָרן, זענען נישט אויסגענוצט און פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס האָט אונז קיינער נישט געשטערט פיל מער באָדן צו דערווערבן, פיל מער מענטשן צו ברענגען, פיל מער קאָלאָניעס צו שאַפן, פיל מער אינדוסטריעלע אונטערנע-מונגען צו בויען, אַ פיל גרעסערע אַרבעט צו לייסטן. מיר וואָלטן געקאָנט

זיין איצט אין א״י נישט 170 טויזנט, נאָר דריי—פיר הונדערט טויזנט. נישט קיין אויסערלעכע מאַכט האָט דאָס פאַרבאָטן — געשטערט האָט דער מאַנגל אין מער ווילן, מער ערנסט, מער מיטלען, מער אָפּפערוויליקייט, מער שעפערישע אומגעדולד. עס האָט אויך געשטערט און געשוואַכט דער רעזשים. די אַדמיניסטראַציע האָט זייער ווייניק מיטגעהאָלפן און נישט איין מאָל פיל געשטערט. די פאַרפליכטונג פון דער מאַנדאַטאָר-מאַכט צו דערלייכטערן יידישע איינוואַנדערונג איז סיסטעמאַטיש איגנאָרירט געוואָרן און אָפט פאַרוואַנדלט אין איר קעגנזאַץ. ווען טראָץ דעם זענען פאַר די 10 יאָר אַריינגעקומען 100.000 יידן, פון וועלכע אַ באַדייטנדער טייל האָט זיך באַזעצט אויפן לאַנד, איז דאָס גאָרנישט אַזאַ קליינע דערגרייכונג, ווען אַזאַ קליין און אָרים לאַנד, ווי א״י, האָט אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצע צייט אויפגענומען אַ נייע באַפעלקערונג, וואָס מאַכט אויס אַן אַכטל פון איר גאַנצן ישוב, — איז דאָס אַ זייער באַדייטנדע לייסטונג. איך וואָלט געוואָלט, אַז די חכמים פון עמיגראַציע זאָלן מיר באַווייזן איין לאַנד אין דער וועלט, וואָס זאָל פאַר די לעצטע צען יאָר האָבן אויפגענומען איין זיבעטל אָדער איין אַכטל פון איר גאַנצער באַפעלקערונג.

אין די צען יאָר זענען מיר געוואָרן דער באַזיצער פון צוויי ווירטשאַפטלעכע קאָנצעסיעס, וועלכע בילדן אין אַ גרויסער מאָס דעם שליכל צו דער גאַנצער עקאָנאָמישער צוקונפט פון א״י: די באַוואַסערונג-און עלעקטריפיצירונגקאָנצעסיעס פון רוטענבערגן און די ים-המלך-קאָנצעסיע פון נאָוואָמייסקי. מיר, די טרעגער פון גרויסן ציוניזם, וואָס זעט אין א״י דעם פלאַץ פאַר אַ גרויסער מאַסן-איינוואַנדערונג און מאַסן-קאָלאָניזאַציע, דאַרפן נישט גרינגשעצן דאָס, וואָס מיר האָבן ביז איצט דערגרייכט. מיר זענען איצט געוואָרן פאַקטיש די אויפבויער פון לאַנד אין ברייטסטן זין פון וואָרט. אין זין פון אַרבעט און אין זין פון אונטערנעמונגס-איניציאַטיוו. אין די רוטענבערג-אַרבעט האָבן מיר די פולסטע מעגלעכקייט צו באַנוצן און באַפרוכטן אַלע וואַסער-קרעפטן פון א״י און באַזאָרגן דאָס גאַנצע לאַנד (מיט אַן אויסנאַם פון ירושלים) מיט עלעקטרישער קראַפט און ליכט. איך צווייפל, צי אפילו די ציוניסטישע עפנטלעכקייט האָט ביזן היינטיקן טאָג ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם גוואַלטיקן אויפטו, וואָס איז פאַרבונדן מיט רוטענבערגס אַרבעט. דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן דער ים-המלח-אונטערנעמונג, וואָס האָט צו טון מיט דעם רייכסטן נאַטור-אוצר, וואָס א״י באַזיצט. עס זענען דאָ מיינונגס-פאַרשידנקייטן וועגן דער מאָס און גרויס פון דאָזיקן נאַטירלעכן אוצר — אייניקע רעדן פון רייכטום פון ים-המלח אין אַסטראָנאָמישע ציפערן, אַנדערע זענען מער צוריקגעהאַלטן, אָבער עס איז קיין צווייפל נישט, אַז פאַר ארץ-ישראל איז דער ים-המלך איינע פון די גרעסטע נאַטירלעכע רייכטימער. די יידישע אַרבעט און די יידישע וויסנשאַפט און איניציאַטיוו הייבן שוין אָן צו באַלעבן דעם פאַרוויסטן געביט, וואָס האָט אין פרעמדע שפראַכן געגעבן דעם ים-המלח זיין שרעקלעכן נאָמען: דער טויטער ים. דאָס איז אַ פאַקט פון דער גרעסטער ווירטשאַפטלעכער און פאָליטישער באַדייטונג. די צוויי אונטערנעמונגען שאַפן

פּאַקטיש אָפּ די קינסטלעכע און אומווירטשאַפטלעכע גרעניץ, וואָס איז צייטווייליק אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן עבר הירדן און מערב־א"י. די צוויי אונטער־נעמונגען מאַכן פון ירדן נישט קיין מחיצה, נאָר אַ בריק פון די צוויי טיילן פון א"י.

זייער אַ וויכטיקער פונקט, וואָס איז ביז היינט געבליבן אַ טויטער בוכשטאַב אין מאַנדאַט, דאָס איז דער פונקט וועגן באַדן און וועגן דערמוטיקן און העלפן די געשלאָסענע קאָלאָניזאַציע פון יידן אויף רעגירונגס־און ווּיסטע לענדערייען.

עס איז פאַלש צו באַהויפּטן, אַז די פליכט פון דער מאַנדאַטאָרן־מאַכט איז אויפצובויען די נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק, דאָס איז די אויפ־גאַבע פון יידישן פאָלק זעלבסט. אָבער עס איז די פליכט פון דער מאַנדאַטן־מאַכט צו דערמוטיקן און דערלייכטערן דעם אויפבוי פון א"י און צו שאַפן אַזעלכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אַדמיניסטראַטיווע באַדינגונגען, וואָס זאָלן פאַרזיכערן די סטאַבילירונג פון דער נאַציאָנאַלער היים. די פליכט האָט די מאַנדאַטאָר־מאַכט נישט אַלעמאָל און נישט אין אַ געהעריקער מאָס דערפילט, עס איז נישט אמת — און דערפאַר אויך נישט קלוג — צו באַהויפּטן, אַז דער מאַנדאַט איז געווען נאָר אַן אָפּנאַרעריי. אונזער קריטיק פון דער מאַנדאַטאָרי־מאַכט וועט זיין פיל ווירקזאַמער און איינדרוקספולער, ווען מיר וועלן אויך ערלעך און ריכטיק אָפּשאַצן די פּאָזיטיווע זייטן פון אויפטו. מיט היסטעריע מאַכט מען נישט קיין פּאָליטיק. די, וואָס האָבן אין יאָר 1918 געמיינט, אַז ענגלאַנד וועט אונז „שענקען" אַ מלוכה, — האָבן זיך ווירקלעך ביטער אַנ־טוישט. מיר אָבער, וואָס האָבן געוואוסט, אַז אונזער אויסלייזונג מוז זיין אַ זעלבסטדערלייזונג, און אַז אַ נאַציאָנאַלע־היים מוז פון אונז אַליין געשאַפן ווערן — האָבן אויך איצט, נאָך דער מאַי־גזרה, נישט קיין גרונד פאַר פאַר־צווייפלונג. די ענגלישע רעגירונג קאָן אונז מאַכן צייטווייליקע שוועריקייטן — אָבער דער ווילן פון יידישן פאָלק אויפצובויען צוריק מיט אייגענע מיטלען, מיט אייגענער אָנשטרענגונג און קרבנות זיין נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט אַן אייגן לאַנד — הענגט נישט אָפּ פון די קאַפּריזן פון קאָלאָניאַל־אָפיס און אויך נישט פון פאָריבערגייענדע קאָניונקטורן פון דער בריטישער אימפּעריאַ־לער פּאָליטיק.

חשובער קאָנגרעס — איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן הויפּטזעכלעך אויף דער פראַגע, וועלכע איז דער שווערפּונקט פון דער ציוניסטישער אויסערן־פּאָליטיק. דאָס איז די פראַגע פון אונזערע באַציאונגען מיט דעם אַראַבישן פאָלק. דאָס איז נישט נאָר אַ פראַגע פון אונזערע באַציאונגען מיט די אַראַ־בער אין ארץ־ישראל, הגם דאָס מוז זיין דער אויסגאַנגפּונקט, ווייל מיר וועלן נאָר אָפּנאַרן זיך און אַנדערע, אויב מיר וועלן זיי — די א"י־אַראַבער — גרינג־שעצן און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט און מיר וועלן זיך ווענדן צו אַראַבישע פירער אין אַנדערע לענדער, מיט וועלכע עס איז פּלומרשט לייכטער זיך צו פאַרשטענדיקן. דער קערן־פּונקט פון דער פראַגע פון די יידיש־אַראַבישע באַציאונגען איז די פראַגע פון די אַראַבער אין ארץ־ישראל. און נאָר איין

וואָרט וועגן די ברייטערע אַראַבער־פראָבלעמען : ארץ־ישראל איז נאָר אַ קליינער ברוכטייל פון אַ גרויסן בלאָק, וועלכער ציט זיך פון די גרעניצן פון טערקיי אין צפון ביז איבער די צוויי גרויסע טייכן — פרת און חדקל — פון מעסאָפּאָטאַמיע אין מזרח און ביז דעם ים־סוף און אינדישן אָקעאַן פון דרום־זייט. דאָס איז אַ בלאָק, וואָס פאַרנעמט בערך 3.200.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער, כמעט אַ דריטל פון גאַנץ אייראָפּע, אָדער אַזוי גרויס ווי ענגלאַנד, דייטש־לאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, פּוילן, רומעניע, יוגאָסלאַוויע און בולגאַריע. צוזאַמען גענומען מיט זייער באַפעלקערונג פון 258.000.000 נפשות. אויף דעמדאָזיקן בלאָק לעבן פון 12 ביז 16 מיליאָן איינוואוינער, כמעט דורכאויס אַראַביש שפּרעכנדע. ווי עס זאָל זיך נישט געשטאַלטן דער פּאָלי־טישער שיקזאַל פון דעמדאָזיקן בלאָק און זיינע באַציאונגען צו דער אייראָ־פּעאישער וועלט, און קעגנזייטיק צווישן זיינע אייגענע באַשטאַנד־טיילן, וועט דאָס וואָרשיינלעך בלייבן שטענדיק אַ בלאָק פון אַראַביש־שפּרעכנדיקע פעל־קער. מיר ווייסן נישט, צי עס וועט גיין אין דער ריכטונג אויסצובילדן און אויסצוגיסן זיך אין איין אַראַבישער מלוכה אָדער צוליב דיווירטשאַפטלעכע געאָגראַפישע און רעליגיעזע פאַרשידנקייטן (פון דעם אַראַבישן האַלבּ־אינזל פון איין זייט, פון מעסאָפּאָטאַמיע פון דער צווייטער זייט און סיריע פון דער דריטער זייט) וועלן נישט אַנטשטיין אומאָפּהענגיקע מלוכות מיט אייגנאַרטיקע קולטורן. סיריע מיט איר גרויסער קריסטלעכער באַפעלקערונג און שטאַרקער פראַנצויזיש־יעזואיטישער דערציאונג אַראַביע מיט איר פרימיטיוו־אַבסאָלוטיסטיש־וואַהאַביסטישן דעספּאָטיזם און מדבר־קולטור, מעסאָפּאָטאַמיע מיט איר האַלב נאָמאַדישער, האַלב באַזעסענער באַפעלקערונג, וואָס שטייט אונטער דער פּער־סישער השפעה.

איינס איז קלאָר : מיר קאָנען נישט אַוועקקוקן פון דעם אַלעם, אויב מיר רעדן וועגן דעם היסטאָרישן שיקזאַל פון ארץ־ישראל. מען קאָן נישט פאַרגעסן אויף איין מאָמענט דעם גרויסן באַדייט פון דעמדאָזיקן גרויסן הינ־טערלאַנד, וועלכעס איז אינגאַנצן באַזעצט מיט אַראַבישע שבטים, וואָס רינגלען אַרום ארץ־ישראל פון 3 זייטן.

און נאָך איין פאַרבאַמערקונג : מען רעדט פון דער אַראַבער־פראַגע, אָבער מען דאַרף זיך פרעגן : צי איז פאַראַן אַן אַראַבער־פראַגע אָדער אַ יידן־פראַגע אין ארץ־ישראל ?

עס וועט קיין ייד נישט איינפאַלן למשל, אין דייטשלאַנד, צו רעדן וועגן אַ דייטשן־פראַגע. דאָ איז פאַראַן בלויז אַ יידן־פראַגע, אַ פראַגע פון יידן, וואָס בילדן אַ שוואַכע מינאָריטעט, און עס איז די פראַגע, ווי אַזוי זאָל זיך די מינאָריטעט קאָנען אויסבילדן, ווי אַזוי זאָל זי געניסן פון גלייכבאַרעכטי־קונג, צי זאָל און וועט זי אויסהאַלטן איר אייגנטימלעכקייט אָדער זי וועט זיך אַסימילירן, ווי אַזוי זאָל זי זיך שיצן פון דערנידעריקונגען און פאַר־פאָלגונג א. א. וו. דידאָזיקע פראַגע אין דייטשלאַנד איז איצט, ליידער, גע־וואָרן אַ פּראַקטישע פראַגע, ווייל עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט מען דאָ האָבן אַ רעגירונג, וואָס וועט וועלן די יידן דערקלערן

אַלס פרעמדע און זיי אַוועקשטעלן אונטער אַ רעזשים פון פרעמדע. מיר אין ארץ־ישראל זענען אויך אַ מינאָריטעט, מיר זענען איצט נאָר קנאַפּ 20 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד. און פונוואַנען נעמט זיך אייגנטלעך צו אונז די דרייסטקייט צו רעדן וועגן אַן אַראַבער־פראַגע. אין ארץ־ישראל איז איצט און נאָך אויף אַ געוויסער צייט אין דער נאָענטסטער צוקונפט פאַראַן אַ יידן־פראַגע. עס איז אַ פראַגע פון אַ יידישן ישוב, וואָס איז איצט אַ מינאָריטעט. איך ווייס, אַז עס איז נישט אָנגענעם צו הערן אַזאַ זאַך, דערצו נאָך פון מענטשן, וואָס זענען אויפן ענגסטן אופן פאַרבונדן מיט א״י און גלייבן, אַז א״י וועט נישט זיין פאַר אונז קיין שטיפלאַנד. אָבער מיר רעדן וועגן דער איצטיקערווירקלעכקייט, ווי זי איז. און אויב ווער עס איז וויל עס פאַרגעסן, זענען געקומען די געשעענישן פון יאָר 1929 און האָבן דערינען פיינלעך און טראַגיש דערמאַנט.

איך מיין נישט צו זאָגן, אַז דער יידישער ישוב אין א״י אונטערשיידעט זיך נישט שוין איצט פון די יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער. עס איז פאַראַן אַ טיפער ווירטשאַפטלעכער, סאָציאַלער, פּאָליטישער און אויך ריין מענטשלעכער אונטערשיד, דער בוי, די סטרוקטור, דאָס וועזן פון יידנטום אין א״י זענען גרונדזעצלעך פאַרשידן פון די גלות־ישובים. אָבער דאָס איז נאָר קוואַליטאַטיוו. קוואַנטיטאַטיוו זענען מיר דערווייל און אויף אַ באַשטימטער צייט וועלן מיר עס נאָך בלייבן אין דער צוקונפט — אַ מינאָריטעט אין א״י און אַלס אַזעלכע עקזיסטירט פאַר אונז אַ יידן־פראַגע. אָבער מיר רעדן דאָך — און נישט אָן אַ גרונד — וועגן אַן אַראַבער־פראַגע — ווייל מיר האָבן אין א״י היסטאָרישע פערספּעקטיוון. און עס קאָן ביי אונז זיין אַן אַראַבער־פראַגע נאָר אין דעם פאַל, ווען מיר האָבן דידאַזיקע פערספּעקטיוון. און דאָ איז יענער פונקט, וואָס טיילט אונז אָפּ פון ברית־שלום. איר ווייסט, אין יענעם לאַגער זענען דאָ מענטשן, ווי ר׳ בנימין, וועלכע זעען אויך ברייטע פערספּעקטיוון פאַרן יידישן פאָלק אין א״י, וועלכע גלייבן, אַז א״י דאַרף לייזן ראַדיקאַל די יידן־פראַגע, און וועלכע זעען ווי מיר אין דער פאַר־ווירקלעכונג פון ציוניזם אַ קאָנצענטראַציע פון רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק אין א״י. עס זענען דאָ אין ברית־שלום אויך אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע פערזענלעכקייטן, ווי ד״ר רופּין, פאַר וועמען עס שטייט די פראַגע: נאָך וואָס זאָלן מיר אויפהאַלטן אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ (אַ פראַגע, וואָס קאָן פאַר אונז קיינמאָל נישט שטיין, ווייל מיר זוכן נישט און נייטיקן זיך נישט אין קיין פאַרענטפערונג פון אונזער זיין), און אויך ד״ר רופּין זעט אין דער פּערספּעקטיוו, אַז די לאַגע פון יידישן פאָלק אין א״י וועט נישט זיין ווי אין אַנדערע לענדער. ער זעט אויך אַ ציוניסטישע לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין ארץ־ישראל.

אָבער יענער טייל פון ברית־שלום, וואָס מיינט, אַז דער איינציקער וועג פאַר שלום אין א״י איז, אַז מיר זאָלן זיך לכתחילה אָפּזאָגן פון שאַפן און בויען אין א״י אַ גרויסן יידישן ישוב, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם היסטאָרישן ווילן און נויט פון יידישן פאָלק, און אַז מיר זאָלן זיך פאַרפליכטן, אַז

מיר וועלן קיינמאָל נישט בּרענגען דעם יידישן ישוב אין א״י צו אַזאַ גרייס, אַז ער זאָל איבּערשטייגן דעם קליינעם אַראַבּישן ישוב אין לאַנד — זיי, די־דאָזיקע ברית־שלום־מענטשן, פאַרמאַכן דעם וועג צו דער פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבּער. ווייל כל־זמן עס געפינען זיך יידן, וואָס דערקלערן דעם אַראַבּישן פאָלק: מאַכט מיט אונז שלום און דערפאַר וועלן מיר זיך פאַרפליכטן קיינמאָל נישט צו ווערן אין ארץ־ישראל מער פאַר אייך, — כל־זמן אַזאַ שלום ווערט געפּרעדיקט, זענען די טויערן פון פאַרשטענדיקונג צווישן אונז און די אַראַבּער פאַרמאַכט, ווייל ווען אפילו דער גאַנצער יידישער ישוב אין א״י זאָל — טאַקע צוליב שלום — דערקלערן, אַז מיר וועלן נישט קומען אין א״י אין אַ גרעסערער צאָל ווי די איצטיקע בּאַפעלקערונג אין לאַנד, וועלן די יידישע מאַסן, פאַר וועמען דער היסטאָרישער שיקזאַל פון פאָלק שטייט העכער פון דער געפאַר, אַז 10 אָדער הונדערט יידן זאָלן פּאָגראָמירט ווערן, — וועלן זיי דאָס אָפּלייקענען. די יידישע מאַסן וועלן זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן פון דעם ליידנשאַפטלעכן און עקשנותדיקן ווילן צו ווערן אַ זעלבּשטענדיק פאָלק, וואָס איז פעאיק צו בּאַשטימען אַליין זיין אייגענעם גורל, גלייך צו אַלע פרייע פעלקער אומאָפּהענגיק פון שלעכטן אָדער גוטן ווילן פון אַנדערע. אויסרייסן דאָס יידישע פאָלק איז קיינער נישט אימשטאַנד. און עס וועט נישט העלפן קיין שום פאַרזיכערונג, וואָס די אָדער יענע גרופּע וועט מאַכן. דאָס יידישע פאָלק וועט שטענדיק אָפּלייקענען אַזאַ פאַרזיכערונג.

די ערשטע שריט פון אַ פאַרשטענדיקונג איז, זאָגן דעם אַראַבּישן פאָלק דער אמת: עס איז פאַראַן אַ יידיש פאָלק פון 17 מיליאָן מענטשן, וואָס אין אינטערעס פון זיין מענטשלעכער ווירדע און נאַציאָנאַלער קולטור, געצוואונגען פון לעבּנס־נויטן פון זיינע מאַסן, געטריבּן פון זעלבּסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט און היסטאָרישער ליידנשאַפט, וויל עס און מוז קאָנצענטרירן דעם מאַקסימום פון זיינע קינדער אין ארץ־ישראל, כּדי צו ווערן אַן אומאָפּהענגיק פאָלק. דאָס קאָן זיין אַן אומאָנגענעמער נישט זייער סימפּאַטישער פאַקט פאַר די אַראַבּער, וואָס ווילן נאַטירלעך אויפהאַלטן דעם סטאַטוס קוואָ פון א״י, וואָס טראָגט אַזאַ אויסגעשפּראָכענעם אַראַבּישן כאַראַקטער. ווי אומבאַדייטנד דאָס קליינע א״י זאָל נישט זיין פאַר דעם אַראַבּישן פאָלק, וואָס האָט גרויסע און זייער דין בּאַוואוינטע לענדערייען אַרום א״י, אַוואו דאָס אַראַבּישע פאָלק און די אַראַבּישע קולטור קאָן פריי און אומגעשטערט זיך פאַרברייטערן און אַנטוויקלען זיך — איז נאַטירלעך, אַז די אַראַבּער אין א״י זאָלן קרום קוקן אויף די ווייטגייענדע ענדערונגען, — קולטורעלע, ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע, וואָס קומען פאָר אין א״י אַ דאַנק דער יידישער צוריקוואַנדערונג. אָבּער אונטער דער צוריקוואַנדערונג שטייט די לעבּנס־נויט און דער לעבּנס־ווילן פון אַ פיל מיליאָניק פאָלק, שטייט אַ מאַכטפולער, נויטווענדיקער אייזערנער פאַקט.

און נאָר אויף דעם בּאָדן פון אָנערקענונג פון דעם פאַקט קאָן מען קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג — פון אָנערקענונג פון דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט. הינטער וועלכער עס שטייט אַ פאָלק פון 17 מיליאָן מענטשן מיט

אַ מאַרטיראָלאָגיע פון 2000 יאָר, אַ פאָלק מיט אַן אייזערנער עקשנות, וואָס קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם, וואָס באַדינגט זיין היסטאָרישן גורל.

און פון דער אַנדערער זייט מוז זיין די אָנערקענונג פון אַ צווייטער היסטאָרישער טאַטזאַך — מעג עס זיין פאַר אונז זייער אומאָנגענעם, — אַז אין א״י לעבן שוין פון הונדערטער יאָרן אַראַבישע מאַסן, ווענמנס עלטערן און אור־עלטערן זענען דאָרט געבוירן און געשטאָרבן און פאַר וועלכע א״י איז זייער לאַנד, וואו זיי ווילן און וועלן ווייטער לעבן. מיר יידן מוזן אָנער־קענען דעם פאַקט און איב אָננעמען באהבה און ציען פון אים אַלע נייטיקע שלוסן. דאָס איז די ערשטע באַדינגונג פאַר אַן אמתער פאַרשטענדיקונג, אַ פעלקער־פאַרשטענדיקונג צווישן יידן און אַראַבער. אַזאַ פאַרשטענדיקונג, מעגן מיר עס וועלן אַזוי לייִדנשאַפטלעך ווי נאָר מעגלעך, וועט נישט קומען היינט אָדער מאָרגן, און וועט זיכער נישט קומען צוערשט פון די אַראַבער. דאָס וואָס פאַר אונז איז כמעט זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, דער באַוואוסטזיין, אַז עס איז אַן אייזערנע נויט פאַרן יידישן פאָלק צו האָבן זיין אייגן לאַנד און אַז דאָס יידישע פאָלק באַזיצט דעם כּוח די נויט צו באַפרידיקן — דאָס, זאָג איך, איז נאָך נישט אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער פאַקט פאַר די אַראַבער. פאַר זיי איז נאָר דאָ אַ פאַקט פון 170 טויזנט יידן אין א״י, און עס זענען פאַראַן אַראַבער, וואָס גלייבן, אַז אפילו דער פאַקט איז נישט קיין מוז, ווייל מ׳קאָן אַזאַ פאַקט אויסמעקן און פטור ווערן פון יידן אין ארץ־ישראל, פּונקט ווי פאַר אונזערע צייטן איז מען פטור געוואָרן פון מינדערהייטן פיל גרע־סערע און שטאַרקערע ווי מיר: פאַר אונזער צייט האָט מען אויסגעשאָכטן איבער אַ מיליאָן אַרמענער, מען האָט אַרויסגעריסן מיליאָנען טערקן פון טראַקיע און מאַקעדאָניע, און מיליאָנען גריכן פון אַנאַטאָליע. יאָ, עס איז אויך דענקבאַר ביי געוויסע אַראַבער אַזאַ טראַגישע לייזונג פון דער „יידן־פראַגע״ אין א״י... אַנדערע אַראַבישע גרופּן האָבן גאָרנישט קעגן די יידן, וואָס זענען שוין אין א״י, אָבער זיי ווילן, אַז די 170 טויזנט יידן זאָלן ווערן די שוץ־יידן פון די אַראַבישע בעלי־בתים פון לאַנד, פּונקט ווי די 30 טויזנט תּימנער יידן זענען די שוץ־יידן פון תּימנער הערשער.

און מיר דאַרפן זיך נישט מאַכן קיין אילוזיע, אַז די שטעלונג פון די אַראַבער וועט זיך שנעל און ראַדיקאַל ענדערן. נאָר דורך אונזער וואוקס וועט דאָס אַראַבישע פאָלק לערנען צו באַציען זיך מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש צו אונזער זאַך, און פאַרשטיין, אַז זיי האָבן צו טון נישט נאָר מיט יידן פון א״י — נאָר מיט דעם יידישן פאָלק אַלס אַ גאַנצעס. דאָס איז אַ פראַגע פון צייט. וואָס עס איז אָבער אומפאַרשטענדלעך און נישט מכפר צו זיין, איז די מערקווירדיקע טאַטזאַך, אַז ביי אונז איז נאָך נישט אָנערקענט געוואָרן, אַז אין א״י זענען פאַראַן 700 טויזנט אַראַבער און דערפון זענען נישט געצויגן גע־וואָרן אַלע נייטיקע קאָנסעקווענצן. די ציוניסטישע באַוועגונג האָט נאָך נישט גענוג אָנערקענט דעם עלעמענטאַרן און לעררייכן פאַקט, און איך גלייב, אַז אין דער פראַגע פון יידיש־אַראַבישע באַציאונגען ליגט אַ באַזונדערע שליחות

אויפן יידישן אַרבעטער, אַלס דער טרעגער פון דער אידעע פון פולשטענדי־קער דערלייזונג פון פאָלק אין ברייטעסטן פאַרנעם, אַלס יענער היסטאָרישער כוח, וועלכער איז נישט באַגרעניצט בלויז מיט דער היינטיקער ווירקלעכקייט, נאָר פאַרשטייט און פילט די דינאַמישע כוחות, וואָס גרייטן צו דעם מאָרגן; אַלס דער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר, וועמענס טעטיקייט איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער אַלמענטשלעכער עטיק, און וועמענס נאַציאָנאַלער געפיל און באַוואוסטזיין פאַרפרעמדט אים נישט, נאָר פאַרבינדעט אים טיפער מיט אַנדערע פעלקער און דינט אַלס יסוד צו צווישנפעלקערלעכער סאָלידאַריטעט; און ענ־לעך, אַלס דער אַוואַנגאַרד און פאָרקעמפער, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אומ־מיטלבאַר פאַר די אומגעהייערע שוועריקייטן און סכנות, וואָס דאָס אַראַבישע פראָבלעם שטעלט פאַר אונז אין א״י, וועלכער האָט מיט דעם לעבן פון זיינע בעסטע חברים באַצאָלט אין דער זעלבסטפאַרטיידיקונג קעגן די טראַגיש־אומפאַר־מיידלעכע אָנפאַלן פון די פרימיטיווע שכנים, דערצויגענע אין גייסט פון מדבר־ און שבטים־מלחמות. עס איז די היסטאָרישע שליחות פון יידישן אַרבעטער צו ווערן דער טרעגער פון דעם פאַרשטענדיקונגס־געדאַנק און פאַרשטענדי־קונגס־פּאָליטיק צווישן דעם יידישן און אַראַבישן פאָלק.

דער יידישער אַרבעטער זאָל ברענגען דעם געדאַנק, אַז מיר, וואָס ווילן באַשטימען דעם צוקונפטיקן גורל פון ארץ־ישראל — מוזן אויך פאַראַנט־וואָרטלעך זיין פאַר דעם גורל פון די אַלע, וואָס לעבן אין לאַנד.

מיר דאַרפן פאַרשטיין די נויטן און שטרעבונגען פון אַראַבישן פאָלק און מיטהעלפן מיטן מאַקסימום פון אונזערע מעגלעכקייטן צו זיין אויפשטייג און באַנייאונג, ווייל ער איז אַ טייל פון לאַנד און איז פאַרבונדן מיט דעם גרויסן הינטערלאַנד, מיט וועלכן מיר וועלן מוזן לעבן אין פרידן פּאָליטיש און זיין ענג פאַרקניפּט ווירטשאַפטלעך.

פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם הייסט איבערפירן דעם שווערפונקט פון דער יידישער געשיכטע צוריק קיין א״י. דאָס הייסט פאַרבינדן צוריק אונזער שיק־זאַל מיטן גורל פון פאדער־אזיע און אירע איינוואוינער. און צו דעם גרויסן אומקער, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ ווייטגייענדער אומוואַנדלונג אין אונזער אינטערנאַציאָנאַלער שטעלונג און אונזער פעלקער־סביבה, — מוזן מיר זיך פאַרברייטערן גייסטיק און זעעליש. וועלנדיק ווערן צוריק אַן ארץ־ישראל־פאָלק מוזן מיר זיך איינלעבן אין דער נייער געאָגראַפישער און פעלקער־סביבה, אין וועלכע מיר וועלן זיך איבערפלאַנצן. אויב מיר מיינען ערנסט מיטן ציוניזם קאָנען מיר נישט טראַכטן וועגן דער צוקונפט נאָר אין אייראָפּעאישע באַגריפן. דאָס יידישע פאָלק אין א״י וועט נאָר פון מערב־זייט — דורכן מיטללענדישן־ים — זיין פאַרבונדן מיט אייראָפּע. אין צפון, אין דרום, אין מזרח קומען מיר אין באַרירונג מיט נייע פעלקער, וואָס רעדן אַלע אַראַביש און זענען פאַרבונדן צווישן זיך מיט צאָלרייכע פעדים פון רעליגיע, שפּראַך, טראַדיציע און זיטן, אויב נישט פון בלוט און פּאָליטיק. מיט די אַראַביש־שפּרעכנדע פעלקער וועלן מיר לעבן אין נאָענטע שכנות און אויפהאַלטן ווירט־שאַפטלעכע און אין אַ געוויסע מאָס אויך קולטורעלע און פּאָליטישע באַצי־

אונגען. און פון אונזער פאַרשטאַנד און פעאיקייט איינצולעבן זיך מיט דעם אַראַבישן שטאַם אין א״י וועט אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגען די מעגלעכקייט פון אונזער פריינטשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט און שכנותדיקן פרידן מיט די אַרומיקע לענדער.

דער יידישער אַרבעטער, וואָס איז דער שליח פון דעם אומבויגזאַמען און אומדערשיטערלעכן ווילן פון יידישן פאָלק צוריקצוקערן זיך מאַסנווייז אין אייגן לאַנד און פונדאַסנײַ אויפשטעלן דאָרט זיין פולע נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט — מוז דערפאַר אויך ווערן דער שליח פון יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג, קאָאָפּעראַציע און סאָלידאַריטעט.

דריי גרונד־פראַגן שטייען פאַר אונז אין א״י אין באַצוג צו די אַראַבער: פּאָליטישער רעזשים, באָדן, אַרבעטער־פראַגע. די באָדן־פראַגע איז שוין באַטראַכט געוואָרן פון אונזערע חברים, איך בין אויך נישט באַרופן צו באַהאַנדלען ספּעציעל די אַגראַרע פּאַרהעלטענישן און וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף די צוויי אַנדערע פראַגן.

די פראַגע פון פּאָליטישן רעזשים אין א״י, אונזער שטעלונג צום מאַנדאַט דאָס איז אייגנטלעך מער אַ מאָראַלישע ווי אַ פּאָליטישע פראַגע, ווייל עס הענגט איצט נישט אַזוי פיל אָפּ פון אונז צו באַשטימען דעם פּאָליטישן גורל פון א״י. פאַר אונז און פאַר אונזער פּאָליטיק זענען אָבער מאָראַלישע פראַגן פון לעבנס־וויכטיקייט, ווייל אונזער גאַנצע באַוועגונג ציט איר יניקה פון מאָראַלישע כוחות. מיר שטיצן זיך אויף דער טיפער גערעכטיקייט פון אונזער זאַך אין אונזער פּאָליטישן קאַמף, און נישט אויף פיזישער געוואַלט.

באַרעכטיקן מיר דעם מאַנדאַט און די אויפזיכט פון דער פעלקער־ליגע איבער א״י ?

חברים, נישט מיר האָבן איינגעאָרדנט די וועלט אַזוי ווי זי איז איצט, און נישט מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטוס קוואָ. נישט מיר האָבן געשאַפן די וועלט־אימפּעריעס — ענגלאַנד, רוסלאַנד, פראַנקרייך — וואָס באַהערשן פרעמדע פעלקער און ראַסן אָן זייער צושטימונג, און אויך קעגן זייער ווילן. אָבער ווען מען זאָל אונז פרעגן: אויב דו הייבסט אויף אַ פינגער — פאַרלאָזט ענגלאַנד א״י און דער פעלקער־בונד זאָגט זיך אָפּ פון יעדער השגחה, און דער שיקזאַל פון א״י ווערט איבערגעגעבן אויסשליסלעך און אַליין זיינע איצטיקע איינוואוינער, וואָס וועלן זיין ביכולת צו טון מיטן לאַנד, וואָס זייער האַרץ וועט גלוסטן—(אויסרופן — וועלן מיר אויפהייבן)— איך וועל עס נישט טון, און איך וועל באַלד זאָגן פאַרוואָס.

**איך באַשטרייט די אויסשליסלעכע רעכט פון דער איצטיקער באַפעלקערונג אין א״י צו באַשטימען דעם צוקונפטס־גורל פון לאַנד.** איך באַשטרייט עס אויפן גרונד פון אַלגעמיין סאָציאַליסטישע טעמים ווי אויפן גרונד פון יידיש-נאַציאָנאַלע רעכט און אינטערעסן. דאָס איז — דאַכט זיך — די פונדאַמענטאַלע פּאָליטישע פראַגע, וואָס דאַרף אומצווייד״טיק אויפגעקלערט ווערן.

עס איז פאַראַן אַ פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט. מיר האָבן דעם פּרינציפּ איבעראַל אָנערקענט און פאַר אים געקעמפט. דאָס, וואָס איז ריכטיק אין דער גאַנצער וועלט, מוז אויך זיין ריכטיק אין א״י. איך שטיי פולשטענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון זעלבסבאַשטימונגס־רעכט פון יעדן פאָלק, פון יעדן טייל פון אַ פאָלק, פון יעדער מענטשלעכער גרופּע. און איך האַלט, אַז דאָס אַראַבישע פאָלק אין א״י האָט דאָס פולסטע רעכט אויף זעלבסבאַשטימונג. און דאָס רעכט הענגט לחלוטין נישט אָפּ דערפון ווי איר פאַרווירקליכונג וועט ווירקן אויף אונז. דאָס אַראַבישע זעלבסבאַשטימונגס־רעכט קאָן נישט ווערן געמינערט דאַדורך, ווייל עס וועט אפשר שווערער מאַכן אונזער אַרבעט; דער מאָראַלישער קערן פון דער ציוניסטישער אידעע באַשטייט דערין, אַז אַ פאָלק — יעדעס פאָלק — איז אַ זעלבסטציל, און נישט קיין מיטל פאַר אַנדערע פעלקער. מיר ווילן, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיין אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, זאָל זיין ביכלות צו באַשטימען אַליין זיין היסטאָרישן שיקזאַל און נישט אָפּהענגען פון דעם ווילן, אויך נישט פון גוטן ווילן — פון אַנדערע פעלקער. דעם זעלבן פּרינציפּ מוזן מיר אָנווענדן אויך לגבי די אַראַבער. מיר קאָנען נישט באַטראַכטן די אַראַבער אין א״י אַלס אַ מיטל פאַר אונז און באַשטימען זייער רעכט פון שטאַנדפּונקט פון אונזערע אינטערעסן — אפילו אין דעם פאַל, ווען דאָס זאָל אָפּהענגען אויסשליסלעך פון אונזער ווילן. די אַראַבישע רעכט פליסן אַרויס פון זייערע אינטערעסן און נויטן און באַזירן אויף אַלגעמיינע מענטשלעכע פּרינציפּן. ס'איז מעגלעך, אַז מיט דער פאַרווירקלעכונג פון אַראַבישן זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט אין א״י וועט אונזער לאַגע ווערן שווערער — וועלן מיר מוזן די שוועריקייט איבערוואונדן. די שוועריקייט קאָן אָבער נישט זיין אַ יסוד צו באַרויבן די אַראַבער פון זייערע רעכט. איך גלייב בכלל נישט אין געוואַלט, וואָס באַזירט נישט אויף אַ מאָראַלישן באַזיס. ריינע געוואַלט האָט נאָך אין דער וועלט־געשיכטע נישט געזיגט — לדורות. פאַר אונז יעדנפאַלס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט פון געוואַלט־פּאָליטיק — גאַנץ אומאָפּהענגיק פון אונזער ווילן — און מיר קאָנען אַזאַ פּאָליטיק נישט פירן. די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט, וועמענס פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע מיר מוזן האָבן פאַר אונזער אַרבעט — וועט פון אונז פאָדערן לגבי אַנדערע הונדערטפּראָצענטיקע גערעכטיקייט — איך האָב מירא: מער ווי הונדערט פּראָצענט. מיר האָבן אַ טרויעריקן אָבער לערררייכן ביישפּיל פון דער שאָו־קאָמיסיע. גראָד די פאַרטרעטער פון די צוויי ענגלישע קאַפּיטאַליסטישע פאַרטייען, וועלכע צייכענען זיך, ווי באַוואוסט, נישט אויס מיט אַן אידעאַלער באַציאונג צו די אַרבעטנדע מאַסן אין אינדיע, מצרים, דרום־אפריקע א. א. וו., — האָבן זיך אָנגענומען די קריוודע פון די אָרימע אַראַבער אין א״י, וועלכע ווערן באַדראָט פון דער יידישער געפאַר... צו חלומען וועגן אַ ציוניסטישער געוואַלט־פּאָליטיק, וואָס איז נישט הונדערט פּראָצענט גערעכט צו די אַראַבישע לעגיטימע אינטערעסן — דאַרף מען האָבן פאַרלוירן נישט נאָר יעדעס געפיל פון ערלעכקייט, נאָר אויך יעדן חוש פאַר רעאַלער פּאָליטיק. די איינציקע פּאָליטיק, וואָס קאָן זיין גילטיק פאַרן ציוניזם — איז אַ פּאָליטיק, וואָס איז מאָ־

ראַליש אויסגעהאַלטן. עס קאָן דערפאַר נישט זיין קיין צווייפל אין דעם זעלבסט־באַשטימונגס־רעכט פאַר דער אַראַבישער באַפעלקערונג פון א״י. מיר מוזן דאָס רעכט אָנערקענען און אינטערשטיצן.

*אָבער זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון די אַראַבער אין א״י הייסט נישט אייגנטומס־רעכט פון די אַראַבער אויף א״י.* מיר לייקענען און באַשטרייטן מיט אַלע אונזערע כּוחות דאָס אויסשליסלעכע אייגנטום־רעכט פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, פון דער גאַנצער איצטיקער באַפעלקערונג אין א״י — אויפן לאַנד אַלס אַ גאַנצעס. עס איז באַקאַנט די קלאַסישע דעפיניציע פון אייגנ־טום־רעכט. דאָס איז דאָס רעכט צו געברויכן און *מיסברויכן.* מיר אָנערקענען נישט דאָס רעכט פון די אַראַבער צו *מיסברויכן* מיטן לאַנד. אין דעם באַשטייט דער טראַגישער וויכּוח צווישן אונז און אונזערע אַראַבישע שכנים, מיט וועלכע מיר מוזן לעבן צוזאַמען היינט און אויף שפּע־טער. *מיר זאָגן, אַז די אַראַבער האָבן אַלס בירגער פון לאַנד אַלע רעכט צו געניסן פון א״י. זיי האָבן אָבער נישט* — ווי פּריוואַט־אייגנטימער — *דאָס רעכט צו שטערן אונז דעם גענוס פון לאַנד.* זעלבסטבאַשטי־מונג הייסט, אַז די אַראַבער קאָנען באַשטימען זייער אייגענעם גורל, געשטאַלטן און איינאָרדנען זייער אייגן לעבן לויט זייערע וואונטשן און נייגונגען, אָפּ־היטן און אַנטוויקלען זייערע שאַפונגען, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז זיי זענען בעלי־בתּים איבער דעם אַלעם, וואָס נישט זיי האָבן געשאַפן, וואָס איז נישט קיין פּראָדוקט פון זייער אַרבעט, און פון זיי קאָן נישט ווערן אָפּהענגיק אונזער רעכט אויף עקזיסטענץ, אַרבעט, שאַפן, באַזעצן זיך אין לאַנד — ווען מיר טוען דאָס נישט אויף זייער חשבון, נאָר דורך אונזער מי.

עטלעכע קאָנקרעטע ביישפּילן, גענומען פון דער א״י־ווירקלעכקייט, וועלן קלאָר מאַכן, וואָס איך מיין מיט מיסברויכונגס־רעכט פון פּריוואַט אייגנ־טום. א״י באַזיצט אַ מערקווירדיקע אייגנאַרטיקייט, וואָס איז איינציק אויפן ערדקויל: דעם טיפן שפּאַלט פון ירדן און ים המלח. הונדערטער טויזנטער דורות האָט דאָס וואַסער געפלאָסן אָן נוצן, פאַרקערט, אין פיל פלעצער האָט עס געבראַכט שאָדן — פאַרפלייצט, געשאַפן נעסטן פון מאַלאַריע און פעסט. די איצטיקע אַראַבישע באַפעלקערונג האָט נישט באַשאַפן דעם ירדן און ים־המלח מיט איר מי, האָט זיי נישט באַנוצט און נישט אינטערעסירט זיך צו מאַכן זיי אומשעדלעך. זענען צוריקגעקומען יידן, און מיט זייער איניציאַטיוו, וויסן, פלייס, אַרבעט און מיטלען אונטערגענומען אַ גראַנדיעז שעפעריש ווערק, וואָס וועט פאַרוואַנדלען דעם טיפן לויף פון ירדן אין עלעקטרישער קראַפט, דעם פלוס פון זיינע וואַסערן — אין באַפרוכפּערנדן כּוח פאַר ברייטע שטרעקעס לאַנד, די פאַרזונקענע מינעראַל־אוצרות פון ים המלח — פון „טויטן ים״ — אין באַלעבנדע קוואַלן פון אַרבעט, פּרנסה און רייכטום פון אַ פלייסיקער באַפעלקערונג און דערמיט שאַפן עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פאַרן יידישן פאָלק, וואָס האָט אין דער גאַנצער וועלט נישט קיין באָדן. האָבן די

אַראַבער אין א״י, אויפן גרונד פון זייער זעלבסטבאַשטימונג אַ רעכט צו זאָגן: ניין, מיר ווילן די שעפערישע און באַפרוכפּערנדע אַרבעט נישט דערלויבן, ווייל דער ירדן און דער ים המלח איז אונזער פּריוואַט-אייגנטום? מיר ענט-פערן דערויף מיט אַ קלאָרן, אַנטשיידענעם און אַבסאָלוטן: נ יי ן!

נאָך אַ ביישפּיל: עס איז פאַראַן אין אייבערשטן גליל אַ באַוואַסערטע געגנט, וועלכע איז לויט איר נאַטור אימשטאַנד צו ווערן דאָס פּרוכבאַרסטע און רייכסטע ווינקל אין לאַנד, וועלכע איז אָבער איצט, צוליב היסטאָרישע אומשטענדן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם שרעקלעכסטן זומפּ אין לאַנד. דאָס איז דער עמק החולה. צענדליקער טויזנטער דונאַם ליגן וויסט און פאַרפּעס-טעט. די אַרומיקע קליינע באַפעלקערונג שמאַכטעט אין אָרימקייט און גייט אויס פון מאַלאַריע. אַ סירישער אַראַבער האָט נאָך פון טערקיי אַ קאָנצעסיע אויף דעם באָדן — וואָס איז רעגירונגס-לאַנד. די קאָנצעסיע ווערט נישט אויסגע-פירט — ווייל דער קאָנצעסיאָנער האָט נישט קיין אינטערעס און קיין מיטלען צו געזונט מאַכן דעם פּלאַץ. פּאַקטיש ווערט די קאָנצעסיע באַנוצט — סיי פון דער רעגירונג סיי פון קאָנצעסיאָנער צו שטערן דעם איינציקן כּוח, וואָס איז פאַראַן אין א״י, וואָס האָט ווילן, די מעגלעכקייט אָפּצושאַפן די קללה פון דעם פון דער נאַטור געבענטשטן פּלאַץ און צו פאַרוואַנדלען די זומפּן אין אַ בליענדן גן-עדן. מיר באַשטרייטן דידאָזיקע מיסברויכונגס-רעכט פון די פאַלשע בעלי-בתּים אין דער חולה.

עס זענען פאַראַן ברייטע געביטן אין א״י, וואָס זענען נישט באַזעצט און נישט באַאַרבעט, ווי צום ביישפּיל, דער נגב און גרויסע טיילן אין עבר הירדן. עס זענען פאַראַן זייער וויכטיקע, פון דער נאַטור זייער געבענטשטע געביטן, וואָס ווערן איצט פאַרשווענדעט אויף אַן אומוויסנדן אומפּראָדוקטיוון, יויבערישן וועג. אָנשטאָט צו דערנערן אויף אַ קולטורעלן ניוואָ אַ גרויסע באַפעלקערונג, האַלטן די שלעכט באַווירטשאַפטע לענדערייען אויס אַ קליינע נאַפעלקערונג אין דחקות און נויט. און ווידעראַמאָל באַשטרייטן מיר דאָס יעכט פון די אַראַבישע פּאָליטיקער — נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען עפּענ-ייס (ליידער פאַרטרעטן נאָך עפּענדיס די פאָלקס-מאַסן נישט נאָר אין א״י) — צו פאַרשליסן פאַר אונז די אומבאַאַרבעטע שטחים, וואָס די אַראַבישע באַפעל-קערונג קאָן נישט באַזעצן און נייטיקט זיך נישט אין זיי — אין נגב און עבר-הירדן, — און מיר באַשטרייטן אויך זייער רעכט צו פאַרמשפּטן א״י אויף אַ יעזשים פון אָרימקייט, אומוויסנקייט און רויב-ווירטשאַפט, ביי וועלכע אַ שטח לאַנד, וואָס קאָן מפרנס זיין ברחבות 100.000 פאַמיליעס, זאָל קוים אויסהאַלטן אין הונגער 10.000 פאַמיליעס.

מיר זאָגן אָפּ די אַראַבער, אַלץ איינס, ווער עס זאָל זיי נישט פאַרטרעטן און ווער עס זאָל נישט רעדן אין זייער נאָמען — דאָס רעכט אויף מיסברויכן מיטן לאַנד, וואָס פליסט אַרויס פון אייגנטום-רעכט. מיר באַשטרייטן בכלל דאָס אייגנטום-רעכט אויף אַ לאַנד. יעדע אַרבעטנדע גרופּע, יעדעס אַרבעטנדע פאָלק — און יעדעס פאָלק מוז זיין סוף-כּל-סוף אין זיין רוב מנין ורוב בנין אַן אַרבעטנ-דעס פאָלק, מיטן טרויעריקן אויסנאַם פון יידישן פאָלק, וואָס איז געצוואונגען

געוואָרן צו לעבן אין זיין מאָרהייט פון פאַרמיטלונג און האַנדל — יעדעס פאָלק האָט דאָס צו רעכט געניסן פון די פרוכט פון איר אַרבעט און פריי צו באַשטימען מיט די פּראָדוקטיוו־מיטלען, וואָס זי האָט געשאַפן און אַנטוויקלט. אָבער עס האָט נישט קיין רעכט צו באַרויבן אַנדערע פון דער זעלבער מעגלעכקייט און עס טאָר נישט פאַרשטעלן אַנדערע דעם וועג צו אַלעם דעם, וואָס איז געגעבן פריי פון דער נאַטור און איז נאָך נישט באַנוצט געוואָרן אויף אַ צוועקמעסיקן אופן פון די איינוואוינער פון לאַנד. מיר אָנערקענען נישט, צום ביישפּיל, דאָס מאָראַלישע רעכט פון 5 מיליאָן אויסטראַליער איינוואוינער צו פאַרשליסן דעם קאָנטינענט, וואָס קאָן דורך זיי אַליין נישט אויסגענוצט ווערן — פאַר די מאַסן מענטשן, וואָס זענען געצוואונגען צו זוכן נייע אַרבעטס־פעלדער. אויף דעם באַזירט זיך דאָס רעכט פון פרייער איינוואַנדערונג, פאַר וועלכער עס קעמפט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם. די איינציקע באַגרעניצונג, וואָס קאָן גע־מאַכט ווערן דעם איינוואַנדערונגס־רעכט איז — אַז די איינוואַנדערער דאַרפן נישט שעדיקן די לעגיטימע רעכט און אינטערעסן פון די פריערדיקע איינ־וואוינער פון לאַנד.

די פאַרלייקענונג פון אויסשליסלעכן אייגנטום־רעכט פון דער איצטיקער באַפעלקערונג אויפן לאַנד אַלס אַ גאַנצעס, הייסט פּאָליטיש — די פאַרלייקע־נונג פון סוווערינעטעט פון די אַראַבער אויף א״י. די אַראַבישע באַפעלקערונג אין א״י דאַרף האָבן די פולשטענדיקע זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט, דאָס הייסט, די רעכט צו באַשטימען אין אייגענעם רשות זייער אייגענעם גורל, אָבער נישט דעם גורל פון גאַנצן לאַנד, וואָס איז נישט אידענטיש מיט זייער עקזיס־טענץ און מיט זייער אַרבעט.

אונזער רעכט — וואָס קאָן אויסגעאיבט ווערן נאָר דורך אַרבעט — צו בויען די חורבות פון לאַנד, צו רעאַליזירן אירע פאַרבאָרגענע ווירטשאַפטלע־כע מעגלעכקייטן, וואָס זענען ביז איצט נישט אויסגענוצט געוואָרן, איז נישט אָפּהענגיק דערפון, צי די אַראַבער זענען דערצו מסכים אָדער נישט. דאָס איז **אונזער** רעכט און אויך אונזער רעכט קאָן נישט ווערן באַדינגט מיט דעם ווילן און הסכם פון אַנדערע. און מיר וועלן זיין קעגן יעדן רעזשים, וואָס וועט אונז שטעלן אין אַזאַ לאַגע אין א״י, אַז אונזער רעכט זאָל זיין אָפּהענ־גיק אויסשליסלעך פון דעם ווילן און הסכם פון דער איצטיקער באַפעלקערונג פון א״י.

דאָס זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון די אַראַבער אין א״י דאַרף נישט איבערשרייטן די גרענעצן פון איר אינערלעכער באַרעכטיקונג און טאָר נישט באַנוצט ווערן, אַלס טאָרמאָז, פאַר דער אויסאיבונג פון די רעכט פון יידישן פאָלק. פון דער אַנדערער זייט — טאָרן נישט די יידן אין א״י שע־דיקן אין זייער אַרבעט די אַראַבער אָדער פאַרלעצן זייערע רעכט און אינטע־רעסן, און דעריבער האַלטן מיר, אַז עס איז נייטיק אין א״י אַ העכערע מאַכט, וואָס זאָל אָפּהיטן די רעכט פון יידישן פאָלק און די אינטערעסן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין א״י. די העכערע מאַכט דאַרף ווירקן נישט אין אירע אייגענע אינטערעסן, נאָר שיצן ערלעך די קעגנזייטיקע רעכט

פון די צוויי שותפים אין לאַנד אין נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער מענטשהייט.

מען קאָן דערויף ענטפערן: דער ממונה טויג נישט, דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַן, וואָס האָט דעם ממונה באַשטימט — איז נישט וואַכזאַם אָדער פאַרטרויענסווערט, און איך גיב צו, אַז עס איז נישט שווער צו באַווייזן די חסרונות פון ביידע — סיי פון ממונה און סיי פון ממנה. און גלייבט מיר, אַז איך וואָלט אויך געוואָלט, אַז די איצטיקע פעלקער־ליגע זאָל זיין באמת אַ וועלט־ליגע פון פרייע און גלייכע אַרבעטנדע פעלקער, אַז אָנשטאָט דעם איצטיקן אימפעריאַלן ענגלאַנד — זאָל זיין אַן אמתע סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג פון גלייכגעשטעלטע פעלקער. אָבער — מיר לעבן אין אַן אָרדנונג, קעגן וועלכער מיר קעמפן — מיר זאָגן זיך אָבער נישט אָפּ דערווייל, ביז דער נייער אָרדנונג, פון אונזער עקזיסטענץ. מיר טראָגן נישט די אחריות פאַר דער עקזיסטירנדער אָרדנונג, פאַר דער וועלט אַזוי, ווי זי איז איצט אָרגאַניזירט. אָבער מיר ווילן א י צ ט, אין אונזער עפּאָכע, לעבן און שאַפן, מיר קאָנען נישט און ווילן נישט וואַרטן, ביז די גאַנצע וועלט וועט איבערגעבויט ווערן און ביז די גאַנצע מענטשהייט וועט רעאָרגאַניזירט און רעפאָרמירט ווערן און ס׳וועט געשאַפן ווערן דער העכער וועלט־טריבונאַל, וואָס וועט פאַרקערפערן אין זיך די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט און ערשט דאַן קומען צו אים מיט אונזער וועקסל. מיר אַקצעפּטירן נישט די היינטיקע ווירקלעכקייט — אָבער מיר זענען געצוואונגען אין דער היינטיקער, זינדיקער ווירקלעכקייט דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צו פרייערע אַרבעטס־מעגלעכקייטן, צו אַ געזונטערער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, צו אַן אייגענעם באָדן אונטער אונזערע פיס, און מיר מוזן באַנוצן די געגעבענע שאַנסן — זייער ווייט נישט אידעאַלע, — בכדי צו פאַרהיטן און גאַראַנטירן אונזער רעכט און אונזער עקזיסטענץ אין א״י, ביז די הילף פון אַן אויסערלעכן כוח וועט ווערן אומנייטיק אַ דאַנק אונזער וואוקס, וואָס וועט פאַרשנעלערן די פאַרשטענדיקונג און האַרמאָניע פון יידן און אַראַבער, און וועט זיי אַוועקשטעלן אויף אַ זיכערן יסוד.

מיר באַרעכטיקן דערפאַר פרינציפּיעל דעם מאַנדאַט אויף א״י. ער איז נייטיק אין די אינטערסן פון יידישן פאָלק און פון די אַראַבער. עס איז אָבער נייטיק, אַז דער רעזשים אין א״י זאָל קאָרעגירט ווערן אין צוויי ריכטונגען: אין שאַפן אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן פאַרווירקלעכן דאָס זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון אַלע גרופּן אין א״י פון איין זייט, און פעסטשטעלן די נייטיקע גאַראַנטיעס, וואָס זאָלן פאַרזיכערן דעם אויפבוי פון דער „נאַציאָנאַלער היים“ פון דער צווייטער זייט. עס קאָן נישט זיין די אויפגאַבע פון דעם היינטיקן קאָנגרעס אַריינצוגיין אין די איינצלהייטן פון די נייטיקע ענדערונגען און באַשטימען קאָנקרעט די פאָרמען פון מלוכה־לעבן אין ארץ־ישראל, און דערפאַר באַנוגן איך זיך דאָ איצט נאָר מיט הויפּט־ריכטליניעס, וואָס אונזער באַוועגונג דאַרף אָננעמען אין דער פראַגע פון פּאָליטישן רעזשים אין ארץ־ישראל.

און איצט די צווייטע פראַגע — די אַרבעטער־פראַגע.

דער יידישער אַרבעטער אין א״י האָט זיך צוערשט אָנגעשטויסן אָן

דער אַראַבער-פראַגע אין געשטאַלט פון אַראַבישן אַרבעטער, וועלכער האָט מיט זיין ביליקייט און זיינע גאָר פרימיטיווע פאָדערונגען פון לעבן געמאַכט כמעט אוממעגלעך די אַרבעט פון יידישן אַרבעטער. די פראַגע האָט זיך גלייך אַוועקגעשטעלט: איז מעגלעך אין א"י אַ יידישער אַרבעטער — אַן אָרגאַני-זירטער, קולטורעלער, אייראָפּעאישער אַרבעטער, — ווען אין לאַנד און אין די אַרומיקע לענדער איז פאַראַן אַן אומאויסשעפּלעכער רעזערוואואַר פון נישט אָרגאַניזירטע ביליקע אַראַבישע אַרבעטער? באַקענענדיק זיך מער מיט דער ווירקלעכקייט פון א"י האָבן מיר געזען, אַז די פראַגע איז פיל שווערער, ערנסטער און קאָמפּליצירטער.

דאָס אַראַבישע פּראָבלעם האָט זיך פאַר אונז אַוועקגעשטעלט — סאָ-ציאַל-עקאָנאָמיש ווי נאַציאָנאַל-פּאָליטיש — אין אַ דאָפּלטער געשטאַלט: פון איין זייט — אַ סכנה און אַ דראָונג. פון דער אַנדערער — אַן אויפפאָדערונג און פאַרפליכטונג. און מיר האָבן געמוזט און מוזן נאָך איצט זעען קלאָר די צוויי פּנימער פון דעם שווערן פּראָבלעם.

די עקזיסטענץ פון אַ 700.000-דיקן אַראַבישן ישוב אין א"י, און דער פאַקט, אַז א"י איז אין אַ געוויסן זין נאָר אַ קליינער ברוכטייל פון אַ גרויסן אַראַבישן בלאָק, שטעלט מיט זיך פאָר זייער אַן ערנסטע סכנה און דראָונג פאַר אונזער אַרבעט אין א"י. קודם-כל אַ סכנה אין איינפאַכן פיזישן זין, אַ סכנה פאַר אונזער עקזיסטענץ פשוטו כמשמעו. פון דעם ערשטן טאָג, וואָס מיר זענען געקומען קיין ארץ-ישראל, האָבן מיר געוואוסט, אַז די עלעמענ-טאַרסטע זאַך, וואָס שיינט פאַר אייך אַלעמען אין אייראָפּע אַלס פאָרויסגעגעבן, ווי אַ נאַטירלעכע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט — פעלט אין א"י. איך מיין די מינימאַלע זיכערקייט פון מענטשלעכן לעבן, כבוד און פאַרמעגן. איר אין אייראָפּע פאַרטראַכט זיך קיינמאָל נישט, פונוואַנען נעמט זיך די זיכערקייט און ווי אַזוי זי ווערט געשאַפן, פונקט ווי אַ מענטש פילט קיינמאָל נישט אַ גע-זונטן אבר. מיר אָבער, אין ארץ-ישראל, האָבן פון דעם ערשטן טאָג געהאַט דאָס באַוואוסטיין, אַז פון אונז אַליין הענגט אָפּ צו באַשיצן אונזער לעבן, אונזער כבוד. מיר זענען געקומען אין אַ לאַנד, אויף וועלכן דער מדבר האָט נאָך אַ געוואַלטיקע שליטה. געאָגראַפיש גענומען איז א"י נישט מער, ווי אַן אָאַזיס, אַרומגערינגלט פון דריי זייטן — פון דרום, פון מזרח און צו דרום-מזרח-זייט — מיט מדבריות, אין וועלכע עס וואַנדערן עד-היום נאָמאַדן-שבטים, בעדואינער, וואָס לעבן פון דער שווערד, פירן צווישן זיך מלחמות און האַלטן זיך ביים מנהג פון גאולת-הדם. אויך די איינגעזעסענע באַפעלקערונג אין א"י, די פעלאַכ, זענען נישט זייער ווייט אַוועק פון די מדבר-מנהגים, און דער כוח פון דער טערקישער רעגירונג איז געווען צו שוואַך, דער גאַנצער רעזשים צו פאַרפוילט, כדי מיר זאָלן זיך פילן זיכער און באַשיצט אין די קליינע און פאַראיינצלטע יידישע ישובים, וואָס מיר האָבן געפונען אין לאַנד. מיר האָבן נישט געקאָנט משלים זיין מיט דעם אויסוועג, וואָס אונזערע פאָרגענגער האָבן געפונען — געדונגענע שומרים פון רויבערישע שבטים, טשערקעסן אָדער מוגראַבער (מאַראָקאַנער אַראַבער) זאָלן היטן די קאָלאָניעס, און עס איז געווען

איינע פון די שטאַלצסטע אויפגאַבן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין דער צווייטער עליה — צו שאַפן אַ יידישן שוק, נישט די זעלבסטשוץ, וואָס מען האָט געשאַפן, למשל, אין רוסלאַנד אין אומרואיקע מאָמענטן — נאָר אַ פערמאַנענטע שוץ־קראַפט, אַלס באַגלייט־דערשיינונג פון אונזער טאָג־טעגלע־כער אַרבעט.

און נאָך איין דראָונג האָט פאַר אונז באַדייט דער אַראַבישער ישוב — אַ קולטורעלע און ווירטשאַפטלעכע סכנה, נישט ווייניקער ערנסט און טראַגיש ווי די ערשטע. אַ סכנה פון אַסימילאַציע און פאַרמיטלעריי. מיר, וואָס זענען מיט אַלע רמ״ח אברים פאַרבונדן און איינגעוואָרצלט אין א״י, וועמענס לעבן און האָפ־נונגען האָבן זיך אינגאַנצן, אָן שום תנאי און אָן שום רעזערוו, צוזאַמענגע־גאָסן מיטן שיקזאַל פון לאַנד, מיר מוזן דערקלערן און וואָרענען דאָס יידישע פאָלק: די גאַנצע געשיכטלעכע גלאָריע פון א״י, דער גאַנצער כוח פון אירע היסטאָרישע טראַדיציעס — און איך קאָן פאַרזיכערן ה׳ ערעם, אַז ווען נישט די געשיכטע אונזערע אין א״י, וואָלט נישט נאָר איך, נאָך אויך ער נישט גע־קומען אַהין — וועט נישט ראַטעווען די יידן אויך אין א״י פון דעם אומפאַר־מיידלעכן שיקזאַל, וואָס האָט זיי נאָכגעיאָגט אין אַלע גלות־לענדער — צוצו־פאַסן זיך צו דער אַרומיקער באַפעלקערונג און ווערן אירע משרתים אין אַלע באַציאונגען, — סיידן מיר וועלן ווערן אין א״י אַזאַ אומאָפּהענגיקער און זעלבשטענדיקער גרויסער כוח — נישט נאָר באיכות, נאָר אויך און בעיקר בכמות — וואָס זאָל ראַדיקאַל און ענדגילטיק ענדערן אונזער נאַציאָנאַלע שטעלונג און מאַכן אונז צו די הערשער פון אונזער אייגענעם שיקזאַל. א״י אַן און פאַר זיך איז נישט קיין קמיע, וואָס וועט אונז אָפּהיטן פון אַסימילאַ־ציע. וועלן מיר בלייבן אין א״י די זעלבע מינאָריטעט ווי מיר זענען עס אין אַלע גלות־לענדער, וועלן מיר בשום אופן נישט אויסמיידן די קללה, וואָס הענגט איבער אונז אין גלות. אויך א״י וועט ווערן פאַר אונז אַ ניי גלות־לאַנד, און קיין פאַרגאַנגענהייט וועט אונז נישט העלפן. און די געפאַר איז נישט נאָר אַ קולטורעלע, נאָר אויך אַ ווירטשאַפטלעכע. אָן אַ גרויסן יידישן אַרבעטנדן ישוב — וועלן מיר אויך אין א״י פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קלאַס פון פאַרמיטלער, לופט־מענטשן, סוחרים, פעדלער, ווי עס געשעט פאַר אונ־זערע אויגן אין אַן אַנדער איינוואַנדערונגס־לאַנד — אין אַמעריקע. אמת, א״י איז קליין און אָרים, און עס האָט נישט קיין סך פּלאַץ פאַר אַ סך נייע פאַרמיטלער — אָבער ארץ־ישראל האָט אַ גרויס הינטערלאַנד. א״י איז שוין די־רעקט פאַרבונדן, דורך יבשה, ים און לופט מיטן אייראָפּעאישן און אַפריקאַ־נישן קאָנטינענט, אין עטלעכע יאָר אַרום וועט א״י זיין פאַרבונדן מיט אַ באַן קיין באַגדאַד, און פון דאָרט מיט אַלע פאָדער־און מיטל־אַזיאַטישע לענ־דער, און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די יידן אין א״י, מיט זייערע פעאיקייטן צו שפּראַכן, מיט זייער באַוועגלעכקייט און צופּאַסונגס־קראַפט, וועלן זיך אַ לאָז טון אין די אַלע אַרומיקע לענדער אַלס קאָמיוואָיאַזשאָרן און פעדלער, — סיידן עס וועט אַנטשטיין אין א״י אַ גרויסער צאָלרייכער יידי־שער ישוב, פאַרוואָרצלט אין דער ערד און באַשעפטיקט אין אַלע צווייגן פון

ערד־אַרבעט, אינדוסטריע און מלאכה. אַ קליינער ישוב וועט נישט אויסהאַלטן דעם אומגעהייערן דרוק — פּאָליטישן, קולטורעלן און עקאָנאָמישן — פֿון די אַראַבער אין א״י און די אַרומיקע לענדער.

דאָס איז די דראָונג פֿון דעם, וואָס מען רופֿט אַראַבער־פֿראַגע. די פֿראַגע האָט אָבער נאָך איין זייט.

מיר קערן זיך אום אין א״י אין אַ צייט, ווען די אָרטיקע אַראַבישע באַפֿעלקערונג איז אָרים, דערשלאָגן, קולטורלאָז. מיר טראָגן אַריין אין א״י דאָס לעצטע וואָרט פֿון מענטשלעכער קולטור, טעכניש און סאָציאַל; אַנדערש קאָנען מיר נישט בויען א״י. מיט טאָרן אָבער נישט צולאָזן, נישט מ׳ראַליש און נישט עקאָנאָמיש, אַז אין לאַנד זאָל אויף דער דויער בלייבן שטיין דער טרויעריקער אונטערשיד צווישן די צוויי לעבנס־אַרטן, פֿאַר וועלכן מיר זענען נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך, אָבער פֿון וואָס מיר וועלן ליידן: פֿון איין זייט אַרבעטער־ישובים, איינגעריכטעט לויטן לעצטן וואָרט פֿון דער מאָדערנער ווירטשאַפֿט — און פֿון דער אַנדערער זייט די נויטליידנדע פֿאַראָרימטע אַראַבישע דערפֿער. דאָ זאָלן געבויט ווערן שטאָלן, וואָס וואָלטן פֿאַר אונזערע אורעלטערן אין א״י געשיינט, ווי קעניגלעכע פּאַלאַצן — און דאָרט די אַראַבישע חושעס, אָן לופֿט און ליכט, שמוציק און ענג, אין וועלכע עס וואַלגערן זיך די גאַנצע פֿעלאַכישע פֿאַמיליע מיט די עופֿות און אייזלען און ציגן צוזאַמען, וואוינונגען, וואָס זענען אַן אומגליק און אַ חרפּה, נישט נאָר פֿאַר מענטשלעכע באַשעפֿענישן, נאָר אפֿילו פֿאַר חיות און בהמות.

עס איז אומדערלאָזבאַר, אַז אַזאַ טיפֿער אונטערשיד זאָל אויף דער דויער עקזיסטירן צווישן נאָענטע שכנים, און עס איז אונזער היסטאָרישע פֿליכט צו העלפֿן די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן אויפֿהייבן זיך צו דעם זעלבן ניוואָ, אויף וועלכן מיר שטייען.

מיר טאָרן נישט שאַפֿן קיין אילוזיעס און איבערלאָזן דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ לייכטע אויפֿגאַבע און אַז דאָס קאָן געשען אין אַ קורצער צייט. דער אָפּגרונט פֿון צוויי וועלטן וועט איבערנאַכט נישט פֿאַרשאָטן ווערן. אַז מיר זאָלן קאָנען די אויפֿגאַבע דערפֿילן — דאַרפֿן מיר צוערשט ווערן אַ „מיר“ אין א״י. דער „מיר“, וואָס געפֿינט זיך אין וואַרשע, לעמבערג, ניו־יאָרק און ווין, וועט דאָס נישט מאַכן. די גרויסע ענדערונג אין לעבנסשטייגער, קולטורעלן און ווירטשאַפֿטלעכן ניוואָ פֿון די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן אין דאָרף און אין שטאָט — קאָן נישט געמאַכט ווערן דורך פּראָקלאַמאַציעס און אַגיטאַציע־רעדעס פֿון אַ געשיקטער גרופּע אַגיטאַטאָרן, ווי דאָס שטעלן זיך פֿאָר אונזערע „לינקע“. אַז מיר, יידישע אַרבעטער, זאָלן ווירקלעך קאָנען מיטהעלפֿן צו גרויסע רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין דעם לעבן פֿון די אַראַבישע מאַסן, מוזן מיר ווערן אַ גרויסער קאָלאָניזאַטאָרישער כּוח. עס איז נישט גענוג צו פּרעדיקן דעם פֿעלאַך ער זאָל נישט וואוינען צוזאַמען מיט דער ציג אין איין שטוב. מען דאַרף ווייזן מיט לעבעדיקע ביישפּילן אַ ניי אַרבעטס־לעבן און מען דאַרף שאַפֿן דעם נייעם ווירטשאַפֿטלעכן און סאָציאַלן כּוח, וואָס זאָל מיט זיין אייגענער עקזיסטענץ און דירעקטער ווירקונג רעוואָלוציאָ־

ניזירן דאָס לאַנד. דאָס הייסט נישט, אַז מיר מעגן — ביז מיר ווערן אַזאַ כּוח — זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און באַציען זיך גלייכגילטיק צו דער אָרימקייט און דערשלאָגנקייט פון די אַראַבישע מאַסן. מיר מוזן שוין איצט טון — פּאָליטיש און ווירטשאַפטלעך — וואָס עס איז אין אונזער מאַכט, צו העלפן דעם אויפשטייג פון אַראַבישן פויער און אַרבעטער, דאָס איז נישט נאָר אונזער מאָראַלישער חוב — דאָס איז אונזער לעבנס-אינטערעס.

אונזער באַציאונג צו די אַראַבער קאָן נישט באַשטימט ווערן פון דער באַציאונג פון די אַראַבער צו אונז. אין דער שאַפונג פון אַ פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט צווישן יידן אין אַראַבער — דאַרפן מיר טון אונזער חלק, גאַנץ אומאָפּהענגיק דערפון, צי די אַראַבער טוען פאָרלויפיק זייער חלק. אויב אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די ביידע פעלקער וועט פאָרקומען — און זי מוז פאָרקומען — מוז עס צוערשט קומען פון אונז.

די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט דאָס שוין לאַנג איינגעזען און האָט פאַר די לעצטע 10 יאָר געמאַכט פאַר־שידענע פּרוּוון אויף דעם וועג. נישט אַלע פּרוּוון האָבן זיך איינגעגעבן ; עס האָבן זיך אַרויסגעשטעלט גרעסערע שוועריקייטן, ווי מיר האָבן געדענקט. אָבער מיר האָבן נישט קיין יסוד זיך מתיאש צו זיין, מיר האָבן די זיכערקייט, אַז מיט דעם וואוקס פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג וועלן אויך וואַקסן אונזערע מעגלעכקייטן צו דערהייבן און באַאיינפלוסן דאָס לעבן און באַוואוסטזיין פון די אַראַבישע מאַסן, און פריער פון אַלץ די אַראַבישע אַרבעטער.

עס איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו דיסקוטירן וועגן די אָרגאַניזיר-פאָרמען פון די אַראַבישע אַרבעטער. צי זאָל דער אַראַבישער אַרבעטער אָרגאַניזירט ווערן אין די זעלבע ראַמען, אויף די זעלבע יסודות, מיט דעם זעלבן אָפּצאָל, ווי די יידישע אַרבעטער, אָדער דאַרף די אָרגאַניזאַציע פון די אַראַבישע אַרבעטער זיין צוגעפּאַסט צו זיין מענטאַליטעט, באַדערפענישן, געוואוינקייטן, נייגונגען, פּונקט ווי די אָרגאַניזאַציע-פאָרמען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט זענען אַ פּועל־יוצא פון אירע ספּעציפישע צרכים, פעאיקייטן און אויפגאַבן. די הסתדרות שליסט איין אין זיך אַלע באַדערפענישן און שטרעבונגען פון יידישן אַרבעטער, אַלס אַרבעטער, מענטש, בירגער, ייד, ציוניסט, סאָציאַליסט, קולטור-מענטש. עס איז דערפאַר איינע פון די קאָמפּליצירטסטע און אייגנאַרטיקסטע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט. אויך דער אַראַבישער אַרבעטער איז נישט נאָר אַן אַרבעטער. ער איז אויך אַ בירגער, אַ קינד פון זיין פאָלק, און פּונקט ווי מיר האָבן זיך נישט קינסטלעך צעטיילט אויף אַרבעטער און ייד. אַזוי ווילן מיר אויך נישט, אַז דער אַראַבישער אַרבעטער זאָל זיך דאַרפן אינערלעך שפּאַלטן. אָבער דער אַראַבישער אַרבעטער איז פיל פּרימיטיווער, רויער, ווי דער יידישער, און עס איז אוממעגלעך אַריינצולייגן זיי ביידע מיט געוואַלט אין איין סדום-בעטל, וואָס וועט פאַר איינעם בהכרח זיין צו קורץ און פאַר דעם צווייטן צו לאַנג. עס מוז געפינען ווערן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צוזאַמענבונד צווישן יידישן און אַראַבישן אַרבעטער, וואָס זאָל נישט פאַרלעצן די לעבנס-באַדערפענישן פון דעם אָדער יענעם און

זאָל נישט קינסטלעך פאַרטושן די טיפע פאַרשידנקייטן — גאַרנישט צייטווייִ־ליקע — די אויפגאַבן און באַדערפענישן פון איינעם און צווייטן. פּונקט ווי דער יידישער אַרבעטער דאַרף נישט ווערן קיין מיטל פאַרן אַראַבישן, אַזוי אויך טאָר דער אַראַבישער אַרבעטער נישט ווערן קיין מיטל פאַר אונז. אַלס גלייכווערטיקע גרופּן, מיט דעם פולן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און אינ־האַלט פון יעדן איינעם, דאַרפן זיי צוזאַמען ווירקן און קעמפן פאַר אַ שותפותע צוקונפט.

און צום שלוס:

פאַראַן אַ יידישע אַרבעטערשאַפט, וואָס זעט מיט אָפענע אויגן די עקזיסטענץ פון אַראַבישן פאָלק, און גלייבט, אַז יידן קאָנען און וועלן ווערן דער כּוח, וועלכער וועט זיין ביכולת צו טראָגן די אחריות פאַרן גורל פון דעם קליינעם וועלט־טייל, וואָס רופט זיך ארץ־ישראל. אין דעם ליכט פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו פילט די יידישע אַרבעטערשאַפט איר פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט כלפּי די אַראַבישע מאַסן, און אין דער פולער מאָס פון אירע כּוחות וועט זי העלפן צו דעם סאָציאַלן, קולטורעלן און ווירטשאַפט־לעכן אויפשטייג פון אַראַבישן פאָלק אין ארץ־ישראל (שטאַרקע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

י. שפּרינצאַק (פּאָרזיצער): מיר וועלן איצט ווייטער פירן די גענע־ראַל־דעבאַטע, דאָס וואָרט האָט ח״

יוליוס קאַליסקי (דייטשלאַנד):

די לעבעדיקע און באַרעכטיקטע דעקלאַראַציע פון דער זעלבסטדערהאַל־טונג פון יידישן פאָלק, וועלכע איך האָב נאָר־וואָס געהערט, איז פאַר אונז — פאַר מיינע נאָענטע פּאָליטישע פריינט אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און פאַר מיר — אַ האָפנונגס־שטראַל אין דער טונקלקייט פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז גע־וועזן אין בערלין פייזול, דער קעניג פון איראַק, און די דייטשע פּרעסע האָט אים באַגריסט אַלס קלוגן און מאָדערנעם מאַן, מאָדערן, ווייל ער איז אַהער־געקומען אָפּשליסן נאַפט־געשעפטן. וואָס, מיינט איר, וואָלטן די יידישע רעדאַק־טאָרן פון די דייטשע צייטונגען געשריבן, ווען דער פּרעזידענט פון דער יידישער מלוכה וואָלט געמאַכט אַ באַזוך אין בערלין אויף אָפּשליסן נאַפט־געשעפטן? די נישט־יידישע רעדאַקטאָרן וואָלטן שוין אויסגעאַרבעט אַן אונ־טערשיד צווישן הענדלערטום און העלדנטום. ביי דער געלעגנהייט האָט מען געקאָנט לעזן, אַז פייזול הערשט איבער אַ מלוכה די גרויס, ווי איטאַליע, און עס וואוינען אָבער נאָר דריי מיליאָן מענטשן. און אינם טאָג, ווען מען האָט וועגן דעם געשריבן, איז צו מיר געקומען אַ דייטש, וועלכער האָט פיל יאָרן געאַרבעט קאָלאָניזאַטאָריש אין אַפריקע און האָט מיך געפרעגט: „פאַרוואָס זענען זיך די יידן מתווכח איבער דעם, ווי מען זאָל שאַפן אין ארץ־ישראל פּלאַץ פאַר מיליאָנען יידן, וועלכע דאָס לאַנד זאָל אין דער צוקונפט קאָנען אויפנעמען, קודם־כל שאַפט דאָך די העכערע ווירטשאַפטס־קולטור, וועלכע די

יידן ברענגען אַריין. מער פּלאַץ; אויב אָבער די ענגלענדער זאָגן אייך, אַז די אַראַבער ווילן אַרבעטן דווקא עקסטענסיוו און האָבן דערפאַר מורא, אַז זיי וועלן דערויף שפּעטער נישט האָבן קיין פּלאַץ, דאַן איז עס דאָך נישט קיין שום פאַרלעגנהייט, ווייל די אַראַבער האָבן פאַר זיך אַ וועלט, וועלכע איז פּוסט און וויסט און רופט נאָך אַרבעט״

האָט נישט פּאַראיבל, אויב איך זאָג, אַז לעזנדיק אין די לעצטע חדשים די ציוניסטישע פּרעסע האָט מען דאָס געפיל, אַז די אויפגאַבע פון יידישן פאָלק איז קודם־כל מיטצוהעלפן דער הייבונג פון דער אַראַבישער קולטור און ווירטשאַפט.

מיר זעען אין דער לעצטער צייט, אַז עס קומען פאָר איבערוואַנדערונגען פון גרויסע פאָלקס־מאַסן. גראָד די טעג האָבן מיר געזען, ווי דייטשע פויערים־מאַסן זענען, נאָך אַ הונדערטיעריקן איופּנטהאַלט, צוריקגעקומען פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד; שוועדישע פויערים אַנטלויפן פון באָלשעוויסטישן גהינום, פונם לאַנד פון זייער אַמאָליקער איינוואַנדערונג מיר זעען ווי מען האָט אין מאַסן צוריקגעצויגן גריכן פון דער טערקיי, — פאַרוואָס זאָלן בכן אַראַבער, וועלכע האָבן עווענטועל נישט קיין פּלאַץ פאַר עקסטענסיווער ווירטשאַפט אין ארץ־ישראל, נישט זוכן קיין פּלאַץ ביי זייערע נאָענטסטע שטאַם־חברים אין איראַק, אָדער אין אַן אַנדערער מלוכה פון דער גרויסער אַראַביע. זיי וועלן עס געפינען. וואוהין זאָלן אָבער גיין די יידן אויב נישט קיין ארץ־ישראל? נישט נאָר אויפן יסוד פון זייערע היסטאָרישע רעכט, אָבער אויפן יסוד פון זייערע באַזונדערע לייסטונגען, רעכנענדיק זין מיטן פאַקט, וואָס זיי מאַכן פרוכטבאַר דעם באָדן, וועלכער איז פאַרדאַרט געוואָרן, אונטער די פיס פון די אַראַבער.

ווען די יידן האָבן ווידער געהאַט די מעגלעכקייט צו איבערנעמען די פּאָליטיק פון זייער פאָלק, האָט די וועלט דערוואַרט פון זיי אַ גרויסע און קלוגע פּאָליטיק מען האָט נאָר נישט געגלייבט, אַז די יידן זענען דערוואַקסן צו קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט, און גראָד דאָס, איבער וואָס מען האָט געספּקט, האָבן די יידן פאַרווירקלעכט, אָבער ביז איצט האָבן זיי, ליידער נישט געפונען די גרויסע און קלוגע פּאָליטיק, וועלכע מען האָט פון זיי דערוואַרט. ווען ענגלאַנד האָט באַזעצט ארץ־ישראל און האָט שפּעטער איבערגענומען דעם מאַנדאַט, האָט צו זיין ערשטער אויפגאַבע געהערט איבערצוגעבן דאָס לאַנד פאַר דער מאַסן־איינוואַנדערונג פון די יידן. ארץ־ישראל איז פאַר גרויסבריטאַניע אַ וועלט־פּאָליטיש־מיליטערישער פּונקט. ענגלאַנד האַנדלט נישט צוליב פּראָ־אַראַבישע אָדער אַנטי־יידישע מאָטיוון, נאָר צוליב פּראַקטישע טעמים. ווי שטאַרק עס איז די קאָנטינואיטעט פון דער בריטישער פּאָליטיק, קאָנט איר זעען דערפון, אַז די לייבאָר־פּאַרטיי פאַרשליסט ארץ־ישראל פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

עס זאָל נישט זיין קיין פאָרוואורף, נאָר אַ פעסטשטעלונג פאַר אונזער קינפטיקער פּאָליטיק. ווען איך דערמאַן אייך אָן דעם, אַז די לייטונג פון דער ציוניסטישער אַרגאַניזאַציע האָט געדעקט די שטרעבונג פון דער ענגלישער

מאַכט צו שאַפֿן פֿאַרצוימונגען פֿאַר דער יידישער איינוואַנדערונג. זי האָט עס זיכער נישט געטון מיט דער כּוונה צו דערווייטערן יידן פֿון ארץ־ישראל. נאָר אונטער דער השפּעה פֿון ענגלישע עצות און מכּלומרשטער טובה פֿאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע. די טובה זאָל באַשטיין אין דעם, אַז אין לאַנד זאָל אין קיין פֿאַל נישט זיין צו פֿיל יידן, ווייל דאָס וועט נישט מיטהעלפֿן דער יידישער קאָלאָניזאַציע. אָן דער הסכּמה פֿון די יידן, וואָלט דאָס שליסן ארץ־ישראל פֿאַר דער יידישער איינוואַנדערונג קיינמאָל זיך נישט איינגעגעבן. דאָס טאָר זיך נישט איבערחזרן. ערשט ווען די יידישע איינוואַנדערונג איז אומבאַשרענקט, און אין קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט איז געלייסטעט דאָס אָפּטימום, דאַן ערשט לאָזט זיך בכלל רעדן פֿון אַ יידישער מינדערהייט. דער איצטיקער מצב איז קינסטלעך אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף די יידן דורכן צוואַנגס־מיטלען.

די ענגלישע אימפּעריע האָט געפֿונען אין די באָלשעוויקעס פֿאַרבינדעטע אינם שווערער מאַכן און איינצוימען די יידישע שאַפֿונג אין ארץ־ישראל. לעצטנס האָט איינער, ש ל י י כ ע ר , פֿאַרעפֿנטלעכט אין זער צייטשריפֿט „אַגראַר־פּראָבלעמען", וועלכע דער אינטערנאַציאָנאַלער אַגראַר־אינסטיטוט אין מאָסקווע גיט אַרויס אין בערלין, אַן אָפּהאַנדלונג, וואו ער אַנטוויקלט די לחלוטן אומבאַגרינדעטע און ליגנערישע באַהויפּטונג, אַז די יידן, אַלס װערק־צייג פֿון ענגלישן אימפּעריאַליזם, עקספּלואַטירן אין ארץ־ישראל די פֿעלאַכן. דערביי שרייבט ער פֿאַררופֿנדיק זיך שטענדיק אויף לענינען (?), אַז די יידי־שע קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעטן אין ארץ־ישראל באַדייטן אַן אַדורכפֿאַל אין פֿאַרגלייך מיט דער קאָלאָניזאַציע אין באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, וועלכע ווערט אָנגעגעבן אַלס גלענצנד. פֿאַרן אַראַבישן אויפֿשטאַנד קעגן ווערלאָזע יידן דריקט ער אויס זיין אומבאַגרעניצטע סימפּאַטיע, אונטערן דעקמאַנטל פֿונם שוץ פֿון די פֿעלאַכישע מאַסן.

דאָס יידישע פֿאָלק טרייבט נישט קיין פּאָליטיק קעגן וועלכער עס איז אַנדערער נאַציע. עס טרייבט אַ פּראָ־יידישע פּאָליטיק און אונטערשטיצט אַלץ, וואָס אַנטשפּרעכט זיינע פּאָליטישע אינטערעסן. דאָס יידישע פֿאָלק דאַרף זיך נישט מאַכן קליין און נישטיק אין אינטערעס פֿון אַנדערע פֿעלקער, וועלכע באַזיצן אַלץ. דאָס פֿאָלק דאַרף איינזען אין בריטישן מאַנדאַט דאָס, וואָס עס איז אין דער אמתן אַן אינסטרומענט פֿון בריטישער מאַכט. מען האָט עס גע־האַלטן פֿאַר קאָמיש, ווען אַ יידישע צייטונג האָט פֿאָרגעשלאָגן, צו איבערגעבן דעם ארץ־ישראל־מאַנדאַט פּוילן, ווייל אין פּוילן זיצן די מאַסן, וועלכע שטרעבן קיין ארץ־ישראל. אין פּרינציפּ איז דערדאָזיקער פֿאָרשלאַג געווען דורכאויס ריכטיק. די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער קומען נישט אין באַטראַכט פֿאַר אַן אויס־וואַנדערונג פֿון זייער יידישער באַפֿעלקערונג קיין ארץ־ישראל. די קאָנטינענ־טאַלע לענדער, די לענדער פֿונם אייראָפּעאישן קאָנטינענט און ענדלעך רוס־לאַנד האָבן דאַקעגן יידישע מאַסן, וועלכע וואַרטן אויפֿן טאָג, ווען זיי וועלן גיין קיין ארץ־ישראל און אָנטייל נעמען אינם יידישן אויפֿבוי. די פֿעלקער פֿונם אייראָפּעאישן קאָנטינענט, וואָס קומען אין באַטראַכט, שטייען אין

אין אַן ענגער פּאָליטישער באַציאונג מיט פראַנקרייך, וועלכע איז די קאָטוילישע פּראָמאַכט אין אַזיע. דאָ האָט איר אַ גרופּע פון קאָנטינענטאַל־אייראָפּעאישע מלוכות און פעלקער, וועלכע זענען אין אַ באַדייטנדן טייל אַליין פאַראינטע־רעסירט אין דער אָפּאַנדערונג פון יידן קיין ארץ־ישראל, נישט האָבנדיק די אויפגאַבן, וועלכע גרויס־בריטאַניע פאַרפאָלגט אין ארץ־ישראל. אַלס יידן, דאַרפן מיר זיך דערמאָנען וועגן דעם, אַז מיר שטאַמען פון אַזיע, אָבער מיט דער מעלה, וואָס מיר קענען אייראָפּע. מיר באַטראַכטן בשום אופן נישט אַלס פּאָרוואורף, פאַררעכנט צו ווערן צו די אַזיאַטישע פעלקער. דאָס אַנטשפּרעכט דאָך דער ווירקלעכקייט, און יידן וועלן אין דער צוקונפט איינהאַלטן זייער קולטורעלע באַדייטונג, נאָר דאָס וועט אויך האָבן אַ פּאָליטישע באַדייטונג.

בן־גוריון מיינט, אַז אַלע פעלקער האָבן אין די לעצטע 10 יאָר איבער־געלעבט אַנטוישונגען. לאָמיר נישט קלאָגן איבער אַנטוישונגען. עס עקזיסטירט נישט קיין רעכט אויף אַנטוישונגען, וואָרים אַנטוישונג איז נאָר דער וואונטש צו פאַרדעקן, אַז מיר האָבן זיך טועה געווען און האָבן געמאַכט פעלערן צו דערקענען די פעלער־קוואַלן איז שוין אַ האַלבער זיג. דאָס יידישע פאָלק האָט אַ צוקונפט און קיינער וועט זי ביי אים נישט צונעמען, קיינער וועט נישט פאַרשליסן פאַר אים ארץ־ישראל, כל־זמן ער פאָדערט זיין נישט־געמינערטע און נישט־פאַרעלטערטע רעכט דערויף. ארץ־ישראל וועט געהערן דעם יידישן פאָלק, וועלכעס איז גרייט צו לייסטן פאַר ארץ־ישראל אַלע אַרבעטן, וואָס זענען נייטיק. דאָס יידישע פאָלק האָט שוין אָנגעהויבן די אַרבעט און וועט זי דערפירן ביזן סוף.

**א.** דיים (פועלי־ציון : [צ. ס.])

מיר באַגריסן דעם קאָנגרעס אַלס די קאָנצענטראַציע פון די כוחות פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין גאָר דער וועלט און אַלע יענע כוחות, וואָס זאַמלען זיך אַרום איר, און מיר זעען אין אים די טאַטזאַך פון דער קאָנסטיטואירונג פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז אין אמתן נאָך נישט דער קאָנגרעס פון אַלע כוחות, וואָס ווירקן אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס, דער סדר־היום נעמט אויך נאָך נישט אַרום אַלע פּראָבלעמען פון דעם יידישן אַרבעטער־לעבן. דער קאָנגרעס מוז אויסגעבויט ווערן. מיר, וועלכע האָבן דעם קאָנגרעס־געדאַנק געטראָגן זינט אַ פערטל־יאָרהונדערט, וועלן זיך אויך ווייטער באַמיען אים אויסצובויען און געבן אים יענעם פאַר־נעם, וואָס אַנטשפּרעכט די אינטערעסן פון דעם גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס.

דער קאָנגרעס איז אַ באַשטעטיקונג פון אונזער וועג, דעם וועג פון דער זעלבסט־אַקטיוויטעט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, געבויט אויף דעם יסוד פון קלאַסן־קאַמף. עס איז נאָך נישט אַזוי ווייט די צייט, ווען עס האָבן געהערשט מיינונגס־פאַרשידנקייטן וועגן דער ראָל פון דעם יידישן אַרבעטער

אין דעם רעאַליזירונגס־פּראָצעס פון ציוניזם. די ארץ־ישראלדיקע ווירקלעכ־קייט האָט געגעבן דערויף דעם ענדגילטיקן ענטפער; ווען דער יידישער אַר־בעטער אין א"י האָט זיך געפונען אין דעם קרייז פון די אינטערעסן־קעגנזאַצן מיט די אַנדערע שיכטן פון ישוב, ווען דעם יידישן אַרבעטער אין א"י, וואָס מיינט אויפריכטיק אויפבויען דאָס לאַנד פאַר דער נייער אַרבעטנדער יידישער נאַציע, האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט דער ציוניסטישער בעל־הבית אין נאָמען פון זיינע עגאָאיסטישע אינטערעסן, דאַן איז אויך אַנטשיידן געוואָרן דער וועג און דער קאַמפּס־מעטאָד פונם יידישן אַרבעטער. עס זענען געעפנט געוואָרן די אויגן אויך ביי די אַנדערע טיילן, וואָס געהערן צום אַרבעטנדן א"י, און דאָס האָט דערמעגלעכט דאָס צושטאַנד קומען פון דעם היינטיקן קאָנגרעס, וועלכער איז די לעבעדיקע דעמאָנסטראַציע פאַר דער זיך אָרגאַניזירנדיקער זעלבסט־אַקטיוויטעט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

מיר האָבן אָבער קיינמאָל נישט פאַרזען די אינטערעסן, וואָס פאַר־בונדן אונז מיט אַנדערע שיכטן פון יידישן פאָלק, וואָס זענען פאַראינטערע־סירט אין דעם אויפבוי פון א"י־ישוב. מיר האָבן פאַרשטאַנען און פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט קיין צווייטע בימה, וואָס זאָל אים פאַרטרעטן, און זעען איין די נויטווענדיקייט זי אויסצונוצן אין דער פולער מאָס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אינטע־רעסן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער יוגנט, וואָס שטרעבט צו פּראָדוקטיווער שאַפנדער אַרבעט. די גאַנצע געשיכטע פון ציוניזם איז דער בולטער באַוויז פון דעם שאַרפן קאַמף, וועלכן מיר פירן דאָרט מיט די אַנדע־רע קלאַסן אינם אינטערעס פון יידישן אַרבעטער. צוגעהעריקייט צו דער ציוי־ניסטישער אָרגאַניזאַציע איז ביי אונז שטענדיק געשטאַנען אונטער דעם סימן פון קלאַסן־קאַמף און נישט קלאַסן־אחדות. און ווען ה' ניר פּרובירט היינט רעדן וועגן דעם באַנקראָט פון דעם געדאַנק און דער באַדייטונג פון די נאַ־ציאָנאַלע פאָנדן — מיינט ער אפשר, אַז עס איז מעגלעך אָפּצווישן פון דער ווירקלעכקייט די שאַפונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס זענען אַ דאַנק אונזער השפעה אויף די פאָנדן אויפגעבויט געוואָרן? איז דען מעגלעך צו גלייבן, אַז אָן דעם נאַציאָנאַל־פאָנד און קרן־היסוד, אָן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וואָלטן געקאָנט געשאַפן ווערן עין־חרוד, נהלל און דער גאַנצער בנין פון דער אַרבעטערשאַפט? דאָ זעען מיר די בימה פאַרן קלאַסן־קאַמף אין יידישן לעבן, וואָס רעאַליזירט באַוואוסטזיניק זיינע אויפגאַבן פאַרן אויפבוי פון א"ידיקן ישוב.

מיר האָבן דאָ געהערט, אַז איינע פון די וויכטיקסטע וועגן, וואָס פירן צו דער רעאַליזירונג פון ציוניזם, איז דאָס ברעכן דעם ענגלישן אימפעריאַ־ליזם אין א"י. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהערט צו די, וואָס האָבן אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע געזען אונזער גאַנצע ישועה. להיפך, מיר האָבן נישט איינמאָל אונטערגעשטראָכן, אַז בויען צו שטאַרק אויף דער דעקלאַראַציע פאַר־ראַליזירט די זעלבסט־אַקטיוויטעט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. מיר זענען זיך שטענדיק באַוואוסט געווען, אַז די מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט צו

דער דעקלאַראַציע, זענען נישט געווען ליבע צום יידישן פאָלק. מיר מוזן אָבער אין דער פּאָליטיק זיך רעכענען קודם־כּל מיט די עקזיסטירנדע רעאַליטעטן. מיר איבערזען נישט דערפאַר די אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג פון דער שוין עקזיסטירנדער דעקלאַראַציע אונטער די עקזיסטירנדע פּאָליטישע באַדינגונגען — און נאָך אויף לאַנג וועלן מיר, לײַדער, נישט האָבן קיין אַנדערע — האָבן מיר אַ מעגלעכקייט צו שטיצן דערויף אונזערע פאָדערונגען — אפילו די לעצטע זיצונג פון פעלקער־בונד איז געווען אַ באַווייז דערפאַר. וואָס שטעלן דעם אַנט־קעגן נירס חברים? קאַמף מיט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. לאָמיר אָננעמען אויף אַ מאָמענט, אַז מיר נעמען אָן די קאָנצעפּציע. וואָס וועט אָבער זיין מיט אונזער אַרבעט אין א״י? לאָמיר אָננעמען, אַז נישט נאָר די 170 טויזנט יידן אין א״י זענען מיט אונז, נאָר אַז מיר האָבן אפילו אויף אונזער זייט אויך די אַראַבער. די גאַנצע 850 טויזנט איינוואוינער, אָן חילוק פון נאַציע און שטאַנד, טרעטן אַרויס קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן ענגלאַנד — וועט ענגלאַנד אַוועק פון א״י?! דערווייל אָבער וועט אונזער פּראַקטישע אַרבעט בלייבן שטיין און דער ישוב וועט נישט וואַקסן און אפילו די „מאַרקסיסטישע״ פועלי־ציון פון נירס חדר דאַרפן דאָך וויסן, אַז דער יסוד פון יעדער רעאַלער פּאָליטיק זע־נען די טאַטזאַכן, דער פאַקטישער כּוח, און אַז אונזער פּאָליטיק וואָלט אין א״י אַנדערש געווען, ווען מיר זענען דאָרט היינט שוין 300 אָדער 400 טויזנט און וי וואָלט אויך גאָר אַנדערש געווען, ווען מיר זענען נאָר 100 טויזנט. מיר מוזן אונזער פּראַקטישע אַרבעט פירן אָן אויפהער, ווייל דאָס איז דער וויכטיקסטער יסוד פון אונזער פּאָליטיק.

און די צווייטע אויפגאַבע: די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע. עס קאָן אונז קיינער נישט חושד זיין, אַז מיר האָבן צו ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער אַראַבישער אַרבעטערשאַפט. נישט פון היינט פּראָ־פּאַגירן מיר עס. אונזער באַוועגונג האָט אויף דעם געביט אויפגעטון אַ באַדייטנדע אַרבעט. און עס האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, צי מיר זענען מסכּים מיט אַלע שריט פון דער הסתדרות אויף דעם געביט — אונזערע מיינונגען וועגן דעם זאָגן מיר אַרויס שטענדיק — נאָר די פּראַגע איז, צי נאָר די גרע־ניצלאָזע, בשותפותדיקע אָרגאַניזאַציע איז די לעזונג פון דעם פּראָבלעם. מיר פאַרשטייען נישט, אַז בעת דווקא מיר, יידישע אַרבעטער, קעמפן אומעטום פאַר נאַציאָנאַלע סעקציעס, און אַזוי קעמפן אויך אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן, און האַלטן, אַז דאָס איז דער בעסטער וועג פון אָרגאַניזאַציע — פאַר־וואָס מוז דאָס אָפּגעוואָרפן ווערן אין א״י? קומט דאָך דאָרט אין באַטראַכט נישט נאָר דער אונטערשיד פון שפּראַך און טראַדיציע, נאָר קודם־כּל דער געוואַלטיקער קולטור־אונטערשיד, וואָס ווירקט אפשר נישט אין אַנדערע לענ־דער. מען קאָן דאָך נישט אַוועקמאַכן דעם פאַקט מיט דער האַנט, אַז לעת־עתּה איז דער מינימאַלער לוין פון יידישן אַרבעטער מער ווי אַ מאַקסימאַלער פאַרן אַראַבישן לפי זיינע באַדערפענישן, און נאָר בלינדע קאָנען דאָס לאָזן מחוץ פון חשבון. מיר זעען נישט, אַז דער פּרינציפּ פון די נאַציאָנאַלע סעקציעס איז די מניעה פאַרן אַרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער, און מיר

האַלטן, אַז יעדער קלוב, וועלכן די הסתדרות העלפט צו אָרגאַניזירן, אָדער אַן אָרגאַן, וועלכן זי גיט אַרויס אין אַראַביש — דאָס אַלץ פירט צו געפינען די וועגן פון געמיינזאַמער אָרגאַניזאַציע און קאַמף. מיר דאַרפן נאָר די פאַרשטאַרקונג, די פאַרברייטערונג פון דער אַרבעט, ווייל זי איז נאָך זייער קליין לגבי די אויפגאַבן, וועלכע מיר האָבן.

און צום סוף: מיר דאַרפן אויפבויען די אינסטאַנץ, וועלכע מיר האָבן געשאַפן מיט דעם קאָנגרעס. מיר דאַרפן פאַרשטאַרקן די אָרגאַניזאַציע אַרום דעם אַרבעטנדן א״י, מיר דאַרפן זיכערן די זעלבסטאַקטיווע טעטיקייט פון דעם יידישן אַרבעטער, אים זיכערן די געהעריקע השפעה אויף דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער ערשטער קאָנגרעס דאַרף לייגן דעם פונדאַמענט פאַר די ווייטערע, פאַר דער קאָנסטיטואירונג פון דער יידישער אַרבעטס-נאַציע (אַפּלאָדיסמענטן).

א. טאַרטאַקאָווער (התאחדות):

דער איצטיקער קאָנגרעס האָט נישט נאָר אַ דעמאָנסטראַטיווע באַדייטונג. אין אונז אַלע לעבט דאָס געפיל, אַז מיר שטייען פאַר גרויסע אַנטשיידנדע טאַטזאַכן סיי אין ציוניזם און סיי אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין די גלות-לענדער. אמת, עס איז אויך וויכטיק די אַנטפּלעקונג פון דעם געוואַלטיקן פּראָנט-פּריינט און מיטקעמפער פון יידישן אַרבעטער-ווערק אין ארץ-ישראל, וואָס האָט געפונען איר איינציקאַרטיקן אויסדרוק דאָ אויפן קאָנגרעס, אָבער דערדאָזיקער פּראָנט מוז אויך אויסגענוצט ווערן פאַר באַשטימטע קאָנקרעטע אויפגאַבן.

פאַר אונז באַדייט די יידישע אַרבעטערשאַפט אין א״י אַ פּאָרפּאָסטן פון גאַנצן פאָלק, וואָס שטרעבט צו זיין דערלייזונג דורך אומוואַנדלונג אין אַן אַרבעטס-פאָלק. דאָס דערציאונגס-ווערק פון דער א״י-דיקער אַרבעטערשאַפט מוז אַרומנעמען, אַלזאָ, אויך די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין די גלות-לענדער. מען האָט אונז כסדר פאָרויסגעזאָגט דעם באַנקראָט, היינט זענען די שונאים כמעט שטיל געוואָרן. איך בין נישט קיין פריינט פון דאָזיקן אויסדרוק, וואָס חזרט זיך כסדר איבער ביי יעדער פאָלעמיק צווישן אונז. אָבער אויב מען קאָן שוין רעדן וועגן אַ באַנקראָט, איז דאָך עס דער באַנקראָט פון דעם ביז איצטיקן אָרגאַניזירונגס-און קאַמפס-מעטאָד אין די גלות-לענדער. יאָרצענדליקער געדויערט שוין דערדאָזיקער קאַמף און ער האָט בשום אופן נישט באַוויזן צו פאַרבעסערן דעם גורל פון יידישן אַרבעטס-מענטש. נאָר דער וועג פון אַ גרויסער קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליסטישער אַרבעט, ווי עס האָט געוויזן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין א״י, קאָן ווערן דער וועג פון דערלייזונג אויך אין די גלות-לענדער. דידאָזיקע דערקענטעניש רייסט זיך אַלץ טיפער אַריין אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג (אין ערשטער ריי אין אַמעריקע) און דאָס איז איינע פון די הויפּט-סיבות פון דער אַלץ גרעסערער דערנענטערונג פון די ביידע לאַגערן אין דער יידישער

אַרבעטערשאַפט. דער קאָנגרעס דאַרף פּראָקלאַמירן אַ ווייטערדיקע דערציאונגס-אַרבעט אין דערדאָזיקער הינזיכט.

און צווייטנס: די ציוניסטישע באַדייטונג פון קאָנגרעס. מיר זעען אין דעם קאָנגרעס אויך אַ געוואַלטיקן ציוניסטישן אויפטו. אונזער צוגעהעריקייט צום ציוניזם איז פאַר אונז נישט קיין פאָרמעלע זאַך, מיר שטייען דאָ נישט אַלס קיין שותפים, נאָר אַלס אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פון דער אַל-וועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאַר וועמענס ווערק מיר זענען אין ערשטער ריי פאַראַנטוואָרטלעך. דער קאָנגרעס האָט געוויזן, אַז דער וועג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א״י איז דער איינציקער וועג, וואָס קאָן פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, נישט קוקנדיק אויף די נייע געוואַלטיקע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך לעצטנס באַוויזן. מיר האָבן באַוויזן צו גרו-פירן אַרום אונז נישט נאָר אַ גרויסן, דעם בעסטן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער יידישער יוגנט, נישט נאָר אַן אַלך גרעסערע מחנה פון פריינט און סימפּאַטיקער צווישן דער גאַנצער יידישער פאָלקס-מאַסע נאָר אויך אַ גרויסן און אַנטשיידנדן טייל פון דער מענטשהייט, וואָס קעמפט פאַר איר סאָציאַלער באַפרייאונג. אין דער ריכטונג מוז ווייטער געפירט ווערן אונזער קאַמף — מיר מוזן פולשטענדיק דעראָבערן דעם ציוניזם, כדי צו דערמעג-לעכן זיין פאַ־ווירקלעכונג.

דער קאָנגרעס האָט, אַלזאָ, אָפּגעשלאָסן אַ פּעריאָד אין אונזער געשיכטע — דעם פּעריאָד פון צוגרייטונג, פון זאַמלען כוחות און זאַמלען דערפאַרונגען איצט מוז זיך אָנהייבן אַ נייער פּעריאָד. דער פּעריאָד פון אַ גרויסער אָפּע-זיווע אין דער יידישער אַרבעטער-גאַס און אין ציוניזם. דאָס איז די היסטאָרי-שע באַדייטונג פון אונזער היינטיקן צוזאַמענקונפט.

י. נ. שטיינבערג:

ווילן מען אָפּשאַצן די באַדייטונג פון דעם היינטיקן צונויפקום פון יידישע אַרבעטס-מענטשן פון גאָר דער וועלט, איז ווייניק צו זאָגן, אַז מען באַגריסט אים, מען מוז זאָגן, אַז די, וואָס האָבן געבראַכט צו דעמדאָזיקן קאָנגרעס, האָבן געמאַכט אַן אויפטו פון היסטאָרישער באַדייטונג. דער פּאַלעסטינישער אַרבעטער-קאָנגרעס איז אַן אָנדייט אויף יענעם אינטערנאַציאָנאַלן יידישן צונויפפאָר, וועלכער וועט מוזן קומען אין דער נאָענטער צוקונפט און וועט צונויפפירן די יידישע אַרבעטס-מאַסן פון אַלע וועלט-טיילן און פון אַלע אי-דעאישע ריכטונגען.

איך וויל אָבער נישט באַהאַלטן פון אייך דאָס אַנגסט-געפיל, וועלכעס נעמט אַרום דעם אויפמערקזאַמען באַאָבאַכטער פון אייער קאָנגרעס. ווייל אַ טראַ-גישער אינטערטאָן הערט זיך אַרויס פון די פּרינציפּיעלסטע רעדעס פון קאָנ-גרעס. דער פּעסימיזם האָט אַרויסגעקלונגען גאַנץ אָפן אין די צוויי פּאַרט-ראַגן: פון ד״ר ר ו פּ י ן און חבר ע ר ע ם. רופּין האָט דערקלערט, אַז ערשט אין אַ יאָר 20 אַרום קאָן פּאַלעסטינע אַרייננעמען אין זיך ביז א יי ן מ י ל י אָ ן יידן און אַז היינט-צו-טאָג באַטרעפט די צאָל פון די יידן אין דער

וועלט — 17 מיליאָן. דאָס באַדייט, אַז פּאַלעסטינע קאָן בשום אופן נישט לייזן קאָלאָניזאַטאָריש די פראַגע פון יידישן פאָלק. און ערעם האָט, אַנאַליזירנדיק די וואַנדערונגען פון די יידישע מאַסן, דערקלערט: „די פּאָטענציעלע קראַפט פון יידישער עמיגראַציע איז גרויס, זי וועט נאָך גרעסער ווערן. וואָס טוט מען מיט אַזאַ עמיגראַציע? איך האָב נישט קיין רפואה". — אָט וועגן די מיליאָנען יידישע אַרבעטנדיקע, פאַר וועלכע מען זעט נישט קיין רפואה, האָט מען דאָ אין קאָנגרעס גישט גערעדט. וואָלטן מיר דאָ גערעדט נאָר וועגן צדקה־אַרבעט, זאָל זיין אין יענעם פאַרנעם ווי עס פירט זי אין תוך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אומעטום, וואָלט איך געזאָגט: איין מיליאָן יידישע האָרעפּאַשניקעס איינצואָרדנען איז אַ גרויסע זאַך. אָבער מיר רעדן דאָך און מיינען די גרויסע סאָציאַליסטישע גאולה פון יידישן אַרבעטס־פאָלק אַלס גאַנצעס.

דערלויבט מיר אָפּצושטעלן זיך צוערשט אויף דער פּאַלעסטינע־אַרבעט. אַלע דאָ שטייען אונטער דעם דרוק פון דעם קריזיס, צי האָט מען אָבער געוויזן אַן אויסוועג פון קריזיס? דער פּאַלעסטינע־קריזיס איז אַ פּאָליטישער קריזיס. דער סאָציאַליסטישער ציוניזם מאַטערט זיך אין אַ פאַרכישופטן דרייעק פון: ענגלישער אימפּעריע, אַראַביש־נאַציאָנאַלער קעגנערשאַפט, ציוניסטישן אַפּאַראַט. — אויב ס'איז דאָ אַן אויסוועג, ליגט ער אין דער באַפרייאונג פון דידאָזיקע דריי קעגנער, ראשית כל פון ענגלאַנד. עס האָט נישט קיין זינען צו באַקלאָגן זיך אויף דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון די ענגלישע רעגירונגען. זיי קאָנען אַנדערש נישט האַנדלען, ווייל זיי טראַכטן וועגן יידישע אינטערעסן פּונקט אַזוי ווייניק ווי וועגן אַראַבישע; זיי טראַכטן נאָר וועגן ענגלאַנד. אָבער די אויפגאַבע פון די יידישע מאַסן באַשטייט גראָד אין דעם, צו דערשיינען פאַר דעם אַראַבישן פאָלק אומאָפּהענגיק פון ענגלאַנד. מיר טאָרן נישט דערשיינען פאַר דער צוקונפטיקער אַראַבישער וועלט אַלס מענטשן, וואָס האָבן צוזאַמען געאַרבעט מיט דעם ערגסטן און אָפענעם פיינט פון אָט דער וועלט. אַלץ, וואָס ווערט אין א״י געטון עפעס וויכטיקס, נעמט די ענגלישע רעגירונג אויף איר חשבון. אַלץ, וואָס ווערט געטון נישט גוטס, לייגט זי אַרויף אויף די יידישע מאַסן. אָט דעם צוזאַמענבונד פון אַ לייב מיט אַ שעפּס מוז מען פון זיך אַרונטערנעמען. אין די נעכסטע יאָרן, וואָס וועלן זיין שטורמישע, מוזן מיר אויך דאָרטן אַרויסטרעטן מיט אַ סאָציאַליסטישער יידישער פּאָליטיק. און אויב מען פרעגט: צי קאָנט איר אַרויסטרייבן די ענגלישע מאַכט? — פאַרשטיי איך נישט אין גרונד די פראַגע. מיר ענטפערן: יאָ! מיר וועלן אַרויסטרייבן ענגלאַנד, פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע מאַכטן וועלן אַרויסגעטריבן ווערן. ווייל מיר בויען אויף דעם היסטאָרישן מאָרגן.

איך מוז זאָגן, אַז דאָס, וואָס איך האָב היינט געהערט פון בן־גוריון, איז פאַר מיר געווען אַן אַנטפּלעקונג. איך קאָן מער־ווייניק דעם פּסיכאָלאָגישן מעכאַניזם פון ציוניסטישן סאָציאַליסט, אָבער דאָ האָב איך אים דערזען שאַרף פערזאָניפיצירט. ח' בן־גוריון האָט דערקלערט: „מיר זענען דערפאַר, אַז אי־

ארץ־ישראל זאָל זיין אַ העברעיש געוואַלט, כּל־זמן מיר האָבן נישט אַן אייגענע געוואַלט, און אין דער איצטיקער זינדיקער וועלט מוזן מיר אָנקומען צו די הערשנדיקע מאַכטן״.

אָט דאָ ליגט די טיפע סתירה פון בן־גוריון און פון סאָציאַליסטישן ציוניזם בכלל. זיינע צילן קאָן ער האָפן אויסצופירן נאָר מיט די כּוחות פון דער צוקונפט, נישט מיט די בעלי־בתים פון דער היינטיקער בירגערלע־כער וועלט. אין אָנהייב פון סאָציאַליסטישן ציוניזם איז געווען דער היסטאָרי־שער מוט אַרויסצוטרעטן קעגן אָט דער וועלט מיט אירע איינגעפונדעוועטע פּאָזיציעס בנוגע יידן. אָט דער רעוואָלוציאָנער באַוואוסטזיין האָט שפּעטער — מיטן אָנוואַקסן פון די דעראָבערטע פּאָזיציעס אין א״י — געגומען פאַרלוירן גיין. מען האָט מער קיין מוט נישט צו שטיין אויף אייגענע פיס; מען אַרבעט צוזאַמען מיט די „הערשנדיקע מאַכטן״. בעת עס איז קלאָר, אַז נאָר אויף די חורבות פון אימפּעריאַליזם קאָן געבויט ווערן אַ סאָציאַליסטיש פּאַלעסטינע.

ווי אַ קעגנער שטייט היינט דאָס „אַראַבישע פאָלק״; איז טאַקע די אויפגאַבע צו שפּאַלטן אָט דעם כּלומרשט פעסטן נאַציאָנאַלן לאַגער פון קעגנער. מען וועט נישט קאָנען מאָביליזירן די עכטע היסטאָרישע פריינט פון יידישן אַרבעטער אין אַראַבישן לאַגער, אַזוי לאַנג ווי יידן און אַראַבער שטייען זיך אַנטקעגן ווי צוויי נאַציאָנאַלע פאַרשטיינערטע קריסטאַלן. אַ סאָ־ציאַליסטיש פּאַלעסטינע קאָן אָבער געבויט ווערן נאָר צוזאַמען מיט די כּוחות פון דער צוקונפט, ד. ה. צוזאַמען מיט די באַפרייטע אַרבעטס־מאַסן פון אַראַבישן פאָלק. מוזן טאַקע דידאָזיקע מאַסן אויך פון אונז אַרויסגעשיילט און באַפרייט ווערן. — די סאָציאַלע דערקענטעניש ווערט אָבער געשטערט דורך דעם ציוניסטישן אַפּאַראַט, דורך דער גאַנצער כּלל־ישראלדיקער אָרגאַניזאַציע פון דער באַוועגונג. נעכטן האָט דאָ רובאַשאָוו ריכטיק געזאָגט, אַז ס׳איז נישט אמת, אַז אונזער פאָלק האָט אין זיין געשיכטע נישט געקענט קיין קלאַסן־קאַמף. אונזער פאָלק האָט שטענדיק געהאַט קלאַסן־אונטערשיידן, די איצ־טיקע באַהעפטונג מיט דער „איידושענסי״, מיט דעם יידישן גרויס־קאַפּיטאַל, קאָן נאָר מער פאַרטעמפּן די סאָציאַלע זעעוודיקייט פון די ציוניסטישע אַרבעטער־שיכטן. איך האָב די איבערצייגונג, אַז די יידישע אַרבעטער וועלן אַליין איבעררייסן דעם שידוך מיט דער אַגענץ, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן פאַראַיאָרן.

דער קאָנגרעס גיט נישט קיין תשובה אויף דעם הויפּט־פּראָבלעם. בעת די ווירקלעכקייט און די צוקונפט שרייען מיט איין קול: וועגן אַ פּאַרלאַ־מענט אין פּאַלעסטינע. אַ פּאַרלאַמענט וועט זיין דער לאָזונג, וועלכער וועט דערהערט ווערן און אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון אַראַבישן פאָלק. אַ פּאַרלאַמענט וועט אַריינטראָגן דעם סאָציאַלן שיידונגס־מאָמענט אין דער אַראַבישער פאָלק־אחדות, וועט אַנטפּלעקן דאָס קלאַסן־פּנים פון די אַראַבישע פריצים און גלחים פאַר זייערע מאַסן. ער וועט צונויפפירן אין אַקטועלער קאַמף־אַרבעט די האָרעפּאַשניקעס פון יידישן און אַראַבישן פאָלק. דער פּאַר־

לאַמענט וועט באַפרייען די יידישע מאַסן פון דער ענגלישער שליחות. אָט דעם לאָזונג מוזן פראָקלאַמירן אין א״י דווקא די יידישע אַ ר ב ע ט ע ר, ווייל זיי וועלן די אַראַבישע מאַסן גלייבן. — די קעגנערשאַפט צום פאַרלאַמענט קומט פון ביידע זייטן: פון דער הסתדרות און פון די לינקע פּ. צ. די ערשטע האָט מורא פאַר די גזירות, וועלכע אַ פאַרלאַמענט וועט פראָקלאַמירן; און זיי זעען נישט איין, אַז די מעגלעכע גזירות זענען ש ו י ן ד אָ. און וואָלט אפילו אַ פאַרלאַמענט אַרויפגעלייגט געוויסע באַגרעניצונגען אויף דער יידישער אַרבעט, לוינט זיך בעסער אָנצונעמען זיי, כדי אָפּצווייניקן דעם וועג פאַר אַ זיכערער צוקונפט, איידער פאַרשטייפן זיך אין אַן אָפּאָזיציע, וועלכע מאַכט לחלוטין אומזיכער די צוקונפט.

די לינקע פּ. צ. וואַרפן אָפּ אַזאַ פאַרלאַמענט אויך צוליב דעם, ווייל ער איז אַ בירגערלעכע אינסטיטוציע. ה. ערעם האָט גערעדט וועגן דער נויטווענ-דיקייט פון אַ פויערישער דערהייבונג אין פּאַלעסטינע. אָבער וואָלט אַזאַ דער-הייבונג — ביי די היינטיקע באַדינגונגען אין לאַנד — נישט באַלד פאַר-וואַנדלט געוואָרן אין אַ יידיש בלוט-באָד? אַזאַ רעוואָלוציאָנערער קאַמף מוז אַלזאָ צוגעגרייט ווערן. וועלכעס מיטל שלאָגן פאָר די לינקע פּ. צ. אויף צוצו-גרייטן אָט דעם קאַמף? פּראָפּאַגאַנדע, יידיש-אַראַבישע אַרבעטער-קלובן, גע-מיינזאַמע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס? איז דאָס אָבער גענוג אין דער איצ-טיקער ברענענדיקער צייט? — עס מוז קומען אַ לאָזונג, וועלכער זאָל דער-הערט ווערן נישט נאָר פון די אויפגעקלערטע שטאָטישע אַראַבישע אַרבעטער, נאָר פון דעם לעצטן אַראַבישן פויער אין דעם לעצטן פאַרוואָרפנסטן דאָרף, דאָרטן, אין אָריענט, וואו עס גרייט זיך אפשר צו דער גרויסער וועלט-בראַנד, מוז מען נישט אַנדערש ווי אַפּעלירן צו די סאַמע ברייטעסטע מאַסן. — איך ווייס וואָס לינקע פּ. צ. זאָגן; זיי ווילן עס זאָל קומען צו אַן אַרבעטער-און פויערים-רעגירונג אין א״י. איך וויל עס אויך. וואו איז אָבער די צוגרייטונג דערצו? אויב די לינקע פּ. צ. דערלויבן זיך נישט צו טראַכטן אין דער ריכ-טונג פון אַ פאַרלאַמענט, טוען זיי דעם היפך פון דעם, וואָס זיי ווילן: זיי ל ע ג אַ ל י ז י ר ן, אַזוי צו זאָגן, דעם היינטיקן פּאָליטישן צושטאַנד אין פּאַלעסטינע.

איך בין באמת מקנא יענע חברים, וואָס זענען איבערצייגט, אַז דערמיט וואָס געוויסע טיילן פון יידישן אַרבעטס-פאָלק ווערן אָרגאַניזירט דורך א״י, איז שוין געגעבן אַן ענטפער אויף דער יידן-פראַגע. בעת ערעם האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז א״י איז די איינציקע טעריטאָריע פאַר דעם יידישן פאָלק, האָט ער דערקלערט, אַז פּאַלעסטינע האָט די מעלה, וואָס זי איז „אַ פּוסט און וויסט אָרים לאַנד". אַז דערפאַר שטייט זי פאַר אַלע פעלקער אויף דער ליניע פון גרעסטן ווידערשטאַנד און פאַר יידן: „אויף דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד". אָבער ער האָט נישט באַמערקט, אַז פּאַלעסטינע שטייט פּ אָ ל י-ט י ש פאַר יידן אויף דער ליניע פון גרעסטן ווידערשטאַנד. זי איז נישט נאָר פּוסט און וויסט, נאָר אויך פול מיט געפאַרן. אויב ער האָפט אָבער צו באַצווינגען אָט די געפאַרן דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּאַלעסטינע,

דאַרף ער דאָך נישט פאַרגעסן, אַז אויך דורך די אַנדערע לענדער, וואו די טירן זענען היינט געשלאָסן פאַר יידן, וועט זיך אַמאָל דורכטראָגן דער ווינט פון דער היינטיקער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. — צי האָט מען דאָס רעכט מיט אַזעלכע באַווייזן צו פאַרשטייפן זיך נאָר אויף איין איינציקן קאָלאָניזאַציע-צענטער? טאַקע דערפאַר שטעלט זיך אַוועק אויפן סדר-היום די פראַגע וועגן נייע וואַנדערונגען פון יידישע מאַסן, פון נייע קאָלאָניזאַציעס. די מעגלעכקייטן אין אַ ראַטן-רוסלאַנד זענען נישט אויסגעשעפּט. אַז די באָלשעוויסטישע פאַזע פון דער רעוואָלוציע וועט זיך פאַרענדיקן, וועלן די מעגלעכקייטן ווערן אַ סך קלאָרער. און בכלל איז עס פאַלש צו בויען נאָר אויף אַ לאַנד, וואָס איז פּוסט און וויסט און אָרים. עס זענען דאָ און עס וועלן זיין לענדער, וועלכע זענען ליידיק פון מענטשן, אָבער נישט וויסט און אָרים.

דערקלערט מען א״י פאַר דעם איינציקן אויסוועג פאַר די יידישע מאַסן, דעמאָלט זאָגט מען זיך אָפּ בפועל ממש פון דידאָזיקע מאַסן, די מיליאָנען, וועלכע פאַרבלייבן אין חוץ-לארץ. וועלכע סיסטעמאַטישע פּלענער האָט אַרויסגערוקט דער יידישער געדאַנק פאַר זיי? סאָציאַלע אומשיכטונג, פּראָדוקטיוויזאַציע פון די מאַסן און זייער קאָאָפּעריזאַציע אויף די ערטער — איז איין ריכטיקער ענטפער. אָבער דאָס איז אַ וועג, וועלכער פאָדערט גרויסע צייט-פעריאָדן. אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליסטישן סדר קאָן ער אויך נישט פאַרענטפערן די יידישע נויט. דער צווייטער ענטפער איז — פּאָליטישער קאַמף אויף די ערטער, אַ קאַמף, וועלכער וועט זיך אַנטוויקלען ביז צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. געוויס, די סאָציאַלע רעוואָלוציע טראָגט אין איר לעצטער אויסווירקונג אויך די ליזונג פון דער יידישער נויט. אָבער מיר טאָרן זיך נישט היינט באַציען צו אָט דער גרויסער היסטאָרישער אַנטשיידונג מיט יענעם בלינדן בטחון, ווי דאָס איז געווען אַמאָל. דער קלאָרער שטראָם פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פליסט צווישן צוויי ברעגעס, וועלכע פאַראומרייניקן אים יעדער אויף זיין אַרט. דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנער פאַשיזם שטייט אויף איין ברעג, און אויף דעם אַנדערן — דער כלומרשט-רעוואָלוציאָנערער באָלשעוויזם, וועלכער טראָגט אין זיך די פאַראַכטונג צום מענטש און צום אַרבעטער. טאַקע דערפאַר איז מעגלעך געווען, אַז אין רוסלאַנד האָט מען מיט אַזאַ אכזריות צעבראָכן די מאַסן פון יידישן אַרבעטס-פאָלק. — עס איז נישט דערלאָזבאַר, אַז יידישע מאַסן זאָלן ווידעראַמאָל ווערן פלייש און ביינער, צעמאָלענע אויף די מיל-שטיינער פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי מוזן זיך צוגרייטן צו איר, ראשית כל דורך זייער סאָציאַלן באַשטאַנד. — טאַקע דערפאַר איז היסטאָריש אַזוי וויכטיק די סאָציאַליסטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע. און טאַקע דערפאַר איז זי אַליין נישט גענוגנד.

און ס'איז דאָ נאָך אַנדערע טעמים, פאַרוואָס מען טאָר זיך נישט פאַרשטייפן אויף איין פּונקט. דאָס זענען נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישע טעמים. וואָלטן היינט די יידישע מאַסן זיך אַ קער געטון אויך צו אַנדערע ברעגעס, וואָלט אויך אין פּאַלעסטינע אַריינגעטראָטן אַן אַנטשפּאַנונג. די ענגלישע און אַראַבישע פּאָליטיק דריקט היינט מיט אַזאַ פאַטאַלן כוח אויף דער

יידישער אַרבעט אין פּאַלעסטינע אפשר דערפֿאַר, ווייל אויף ד ע ם לאַנד האָט מען קאָנצענטרירט די גאַנצע ענערגיע. קאָנצענטרירט מען אָבער די גאַנצע האָפֿנונג פֿון דער סאָציאַליסטיש-ציוניסטישער יוגנט אויף א״י אַליין, שטעלט מען זיך אַוועק אויף פֿאַר מעגלעכע אַנטוישונגען. קאָנצענטרירטע האָפֿנונגען קאָנען פֿירן אַמאָל צו קאָנצענטרירטן יאוש. איר האָט צוגעפֿירט אונזער יוגנט צו אַ וואַנט, וועלכע זיי וועלן אפשר מוזן ברעכן אַמאָל מיט זייערע מוחות. אָבער פֿאַר דערדאָזיקער יוגנט מוזן זיין צוגעגרייט הינטער דעם פֿראָנט צווייטע און דריטע רעזערוו-רייען, וואו זי זאָל קאָנען אָפּטרעטן אין אַ נייטיקער צייט. אָט פֿאַרוואָס דער פּאַלעסטינער חלוץ מוז זיך קאָנען איבערבויען אין אַ ו ע ל ט - ח ל ו ץ.

דער קאָנגרעס פֿאַר דעם אַרב. פּאַלעסטינע האָט נישט אַוועקגעשטעלט די פֿראַגן. ער האָט צונויפֿגעפֿירט פֿאַרטרעטער פֿון אַלע תפוצות ישראל צוליב פּאַלעסטינע. עס זענען אָבער נישט געווען פֿאַרטרעטן די תפוצות אַ ל ס אַ ז ע ל כ ע. דיזאָזיקע אויפֿגאַבע שטייט נאָך פֿאַר אונז. אָבער דער היינטיקער צוזאַמענפֿאָר איז אַן אָנפֿאַנג פֿון אַ גרויסן קומענדיקן יידישן אַרבעטס-קאָנגרעס, אין וועלכן יידישע מאַסן פֿון דער גאָרער וועלט וועלן זיך פֿאַרבונדן צו געמיינזאַמער סאָציאַליסטישער אַרבעט. אין דער געשטאַלט פֿון דעם היינטיקן פּאַלעסטינע-קאָנגרעס באַגריס איך דעם אַ ל ו ע ל ט ל ע כ ן י י ד י ש - ס אָ - צ י אַ ל י ס ט י ש ן ק אָ נ ג ר ע ס פֿון דער נאָענטער צוקונפֿט.

שלוס פֿון דער זעקסטער זיצונג.

# זיבעטע זיצונג

דינסטיק, דעם 30־טן סעפּטעמבער, נאָכמיטאָג.

ד. בן־גוריון (פּאָרזיצער): מיר פירן ווייטער די גענעראַל־דעבאַטע. דאָס וואָרט האָט אַ פאָרשטייער פון „דת ועבודה״

י. ד. קרימקא (דת ועבודה — פּוילן):

חשובער קאָנגרעס! אין די לעצטע עטלעכע יאָר מערקט זיך צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן, וועלכע געפינען זיך אינערהאַלב דער סאָציאַליסטישער געדאַנקען־וועלט, אַ מערקווירדיקע דערשיינונג. ביי די פּראָלעטאַרישע מאַסן, וועלכע בילדן דאָס בלוט אין די אָדערן פונם סאָציאַליסטישן אָרגאַניזם, קומט פאָר אַ האַסטיקע צירקולאַציע, אַ נערוועזער איבערלויף פון איין לאַגער אין צווייטן. דאָ און דאָרט קומען פאָר שפּאַלטונגען און ערגסטע רייבונגען, אַ קריזיס אין דער מעכטיקער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד און אַ גרויסע גייט אַוועק לינקס, און אפילו אין ראַטן־פאַרבאַנד און אין אַלגעמיין קאָמוניסטישן לאַגער געפינען זיך עטלעכע ריכטונגען, וועלכע באַקעמפן זיך קעגנזייטיק.

און אָט דאָס אַלץ וועקט די ערנסטע סאָציאַליסטישע וועלט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר. וועלכע זענען עס די סיבות פון אָט דער לאַגע. צי איז ריכטיק די באַהויפּטונג פון אייניקע, אַז דאָס איז נאָר אַ פאָריבערגייענדע דערשיינונג, אַ צייטווייליקער קריזיס אָדער ריכטיק איז אַ צווייטע, דורך אונז רעליגיעזע סאָציאַליסטן אַרויסגערוקטע, היפּאָטעזע, אַז די אורזאַכן זענען פיל טיפער, אַז דאָס איז נישט קיין סתם פאָריבערגייענדע קרענק פון אַ געזונטן אָרגאַניזם, נאָר אַז דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזם איז לויט זיין איצטיקן מהות און תוך אַ כראָניש קראַנקער. און וואָלטן די נאָר וואָס אויסגערעכנטע סיבות געווען די איינציקע, וואָס וועקן אונזער אויפמערקזאַמקייט, וואָלטן מיר נאָך געקאָנט מכּפים זיין מיט דער ערשטער הנחה, אַז עס איז אַ פאָריבערגייענדער פיבער און עס וועט באַלד בעסער ווערן. אָבער ווען מיר זעען, אַז אירע דערשיינונגען ווערן באַגלייט פון כּסדרדיקע אינערלעכע סתירות, ווען סאָציאַליסטישע מאַכט־האָבער און וואָרט־פירער טוען דעם היפּך פון דעם, וואָס עס פאָדערן די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן, ווען אויף

טריט און שריט ווייכן זיי אָפּ פון דער סאָציאַליסטישער פרייהייטס-אידעע, ווי צ. ב. אין ענגלאַנד ווערט געפירט דורך דער סאָציאַליסטישער רעגירונג אַ פולשטענדיק אימפעריאַליסטישע פּאָליטיק, אין ראַטן-פאַרבאַנד ווערן אָן דין און משפט פאַרשיקט און געוואָרפן אין די געפענגענישן די אַלע, וועלכע דערלויבן זיך צו דענקען אַנדערש ווי עס וויל דער הערשנדער רעזשים. מעגן עס זיין די אידעאַלסטע און אָפּפערווייליקסטע סאָציאַליסטישע קעמפער, — דאַן מוזן מיר מיט דער גאַנצער פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט דערקלערן, אַז שולדיק איז די מאַרקסיסטיש-מאַטעריאַליסטישע וועלט-אויפפאַסונג, וועמענס לאָגישע קאָנסעקווענץ זענען אָט די אַלע נעגאַטיווע דערשיינונגען. ווייל דער מאַטעריאַליזם, וועלכער האַלט, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז דער איינציקער, וועלכע באַוועגט דאָס מענטשלעכע לעבן, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז דער באָדן, אויף וועלכן עס האָט זיך אַנטוויקלט דער היסטאָרישער פּראָצעס און ער שליסט אויס עטיק און מאָראַל פון מענטשלעכן לעבן, — אַזאַ וועלט-אויפפאַסונג ברענגט צו אַ פולשטענדיקער דעמאָראַליזאַציע אין דער געזעלשאַפט און צו זיינע שוידערלעכע פאָלגן, דען ווען מען שליסט אויס מאָראַל — קומט דער קעגנזאַץ פון מאָראַל — די דעמאָראַליזאַציע

מיר, „דת ועבודה", האָבן אין קעגנזאַץ צו אָט אַזעלכע פאַלשע און שעדלעכע לאָזונגען פּראָקלאַמירט אַן אַנדערע אַלט-נייע לאָזונג, אַ לאָזונג, וועלכער איז געווענדעט קעגן רעכטס און לינקס: **מען קאָן נישט דינען גאָט און לאָזן שטאַרבן דעם מיטברודער. מען קאָן אָבער נישט העלפן דעם מיטברודער, ווען מען האָט נישט גאָט אין האַרץ.**

מיר, יידישע רעליגיעזע סאָציאַליסטן, שטרעבן צו אַ נייער בעסערער אָרדנונג, צו דער אָפּשאַפונג פון קלאַסן-שטאַנדן, צו אַלגעמיינער גלייכקייט און ברידערלעכקייט, צום סאָציאַליזם, נישט ווייל מיר ווילן דורכפירן די „אייזערנע היסטאָרישע געזעצן", נאָר בלויז דערפאַר, ווייל מיר זענען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון תורת משה, מיט די אידעאַלן פון די נביאים, וועלכע זענען דער העכסטער באַגריף פון יושר און גערעכטיקייט די טרייבקראַפט, וועלכע באַוועגט אונז צום סאָציאַליזם, זענען נישט קיין שום בלינדע נאַטור-געזעצן, נאָר די אור-פּאָטענציאָנעלע קראַפט, דאָס איז דאָס געטלעכע גערעכטיקייטס-געפיל, וועלכעס געפינט זיך אין אונזער האַרץ. דאָס איז די קראַפט, וועלכע האָט געשטויסן די ערשטע נביאים אָנצוהייבן זייער גערעכטיקייטס-קאַמף, וועלכער ציט זיך ווי אַ גאָלדענער פאָדים דורך דער גאַנצער געשיכטלעכער מערטיראָלאָגיע פון דער מענטשהייט ביזן היינטיקן טאָג.

און איצט, חשובער קאָנגרעס, אייניקע ווערטער וועגן א"י-פּראָבלעם. אויך אונזער שטרעבונג קיין א"י דרינגט אַרויס פון די זעלבע מקורות, און דערפאַר שטעלט מיט זיך פאָר אונזער בונד מיט א"י אַ מין דואַליזם, אַ טאָפּלט געפלאָכטענער און שטאַרקער.

פאַר אונז, „דת ועבודה", איז א"י אויסער דער לייזונג פון דער שווע-

רער און אָנגעוויטיקטער יידן־פּראַגע, אויסער אַ לאַנד פאַר דער מאַטעריעל־עקאָנאָמישער אויפבויאונג פאַר דעם איצט באָדנלאָזן יידישן פאָלק, אויסער אַ היים פאַרן געיאָגטן און געפלאָגטן וואַנדערער, קודם־כל דאָס לאַנד מיט וועלכן עס זענען פאַרבונדן אונזערע הייליקסטע געפילן, דאָס לאַנד וואו עס האָבן גע־טראָטן, געשאַפן און געווירקט אונזערע נביאים, מיט זייערע גרויסע מאָראַליש־עטישע וועלט־אידעען און אַ היים פאַר דער איצטיקער אויפלעבונג פונם יידישן תורה גייסט. און זעענדיק איצט אין דעם לאַנד, ווי אָט די אידעען זענען אַמאָל געבוירן געוואָרן, די מעגלעכקייטן ווייטער איינצופירן די ברידערלעכ־קייט און גערעכטיקייט אין לעבן, די מעגלעכקייט צו שאַפן דעם נייעם טיפּ ייד, דער טיפּ, וועלכער דאַרף דינען אַלס מוסטער פאַר דער גאַנצער מענטש־הייט, שטרעבן מיר דערפאַר אויפצובויען אונזער אַלט־ניי לאַנד אויף די יסודות פון רעליגיעזן סאָציאַליזם, אויף די יסודות פון אַבסאָלוטן יושר און תורה־גערעכטיקייט.

איצט וועגן אונזער שטעלונג צום יידיש־אַראַבישן פּראָבלעם.

עס איז קלאָר, אַלס רעליגיעז־עטישע סאָציאַליסטן, וועמענס ענדציל איז אַ נייע וועלט־אָרדנונג, געבויט אויף אַבסאָלוטן יושר און אַלמענטשלעכע פאַרברידערונג, וואָס עס איז דער העכסטער אידעאַל פון יהדות, זענען מיר אויך אין א״י פאַר אַ פרידלעך צוזאַמענלעבן מיט אַלע נישט יידישע איינוואוי־נער, בפרט מיט די אַרבעטנדע מאַסן, און איך וואָלט דעריבער זייער געוואָלט, אַז דער חשובער קאָנגרעס זאָל מיך ריכטיק פאַרשטיין, ווען איך וועל זאָגן, אַז טראָץ אונזערע בעסטע און ערלעכסטע כוונות בנוגע די אַראַבער, מוזן מיר דאָך אין נאָמען פון אונזערע אינטערעסן זיין נאָר פאַר אַ יידישער „הסתדרות העובדים״, פירנדיק אָבער גלייכצייטיק די שטאַרקסטע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן, אויסשליסלעך אויף דער אַראַבישער גאַס, און אַזוי אַרום שטופנווייז אָרגאַניזירן אַ פעסטן אַראַבישן אַרבעטער־פאַר־באַנד. ווען דאָס וועט דערגרייכט ווערן, וועלן מיר זיין פון די, וועלכע וועלן צוהעלפן די פאַרבינדונג פון אונזער „הסתדרות״ מיט דער אַראַבישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע: מען מוז פאַרשטיין, וואָלטן מיר איצט אַריינגענומען דעם נישט אָרגאַניזירטן אַראַבישן אַרבעטער אין דער „הסתדרות״, וואָלטן מיר דערמיט פיל געשטערט אונזער אויפבוי־ווערק אין לאַנד, דען ביים איצטיקן מאָמענט איז ליידער די גאַנצע אַראַבישע געזעלשאַפט קעגן אונזער אויפבוי אין א״י. זעלבסטפאַרשטענדלעך, מיר זעען אין דעמדאָזיקן קאַמף קעגן אונז די אינטערעסן פון אַראַבישן באַזיצנדן קלאַס. פון די עפענדיס און גוטבאַזיצער, וועלכע זעען אין דעם יידישן אויפבוי־ווערק די התחלה פון ציוויליזאַציע, פון קולטור, וועלכע וועקט דעם אָפּגעשטאַנענעם אַרימען פעלאַך צו אַ ניי מענטש־לעך לעבן, און וואָס שטאַרקט אויף דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פון אַראַבישן אַרבעטער. די אַראַבישע הערשער זעען, אַז עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט, ווען די אַראַבישע אַרבעטער און פעלאַכן וועלן אויפשטיין קעגן זיי, וועלן זיך אָפּשאָקלען פון די אומגעבעטענע אפּוטרופּסים, און נעמען זייער גורל אין דער אייגענער האַנט. די אַראַבישע בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם

ליכט, וואָס עס ברענגט מיט זיך די יידישע קאָלאָניזאַציע, די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע וועט פריער צו שפּעטער אָנצינדן ליכט אין גאַנצן מזרח, וואָס עס וועט דערפירן צו אַ נייער געשטאַלטונג פון אַזיע. דער הערשנדער קלאַס האָט זיך דערפילט באַדראָט אויף זיינע פּאָזיציעס, און דעם אויסדרוק פון דערדאָזיקער שרעק האָט איר געזען דעם פּאַראַיאַריקן אויגוסט, ווען דאָס בלוט פון אומשולדיקע יידישע איינוואוינער איז אָן רחמנות פאַר־גאָסן געוואָרן איבער די גאַסן פון ירושלים, חברון, צפת און אַנדערע יידי־שע קאָלאָניעס, און צו אונזער גרעסטן באַדויערן האָבן מיר דערזען דעם אָרימען פעלאַך, דעם אַראַבישן אַרבעטער, דווקא קעגן זיך. און מיר, ווי די גאַנצע יידישע אַרבעטער־וועלט, האָבן זיך געזאָגט, עס איז נאָך, ליידער, נישטאָ קיין שפּור פון אַן אָרגאַניזירטן אַראַבישן אַרבעטער־קלאַס. דער אַראַ־בישער אַרבעטער און פעלאַך זעט נאָך, ליידער, נישט און האָט נאָך נישט דערקענט זיין אמתן שונא, די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן ווערן אויסגענוצט קעגן זייערע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן.

די אַראַבישע פאָלקס מאַסן פאַרשטייען אונז נאָך נישט און די געמיינזאַ־מע אָרגאַניזירונג פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער איז דעריבער איצט נאָך ליידער אוממעגלעך. די אָרגאַניזירונג און אַנטוויקלונג פון די אַראַבישע אַר־בעטנדע מאַסן מוז און וועט קומען שטופנווייז, ביי דער מיטהילף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און מיטן וואוקס פון אונזער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד. דעריבער רופן מיר און אַפּעלירן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטערשאַפט. צום סאָציאַליזם: שטיצט אונז אין אונזער שווערער אָבער גערעכטער אַרבעט פאַר דער באַפרייאונג פון אונזער פאַרוואָגלטן און בעוולהטן יידישן פאָלק, העלפט אונז אין דעם אויפבוי פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל, וואָס וועט אויך אויפהייבן דעם גייסטיקן און עקאָנאָמישן לעבנס־ניוואָ פון אַראַבישן אַרבע־טער און פעלאַך. — און נאָר דאַן וועט מעגלעך ווערן די געווינטשטע יידיש־אַראַבישע פאַרברידערונג.

מאָריס מייער (ענגלאַנד):

שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף דער קריטיק פון די לינקע פּועלי־ציון נישט צו האָבן קיין שום מגע ומשא מיטן בירגערלעכן ציוניזם. דאָס איז קעגן יעטוועדער לאָגיק און אַנטשפּרעכט בשום אופן נישט אונזער לאַגע. אפילו אין רוסלאַנד האָבן דאָך די יידישע קאָלעניסטן נישט פאַרציכטעט אויף אַ געוויסער אינטערעסן־געמיינשאַפט מיט דער יידישער בורזשואַזיע און אַר־בעטן צוזאַמען מיטן „דזשאָינט“.

אליעזר פראַי („השומר הצעיר״):

דער וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנד: ארץ-ישראל קאָנצענטרירט אַרום זיך די געטרייעסטע טיילן פונם פאַרווירקלעכנדן ציוניזם. עס איז נישט קיין פראַזע דער געדאַנק, וואָס עמיצער האָט אַרויסגעזאָגט, אַז דאָ איז דער געוויסן פון ציוניזם. אָבער טאַקע צוליב דעם טאָרן מיר זיך נישט באַנוגענען בלויז מיט דעקלאַראַציעס און מיט דעמאָנסטרירן דעם כוח פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. טראָץ דער גאַנצער חשיבות, וועלכע איז בלי שום ספק אין דער דאָזיקער הערלעכע דעמאָנסטראַציע כלפי פנים, כלפי דער ציוניסטישער מחנה, דער יידישער יוגנט, און דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, און כלפי חוץ, כלפי דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דער פּראָגרעסיווער עפנטלעכער מיינונג, — קאָנען מיר זיך אָבער איצט נאָר מיט דעם אַליין נישט באַנוגענען.

אונזער קאָנגרעס דאַרף געבן אַ תשובה אויף דער לאַגע אין ציוניזם גופא. דער דאָזיקער מצב איז גאָר אַ שווערער. מיר דאַרפן וויסן, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פונם אויפבוי פון לאַנד פאַרשטאַרקט זיך אַלץ מער די קלאַסן-דיפערענצירונג אין דער יידישער ווירטשאַפט און צוזאַמען מיט דעם אַנטפּלעקן זיך קלאַסן-קאַפּיטאַליסטישע טענדענצן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער סאָציאַליסטישער ציוניזם וועט נישט קאָנען זיך אידענטיפיצירן מיטן אַלגעמיינעם באַפרייענדן לאָזונג פונם ציוניזם, וואָרים אין משך פון דער צייט איז דורך געוויסע טיילן אַריינגעטראָגן געוואָרן אין ציוניזם אויך אַ רעאַקציאָנערער אינהאַלט. פון דער אַנדערער זייט, וועט כלפי דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג נישט בולט ווערן דער פּראָגרעסיווער אינהאַלט פון ציוניזם, אויב ער וועט נאָר זיין אַ דערגענצונג פונם אַלגעמיינעם ציוניזם, און וועט נישט זיין קיין זעלבסטשטענדיקער פאַקטאָר, קיין פרייהייטס-טרעגער פון דער ציוניסטישער מיסיע, פון דער ציוניסטישער טעטיקייט. מיר דאַרפן פאַרוואַנדלען דעם קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן א״י אין אַ זעלבסט-שטענדיקע טריבונע און אַ טאַט-קרעפטיקע אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער-צבור אין א״י און זיינע פאַרבינדעטע אין גלות. די ליגעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל וועלן דינען אַלס אַ קאָנסאָלידירונגס-כוח פון דער אַרבעטס-ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אַרמיי פאַר זעלבסט-באַשטימונג און זעלבסטעטיקייט. דער פאַלעסטינע אַרבעטער-פאַנד וועט זיך נישט קאָנען באַנוגענען נאָר מיט העלפן דעם היינטיקן טעטיקייטס-קרייז פון דער הסתדרות, אַזוי ווי עס מיינען סיי אין א״י און סיי אין חוץ לארץ פיל פון די חברים פון דער פאַראייניקטער פאַרטיי, נאָר ער וועט מוזן זיין אַן אינסטרומענט פון זעלבסטשטענדיקער, ווירטשאַפטלעכער, געזעלשאַפטלעך-קולטורעלער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט.

מיר האָבן ביז איצט אָפּגעהיטן אונזער אַוואַנגאַרד-פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווייל מיר זענען דער עיקרדיקער פאַרווירקלעכונגס-כוח. וואָס באַזיצט די געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע און פערזענלעכע קוואַליפי-

קאַציעס. ה י י נ ט צ ו ט אָ ג א י ז ע ס ש ו י ן נ י ש ט ג ע נ ו ג נ ד. לאָמיר נישט פאַרזען די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, און אונזערווירקלעכקייט אין א״י. נאָר אין געציילטע ווערטער האָב איך דאָ די מעגלעכקייט צו אונטערפירן אַ סך־הכל פון אונזער שווערן מצב, וועלכער פאָדערט פון אונז דעם מאַקסימום קלאָרקייט און איבערלייגונג. עס זענען אַנטשטאַנען אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן דעם אַרבעטס־ציוניזם און דינען אַלס אינסטרומענט אין די הענט פון רעאַקציאָנערע קרייזן ביים באַפעסטיקן זייערע קלאַסן־שטרעבונגען; עס איז געוואַקסן דער חלוצישער עלעמענט אין „ברית־טרומפעלדאָר״ און עס ווערן געמאַכט בייזוויליקע פּרוּוון צו אויפשטעלן אַ קאָנקורירנדע חלוצישע אָרגאַניזאַציע; מיר שטייען נאָך די געשעענישן אין כפר סבא און פאַרן פּרוּוו צו שאַפן געלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון די רעוויזיאָניסטן אין ארץ־ישראל; עס ווערן בולט געוויסע שטרעבונגען אינם בעל־הבתישן ציוניזם צו אַרויסשטויסן דעם יידישן אַרבעטער און צו אויסנוצן צו דעם צוועק דעם מיטלשטאַנד אָדער די תימנער; עס דראָט אונז אַן אַטענטאַט אויף דער קבוצישער קאָלאָניזאַציע פון די קרייזן פון דער יידישער אַגענץ.

אויך אין לאַנד זענען מיר עדות פון אַנטשיידונגספולע פּאַסירונגען, וואָס די אָנפירונג פון דער הסתדרות, וועלכע געפינט זיך אין די הענט פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי, שטיצט זיי, און וואָס זענען על־פי מיט דער צייט צו באַדראָען דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע און אַרויסנעמען פון די הענט פונם אָרגאַניזירטן אַרבעטער־צבור דעם אויפזיכט איבער איר. איך מיין די שיטה, וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן אינם פּלאַן פון קאָלאָניזירן די 1.000 משפחות, וועלכע גיט אין דער ווירקלעכקייט אַ פאָרצוג עלעמענטן, וואָס האָבן מצליח געווען, צוליב וועלכע נישט אַז סיבות, צו ברענגען, פון מחוץ דער הסתדרות, זייערע פּריוואַטע אָפּשפּאָרונגען. דערדאָזיקער דורכברוך, וועלכער ווערט איצט געמאַכט, איז, אַ חוץ דעם, וואָס ער שטויסט אַרויס דעם קבוץ אַלס אַ פאָרם פון סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע, וועלכע די אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד דאַרף האַלטן הויך, באַדראָט ער אויך דעם גורל פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע און כאַראַקטער פון דער הסתדרות בכלל. א י ן א י צ ט י ט ן מ צ ב ו ו ע ט ד ע ר אַ ר ב ע ט ע ר־צ ב ו ר א י ן ל אַ נ ד ק אָ נ ע ן א י י נ ה אַ ל ט ן ז י י ן אַ וו אַ נ ג אַ ר ד י ס ט י ש ע א ו ן מ אַ נ אָ פּ אָ ל י ס ט י ש ע פּ אָ ז י צ י ע. נ אָ ר א ו י ב ע ר וו ע ט א ו י ך ז י י ן אַ ן ע ר נ ס ט ע ר וו י ר ט ש אַ פ ט ל ע כ ע ר ק אָ נ ט ר אַ ה ע נ ט. דאָס דאַרפן געדענקען אין דער ערשטער רייע יענע פון דער פאַראייניקטער פּאַרטע, וועלכע פאַרקלענערן דעם אָנזען פון פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד און שטעלן אים פאָר אַלס אַן אומנוצלעכע כּלי, וועלכע קאָנקורירט מיט די נאַציאָנאַלע פאָנדן. מיר באַטראַכטן דעם קרן־קימת און קרן־היסוד אַלס די עיקרדיקע מכשירים פונם קאָלאָניזאַציע־ווערק אין א״י און מיר זענען אַן אַ גרעניץ ווייט פון דעם שעדלעכן שטאַנדפּונקט פון די לינקע

פועלי-ציון, וועלכע באַטראַכטן דעם פּ. א. פּ. אַלס אַ קאָלאָניזאַציע-פאָנד, אויף וועלכן עס דאַרף באַזירן די סאָציאַליסטישע אַרבעטער-קאָלאָניזאַציע. די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער ציוניסטישער ווירקלעכקייט און די דינאַמישע כוחות, וואָס ווירקן, און איר זאָגט אונז, אַז אויף דער צוקונפט וועלן מיר באַווייזן מיט הצלחה אָפּצוהיטן די ריכטונג פון דער אַרבעט פונם נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, דעם אַנטייל פונם אַרבעטער אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע און דעם פּראָגרעס פון ציוניסטישן ווערק, נאָר אויב אויך דער אַרבעטער-צבור וועט קאָנען דערשיינען, אַלס רעאַלער שותף און אַלס ווירטשאַפטלעכער פאַקטאָר אין דער קאָלאָניזאַציע-אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

נישטאָ קיין שעדלעכערער שטאַנדפּונקט און מער ווייטער פונם ריכטיקן אַנאַליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט, ווי דער שטאַנדפּונקט פון די לינקע פּועלי-ציון, וועלכע זעען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַן אינסטרומענט פון דער יידישער בורזשואַזיע און אין די נאַציאָנאַלע פאָנדן בירגערלעכע פאָנדן, וועלכע זענען פּסול פון קלאַסן-שטאַנדפּונקט. וואָס איז סוף-כל-סוף די סיבה פון דער פ י ל אַ נ ט ר אָ פּ י ש ע ר קאָלאָניזאַציע-טעטיקייט פון „דזשאָינט״ אין ראַטן-רוסלאַנד ? און וואָס איז דער יסוד פון דער עקזיסטענץ פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן, קרן-קימת און קרן-היסוד ? די לינקע פּועלי-ציון גיבן נישט קיין תשובה, וועלכע זאָל קאָנען באַפרידיקן. אויב קלאָרע ק ל אַ ס ן - א י נ ט ע ר ע ס ן וואָלטן באַשטימט די ריכטונג פון דערדאָזיקער אַרבעט, וואָלטן מיר דאָך נישט געהאַט צו טון דאָ מיט אַ קאָלאָניזאַציע, וואָס איר אַרבעטס-סאָציאַליסטישער כאַראַקטער איז איבער גענוג קלאָר און מיר וואָלטן נישט געווען קיין עדות פון באַנוצן די געלטער פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל פאַר אויפגאַבן, וואָס צילן בלי שום ספק צום וואוקס און פאַרפעסטיקונג פונם יידישן אַרבעטער אין ארץ-ישראל. נישטאָ קיין ספק, אַז אויב קלאַסן-קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן וואָלטן באַשטימט די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ארץ-ישראל, וואָלטן מיר דאַן געווען עדות פון אַן עליה פון קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פונם סאַמע אָנהייב פונם קאָלאָניזאַציע-ווערק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, און פון אַ פּריוואַטער איניציאַטיוו, און עס וואָלט נישט געווען קיין יסוד פאַר דער אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלן, פילאַנטראָפּישן קאַפּיטאַל. איך מיין, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום אָנהאַלט פאַר אַזאַ הנחה, אַז יידישע קאַפּיטאַליסטן באַנוצן זיך מיט די געלטער פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, בכדי צו איינאָרדנען זייערע קלאָרע קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן און צו מאַכן ג ע ש ע פ ט ן אין ארץ-ישראל. וואו איז אַלזאָ דער סוד פונם קיום פונם נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל ? חנר ערעם האָט זיך באַמיט צו באַזירן די ריכטונג פון דער יידישער עמיגראַציע קיין ארץ-ישראל דווקא אויף דעם, וואָס ארץ-ישראל איז אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, וועלכע האָט נישט קיין נאַטירלעכע רייכטימער, רוי-מאַטעריאַלן און באַזיצט נישט קיין זיכערקייט אויף אַזוי פיל, אַז זי זאָל קאָנען דינען אַלס צוציאונגס-קראַפט פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל. דידאָזיקע הנחה גענוגט נישט. אָבער אין אַזאַ לאַגע וואָלט דאָך אויך ארץ-ישראל נישט געקאָנט צוציען עלעמענטן פון יידישע

אַרבעטער אין חוץ לארץ און קאַפּיטאַליסטן, וואָס, נישט קוקנדיק אויף זייער שווערן מצב אין דעם אַרויסשטויסונגס-פּראָצעס פון זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, האָבן זיי פונדעסטוועגן נאָך געהאַט אַ האָפנונג צו פאַרבעסערן אין דידאָזיקע תנאים זייער מצב. דער איזאָלירונגס-פּראָצעס אין גלות איז עס דאָך, וואָס האָט פאַרשטאַרקט די ציוניסטישע פאַקטאָרן אין אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק, אויב אפילו די מאָס פון פאַראינטערעסירונג האָט געמוזט זיין אַ פאַרשידענע. דער יידישער קאַפּיטאַליסט האָט נישט געקאָנט האָפן צו מאַכן געשעפטן אין ארץ-ישראל, אָבער אויך ער האָט געהאַט אַ לעבנס-אינטערעס אין ארץ-ישראל. ס'איז אַלזאָ נישטאָ קיין ספק, אַז די סיבה פון פאַראינטערעסירונג אין ציוניזם, — וואָס איר ממשותדיקן אויסדרוק זעען מיר אין די נאַציאָנאַלע פאָנדן — איז צו זוכן אין דעם אינערלעכן צוגאַנג און אַמאָל אינטערעסן-פאַראינטערעסירטקייט אין ארץ-ישראל, אָבער מען קאָן זי נישט געפינען אין די קלאַסן-אינטערעסן. דאָס איז דער יסוד פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ קאָאָפּעראַציע פון אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, און זי פאַרזיכערט עס איר הצלחה און איר אַנטוויקלונג און איז אַן עיקרדיקער ריכטונג-געבנדער אינסטרומענט אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם אין ארץ-ישראל. דעםדאָזיקן אַנאַליז פון דער ציוניסטישער ווירקלעכקייט ווילן די לינקע פועלי-ציון נישט זען און דעריבער איז זייער גאַנצע עקזיסטענץ אין גלות און אין ארץ-ישראל אַזוי אומפּרוכטבאַר און אָפּגעריסן. די אָנשויאונג, וואָס איך האָב אויבן באַגרינדעט, איז פאַראַן אויך ביי באָראָכאָוון, וועמענס מיינונגען זענען דאָך געוויינטלעך אַ הייליקייט פאַר די לינקע פועלי-ציון, מיר נעמען אָן באָראָכאָווס ליניע אינם אַנאַליז פון די פּראָצעסן פון דער יידישער ווירקלעכקייט און פונם יידישן ישוב אין ארץ-ישראל.

דערדאָזיקער אַנאַליז פון די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינם יידישן ישוב, זאָגט אונז, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אויפבוי-אַרבעט און מיט דער נאָרמאַליזירונג פונם ישוב, גייט און אַנטוויקלט זיך אין ארץ-ישראל אַ קלאַסן-דיפערענציאַציע. די פאַראייניקטע פאַרטיי פאַרזעט דעמדאָזיקן פּראָצעס, וועלכער דרינגט אַרויס פון דער ווירקלעכקייט. צוליב דעם קומט איר נישט ריכטיקע טאַקטיק, אַ טאַקטיק, וועלכע אַנטשפּרעכט נישט דער אויפגאַבע פונם קלאַסן-קאַמף אין ארץ-ישראל, דער אָרגאַניזירונג פונם אַראַבישן אַרבעטער א. א. וו.

איצט די פראַגע וועגן באַשטאַנד פון די ליגעס: די פאָדערונג, וועלכע עס שטעלן אַרויס די לינקע פועלי-ציון בנוגע דעם סאָציאַליסטישן באַשטאַנד פון די ליגעס, אויך זי איז ווייט פון ריכטיקן אָפּשאַצן די יידישע ווירקלעכקייט. דער אַנאַליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט באַווייזט, אַ שטענדיקע טראַנספאָרמאַציע אין דער יידישער גאַס, וועלכע פירט אַריבער עלעמענטן, וואָס זענען נעכטן-אייערנעכטן געווען פאַרבונדן מיטן מיטלשטאַנד, אין די רייען פון די פאַראָרימטע מאַסן, און פון יידישן אַרבעטער אין ארץ-ישראל. אויך דער „השומר הצעיר", וועלכער איז מיט זעקס-אַכט יאָר

צוריק באַשטאַנען פון אַ שילער־עלעמענט, ווייט פון אַרבעט, איז היינט אַן אינטעגראַלער עלעמענט פונם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל. די צוגעהע־ריקייט פונם דאָזיקן עלעמענט, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַן איבערגאַנגס־מצב צום אַרבעטער־לעבן, צו דער ליגע, קאָן נישט זיין קיין פראַגע פון חסד, נאָר דאַרף זיין אַ מסקנה פונם פאַרשטיין די יידישע ווירקלעכקייט און די פראָ־צעסן, וואָס קומען פאָר אין איר. אויך צווישן די לינקע פועלי־ציון וואָלטן מיר, לויטן דאָזיקן שטאַנדפונקט, מסתמא, געפונען נאָך ווייניקע בעלי־זכות אויף געהערן צו דער ליגע. אויב מיר וואָלטן בודק געווען די ווירקלעכע פראָלעטאַרישקייט פון די, וואָס זענען אָרגאַניזירט אין דערדאָזיקער פאַרטיי. די מסקנה דאַרף אַלזאָ זיין, אַז דער עלעמענט, וואָס שאַפט די ליגעס, באַשטייט בעיקר פון דער יידישער יוגנט, וועלכע שטרעבט צו אַן אַרבעטס־לעבן, פון די יידישע פּאַראָרימטע מאַסן און יידישע אַרבעטער.

איך וועל זיך נאָך אָפּשטעלן אויף אַ וויכטיקער פראַגע, וועלכע פאָדערט אַן אויפקלערונג — דאָס איז די פראַגע וועגן דער א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ־ל ע ר אָ ר י ע נ ט אַ צ י ע און אונזער באַציאונג צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר האָבן געהערט די רעדע פון ס ע ס י ל מ ע ל אָ ן, דעם פאָר־שטייער פון דער בריטישער אַרבעטער־פאַרטיי. איך בין מודה, אַז דידאָזיקע רעדע ווייזט אַרויס פאַרשטענדעניש פאַר אונזער אַרבעט. אָבער סוף־כל־סוף מוז מען זיך דאָך פרעגן: וואָס איז די ממשותדיקע באַדייטונג פון דערדאָזי־קער רעדע? עס קלינגען דאָך אין אונזערע אויערן ממש די זעלבע פייער־דיקע ווערטער פון מאַקדאָנאַלדן, און האָט דען נישט דער זעלבער מאַקדאָנאַלד גוזר געווען אויף דער הלוצישער עליה? וואו דאַרף מען אַלזאָ זוכן דעם שליסל פון דערדאָזיקער רעטעניש? איך וויל נישט גרינגשעצן די טעטיקייט צו דערגרייכן סימפּאַטיעס פאַר אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטיש ווערק אין ארץ־ישראל. מיר דאַרפן אויך ווייטער, און מיט נאָך מער אָנשטרענגונג, פאָרט־זעצן דידאָזיקע אַרבעט פון ווערבירן סימפּאַטיעס פאַרן ציוניסטישן אויפבוי אין די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און דער פּראָ־גרעסיווער געזעלשאַפטלעכקייט. אָן אַ ספק איז אונזער היינטיקער קאָנגרעס אַ וויכטיקע דערגרייכונג אויפן דאָזיקן געביט. אָבער ביי דער גאַנצער וויכטיקייט פון דערדאָזיקער אַרבעט קאָן מען נישט פעסטלייגן אונזער אָריענטאַציע אויף דער בריטישער לייבאָר־פאַרטיי און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די קאָנ־קרעטע פּאָליטיק פון מאַקדאָנאַלד און זיינע חברים בנוגע ארץ־ישראל, וועלכע איז געווענדעט קעגן ציוניסטישן ווערק, קעגן יידישער איינוואַנדערונג און ווירקט זיך בכן אויס קעגן יידישן אַרבעטער־קלאַס — דידאָזיקע פּאָליטיק איז אַן אומצעטיילבאַרער באַשטאַנדטייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער בריטישער לייבאָר־פאַרטיי און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. פּאַק־טיש אונטערשיידט זיך דידאָזיקע פּאָליטיק נישט פיל פון דער פּאָליטיק פון די פּאָריקע רעגירונגען. די בריטישע לייבאָר־פאַרטיי, שטייענדיק בראש פון דער רעגירונג, דינט אַלס אינסטרומענט צו באַפעסטיקן די אימפּעריאַליסטישע

אינטערעסן פון גרויס-בריטאַניע. דעריבער איז עס נישט קיין צופאַל, וואָס דווקא די צייט פון מאַקדאָנאַלדס הערשאַפט איז געווען פאַר אונז אַ צייט פון די שווערסטע אָנגריפן אויפן ציוניסטישן ווערק און אויף דער פאַרשטאַרקונג פון יידישן אַרבעטער-אויפטו (די אויגוסט-געשעענישן, די עליה-גזירה)• נאָר יענע ריכטונגען אינם סאָציאַליזם, וועלכע דענקען אין קאַטעגאָריעס פון ווירקלעכער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און וועלכע וויזן אַרויס די ווייטגייענדיקסטע פאַרשטענדעניש פאַר די אינטערעסן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-קלאַס, נאָר זיי קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן דער קאָלאָניאַל-אויס-נוצונג צוליב דער מאָמענטאַלער טובה פון אַרבעטער אין דער מעטראָפּאָליע. די אונטערשטיצונג פון דידאָזיקע קרייזן קאָנען מיר אָבער געווינען נאָר דורך אַ גראָדליניקער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק, געטריי די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע עיקרים. אַ פּאָליטיק פון מטשטוש זיין דעם קלאַסן-קאַמף, פון בילדן געמיינזאַמע אַרבעטס-ביוראָען און פון פאַרנאַכלעסיקן דעם הויפּט-פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט ביי דער אָרגאַניזירונג פונם אַראַבישן אַרבעטער — אַזאַ פּאָליטיק קאָן בשום אופן נישט דערנענטערן אונזער ציוניסטיש-סאָציאַליסטיש ווערק צום געטרייען טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג. דער הויפּט-שטריך פון דערדאָזיקער פּאָליטיק איז אין עצם נישט ווייט פון די דערשיינונגען פון דער פּסיידאָ-סאָציאַליסטישער פּאָליטיק פון דער בריטישער לייבאָר-פּאַרטיי און דעם רוב פון די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זייער פאַרעטערישע טעטיקייט האָבן מיר אַזוי גוט געשפּירט אויף אונזערע פּלייצעס. דאָס איז אַלזאָ דער פעסטער בינד צווישן אונזער סאָציאַליסטישער טעטיקייט און דער הסתדרות העובדים און אונזער אינטערנאַציאָנאַלער אָריענטאַציע.

מאיר בראון (צפון-אַמעריקאַנער דעלעגאַציע):

חברים דעלעגאַטן! אַלס איינער פון דער צפון-אַמעריקאַנער דעלעגאַציע זע איך אין היינטיקן קאָנגרעס די גרויסע מאַניפעסטאַציע פון געאייניקטן ווילן פון אַ ריזיקער צאָל יידישע אַרבעטער און יידישער יוגנט, צו באַפעסטיקן די טעטיקייט פון דער הסתדרות העובדים און פון אירע פאַרבינדעטע, פאַר דעם שאַפן פון אַ יידישער אַרבעטער-געמיינשאַפט אין ארץ-ישראל. דער אָנטייל פון פיל אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן-פירער און געווערקשאַפטן-לייטער, נישט-יידישע אַרבעטער-פירער, אויפן דאָזיקן קאָנגרעס, איז אַ באַווייז פון די טיפע סימפּאַטיעס, וואָס די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל האָט זיך דערוואָרבן אין דער וועלט.

עס איז פאַר אונז אַ באַזונדערע באַפרידיקונג, וואָס זיי, אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע פריינט, זענען נישט בלויז געקומען אונז צו באַגריסן, נאָר אויך צו לערנען פאַרשטיין סיי דאָס געשאַפענע, סיי די גרויסע פאַרבאָרגענע כּח פון ארץ-ישראל העובדת. צום ערשטן מאָל זעען מיר אויף אַ יידישן אַרבעטער-צוזאַמענפאָר אַזאַ גרויסע צאָל פאָרשטייער פון נישט-יידישע אַרבעטער

און סאָציאַליסטן. אַזאַ וואַרימע און חברישע באַציאונג. איך פיל, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט, פיל פון זיינע בעסטע פאָרשטייער, שטרעקן אונז אויס אַ ברודער־האַנט אין אַ שווערער שעה און באַלוינען דעם יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט אין אַ רייע לענדער געבראַכט אַזוי פיל קרבנות פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, פאַרן באַפרייאונגס־וועג פון אַרבעטער־קלאַס.

מיר, פון צפון־אַמעריקע, קומען דאָ מיט אַ געאייניקטן ווילן און גרייט־קייט צו פאַרוואַנדלען דעם אַרבעטער־קאָנגרעס נישט בלויז אין אַ דעמאָנ־סטראַציע, נאָר אויך אין אַ קאָנסטרוקטיוון אויפבוי. מיר, פון פאַרשידענע אַר־בעטער־אָרגאַניזאַציעס און ריכטונגען, קומען צום דאָזיקן קאָנגרעס נישט אין נאָמען פון איין פּאַרטיי, נאָר אין נאָמען פון צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן טיף אָפּשאַצן דאָס שוין גע־שאַפענע.

עס וועט קלינגען פאַר אייך פּאַראַדאָקסאַל, ווען איך וועל אויסדריקן מיין מיינונג, אַז גראָד דער ארץ־ישראל־אויפבוי האָט אונז אַלעמען פאַרייניקט, און אין אונזער אַרבעט טרעפן מיר אַ גרויסע צאָל מענטשן, וועלכע זענען אַמאָל געווען אונזערע קעגנער, און האָבן נישט פאַרשטאַנען אונזער אויפבוי־אַרבעט און די געשאַפענע ווערטן. איך בין פון די, וועלכע האָבן אַ פּאָזיטיווע באַ־ציאונג צו דער אַרבעט אין גלות; פיל פון אונז שטייען יאָרנלאַנג אין אַמע־ריקע אין דינסט פון יידישער קולטור, אין דינסט פון יידישער קינדער־דער־ציאונג. גראָד די פון אונז, וועלכע האָבן פון ערשטן טאָג אָן פּראָקלאַמירט אין אַמעריקע דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן אידעאַל, זענען געווען פּיאָנערן אויפן געביט פון יידישער קולטור, האָבן געשאַפן שולן, אַ לערער־סעמי־נאַר און אָנגעפירט אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די מאַסן. מען האָט אין דער אַרבעט נישט געזען אַ סתירה צו א״י. מיר האָבן פאַרבונדן אונזער קולטורעלע אַרבעט, אונזער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין אַמעריקע מיטן אידעאַל פון פּראָדוקטיוויזירונג, וואָס געפינט זיין אויסדרוק אויף די פעלדער און אין די שטעט פון ארץ־ישראל.

איך האָף, אַז אונזער קאָנגרעס וועט פירן צו מער איינִיקייט, צו מער פאַרשטענדעניש, צו מער חברשאַפט אין די יידישע אַרבעטער־רייען, און ער קאָן ווערן דער וועג־ברעכער, וואָס זאָל סוף־כל־סוף רעאַליזירן אַן אַלטן וואונטש פון פיל פון אונז — דאָס צונויפרופן אַן אַלוועלטלעכן יידישן אַר־בעטער־קאָנגרעס פאַר אַלע נויטן און פּראָבלעמען פון דער יידישער אַרבע־טערשאַפט. אונזער היינטיקער קאָנגרעס זאָל זיין אַ שטויס צו יענעם וועג.

איך באַדויער, וואָס איך קאָן זיך נישט אָפּשטעלן לענגער אויף דער פּאָליטישער דיסקוסיע, וואָס דער אינהאַלטספולער רעפעראַט פון ח׳ בן־גוריון האָט אַרויסגערופן. איך בין מסכים מיט די געדאַנקען און אידעען פון ח״ בן־גוריון בנוגע דער פּאָליטישער אַרבעט און יידיש־אַראַבישער באַציאונג. עס איז אַן אָפּנהאַרציקייט, וואָס דאַרף באַגריסט ווערן. די הסתדרות וועט זיך דערנענטערן און וועט דערנענטערן צו זיך דעם אַראַבישן אַרבעטער, די־

צאָל פון וועלכע איז נאָך היינטיקן טאָג קליין און וועלכע זענען אין סאָציאַלן זין הינטערשטעליק.

די הסתדרות מוז זאָרגן פאַר דער אויפהייבונג פון קולטורעלן און עקאָנאָמישן מצב פון די אַראַבישע אַרבעטער, זי מוז דערשיינען אַלס זייער אמתער פריינט, דערביי נישט פאַרבאַהאַלטן אונזערע שטרעבונגען און אויפגאַבן, וואָס זענען דער אינהאַלט פון אונזער עקזיסטענץ.

מיר האָבן שווערע אימיגראַציע־פּראָבלעמען. די נויט פון אויסוואַנדערונג איז גרויס, די יידישע גאַס שרייט נאָך פּראָדוקטיוויזירונג, ארץ־ישראל קאָן דאָס ווערן. מעגן מיר דאָך וויסן, אַז די אַראַבער האָבן דאָך נישט די באַדערפעניש איינצוואַנדערן אין ארץ־ישראל, האָבן בכלל נישט די אָנגעווייטיקטע אימיגראַציע־און עמיגראַציע־פּראָבלעמען, ווי די יידישע מאַסן. אין דעם זע איך אונזערע מעגלעכקייטן. און איך זע אויך, אַז די הסתדרות קאָן אין אַ גרויסער מאָס העלפן שאַפן, דורך אַ באַשטימטן עקאָנאָמישן און קולטערעלן פּראָגראַם, אַ פאַרשטענדיקונג צווישן יידן און אַראַבער, וועלכע וואוינען אין ארץ־ישראל.

איך דערוואַרט, אַז דער אַרבעטער־קאָנגרעס וועט עס קלאָר מאַכן אין זיינע רעזאָלוציעס און אויך אָננעמען פּראַקטישע באַשלוסן, וואָס זאָלן לייכטער מאַכן אונזער וועג. מיר, פון אַמעריקע, זענען געקומען העלפן אין דער גרויסער אַרבעט, מיר ווילן און וועלן דערפילן אונזער טייל אַרבעט.

ז. אַבראַמאָוויטש (לינקע פּועלי־ציון, ריכטונג יצחקי—אַבראַמאָוויטש):

צוליב דער באַגרעניצטער צייט קאָן איך בלויז באַרירן די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס שטייען פאַר אונז.

דער קאָנגרעס קומט זיך צונויף אין זייער אַ שווערן מאָמענט. נישט ווייל די לאַגע אין א״י זאָל זיין שווער. פּונקט פאַרקערט, די עקאָנאָמישע לאַגע אין א״י, די לאַגע פון די יידישע אַרבעטנדע מאַסן דאָרט איז אין דעם איצטיקן מאָמענט בעסער ווי די לאַגע פון די יידישע מאַסן אין אַנדערע לענדער. אפילו אין אַמעריקע און אויך דאָ אין דייטשלאַנד און אין פּוילן, ליטע, רומעניע איז די לאַגע באַזונדערס שווער. אויב עמעצער וועט מיינען, אַז דאָ דאַרף אָרגאַניזירט ווערן די הילף פאַר די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע — וועל איך זיכער אויסדרוקן די מיינונג פון דער גאַנצער פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט, ווען איך וועל זאָגן: אין דעם איצטיקן מאָמענט דאַרף דער יידישער אַרבעטער אין א״י נישט האָבן אַזאַ הילף. ער וויל זי נישט. דאָס וואָס ער דאַרף יאָ האָבן, איז עפּעס אַנדערש. אין א״י באַמיען מיר זיך אויפצובויען אַ צענטער פאַר די ברייטע יידישע מאַסן פון דער גאָרער וועלט. די אויפגאַבע איז — אויפן באָדן פון ארץ־ישראל צום ערשטן מאָל פאַרוואַנדלען דעם קאָלעקטיוו פון יידישע אַרבעטער אין אַ קלאַס — דאָס הייסט אין אַזאַ קאָלעקטיוו, וואָס שטרעבט און וואָס איז אויך בכוח צו נעמען אין זיינע הענט די מאַכט

איבער דעם לאַנד. וואָס שטרעבט און וואָס איז אימשטאַנד זעלבסטשטענדיק צו בויען די לעבנספאָרמען פון דער געזעלשאַפט. דאָס פאַרלאַנגט דעם וואוקס פונם יידישן אַרבעטער-קלאַס. די פאַרוואַנדלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד אין אַ קאָמפּאַקטן און שטאַרק פּראָלעטאַריזירטן מאַסן-ישוב. די דערגרייכונג פון אונזערע באַפרייאונגס-צילן פאַרלאַנגט אָבער אַ שטענדיקן צוזאַמענבונד פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען שוין אין א״י, מיט יענע יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין דער איינוואַנדערונג קיין א״י און אין דעם לאַנד גופא — מיט דעם אַראַבישן אַרבעטער. די יידישע אַרבעטער אין א״י זענען נישט, קאָנען נישט זיין און ווילן נישט זיין קיין אָפּגעשלאָסענער קאָלעקטיוו פון 30.000 מאַן, נאָר אַ טייל פון אַ גרויסער באַוועגונג. עס האַנדלט זיך נישט וועגן דער הילף פון די חוץ לארצדיקע יידישע אַרבעטער דעם יידישן אַרבעטער אין א״י, נאָר וועגן אַ גרויסער געמיינזאַמער אַרבעט פון די און יענע צוליב אַ געמיינזאַמען אינטערעס.

אָט דידאָזיקע גרויסע אַרבעט איז איצט געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געפאַר. די פּאָגראָמען פון אויגוסט זענען באַזונדערס געפערלעך נישט צוליב די 130 קרבנות, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי פאַרשטאַרקן דעם אָפּגרונט צווישן דעם יידישן און דעם אַראַבישן אַרבעטער אין א״י, וואָס זיי שטרעבן איבערצורייסן די פעדעם, וואָס דאַרפן זיי פאַרבינדן. און דער פאַרבאָט פון דער עליה, וואָס איז געקומען נאָך לאַנגע יאָרן פון איר מאַקסימאַלער באַגרעניצונג, איז באַזונדערס פיינלעך אויך נישט צוליב די 2000 סערטיפיקאַטן, וואָס מען האָט אָפּגעשטעלט. ווען די ענגלישע רעגירונג זאָל שוין יאָ געבן איינע אָדער צוויי טויזנט סערטיפיקאַטן — וואָס פאַר אַ באַדייטונג קאָן דאָס פאַר אונז האָבן? פאַר אונז יידישע אַרבעטער שפּילט דאָס קיין ראָלע נישט. מיר דאַרפן נישט האָבן 2000 סערטיפיקאַטן, מיר דאַרפן האָבן דעם פרייען צוטריט קיין א״י פאַר צענדליקער און הונדערטער טויזנטער פון די ליידנדע יידישע אַרבעטער-מאַסן. די באַזונדערע געפאַר פון דעם באַפעל וועגן אָפּשטעלן די עליה ליגט אין זיין כוונה איינגאַנצן צו איבעררייסן יענע פעדים, וואָס פאַרבינדן דעם יידישן אַרבעטער אין א״י מיט די יידישע מאַסן אין אויסלאַנד אין איין גאַנצעס. קעגן אָט דעם דאָפּלטן פּרווו פון דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער רעגירונג צו צעברעכן אונזער גרויסן אויפטו אין פּאַלעסטינע מוזן מיר מאָביליזירן אונזערע כוחות.

דער דעפּוטאַט מעלאַן האָט דאָ דערקלערט, אַז ענגלאַנד פירט די פּראָציוניסטישע פּאָליטיק נישט צוליב אירע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, נאָר צוליב דער טיפער סימפּאַטיע צו אונזער באַפרייאונגס-אידעאַל. מעלאַן מאַכט איין געוואַלטיקן פעלער. ער פאַרגעסט צו זאָגן וועגן וואָס פאַר אַן ענגלאַנד ער רעדט, וועלכע קלאַסן מיינט ער. יאָ, מיר זענען זיכער, אַז אַ פּשוטער ענגלישער אַרבעטער — אויף וויפיל ער ווערט באַקאַנט מיט אונזער באַוועגונג און מיט אונזערע אויפגאַבן — שטיצט אונז און וועט אונז שטיצן צוליב דער סימפּאַטיע צו אונזער באַפרייאונגס-אידעאַל און צוליב דעם געפיל פון

דער חברישער קלאַסן־סאָלידאַריטעט. גאָר אַנדערש איז אָבער די ענגלישע בורזשואַזיע און אירע מיטהעלפּער. די ענגלישע בורזשואַזיע לאַכט זיך אויס פון די באַפרייאונגס־אידעאַלן, זי היט אָבער אירע אימפּעריאַליסטישע אינטע־רעסן און נאָך איר שלעפּט זיך נאָך די רעגירונג פון די רעפאָרמיסטישע לייבאָר־פירערס. מאַקדאָנאַלד האָט דערקלערט, אַז ער וויל נישט בילדן קיין קלאַסן־רעגירונג. די לייבאָר־פירער ווילן זיין „די רעגירונג פון אַלע קלאַסן" — דאָס הייסט דעראַבערן דעם צוטרוי אויף פון דער ענגלישער בורזשואַזיע. איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז זיי פאַרוואַנדלען זיך אין אַ ווערקצייג פון דער אימ־פּעריאַליסטישער פּאָליטיק און דערפאַר שטעלן זיי זיך אַנטקעגן די באַפריי־אונגס־באַוועגונגען פון די אַרבעטנדע מאַסן אין די קאָלאָניאַלע לענדער. דער־פאַר פירן זיי די אַלטע און אויסגעפּרוּווטע פּאָליטיק פון בלאָק מיט די פעאָ־דאַלע הערשנדע שיכטן אין די קאָלאָניעס. דאָס באַשטימט זייער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל — דעם איינהייטלעכן פראָנט מיט דעם אַראַביש־עפענדישן אויספּיר־קאָמיטעט, רדיפות אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, פּרוּוון אָפּצושוואַכן און צו דערשטיקן די אַרבעטנדע יידישע איינוואַנדערונג אין לאַנד.

דערפאַר איז עס אַ פולשטענדיק האָפענונגסלאָזע זאַך צו זוכן אין דער־דאָזיקער רעגירונג אונזער פאַרבינדעטן. אונזערע פאַרבינדעטע מוזן זיין אין די אַרבעטער־מאַסן. דערפאַר איז אונזער וויכטיקסטע אויפגאַבע איצט צו דער־קלערן דעם אַרבעטער־קלאַס פון ענגלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט די אמתע לאַגע ווי זי איז. מיר מוזן זיי זאָגן, אַז די רעגירונג, וועלכע הייסט „אַרבע־טער־רעגירונג", די רעגירונג פון רעפאָרמיסטישע פירערס, וועלכע דער ענג־לישער אַרבעטער האָט איבערגעגעבן די מאַכט, פירט אַן אַנטי־פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק.

דער איצטיקער קאָנגרעס, וועלכער האָט פאַרייניקט הונדערטער טויזנ־טער יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער און רעדט אין זייער נאָמען, האָט געדאַרפט זיין אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דערדאָזיקער פּאָליטיק. עס האָט געדאַרפט זיין איר צענטראַלע אויפגאַבע אויפצוהייבן דעם מעכטיקן פּראָטעסט און אַוועקשטעלן פאַרן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט דעם גאַנצן אמת ווי ער איז. אויב דאָס איז נישט געשעען, איז דאָס ווייל די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם קאָנגרעס געהערן אַליין צום רעפאָרמיסטישן פליגל, און אַליין פאַר־טושן זיי די לאַגע. עס מוז אָבער קלאָר געזאָגט ווערן אויף דער קאָנגרעס: מיר באַשולדיקן מאַקדאָנאַלדס רעגירונג אין דעם, וואָס איר אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט די איינציקע זאָרג — ריינצוּוואַשן די פּאָגראָם־העלדן. דער „ספּעציאַליסט", וואָס זי האָט צוגעשיקט, כדי צו רעפאָרמירן די פּאַלעסטינישע פּאָליציי, דאוביגין, שטעלט אַרויס אין זיינע רעקאָמענדאַציעס אַלס די וויכטיקסטע און דרינגענד־סטע אויפגאַבע — צו אַנטוואָפענען און פאַרניכטן די יידישע זעלבסטשוץ. דער פּאָגראָמען־העלד לוק ווערט „באַשטראָפט" דורך אַריבערפירן אויף אַ העכערן פּאָסטן!

די הסתדרות־פירער וואַגן אָבער נישט צו מאַכן קיין איין פּאָ־ליטישן שריט אָן דער הסכּמה פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע. און יענע בלייבט געטריי איר אָריענטאַציע אויף דער אימפּעריאַליסטישער ענגלאַנד. דערפאַר ווערט אָפּגעשוואַכט דער פּאָליטישער קאַמף פון די יידי־שע אַרבעטער פאַר זייער רעכט.

איינער פון די דעלעגאַטן פונם קאָנגרעס, וואָס געהערט נישט צו קיין פּראָלעטאַריש־ציוניסטישער פּאַרטיי, האָט מיר געזאָגט, אַז דער קאָנגרעס טראָגט אַ צו שטאַרקן ציוניסטישן כאַראַקטער : ער איז אָבער אַ פּריינט פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל און פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער עליה, אָבער נישט קיין פריינט פון ציוניזם. אויף מיין פראַגע, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן די צוויי באַגריפן, האָט ער געענטפערט : איך מיין, אַז דאָ הערשט די אַט־מאָספער פון בורג־פרידן. ציוניזם — בורגפרידן ! ציוניזם הייסט שלום פון יידישע אַרבעטער מיט דער יידישער בורזשואַזיע. דאָס אַנטשפּרעכט דער השגה פון „אחדות העבודה“, דאָס איז אָבער אַ געפערלעכער פעלער, וואָס מוז צעבראָכן ווערן. די ציוניסטישע בורזשואַזיע — אונזער פריינט ? אָט די זעלבע ציוניסטישע בורזשואַזיע, וועלכע קושט די הענט פון דעם ענגלישן אימפּע־ריאַליזם און טאָרמאָזירט אונזער קאַמף פאַר די רעכט פון די יידישע אַרבעטנ־דע מאַסן ? אָט די בורזשואַזיע, וועלכע קאָנצענטרירט איצט אירע אַלע כּוחות, כּדי צו צעברעכן די הסתדרות און צעשמעטערן יעטוועדער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער ?

די פירער פון דער הסתדרות האָבן איינגעלאַדן צום קאָנגרעס דעם פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע נחום סאָקאָלאָוו און דער קאָנגרעס פון די יידישע אַרבעטער האָט דאָ געמוזט אויסהערן זיין באַגריסונג. און אַ צווייטער פאָרשטייער פון דער זעלבער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, סאַקער, אָפיציעל באַפולמעכטיק צו דעם פון דער עקזעקוטיווע, האָט דער־קלערט פאַר דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון שאו, אַז ער איז פולשטענדיק מסכּים מיט דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג כּלפּי דער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע. ער האַלט, אַז מען וואָלט געדאַרפט אַ ביסל פאַרברייטערן די איינוואַנדערונג פונם מיטלשטאַנד, ער האָט אָבער נישט קיין שום טענות בנוגע צו דער רעגירונגס־פּאָליטיק כּלפּי דער אַרבעטער־איינוואַנ־דערונג. און דאָס איז אין דער צייט, ווען הונדערטער טויזנטער יידישע מאַסן גייען אונטער אין זייערע געטאָס און זוכן אַ וועלכן נישט איז אויסוועג פאַר זייערע אימיגראַציע־באַדערפעניש ! נישט נאָר אין אונזער סאָציאַלן און עקאָ־נאָמישן קאַמף, אין אונזער קאַמף פאַר אויפהייבן דעם סאָציאַלן לעבנס־שטיי־גער פון די מאַסן אין פּאַלעסטינע, אין אונזער קאַמף קעגן דער פּאָליטישער רעאַקציע האָבן מיר די ציוניסטישע בורזשואַזיע קעגן אונז, נאָר אפילו אין דעם קאַמף קעגן די עליה־באַגרעניצונגען מוז דער אַרבעטער־קלאַס אַליין אויס־קעמפן זיין קאַמף. דער ציוניזם קאָן נישט זיין קיין שלום־בית, קיין איינהייט־לעכער פראָנט פון דעם יידישן אַרבעטער מיט דער יידישער בורזשואַזיע.

עס זענען דא צוויי זעלבסטשטענדיקע ציוניזמען — דער פּראָלעטאַרישער

און דער בורזשואַזער, צװײ קלאַסן־פײנט. און נאָר אין קאַמף מיט דער בורזשואַזיע קאָן די פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע באַװעגונג דערגרײכן אירע צילן.

שפּרינצאַק האָט געזאָגט אין זײן רעדע: דורך דעם אָנטײל אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן מיר אױפגעשטעלט דגניה און אַנדערע קבוצות און דורך דעם געשאַפן פּאָזיציעס פאַר די ײדישע אַרבעטנדע מאַסן אין ארץ־ישראל. אָבער דגניה און אַנדערע קבוצות האָבן אַ גאַנץ קלײנע אױפנאַמס־באַדײטונג פאַר דער ײדישער אַרבעטער־אײנװאַנדערונג. אײן נשר, צום בײשפּיל, האָט געשאַפן אַן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר פינף מאָל אַזױ פיל מענטשן װיפיל דגניה. געשאַפן אױך אַ װיכטיקן סטראַטעגישן פּונקט פאַר דעם קלאַסן־קאַמף פונם ארץ־ישראלדיקן פּראָלעטאַריאַט, פאַר זײן פּאָליטישער מאַכט, פאַר זײן באַפרײאונג. צװישן 12.000 ײדישע אַרבעטער אין דאָרף אין פּאַלעסטינע זענען נאָר 4000 באַשעפטיקט אין די קבוצות, מושבים — בכלל אין אַרבעטס־װירטשאַפטן; 8000 זענען באַשעפטיקט אין דער פּריװאַטער װירט־שאַפט אַלס לױן־פּראָלעטאַריאַט. פון 15.000 ײדישע אַרבעטער אין די שטעט באַשעפטיקן די קאָאָפּעראַטיװן װײניקער פון 1000. אױב פריער האָט די ײדישע בורזשואַזיע דער מעגלעכט די אָרגאַניזירונג פון די קבוצות, איז דאָס געװען, װײל זי האָט דאָס געדאַרפט האָבן אין די ערשטע סטאַדיעס פון דער קאָלאָ־ניזאַציע. איצט אָבער צײגיסט זיך מיט אַן אַלץ ברײטערן שטראָם אין פּאַ־לעסטינע די פּריװאַטע װירטשאַפט, און צוזאַמען מיט דעם װערן אַלץ בולטער אַנטקעגנגעשטעלט די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט. דער אָנטײל אין די אַלגעמײן־ציוניסטישע אינסטיטוציעס בינדט אײך הענט און פיס אין אײער פּאָליטישן און סאָציאַלן קאַמף, שװאַכט אָפּ אפילו אײער קאַמף פאַר די נאַ־ציאָנאַלע און פאַר די אײנװאַנדערונגס־רעכט פון די מאַסן און האָט אין דער זעלבער צײט נישט קײן שום ערנסטע באַדײטונג פאַר די װירטשאַפטלעכע פּערספּעקטיװן פון די ײדישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

מײן צײט ענדיקט זיך. און איך װיל זיך אָפּשטעלן בלױז אױף נאָך אײן פּונקט. אַ רײע רעדנער האָבן דאָ געפּרעדיקט צו אַנטזאָגן זיך פון דער פּאַרטײיִשקײט און אױפשטעלן די אײנהײט. מיר שאַצן די אײנהײט אין די ראַמען פון דער אַרבעטערשאַפט און פון די אַרבעטנדע מאַסן, װאָס גײען צום פּראָלעטאַריאַט. באַזונדערס איצט, װען דער פינסטערער בלאָק פון פעאָ־דאַלער רעאַקציע און אימפּעריאַליסטישער אונטערדריקונג האָט אױפגעהױבן קעגן אונדז זײן פױסט; איצט, װען די ענגלישע רעגירונג און די עפענדיס פּאָ־בירן צו באַקרױנען די אױגוסט־פּראָגראָמען מיט אַ דױערנדן פּאָליטישן פּראָ־גראָם. יאָ, קעגן דעמדאָזיקן פראָנט װעלן די ײדישע אַרבעטנדע מאַסן אױפ־שטעלן אַן אײנהײטלעכן קאַמפּס־פראָנט. און נישט נאָר אין די ראַמען פון דעם ײדישן אַרבעטער־קלאַס. אונזער פראָנט קעגן די פּאָגראָמען, קעגן דער רע־אַקציע, קעגן דער פאַרשקלאַפונג דאַרף אײנשליסן דעם גאַנצן אינטערנאַציאָ־נאַלן פּראָלעטאַריאַט, דאַרף אײנשליסן אין געמײנזאַמע רײען אױך דעם אַראַ־

בישן אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, די פּאַרטייאישע מיינונגס-פאַרשידנקייט דאַרפן נישט צעשטערן די איינהייט פון אַקציע קעגן דעם פיינט, אָבער נאָר דאַן קאָן דידאָזיקע געמיינזאַמע אַקציע האָבן פאַר זיך אויך אַ ווייטערע פּערספּעקטיוו, ווען די אַרבעטער-מאַסן זאָלן אַלץ מערער און מערער דורכגעדרונגען ווערן מיטן קלאָרן באַוואוסטזיין פון זייערע אינטערעסן, מיט דעם קלאָרן פאַרשטענדעניש פון זייער וועג. אַריינברענגען אָט די קלאָרקייט, אָנמערקן אָט די ווייטערע פּערספּעקטיוון קאָן נאָר די פּאָליטישע פּאַרטיי.

זעלבסטשטענדיקער קלאַסן-וועג אָדער מיטאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע; קלאַסן-קאַמף אָדער קאָמפּראָמיסן; געמיינזאַמע אָרגאַניזירונג מיט די אַראַבישע אַרבעטער אָדער אָפּגעזונדערטקייט און פעדעראַטיווע פאַריינען. — דאָס זענען אַלץ פראַגן, וואָס טיילן אונז פונאַנדער, פראַגן, אויף וועלכע עס מוז געגעבן ווערן אַ קלאָרע תשובה. געמיינזאַם דאַרפן מיר שלאָגן דעם פיינט, גלייכצייטיק מוזן מיר אָבער אויסקעמפן אונזער קאַמף פאַר דעם קאָנסעקווענטן און אויסגעהאַלטענעם פּראָלעטאַרישן וועג אין אונזערע רייען — דעם קאַמף קעמפט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פונם אַרבעטער-קלאַס. איר וואַרפט אונז פאָר: מיר בויען, און איר — צעשטערט!... בויען און צעשטערן — נאָך איין פראַזע, וואָס פאָדערט איר טייטש. אי דאָס בויען אי דאָס צעשטערן קאָן זיין גוט אָדער שלעכט לויט דעם וואָס מען בויט אָדער וואָס מען צעשטערט.

איר ווילט בויען איינצעלנע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפטן אין דער פאָרם פון קבוצות. איר מיינט אויפשטעלן אין דער קאַפּיטאַליסטישער סביבה סאָציאַליסטישע אינזלען — אַ זאַך, וואָס איז נישט מעגלעך, וואָס האָט אין זיך נישט קיין ברייטערע פּערספּעקטיוון; איר ווילט אויך צעשטערן דעם קלאַסן-קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט. מיר ווילן בויען דעם קעמפנדן אַרבעטער-קלאַס, וואָס וועט דורך זיין קלאַסן-קאַמף פאַרווירקלעכן די באַפרייאונג פון די אַרבעטנדע מאַסן; און מיר ווילן צעשטערן די רואיקייט פון די עקספּלואַטאַטאָרן און פון די אונטערדריקערס, צעשטערן דעם קלאַסן-שלום.

אליעזר גלילי („השומר הצעיר״ — צופי-חלוצי):

די באַדייטונג פונם קאָנגרעס ליגט נישט נאָר אין דער הערלעכער דעמאָנסטראַציע פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל, נאָך אויך אין דער פּראַקטישער זאַמלונג פון אונזערע כּוחות צום קאַמף, וועלכן מיר מוזן אין דער צוקונפט פירן. דער קאָנגרעס ברייטערט אויס דעם קרייז פון די פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל. ער פאַרברייטערט אויך דעם פאַרנעם פון אונזער קאַמף — דעם קאַמף פון דער אַרבעטנדיקער יידישער מאַסע, פון יידישן אַרבעטער-קלאַס אין חוץ לארץ. אונזער קאָנגרעס פאַרבינדעט די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין אַמעריקע און אין אַלע אַנדערע לענדער

מיט דער היסטאָרישער אויפגאַבע פון שמידן דעם גורל פונם יידישן אַרבע־טער־קלאַס דורך אונזער ארץ־ישראל־אַרבעטער־ווערק.

מען האָט דערציילט אויף אונזער קאָנגרעס, אַז דאָס איז דער קאָנ־גרעס, וועלכער גרינדעט די „אגענץ" פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל. אונזער „אַגענץ" מוז טאַקע ווערן אַ ווירקלעכקייט. נייע קרייזן פון אַרבעטנדע דאַרפן זיך באַטייליקן אין דער פאַרווירקלעכונגס־אַרבעט פון אונזער ארץ־ישראל־ווערק הן דורך זייערע פינאַנסיעלע לייסטונגען, הן דורך זייער פערזענלעכן אָנטייל. אונזער אייגן קערנדל דאַרף זיין פירענד אין דעמדאָזיקן נייעם כוח, וואָס מיר גייען איצט אויפשטעלן, און וועלכער טאָר נישט ווערן קיין פילאַנטראָפיש־אויטאָקראַטישע קערפערשאַפט. די באַוועגונג אין חוץ־לארץ וועט אין דעם נייעם כוח, וועלכן מיר שאַפן, געפונען דעם בעסטן כלי־זין אין איר קאַמף פאַר אירע פאָזיציעס אין לאַנד, און מיר אין לאַנד וועלן דורך דעם כוח געפעסטיקט ווערן. אונזער קאַמף וועט געשטאַרקט ווערן. עס מוז נעמען אַ סוף צו דער לאַגע, אַז אַ הייפל גבירים זאָל מיינען, אַז זיי האָבן אַ רעכט צו באַשטימען דעם וועג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און מסכן זיין די פאָר־מען פון אונזער א״י־אויפבוי־אַרבעט.

מיר פירן אַ שווערן קאַמף, וועלכן מען האָט אָנגעהויבן קעגן אונז — קעגן דער אַרבעטנדער קאָלאָניזאַציע, קעגן דעם קבוצישן אויפטו. דערדאָ־זיקער קאָנגרעס, וועלכן עס באַהערשט דער ווילן און דער גייסט פון דער ארץ־ישראל־אַרבעטערשאַפט, דאַרף פראָקלאַמירן זיין גרייטקייט און ווילן אויפ־צונעמען דעם קאַמף פאַר די דעראָבערונגען פונם אַרבעטער אין ארץ־ישראל און אים שטעלן אין צענטער פונם קאַמף, וועלכן עס פירט דער יידישער אַר־בעטער־קלאַס, וואָס זאַמלט זיך אַרום ארץ־ישראל.

**יוסף שלאָסבערג** (צפון־אַמעריקאַנער דעלעגאַציע):

דער רעדנער טרעט אַרויס קעגן דעם געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער דיסקוסיע, אַז דער היינטיקער קאָנגרעס דאַרף זיין אַן התחלה פון דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־קאָנגרעס פון גאָר דער וועלט, וועלכער זאָל באַהאַנדלען אַלע נייטיקע פּראָבלעמען פון יידישן אַרבעטער אין אַלע לענדער. זאָל זיך דער קאָנגרעס באַגרעניצן אויף הילף פאַר דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר דעם ציל זיכערן די מיטבאַטייליקונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין דער גאַרער וועלט. אויפגאַבן, וועלכע גייען אַרויס פון דידאָזיקע ראַמען, וועלן זיך אָנשטויסן אויף אַן ענערגישן ווידערשטאַנד, בפרט ביי דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט, ווייל עס איז שווער צו באַשטימען אויף איין קאָנגרעס די איינצעלהייטן פון די צילן און וועגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער. מען מוז נעמען אין אַכט די אייגנאַרט און די באַדינגונגען פון יעדן לאַנד. אין אַמעריקע קאָן דער סאָציאַליזם דערווייל נאָר זיין די טרייב־קראַפט פון אַ קלענערן קרייז; דאָרט באַדייטעט שוין אַ רעוואָלוציאָנערער אויפטו, צו

מאָביליזירן גרויסע מאַסן פאַרן אַזוי גערופענעם „ליבעראַליזם". אָבער וויכטיקער ווי דאָס בעסטע פראָגראַם איז די שאַפונג פון פּראַקטישער אַרבעטער־מאַכט דורך אָרגאַניזאַציע. די יידיש־אַמעריקאַנישע געווערקשאַפטן פילן זיך פאַרבונדן מיט אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אומאָפּהענגיק פון זייערע פּראָגראַמאַטישע יסודות. מיר זאָגן זיך אָפּ פון ווען באַשטימען די פּראָגראַמאַטישע יסודות פון דער הסתדרות און איר פּאָליטיק. נאָר די הסתדרות אַליין האָט צו באַשטימען וועגן אירע צילן און איר סאָציאַליסטישן פּראָגראַם.

שלוס פון דער זיבעטער זיצונג

# אכטע זיצונג

דינסטיק, דעם 30-טן סעפטעמבער, אַ זייגער 9 אין אָוונט, אינם לאָזשן-הויז, קליינסט-שטראַסע. דער זאַל איז איבערגעפולט מיט דעלעגאַטן און געסט.

אברהם שיפּלאַקאָוו (פּאָרזיצער): מיר פירן ווייטער די גענעראַל-דעבאַטע, וועלכע מיר וועלן פאַרענדיקן ביי דער איצטיקער זיצונג. דאָס וואָרט האָט חבר

יצחק לעוו (לינקע פּועלי ציון — פּוילן):

סיי די רעפערענטן מצד דער הסתדרות, ווי שפּרינצאַק, סיי עטלעכע פון די דיסקוטאַנטן פון דעם רעכטן לאַגער, האָבן אַלס באַווייז פאַר דער ריכטי-קייט פון זייער פּאָליטיק געבראַכט דעם פאַקט, וואָס די מערהייט פון דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטער־שאַפט שטייט אויף זייער זייט. דער אַרגומענט באַווייזט אָבער נאָר, אַז די רעכטע פּאַרטיי אין ארץ-ישראל, די פאַראייניקטע אַרבעטער-פּאַרטיי, איז לויט איר סאָציאַלן צוזאַמענשטעל אַן אַרבעטער-פּאַרטיי, דאָס קען אָבער באַשום אופן נישט דינען אַלס אַרגומענט, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי איז לויטן כאַראַקטער פון איר פּאָליטיק אַן אַרבעטער-פּאַרטיי, אַ פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי.

מיר זעען פאַרקערט, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי, פּונקט ווי די רעכטע אָנ-פירערשאַפט פון דער הסתדרות, טרייבט אַן אויסגעשפּראָכענע נישט-פּראָלע-טאַרישע פּאָליטיק. זי פירט נישט קיין קלאַסן-קאַמף-פּאָליטיק, נאָר אַ פּאָליטיק פון קלאַסן-שלום. אירע אָנשטרענגונגען זענען געווענדט נישט אין דער ריכטונג פון די פּראָלעטאַרישע קלאַסן-אידעאַלן, נאָר פון אַלגעמיין-נאַציאָנאַ-לע, כלל-ישראל-אידעאַלן.

דאָס קומט צום אויסדרוק אויך דאָ אויפן קאָנגרעס. מצד די אָפיציעלע רעפערענטן פון דער הסתדרות האָבן מיר נישט געהערט קיין איין וואָרט וועגן סאָציאַליזם, קלאַסן-קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט א. א. וו. זייערע רע-

פעראַטן זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון כלל-ישראל, מיטן גייסט פון נאַציאָנאַליזם, דאָס זענען געווען בירגערלעך-ציוניסטישע רעפעראַטן. איינער פון די רעפערענטן האָט, למשל, געזאָגט: „מיר, די אַרבעטער, זענען איצט די טרעגער פון הערצלישן ציוניזם"; אַ צווייטער (שפּרינצאַק) האָט געזאָגט, אַז די הסתדרות געפינט זיך אין אַ נאַטירלעכער פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג. ווען שפּרינצאַק האָט קאָנקרעטיזירט די אויפגאַבן פון די יידישע אַרבעטער בנוגע דעם בירגערלעכן ציוניזם האָט ער געזאָגט, אַז די אויפגאַבן פון די, וועלכע זיצן איצט אויפן צווייטן שטאָק און וועלכע בילדן דעם וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן א״י, דאַרף זיין — שטויסן און וועקן די אינסטאַנצן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער יידישער אַגענץ, וועלכע קומען זיך געוויינטלעך צונויף מיט אַ שטאָק נידעריקער, צו אַקטיוויטעט, צו אַ פאַרשטאַרקטער ענערגיע. ווען די אויפגאַבע פון פראָלעטאַריאַט איז — צו פאַראַליזירן די כוחות פון דער בורזשואַזיע, אָפּצוטויטן די ענערגיע פון זיינע קלאַסן-שונאים — רעקאָמענדירן אונז די רעכטע פירער מיטצוהעלפן, אַז די כוחות פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, פון די קלאַסן-שונאים פון יידישן אַרבעטער-קלאַס, זאָלן זיך שטאַרקן, אַז זייער ענערגיע זאָל וואַקסן. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ פּאָליטיק איז אַן אויסגעשפּראָכן-בירגערלעכע און האָט מיט סאָציאַליזם, מיט קלאַסן-קאַמף, מיט פּראָלעטאַרישע אינטערעסן גאָרנישט צו טון.

דעם זעלבן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלן, בירגערלעך-ציוניסטישן כאַראַקטער האָט אויך געטראָגן דער רעפעראַט פון ח׳ בן-גוריון. ער האָט גערעדט נישט וועגן דער אויסערן-פּאָליטיק פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר וועגן דער אויסערן-פּאָליטיק פון יידישן פאָלק אַלס גאַנצעס, אומאָפּהענגיק פון דער קלאַסן-צעטיילונג. פונקט ווי ביי שפּרינצאַקן און ביי כצנלסונען עקזיסטירט אויך ביי אים נישט קיין באַזונדערער אַרבעטער-שטאַנדפּונקט. און דערפאַר איז אויך קלאָר, אַז ער האָט געמוזט קומען צו די זעלבע אויספירן, צו וועלכע עס קומען בירגערלעך-ציוניסטישע פּאָליטיקער.

די שטעלונג פון ח׳ בן-גוריון צו דער אַראַבער-פראַגע און צום ענגלישן אימפּעריאַליזם איז די זעלבע, ווי פון ווייצמאַנען. בן-גוריון טרעט פאָרמעל אַרויס מיטן לאָזונג וועגן זעלבסט-באַשטימונגס-רעכט פון די אַראַבער, אָבער אין דער זעלבער צייט מאַכט ער צונישט דעמדאָזיקן לאָזונג דורך דעם, וואָס ער האַלט, אַז איבער די יידן און איבער די אַראַבער דאַרף אין ארץ-ישראל הערשן אַ העכערע געוואַלט — דאָס הייסט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם. בן-גוריון טרעט אָפן אַרויס דערפאַר, אַז די מאַכט זאָל ליגן אין די הענט פון די איצטיקע אָקופּאַנטן.

די רעכטע האָבן אונז עטלעכע מאָל עפנטלעך געפרעגט אויפן קאָנגרעס: „וואָס וועט זיין, אַז די ענגלענדער וועלן אַוועק פון פּאַלעסטינע? דאַן וועט דאָך די ממשלה איבערגיין אין די הענט פון די אַראַבישע עפענדיס, וועלכע וועלן אוממעגלעך מאַכן וועלכע נישט איז אַרבעט אויף צו אַנטוויקלען דעם נייעם יידישן ישוב. עס וועלן דאָך דאַן הערשן די אַראַבישע פּאָגראָם-פירער?"

די, וועלכע שטעלן אַזוי די פראַגע, באַווייזן, אַז זיי אָריענטירן זיך נישט אין דעם סאָציאַל-פּאָליטישן מהות פון אימפעריאַליזם און פון די רעאַקציאָנערן פון אַראַבישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. עס איז פאַלש די מיינונג, אַז דער ענגלי-שער אימפעריאַליזם און די אַראַבישע עפענדיס זענען צוויי כּיינטלעכע כּוחות פאַרקערט זייערע אינטערעסן דעקן זיך, ביידע זענען זיי פאַראינטערעסירט אויפצוהאַלטן די אָפּגעשטאַנענע פעאָדאַלע פאַרהעלטענישן אין פאַלעסטינע, ווייל די עקאָנאָמישע און ממילא פּאָליטישע אַנטוויקלונג פונם לאַנד גראָבט אונטער ביידנס הערשאַפט. און מיר זעען טאַקע, ווי דער בונד צווישן דעם ענגלישן אימפעריאַליזם און די אַראַבישע פריצים ווערט אַלץ ענגער און אַז דערדאָזיקער בונד ווענדעט זיך אַלץ שאַרפער און קלאָרער קעגן דער יידישער אַרבעטער-איינוואַנדערונג. און דערפאַר איז פאַלש, ווען מ׳שטעלט די פראַגע אַזוי, אַז מיטן פאַלן פון דער הערשאַפט פון ענגלישן אימפעריאַליזם, מוז אויפגע-ריכט ווערן די הערשאַפט פון די עפענדיס. פאַרקערט, די השפעה פון די אַראַ-בישע עפענדיס איז פאַרבונדן מיט דער אימפעריאַליסטישער הערשאַפט, און פאַלט דער אימפעריאַליזם אין פאַלעסטינע, פאַלט צוזאַמען מיט אים אויך דער איינפלוס פון עפענדי. דער ענגלישער אימפעריאַליזם וועט פאַלן נאָר אונטער די קלעפּ פון קעמפנדיקן יידיש-אַראַבישן אַרבעטנדיקן פאָלק און דער רעזולטאַט פון דער מפּלה פון ענגלישן אימפעריאַליזם קאָן זיין נאָר די אויפריכטונג פון דער הערשאַפט פון די אַרבעטנדע מאַסן אין פאַלעסטינע, אָבער נישט פון די עפענדיס. און דערפאַר זענען מיר אי אַלס יידישע אַר-בעטער וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין דער רעאַליזירונג פון דעם טע-ריטאָריאַלן יידישן אַרבעטס-צענטער אין פאַלעסטינע, אי אַלס סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן, אַזוי פאַראינטערעסירט אינם פאַלן פון דעם בריטישן אימפעריאַליזם.

אָבער ח׳ בן-גוריון זאָגט אָפן אין זיין רעפעראַט: „מיר וועלן אפילו נישט קיין ריר טון מיט קיין פינגער, כּדי ענגלאַנד זאָל פאַרלאָזן ארץ-ישראל". דאָס איז די שטעלונג פון דער גאַנצער ציוניסטישער בורזשואַזיע, וועמענס קלאַסן-אינטערעסן דיקטירן איר זיך איינצושפּאַנען אין דעם אימפעריאַליס-טישן רייט-וואָגן, וועלכע זוכט ביים אימפעריאַליזם שוץ קעגן דער וואַקסנדי-קער רעוואָלוציאָנערער געפאַר מצד די פאַרייניקטע יידישע און אַראַבישע אַרבעטס-מאַסן. דאָס איז פאַראַט קעגן דעם אַרבעטער-קאַמף, דאָס ווענדעט זיך אָביעקטיוו אפילו קעגן דער אַנטוויקלונג פון דעם נייעם יידישן לעבן אין ארץ-ישראל, וואָס ווערט דער עיקר געשטערט דורך דער הערשאַפט פון ענגלישן אימפעריאַליזם.

די רעכטע עלעמענטן פון דער הסתדרות אָריענטירן זיך אויף די אַלטע כּוחות, אויף די, וועלכע קעמפן פאַר אויפהאַלטן די אונטערגייענדיקע קאַפּי-טאַליסטישע אָרדנונג. זיי גלייבן אין דער אומדערשיטערלעכער קראַפט פון דער אַלטער וועלט. זיי רעכענען, אַז אונטערהאַלטנדיק דידאָזיקע סאָציאַלע כּוחות, וועט די יידישע מאַסע עפּעס דערפון געניסן. דערפאַר שטיצן זיי די ציוניסטישע בורזשואַזיע, דערפאַר האַלטן זיי זיך אָן דעם בריטישן אימפעריאַ-

ליזם. דערפאַר גלייבט נאָך ה׳ בן־גוריון אין דער באַדייטונג און אין דער ממשות פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווי ער האָט עס קלאָר אָנגעגעבן אין זיין רעפעראַט. און צוליב דעם מוז אויך זייער פּאָליטיק זיין אַ בירגערלע־כע, מעג די רעכטע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל זיין אַן אַרבעטער־פּאַרטיי לויט איר סאָציאַלן צוזאַמענשטעל. צוליב דעם דינט אויך אָביעקטיוו די פּאָליטיק פון די רעכטע פירער פון דער הסתדרות די אינטערעסן נישט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר פון דער בורזשואַזיע.

מיר, פּועלי־ציון, אָריענטירן זיך אויף די אויפקומענדיקע רעוואָלוציאָ־נערע כוחות, אויף די, וועלכע שטורמען די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע וועלט. דער גורל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, זיין נאַציאָנאַלע באַפרייאונג, דער קאַמף פאַר דער פרייער יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַלן יידישן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל, איז פאַרבונדן מיט דער מפּלה פון די כוחות פון דער אַלטער וועלט, מיט דער מפּלה פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועלכע וועט קומען אַלס רעזולטאַט פון דעם בשותּפותדיקן קאַמף פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטס־מאַסן.

פ. בן־דורי (פּועלי־ציון [צ. ס.] — פּוילן) :

עס איז באמת אַ שאָד פאַר דער צייט, וואָס מיר גיבן אָפּ אויפן קאָנ־גרעס פאַרן אומפּרוכטבאַרן וויכוח מיט די לינקע פּועלי־ציון. אַ חוץ ק ר י ט י ק האָבן זיי דאָך אונז קיינמאָל גאָרנישט נישט געגעבן און אַליין האָבן זיי דאָך נישט באַוויזן צו שאַפן עפּעס וואָס קאָנקרעטעס אין לאַנד.

דער קאָנגרעס פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל איז באַרופן נישט נאָר אויסצודריקן דעם פעסטן ווילן פון אַלע אַרבעטס־קרייזן צו שטאַרקן דאָס אַר־בעטער־ווערק אין לאַנד, נישט נאָר צום צוועק פון אַ ג י ט אַ צ י ע און צו ד ע מ אָ נ ס ט ר י ר ן די וואַקסנדע כּוחות האָבן מיר זיך דאָ פאַרזאַמלט — נאָר אין דער ערשטער רייע אויפצוקלערן וואו האַלט עס מיט דער לאַגע פון דער אַ ר ב ע ט ע ר ש אַ פ ט אינם אויפבוי־פּראָצעס און ווי אַזוי צו באַפעסטיקן און פאַרברייטערן די פּאָזיציעס פונם אַרבעטער־קלאַס אינם ציוניזם.

דייידישע אַגענץ האָט געהאַט אין זיך אַ גרויסע פּאַטענץ פון אויפבוי און שאַפונג. זי טראָגט אָבער אויך אין זיך גרויסע סאָציאַלע סכּנות, וואָס דרינגען אַרויס פון דעם אופן פון איר אַנטשטייאונג און איר אינערלעכן בוי. איר גרויסע שאַפונגס־פּאָטענץ האָט די אַגענץ נישט אַנטפּלעקט. זי איז נישט גע־וואָרן דער ווענד־פּונקט אין דעם פּאַרנעם פון אונזער אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל, דאַקעגן האָט זי שוין באַוויזן איר סאָציאַלן מהות, איר אַנטי־אַרבעטער־כאַראַקטער. עס האָט זיך ווידער באַוויזן דער געשפּענסט פון אַן אפּוטרופּסות־סיסטעם אין דער ארץ־ישראלדיקער קאָלאָניזאַציע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן

אָנגריף אויפן אַרבעטער־כאַראַקטער פון דער קאָלאָניזאַציע און אויף דער זעלבסטשטענדיקייט פון אַרבעטער־ישוב. דער היינטיקער קאָנגרעס מוז קאָנסאָלידירן די כּוחות פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און יוגנט אין ארץ־ישראל און אין דער גרעסער וועלט אַרום דעם קאַמף מיט די נייע מעטאָדן פון אויפבוי, קעגן אפּוטרופּסות און בויען לויט באַפעלן „פון אויבן", פאַר אַן אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע און פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט.

אַ בולטע פאָרם האָט אָנגענומען דער קאַמף אַרום דער פּראַ־יע פון קבוצה. ס'איז באַנייט געוואָרן דער קאַמף פאַר באַגרעניצן די רעכט פון קבוץ אין דער קאָלאָניזאַציע, דער קאַמף מיט דער קאָלעקטיוויסטישער לעבנס־פאָרם אינם אַרבעטער־ישוב. פונם קאָנגרעס מוז אַרויס דאָס וואָגיקע וואָרט, אין נאָמען פון טויזנטער אַרבעטער אין א"י, וואָס זעען אין דעם קאָלעקטיוו זייער וועג און לעבן, דעם וועג פון סאָציאַלער באַנייאונג פון דעם יחיד און פון דער מענטשהייט, אין נאָמען פון צענדליקער טויזנטער יידישער יוגנט און אַרבעטס־מענטשן, וואָס ווערן דערצויגן אויפן וועג פון קבוץ, וואָס פאַרבינדן אָרגאַניש זייער נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־אידעאַל מיט נייע פאָרמען פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, — עס מוז געזאָגט ווערן אין נאָמען פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיך באַהעפט צום ארץ־ישראל־ענין, — אַז דאָס פאַרמעסטן זיך אויפן קבוצה־לעבן אין לאַנד וועט אָנטרעפן אויף דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד מצד אַלע.

די פאַן, אַרום וועלכער מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם קאָנגרעס וועלכע פאַראייניקט אַלע שטרעמונגען אין אַרבעטער־ציוניזם — איז די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל און דער „החלוץ" אין חוץ־לארץ. צוגלייך מיט דער זאָרג פאַר די יידישע אַרבעטס־דערגרייכונגען אין לאַנד, מוז אויך דער „החלוץ", די מאָראַלישע און פינאַנסיעלע הילף פאַר אים, אַריין אינב שטענדיקן קרייז פון ווירקונג און דאגה מצד די קאָנגרעס־אָרגאַנען, וואָס וועלן געשאַפן ווערן.

שווער פאָרויסצוזאָגן, וואָס דער קאָנגרעס וועט אונז געבן אין דער צוקונפט. מעגלעך, אַז מיר שטייען פאַר אַ היסטאָרישן אָנהייב פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג, אַז פון דעם ערשטן פּרוּוו וועט אַרויס דאָס קערנדל פאַר יידישער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־איינהייט אַרום ארץ־ישראל, און אין צוקונפט אפשר, אַרום אַלע נויטן און באַדערפענישן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין דער גרעסער וועלט.

דער קאַמף אַרום פון קאָנסאָלידירן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג ווערט און וועט געפירט ווערן נאָר דורך אונז, און ניט דורך די לינקע פועלי־ציון; ווי פירן ניט קיין קלאַסן־קאַמף, נאָר אַ וואָרט־קאַמף. קלאַסן־קאַמף באַדייט אַ קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס פאַר פּאָזיציעס אין לעבן, פאַר ערד, פאַר אַרבעט, פאַר קולטור אויפן וועג און מיטן כּוון צו דער סאָציאַלער פרייהייט. יאָרנלאַנג האָבן מיר דורך קאַמף און שאַפונג אויפגעבויט אין לאַנד די רעאַלע באַזע פאַר אַרבעטער־לעבן און צוקונפטס־קאַמף, שטענדיק באַגלייט פון אומ־

צופרידנקייט און פוסטער קריטיק פון די לינקע פועלי־ציון. אונזער קאַמף איז באַדינגט פון אונזער היסטאָרישן וועג, און דער קלאַסן־וועג פון יידישן אַרבעטער אין לאַנד, אויב ער וויל באַזירן אויף לעבנס־פאַקטן, איז דורכגעפלאָכטן און פאַרבונדן מיטן וועג פון אויפשטעלן די יידישע אַרבעטער־שאַפט אין דאָרף און שטאָט, מיט דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד, מיטן פּראָבלעם פון ערד אין רשות פון פאָלק. מ י ט ן צ י ו נ י ז ם.

מאיר יערי („השומר הצעיר" — ארץ־ישראל־דעלעגאַציע):

איך מוז מודה זיין, אַז פריער האָב איך זיך נישט גערעכט אויף אַזאַ קאָנגרעס. דער ראַט פון דער הסתדרות אין א״י האָט באַשלאָסן צונויפצורופן אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל באַהאַנדלען זאַכלעכע ענינים אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. דעריבער זענען דער אינהאַלט פונם קאָנגרעס און זיין טאָג־אָרדנונג געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג. דער אינהאַלט פון די רעפעראַטן און פון דער דיסקוסיע גייט ווייט אַרויס פון די ראַמען פון ריין זאַכלעכע ענינים. עס איז דער עיקר אַן אידעאָלאָגישער וויכּוח, און איך מיין, אַז עס איז פריצייטיק. מיר זענען נאָך נישט דערגאַנגען דערצו, אַז מיר זאָלן קאָנען צונויפרופן די כּנסת פון יידישן סאָציאַליזם.

די באַוועגונג, וועלכע איך רעפּרעזענטיר, האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן: „זיי רעאַל ביים אַנאַליזירן די איצטיקע ווירקלעכקייט און זיי ראַדיקאַל ביים באַשטימען דעם ענדציל".

אַרויסגייענדיק פון דעמדאָזיקן גרונד־זאַץ שטעל איך פעסט: די באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל אין חוץ־לארץ איז נישט פּראָלעטאַריש. זי איז סאָציאַליסטיש אין איר שטרעבונג, זי באַשטייט אָבער נישט פון פּראָלעטאַריער. צווישן דעם עלעמענט, וואָס גייט קיין ארץ־ישראל, זענען די אַרבעטער אַ מינדערהייט. דער עיקר זענען דאָך עולה די יונגע גענעראַציע פון זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע עלעמענטן פונם קליינבירגערטום. דערפאַר קאָן איך מיר נישט איינרעדן, אַז מיר האָבן היינט אַן אַרבעטער־קאָנגרעס, ווייל אין דער אמתן איז דאָס אַ קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

דער וויכּוח, וועלכער נייט דאָ, באַרירט דריי פּראָבלעמען: 1) דעם מהות און אויסגאַנגס־פּונקט פונם ציוניזם. 2) זיין וועג, 3) דעם ענדציל.

איך מיין נישט, אַז אונזער אויסגאַנגס־פּונקט איז אַ פּראָלעטאַרישער, ווי איך האָב עס שוין אויבן דערמאַנט. וואָס נוגע דעם וועג, מוז איך פּרוּוון צו פאַרטיידיקן באָראָכאָוון קעגן די באָראָכאָוויסטן אויף אונזער קאָנגרעס. באָראָכאָוו האָט אין זיינע לעצטע יאָרן נישט מבטל געמאַכט די קאָלעקטיווע קאָלאָניזאַציע־פאָרם. ער האָט אויך אויסגעדריקט סימפּאַטיע פאַר קק״ל. די לינקע פּועלי־ציון האַלטן, אַז זיי האָבן אַ דיאַלעקטישע אָנשויאונג. אָבער אַ דיאַלעקטישע אָנשויאונג דאַרף קאָנען אַנאַליזירן די ווירקלעכקייט. די לינקע פּועלי־ציון קאָנען דאָס נישט און זיי שטייען היינט אויפן זעלבן אָרט ווי מיט 25 יאָר צוריק. באָראָכאָוו האָט זיך געענדערט, אָבער די לינקע פּועלי־ציון

שטייען מיט זייער דאָגמאַטיק אויף דעם זעלבן אָרט. אָבער איין אויסנאַם האָבן זיי יאָ געמאַכט: נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט ניר אויסגעלאַכט די חלוצים, וועלכע זענען געקומען קיין ארץ־ישראל. היינט האָט זיך ביי זיי די באַציאונג צו דער חלוצישער באַוועגונג עטוואָס געענדערט. אַן אמתער אַרבעטער אין ארץ־ישראל איז שוין נישט נאָר דער, וועלכער איז געווען אַ קאָמאַשונמאַכער אין וואַרשע.

די לינקע פּועלי־ציון הערן נישט אויף צו טענהן, אַז מיט די געלטער, וועלכע ווערן געזאַמלט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן, פּאַרוואַלטעט די בור־זשואַזיע. דעריבער זענען, ביי זיי, אַלע די יעניקע פון צווישן אונז, וועלכע שטעלן זיך פּאָזיטיוו צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און וועלכע פאַר־בונדן זיך כביכול מיט דער בורזשואַזיע אַלאַ בלומענפעלד און גרינבוים — אויך בורזשואיז באַאיינפלוסט. אָבער יעדן, וואָס וויל עס וויסן, איז דאָך באַ־קאַנט, אַז דער גאַנצער בודזשעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט כמעט געדינט דעם אַרבעטער. דאָס מיינט, אַז די אויפגאַבן פון דער ציוניס־טיעער אָרגאַניזאַציע זענען ווייט פון צו טראָגן אַ בורזשואַזן כאַראַקטער. דאָס האָבן די לינקע פּועלי־ציון נאָך נישט געלערנט און דערפאַר זייער אומ־פּראָדוקטיוויטעט אין ציוניזם.

צוויי זאַכן באַשטימען די צוקונפט פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל — קלאַסן־קאַמף און קאָלאָניזאַציע. די באַוועגונג, וועלכע אין רעפּרעזענטיר, קעמפט פאַר אַ סינטעטישן צוגאַנג צוביידע מאָמענטן.

איך וועל זיך אָפּשטעלן ביי דער פראַגע פון קלאַסן־קאַמף אויף איין פונקט — דעם ארגון משותף. חבר בן־גוריון האָט דאָ געזאָגט, אַז עס קאָן אפשר מעגלעך זיין, אַז די הסתדרות האָט אפשר נישט אַלץ געטון אויפן דאָזיקן געביט, אָבער דער ווילן איז פאַראַן געווען. דער אמת איז אָבער, אַז עס איז גאָרנישט געטון געוואָרן. איך שטעל פעסט, אַז אין דער אויפפאַסונג איז אפילו פאַראַנען אַ ריקצוג. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איך מיין: מיט דער אַרבעט פון דער הסתדרות פירן אָן מענטשן, וועלכע קומען נאָך פון דער צווייטער עליה. ביי זיי איז נישט פאַראַן דער גלויבן אין דער הצלחה פון דער בשותפותדיקער אָרגאַניזירונג. אין דעם פאַל פעלט זיי די זעלבע העזה צו דער טאַט, וועלכע האָט בשעתו אויסגעצייכנט זייער קאַמף פאַר „כבוש עבודה". דערפאַר האָט מען נאָך גאָרנישט געטון. דער „דבר" גיט אַרויס פאַר־שידענע ביילאַגעס, אָבער אַן אַראַבישע ביילאַגע גיט ער נישט אַרויס. איך גלייב, אַז דער אַראַבישער אַרבעטער וואָלט פאַרשטאַנען דעם ארגון משותף, ווייל דערדאָזיקער ארגון דעצידירט וועגן זיין צוקונפט און ליגט אויף דער ליניע פון זיינע אינטערעסן. דאָס איז אַ לעבנס־פראַגע סיי פאַר אונז, סיי פאַרן אַראַבישן אַרבעטער. עס מוז דעריבער קומען אַן ענדערונג אינם צוגאַנג צו דער אַראַבישער פראַגע מצד דער הסתדרות, ווייל דער יסוד פון אַלעמען איז דאָך דער צוגאַנג צום ענין, וועלכער האָט ביז היינט געפעלט. מיר, דער „השומר הצעיר", זעגען היינט קעגן אַן איינהייטלעכער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע

פוןביידע פעלקער. איצט מוזן זיין נאַציאָנאַלע באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. די בשותפותדיקע אָרגאַניזאַציע מוז קומען בהדרגהדיק.

איך וואָלט דאָ געוואָלט צוריקווייזן די אָנפאַלן אויף אונז, אַז דער „השומר-הצעיר״ איז קאָמוניסטיש. איך האָב אָבער נישט קיין צייט. וועל איך נאָך אָפּשטעלן בלויז אויף דער פראַגע פון ענדציל. בערנשטיין האָט געזאָגט, אַז דער ענדציל איז אַ נעבן-זאַך, ווייל דער פּראַקטישער וועג איז דער עיקר. איך מיין פאַרקערט — דער ענדציל, וועלכן מיר דאַרפן זיך שטעלן, דאַרף באַשטימען דעם גאַנצן וועג און אַקטועלן קאַמף. מיר דאַרפן איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשטימען, וואָס איז דער ציל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ-ישראל. מיר דאַרפן אויפהערן רעדן וועגן דעם בירגערלעכן חלום פון אַ „יודנשטאַט״. מיר דאַרפן שטרעבן צו שאַפן אין ארץ-ישראל דעם ס אָ צ י אַ-ל י ס ט י ש ן צ ו ו י י נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט ן - ש ט אַ ט. דער קלאָרער ענדציל, וועלכן איך ווייז אָן, וועט האָבן אַ געוואַלטיקן דערציערישן און פּאָליטישן באַדייט. יודנשטאַט איז אַ סינאָנים פון באַדריקונג פון דעם רוב, און מיר דאַרפן נישט האָבן קיין שום שייכות מיט דעמדאָזיקן לאָזונג.

פנחס לוביאַניקער (התאחדות-בורדוניה):

אינם רעפעראַט פון ח״ ערעם איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער זאַץ: רעדנדיק וועגן דער עמיגראַציע-פראַגע האָט ער געזאָגט: „דעמדאָזיקן וויכוח האָבן מיר שוין אפילו מיטן בונד געוואונען״.

די פּאַרטיי לינקע פועלי-ציון צייכנט זיך אויס שוין זינט פיל יאָר מיט אירע נצחונות אויף דעם שטח פון אַבסטראַקטע דיסקוסיעס. דאָס לעבן גייט זיך זיין וועג, אידעען און לאָזונגען בייטן זיך אין פאָרם און אין תוכן, אָבער די לינקע פועלי-ציוין זענען געבליבן ביי די זעלבע אמתן, וועלכע זענען פאָרמולירט געוואָרן נאָך פאַר 30 יאָר. אַלע גרויסע לעבנס-פעאיקע באַוועגונ-גען האָבן אין משך פון דער צייט דורכגעמאַכט אַ טיפן פּראָצעס פון איבער-שאַצונג פון אַלע אָנגענומענע ווערטן, נאָר דידאָזיקע פּאַרטיי האָט באַוויזן צו בלייבן „געטריי״ דער טראַדיציע פונם געשריבענעם שאַבלאָן. אָבער די כלומרשטע געטרייקייט איז באמת נאָר אַ באַוויז פון טויטקייט, ווייל זיכער און אומדערשיטערלעך איז נאָר דער טויט. דאָס לעבן איז אין זיין מהות נישט זיכער.

נאָך עפעס. די צאָל פון אָנהענגער קאָן בדרך כלל נישט גענומען ווערן אַלס מאָסשטאַב פאַר דער ריכטיקייט פון געפּרעדיקטע מיינונגען. אָבער די היסטאָרישע אַנטוויקלונגס-ליניע קאָן יאָ גענומען ווערן אַלס מאָסשטאַב. אויב אַ באַוועגונג געפינט זיך זינט צענדליקער יאָרן אין אַ כסדרדיקן צושטאַנד פון סיסטעמאַטישער צעפאַלונג, צעשפּליטערונג, פּאָליטישע און נומערישע אָפּשוואַ-כונג — קאָן מען דערין זעען אַן אַנטשיידנדן באַוויז פאַר דער אידעאישער דעגענעראַציע פון אַ באַוועגונג.

דער גרויסער כּוח פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א״י איז תּמיד געלעגן אין דעם געפיל פון אחריות פאַרן גורל פונם ציוניזם און דעם סיפּן זין פאַר די פאָדערונגען פונם לעבן. דער קאָנסטרוקטיווער אינסטינקט, די בענקשאַפט נאָך מעשים — האָבן אפילו גורם געווען צו פעלער, אָבער אויך די פעלער זענען געווען אַ באַפרוכפּערנדיקער פאַקטאָר אינם לעבן פון דער באַוועגונג.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז פאַר אונז נישט קיין קלאַסן־באַוועגונג און אויך נישט קיין קאָאַליציע פון קלאַסן. זי איז אין איר עצם אַ פ א ל ק ס־ב אַ ו ו ע ג ו נ ג; איר עיקרדיקער סאָציאָלאָגישער טרעגער איז די פּרצופּ־לאָזע, דעקלאַסירטע מאַסע פון פאָלקס־מענטשן און יוגנט. זיי לייגן אַרויף זייער סאָציאַלן הותם אויף דער אַנטוויקלונג פונם ציוניזם. זייער דראַנג צו אַ שעפערישן אַרבעטס־לעבן צווינגט אויף דעם ציוניזם זיין סאָציאַל־פּראָגרעסיוון כאַראַקטער. דער קרן־קימת, די אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, די זאָרג פאַרן לעבנס־ניוואָ פונם אַרבעטער זענען דערפאַר טאַקע נישט צופעליקע דערשיינונגען, נאָר נויטווענדיקע מסקנות פונם געזעלשאַפטלעכן גרונד־כאַראַקטער פונם ציוניזם אַלס פאָלקס־באַוועגונג.

ס׳איז אויך איבערטריבן די נבואה וועגן דער קלאַסן־דיפערענצירונג אינם ציוניזם. ס׳איז שוין געווען אַ תּקופה פון עת לבנות, סאקער, אַמעריקאַנער ציוניזם און אַלע האָבן געפּלאַצט ווי זייפנבלאָזן, ווייל קיין שום רעאַקציאָנערער ווילן קאָן נישט אונטערגראָבן דעם נויטווענדיקן פאָלקס־כאַראַקטער פונם ציוניזם. דאָס זענען נאָר מאָמענטאַנע פאָריבערגייענדע רעפלעקסן, זיי זענען אָבער נישט בכּוח צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע. היינט האָט זייער פּלאַץ פאַרנומען דער רעוויזיאָניזם און בי״תר. אָבער אויך זייער דערשיינונג טאָר אונז נישט פאַרבלענדן און פאַרפירן צו נישט באַגרינדעטע פּראָגנאָזן.

אין דער אַראַבישער פראַגע האָט ח׳ בן־גוריון שטאַרק און ערלעך געבראַכט צום אויסדרוק די אמתדיקע באַציאונג פון דער אַרבעטערשאַפט. מיר האַלטן א״י פאַר אַ בשותּפותדיקער היים פאַרביידע פעלקער, ביידע זענען בעלי־בתּים פונם לאַנד, שטאַטס־בויענדע פעלקער. אָבער דידאָזיקע איינשטעלונג קאָן נישט פאַרבונדן ווערן מיט דער יודן־שטאַטס־אידעאָלאָגיע, די יודן־שטאַטס־אידעאָלאָגיע האָט אַ קלאָרע הערשאַפטס־טענדענץ פון אַ סוווערענעם פאָלק און דאָס לאָזט זיך נישט פאַרייניקן מיטן תּוכן פון בן־ווריונס איינשטעלונג, מיט זיין פעסטשטעלונג, אַז א״י דאַרף בילדן אַ בשותּפותדיקע היים פאַר צוויי אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע געמיינשאַפטן. די אַרבעטערשאַפט דאַרף האָבן דעם מוט קלאָר צו פאָרמולירן איר פּאָליטישן ענדציל, וועלכער קאָן נאָר זיין: אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ג ע מ יי נ ש אַ פ ט.

פאַרשטייט זיך, אַז עס דאַרפן שוין היינט געזוכט ווערן וועגן פאַר אַ רעאַלער צוזאַמענאַרבעט צווישן יידישן און אַראַבישן אַרבעטס־מענטש. דער עיקרדיקער וועג לויט אונזער מיינונג פירט צום אַראַבישן פעלאַך. צווישן יידישן זעלבסט־אַרבעטנדן פויער און פעלאַך זענען דאָ אַ סך פעדעם פון

בשותּפותדיקע אינטערעסן, וועלכע מאַכן מעגלעך אַ בשותּפותדיקע טעטיקייט, אָן קרבנות און ותּורים פון ביידע צדדים.

די אָרגאַניזירונג פונם אַראַבישן אַרבעטער האָט נאָר אַ צווייטראַנגיקע באַדייטונג. אויב מיר ווילן געפונען אַ וועג צום אַראַבישן פאָלק, טאָ מוזן מיר קודם-כּל זוכן אַ וועג צו דעם יעניקן קלאַס, וועלכער איז בכּוח אין דער צוקונפט צו אַנטשיידן דעם גורל פונם אַראַבישן נאַציאָנאַלן לעבן. דאָס איז דער פויער און נישט דער אַרבעטער. און דערפאַר האַלטן מיר די אַרגומענטאַציע, וועלכע מאַכט פונם ארגון משותּף אַ פאָרבאַדינגונג פאַר דער רעאַליזאַציע פונם ציוניזם, פאַר פאַלש און געפערלעך. דער ציוניזם וועט און מוז פאַרווירקלעכט ווערן אין יעדן פאַל.

נאָר מיט די אויביקע איינשרענקונגען קאָן באַטראַכט ווערן די פראַגע פונם אַראַבישן אַרבעטער אין ארץ-ישראל. מיר אַלע גלייבן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען דער יידישער און אַראַבישער אַרבעטער וועלן זיך פאַראייניקן. אָבער דער טאָג איז נאָך נישט געקומען. פאַר דער נאָענטער תּקופה איז אַ בשותּפותדיקע איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער נישט מעגלעך, הן צוליב די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, הן צוליב די פאַרשידענע לעבנס-ניוואָס. ס׳איז אויך נישט מעגלעך פון אויסן צו שאַפן אַן אַראַבישע אַרבעטער-באַוועגונג. אַ געזונטע אַראַבישע אַרבעטער-באַוועגונג מוז אַרויסשפּראָצן פון די אייגענע מקורות פונם אַראַבישן נאַציאָנאַלן לעבן. אויב נישט וועט דאָס זיין אַ קינסטלעכע שאַפונג פאַר פּאָליטיש-אַסימילאַטאָרישע צוועקן. די עלטערע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג דאַרף אין דער נאָענטסטער צייט אויף זיך נעמען די אויפגאַבע מיטצוהעלפן דעם זעלבסטשטענדיקן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס פון דער אַראַבישער אַרבעטערשאַפט.

זרובבל (לינקע פועלי-ציון):

מען האָט דאָ געזאָגט, אַז אויפן קאָנגרעס פעלן טויזנטער פון יידישע אַרבעטער-מאַסן, וועלכע האָבן נאָך נישט דעם אינטערעס צום פּאַלעסטיניזם. ליידער אָבער מוז געזאָגט ווערן, ווי משונה דאָס זאָל אין פלוג נישט קלינגען, אַז דאָ פעלט נאָך עמיצער, און דאָס איז פיל פאַרדריסלעכער — עס פעלט די לעבעדיקע יידישע ווירקלעכקייט פון ארץ-ישראל.

איך קאָן נישט פאַרגעסן יענעם ווײ-געשריי, וועלכן עס האָט אַרויסגעגעבן מיט אַ פאָר חדשים צוריק דער „דבר", דער אָרגאַן פון דער הסתּדרות — זאָל די יידישע עפנטלעכקייט און די ציוניסטישע געזעלשאַפטלעכקייט אויפגעשוידערט ווערן צוליב דעם פאַקט, וואָס דער יידישער אַרבעטער אין א״י ווערט באָ י ק אָ ט י ר ט. ווער באָיקאָטירט אים? די ענגלישע רעגירונג? צו דעם זענען מיר געוואוינט. דער אַראַבישער עפענדי? דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך!

עס באָיקאָטירט אים דער י י ד י ש ע ר ק אָ ל אָ נ י ס ט. דער זעלבער קאָלאָניסט, וועלכער איז אָקאָרשט געקומען, ווי אַ „חלוץ" פון „ביל״ו" און געבויט גדרה און פּתח-תּקווה, ווי מען וויל אונז דאָ איינשמועסן, בלויז און

אויסשליסלעך צוליב נאַציאָנאַלע צוועקן, כּדי אויפצוריכטן דאָס יידישע פאָלק.

גלייך נאָך די אויגוסט־געשעענישן האָט זיך געבילדעט דער נאַציאָנאַלער פראָנט פון אחדות און דער גאַנצער ישוב איז אַרויס צום פּראָטעסט דיסציפּלינירט, פון די רבנים און ביז דער הסתדרות, אייניק און געשלאָסן (צווישנרופן ב. כּצנלסון: און מיט לינקע פּועלי־ציון!). דער פּרדסן האָט זיך אַרומגעקוקט און עס האָט איִם געוואונדן רעדן די שטים פון נאַציאָנאַלן געוויסן: ער וועט נישט נעמען מער דעם אַראַבישן אַרבעטער, וועלכער האָט אים פּאָגראָמירט, וועט ער ווינציקער פּראָפּיטן האָבן, אָבער עס וועט בלייבן די נאַציאָנאַלע היים מיט יידישע אַרבעטער. זענען פּאַריבער אַ פּאָר חדשים. אין לאַנד איז געוואָרן רואיקער און דאָס געשפּענסט פון פיזישע פּאָגראָמען איז פאַרשוואונדן — האָט דער קאָלאָניסט פּלוצים דערפילט, אַז אין דער קלאַסן־קעשענע פעלן די רווחים און ער האָט אַרויסגעשטויסן דעם יידישן אַרבעטער אויף יענער זייט טיר.

האָבן די פירער פון דער הסתדרות געבראַכט אַהער צום קאָנגרעס אָט די ווירקלעכקייט זייערע פון ארץ־ישראל? זיי ווילן זיך דאָך נישט באַנוגענען מיט „פראַזן", זיי פאַררופן זיך דאָך כּסדר אויף די רעאַלע פאַקטן פון לעבן. פאַרוואָס־זשע פעלט דאָ אָט דאָס לעבעדיקע לעבן? פאַרקערט, זיי קומען אַהער און ווילן אונז ווייטער איינשמועסן, אַז דער יידישער אַרבעטער קאָן און דאַרף און וועט גיין צוזאַמען מיטן יידישן בירגערטום אין דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג.

מיר האָבן דערוואַרט, מען זאָל אונז אויפקלערן די איצטיקע לאַגע אין לאַנד און אַרויסרוקן די פּראָבלעמען, פאָרמולירן די אויפגאַבן פון דער אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטערשאַפט בנוגע דעם פּאַלעסטיניזם. מיר קאָנען פאָרט נישט פאַרבייגיין דעם פאַקט, וואָס די רעגירונג פון דער לייבאָר־פאַרטיי, פון דער פאַרטיי פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט פאַרווערט די יידישאַראַבישע אַרבעטער־פאַראייניקונג „אַרבעטער־סאָלידאַריטעט", הגם עס בלייבט ווייטער עקזיסטירן אין פּאַלעסטינע אַ יידיש־אַראַבישער אַרבעטער־קלוב אין חיפה, פון וועלכן מיר האָבן דאָ געהאַט אַ באַגריסונג. איז דאָך מן־הסתּם פאַראַן אַן אונטערשיד אין דעם כּאַראַקטער פון די צוויי קלובן. אין דאָך אויך אין זעלבן יאָר נאָך די געשעענישן געמאַכט געוואָרן אומלעגאַל די פאַרטיי פון לינקע פּועלי־ציון אין ארץ־ישראל. עס איז נישט קיין צופאַל, נאָר דערפאַר, ווייל די פאַרטיי האָט אויף דער הייסער מינוט, ווען דער גאַנצער יידישער ישוב איז געשטאַנען איבערן גאַרטל אין בלוט, געשליידערט אין די מאַסן יענע לאָזונגען וועגן געמיינזאַמען יידיש־אַראַבישן אַרבעטער־קאַמף, אין וועלכן די רעגירונג פון דער לייבאָר־פאַרטיי זעט אַ סכּנה פאַר דער השפּעה פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם אין פּאַלעסטינע. איז דאָך אין דעם יאָר געקומען דער איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די רעגירונג פון דער לייבאָר־פאַרטיי זאָל אויספילן די שליחות פון די אַראַבישע עפענדיס קעגן די אינטערעסן סיי פון די יידישע און סיי פון די אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן.

אַנשטאָט אַריינצוגרעבן אַהער אָט די אַקטועלע פּראָבלעמען פון היינ־טיקן יאָר, וועלכע שוידערן אויף די יידישע אַרבעטערשאַפט פון דער גאָרער וועלט, איז מען אונז געקומען דערציילן וועגן דעם פאַרמעגן, וואָס „מיר" פאַרמאָגן אין לאַנד. אָבער איך ווייס באמת נישט צי וואָלט נישט ווייצמאַן געמאַכט דעם זעלבן חשבון, וואָס שפּרינצאַק און כּצנלסון און צו דאַרף פאַר־שריבן ווערן דער אויפטו פון נהלל און דגניה נאָר דווקא אויפן קאָנטאָ פון דער הסתדרות און נישט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע? די אַלע באַריכטן פון אַזאַ כאַראַקטער קאָנען מיר דאָך הערן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן. קומט זיך צונויף אַ וועלט־קאָנגרעס פון יידישע אַ ר ב ע ט ע ר, דאַרף מען דאָך דאָ קומען רעדן וועגן די פּראָבלעמען און אויפגאַבן פון די אַרבעטער.

דאָ רעדט מען כּסדר וועגן דעם יידישן פאָלק, וועגן זיין באַפרייאונג, און מען וויל עס אויסטייטשן דערמיט, וואָס דער יידישער אַרבעטער איז דער איינציקער טרעגער און קעמפער פון זיין באַפרייאונג. מוז מען אָבער פעסט־שטעלן דעם א ו י ס ג אַ נ ג ס ־ פּונקט דערביי. מען קאָן נעמען די אינטע־רעסן פון יידישן פאָלק און זיי מאַכן פאַר דער ליניע פון יידישן אַרבעטער. מ'קאָן אויך, פאַרקערט, נעמען די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער און זיי מאַכן פאַר דער ריכטליניע פון דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון יידישן פאָלק, אויף וויפיל מען אָריענטירט זיך אויף אַ יידיש פאָלק אין זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אויסשליסלעך, ווי אַן אַרבעטער־פאָלק.

דאָ איז דער אונטערשיד צווישן אונז און דער מערהייט פון דעם היינ־טיקן קאָנגרעס. זיי נעמען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט דעם אינטערעס פון כּ ל ל ־ י ש ר א ל און ווילן אין אים איינשפּאַנען דעם יידישן אַרבעטער. רעדט כּצנלסון וועגן דעם יידישן אַרבעטער אַלס דעם „היטער פון דער הערצלישער באַוועגונג", און דערקלערט, אַז „דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל שווערט טרייהייט דעם הערצליזם".

דער פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם זעט זיין אָנהייב נישט אין דער הערצלישער באַוועגונג, נאָר אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און אויף וויפיל אַ נאָמען סימבאָליזירט אַ באַוועגונג, איז עס פאַר אים נישט הערצל און נישט גאָרדאָן, נאָר בּ אָ ר אָ כ אָ ו. עס מיינט נישט, אַז מיר האַלטן זיך בלינד ביי יעדן אות פון באָראָכאָוון; ביי אים האָבן מיר גענומען דעם מ ע ט אָ ד ווי צו באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין דעם צוגאַנג צו זייער לייזונג. מיר ווילן נישט פּאָלעמיזירן, נאָר זיך אָפּגרעניצן.

מען רעדט דאָ וועגן דער אַלוועלטלעכקייט. טאָר מען זיך נישט באַ־נוגענען מיט פעסטשטעלן אַ פּ ר י נ צ י פּ. נאָר מאַכן אויך די געהעריקע א ו י ס פ י ר ן. האָבן מיר צו טון מיט אַן אַ ל ו ו ע ל ט ל ע כ ן יידישן אַר־בעטער־קאָלעקטיוו, קאָן מען נישט דולדן קיין ט אָ פּ ל ט ע בּ ו כ ה אַ ל ־ ט ע ר י ע אין דער פּאָליטיק בנוגע פּאַלעסטינע און בנוגע חוץ־לארץ. האַלט איר, אַז צוליב דעם באַפרייאונגס קאַמף אין פּאַלעסטינע דאַרף דער יידישער

אַרבעטער גיין צוזאַמען מיט דער יידישער בורזשואַזיע, דאַרפט איר דעם זעלבן פּרינציפּ אָנווענדן אויך אין דער גאַנצער וועלט.

בן־גוריון מאַכט דעם ענין איינפאַך. ער דערקלערט, אַז אין ארץ־ישראל וועט אַריינקומען דער רוב מנין ורוב בנין פון גאַנצן יידישן פאָלק. ממילא האָט שוין פאַר אים קיין ווערט נישט די לאַגע און גורל פון דעם קליינעם רעשטל, וואָס בלייבט אין „גלות".

מיר האַלטן פון שטענדיק אָן, אַז מיליאָנען פון די יידישע מאַסן וועלן פאַרבלייבן אין די איצטיקע וואוין־לענדער און דאַרפן ווייטער פירן אַ קאַמף פאַר זייערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע רעכט און באַדערפעניש. דעדראָזיקער קאַמף האָט אַן אויסזיכט. מיר זענען קיינמאָל נישט געווען קיין פּאַרטיי פאַר ארץ־ישראל, נאָר פון אַלוועלטלעכן יידישן אַר־בעטער־קלאַס. מיר טיילן זיך אויס פון „בונד" און פון דער יעווסעקציע נישט בלויז צוליב פּאַלעסטינע, נאָר צוליב אונזער גאַנצער אַנדערער אויפפאַסונג פון עצם מהות פון יידישן אַרבעטער־פּראָבלעם און צוליב די קאַמפּס־אויפגאַבן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין יידישן לעבן אומעטום.

דער יידישער אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט האָט שוין אויסגעשאַרפט זיין קלאַסן־פּאָליטיק און קיינער וועט נישט וואַגן איצט קומען צו אים מיט לאָזונגען פון קאָאַליציע מיט דער יידישער בורזשואַזיע. די זעלבע ליניע האַלטן מיר פאַר ריכטיק אויך בנוגע צו פּאַלעסטינע.

מיר שטייען אויפן זעלבן שטאַנדפּונקט ווי מיט 25 יאָר צוריק. דער חילוק איז נאָר וואָס צו יענער צייט האָט מען אונז מיט אונזערע לאָזונגען באַטראַכט, ווי פאַנטאַזיאָרן, סיי בנוגע ארץ־ישראל, סיי בנוגע אונזערע פּרינציפּן פון קלאַסן־קאַמף דאָרט. איצט שטייען מיר אויפן זעלבן אָרט, אָבער אונזערע לאָזונגען זענען שוין איצט געוואָרן ווירקלעכקייט. רעדן מיר נישט אין נאָמען פון „זכות אבות", נאָר אין נאָמען פון יענע לעבעדיקע צענד־ליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס, וועלכע קאָנצענטרירן זיך אַרום אונז ביי יעדער פּאָליטישער אַקציע. מיר רעדן אין נאָמען פון העכער 45 טויזנט יידישע אַרבעטס־מענטשן, וועלכע האָבן געשטימט פאַר אונזער ליסטע ביי די סיים־וואַלן, און זיך נישט געלאָזט פאַרטרייבן און פאַרפירן דורך די „זיכערע שאַנסן" פון אַנדערע פּאַרטייען אויף מאַנדאַטן. מיר רעדן אין נאָמען פון קנאַפּע 40 טויזנט אַרבעטס־מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן פּראָ־פּאַלעסטינע אַרבעטער־קאָנגרעס אין פּוילן אויפן יסוד פון אַן אויסגעשפּראָכענער קלאַסן־פּלאַטפאָרם, אין נאָמען, לסוף, פון יענע העכער 20 טויזנט אַקטיווע ווייבלער צום היינטיקן קאָנגרעס, וועלכע זענען באַוואוסט־זיניק געגאַנגען נאָך אונז קעגן דער פּלאַטפאָרם פון דער הסתדרות־מערהייט.

דאָ האָט איר נישט צו טון מיט זכות אבות, נאָר מיט אַ קאַמפּס־פּאַרטיי, וועלכע פירט אָן דעם אַקטיוון קאַמף פון די יידישע מאַסן אומעטום פאַר אומ־שיכטונג און פּראָדוקטיוויזירונג, וועלכע קריגן זייער פולן אויסדרוק אין דער טעריטאָריאַליזירונג פון יידישן לעבן אין פּאַלעסטינע.

באַנאַל ביז גאָר איז די המצאה, אַז מיר גייען קיין מאָסקווע דורך ירושלים, אַז דער עיקר איז ביי אונז מאָסקווע. דערמיט וועט מען שוין קיינעם נישט שרעקן. פּאָליטישע טוער ווייסן, אַז מיר וואָלטן גאַנץ לייכט געקאָנט געפינען דעם וועג קיין מאָסקווע דווקא דורך אויסמייד ירושלים.

קומט איר און פאַררופט זיך אויפן יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל. אמת איז, אַז לויט דער סאָציאַלער לאַגע האָבן מיר אין ארץ־ישראל צו טון מיט אַ יידישן אַרבעטער, וועלכער פאַרנעמט אַ פעסטע פּאָזיציע אין די עיקר צווייגן פון דערווירטשאַפט. אָבער לויט דער אידעאָלאָגיע רעדט נאָך פון אים אַרויס דער דיבוק פון זיין קליינבירגערלעכער אָפּשטאַמונג.

עס איז נישט קיין ספּעציפישע פּאַלעסטינער אייגנשאַפט. צווישן דעם יאַבלאָנער רבי, ווען ער ווערט אַן אַרבעטער, און דעם מיטגליד פון פּ. ק. פּ. איז נישטאָ קיין חילוק, אויף וויפיל זיי שטייען ביי דער אַרבעט. פּונקט ווי עס איז נישטאָ קיין חילוק אין פּוילן צווישן אַ כאַדעק און אַ קאָמוניסט, ווען זיי שטייען ביי דער אַרבעט אין פעלד, אין פאַבריק און אין וואַרשטאַט. זיי שאַפן אַלע גלייכע ווערטן דורך זייער אַרבעט. דער אונטערשיד ליגט אין דעם, וואָס איר רופט אָן אַזוי וואולגאַר „קלאַסן־פּראַזיאָלאָגיע" און וואָס איז באמת קלאַסן־אידעאָלאָגיע ווי אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דער אַרבעט, ווי אָנצוצייכענען די ראָל און אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט אויפן יסוד פון זיין אַרבעט.

דאָ איז ביי אונז איין איינהייטלעכע ליניע פאַרן יידישן אַרבעטער אין דער גאָרער וועלט, אומעטום די זעלבע ליניע פון קלאַסן־קאַמף. וויצלט איר זיך: זייער קלאַסן־קאַמף איז ברוגז מיט דער קולטור פון די יידישע מאַסן — דאָס זאָגן מענטשן, וועלכע שטעלן אויף אַ וואַנט צווישן דעם יידישן אַרבעטער אין פּאַלעסטינע און אין גאָר דער וועלט. טאַקע אויפן געביט פון קולטור האָט איר אויסגעגראָבן אַ טיפן תהום צווישן ארץ־ישראל און חוץ־לארץ (צווישנרוף, ב. כצנלסון: איר פירט אַ ברוגז מיט דער קולטור פונם יידישן אַרבעטער אין א״י!). עס איז נישט קיין סתם שפּראַכן־פּראַגע צווישן יידיש און העברעאיש. מיר קאָנען הערן אויך העברעאיש, אָבער אונז גייט וועגן דער שפּראַך פון יידישן אַרבעטער אין זיין אַרבעט און קאַמף אומעטום. נישטאָ קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט, וואו יידיש זאָל אַזוי גערודפט ווערן, ווי אין פּאַלעסטינע. אָט האָט איר דעם פרישן פאַקט פון די טעג. אין תל־אביב איז אויפגעפירט געוואָרן אַ טאָן־פילם אין יידיש. האָבן יונגעלייט פון „מגיני־השפה" געוואָרפן „שטינק־באָמבעס", פּאָליציי האָט אַרעסטירט עטלעכע שטערער און דער שטאָט־ראַט פון דער ערשטער יידישער שטאָט אין דער נאַציאָנאַלער־היים האָט פאַרווערט די אויפפירונג פון יידישן קלאַנג־פילם. „דבר", דער אָרגאַן פון דער הסתדרות, לאַכט־אויס דעם „אומפּרוכטבאַרן פאַנאַטיזם" אָבער אין „הארץ" זענען פאַרעפנטלעכט דערקלערונגען פון לערער־פאַרבאַנד און פון ועד־לאומי מיט דער אונטערשריפ-

פון בן־צבי, אַז ער וועט אָננעמען אַלע מיטלען צו באַקעמפן די פאָרשטעלונגען אין זשאַרגאָן... (אויסרופן פון זאַל: אַ סקאַנדאַל, אַ חרפה!)

ווער זשע איז ברוגז מיט דער קולטור פון די יידישע מאַסן? די, וועלכע גייען דורך דעם העברעאיזם מיט די פיינט פון די יידישע מאַסן, אָדער יענע, וואָס אַ דאַנק די נויטן פון דער מאַסן־קולטור קומען זיי אויך צום פּאַלעסטיניזם?

מען האָט דאָ געוואָלט זעען אין דעם איצטיקן קאָנגרעס דעם וועג צום אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קאָנגרעס. דאָס וועט אָבער מעגלעך זיין נאָר דאַן, ווען מען וועט פאַרבינדן דעם קאַמף פון פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם מיטן קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג פון די יידישע מאַסן אומעטום. א״ר באַטראַכט זיך ווי דעם החלוץ פון יידישן פאָלק, געדענקט זשע, אַז דער החלוץ מיינט דעם אַוואַנגאַרד פון אַן אַרמיי, מוז דער אַוואַנגאַרד זיך אָריענטירן נישט אויף זיינע אייגענע כוחות און פעאיקייטן, נאָר אויף די כוחות פון די ברייטע מיליאָניקע מאַסן און דורכלייגן אַ וועג פאַר דער גאַנצער אַרמיי.

איך גלייב אין דער אויפריכטיקייט פון בן־גוריון, ווען ער דערקלערט דאָ מיט פּאַטאָס, אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן פון זיינע רעכט אויף ארץ־ישראל. איך פאַרשטיי דעם פּאַטאָס פון „החלוץ", ווען אויך דעם איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט ענטפערט ער מיט אַ רעזאָלוציע: „ובכל זאת עלה נעלה". מעגן די טירן זיין פאַרמאַכט, וועלן מיר דאָך אַריינקומען אין ארץ־ישראל. מיר ווייסן אָבער פון דערפאַרונג, אַז פּאָליטישע פּראָבלעמען ווערן געלייזט נישט דורך פּאַטעטישע דערקלערונגען, מעגן זיי זיין ווי אויפריכטיק, נאָר אויסשליסלעך דורך פּאָליטישן קאַמף. מען קאָן אַריינשמוגלען ביי פאַרמאַכטע טירן הונדערט, עטלעכע הונדערט חלוצים. קיין מאַסן־איינוואַנדערונג קאָן מען נישט אַריינשמוגלען, דאָ מוז קומען קאַמף. אין קאַמף מוז מען בויען אויף אַ געזעלשאַפטלעכן כוח. אַזאַ איז אויסשליסלעך דער אַרבעטער־קלאַס, ווען ער טרעט אויף אין נאָמען פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן. דאָ איז אויך דער וועג צום אַראַבישן אַרבעטער. מוז מען ווידער קלאָר מאַכן די קלאַסן־ליניע. בן־גוריון דערקלערט: מיר קומען נישט פאַריאָכן די אַראַבער. ווער איז דער „מיר". מיר, יידישע אַרבעטער, קומען נישט פאַריאָכן די אַראַבישע מאַסן, אָבער דאָס יידישע בירגערטום קומט פּירוש יאָ צו אונטעריאָכן דעם אַראַבישן אַרבעטער, ווי אויך דעם יידישן.

דאַרפן מיר אויפשטעלן אין א״י אונזער אומעטומיקן פּראָלעטאַרישן לאָזונג: פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער און לענדער, פאַראייניקט אייך! ווייל מיר זענען איבערצייגט, אַז צווישן אַלע פּראָלעטאַריער אין דער וועלט איז פאַראַן אַן אָרגאַנישער יסוד פאַר סאָלידאַריטעט — דער יסוד פון אַרבעט. דער זעלבער יסוד איז אויך פאַר דער סאָלידאַריטעט פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע.

דאָס וועט זיין דער איינציקער כּוח קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם אין פּאַלעסטינע, ווען דער קאַמף וועט געפירט ווערן אין דער זעלבער ריכטונג ווי דער קאַמף קעגן דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

מיר ווייסן צו שעצן די קרבנות און מסירות-נפש פון די טויזנטער חלוצים און חלוצות. אָבער מיר דערקלערן אייך אָפן: ס'איז נישט כדאי און אפילו אַ פאַרברעכן מקריב צו זיין יונגע לעבנס כּדי דורך דעם זאָלן זיך אויפריכטן יידישע באַלעבעסלעך אין תּל-אביב און קאָלאָניסטן אין פּתח-תּקווה. עס איז אָבער יאָ כדאי אומצוברענגען כּוחות, אויסצוטריקענען זומפּן, איינזאַפּן אין זיך באַצילן פון געלן פיבער און פאַרגיסן אייגן בלוט, אויב דורך דעם ווערט פּרוכטבאַר דער באָדן פאַרן אויפשטייגנדיקן לעבן פון יידישן אַרבעטער-קאָלעקטיוו.

מיר באַטראַכטן די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, ווי דעם אַוואַנ-גאַרד פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער-קאָלעקטיוו. דאַרף ער זיך טאַקע אָריענטירן אויף דער גאַנצער אַרמיי. אַן אַוואַנגאַרד, אַ קליינע גרופּע סאַפּיאָרן קאָן מיט קירקעס און העק זיך דורכלייגן אַ וועג צום נייעם לעבן, אַרויסברענ-גענדיק דעם מאַקסימום פאַרטרעגלעכן אידעאַליזם און זעלבסטאָפּפערונג. ווילט איר זיך אָבער אָריענטירן אויף די מאַסן, איז — פּנו דרך, מאַכט אַ האַרע פאַר דער גרויסער אַרמיי, רעכנט זיך מיט אירע נויטן און כּוחות. דאָ קאָן גילטן נאָר איין וועג, דער אויסגעפּרוווטער וועג פון קלאַסן-קאַמף. דער קלאַסן-קאַמף פון יידיש-אַראַבישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע — וועט זיך אָריענטירן אויף דעם נצחון פון אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-קלאַס. נאָר אויף דעם וועג וועט אויפגעריכט ווערן אַ באמת פרייע אומאָפּהענגיקע פּאַלעסטינע פון אַרבעטער און פויערים, וועלכע איז אויך די זיכערסטע ערבות פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם לאָזונג וועגן טעריטאָריאַלן יידישן אַרבעטער-צענטער אין פּאַלעסטינע. נישט אין קעגנזאַץ און פאַרפרעמדונג צום „גלות", נאָר ווי דער פולער אויסדרוק פון דער אומעטומיקער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן.

ב. מ. טיבער (פּועלי-ציון [צ. ס.] — בערלין):

מען האָט דאָ געהאַלטן שעהן-לאַנגע רעדעס, כּדי צו באַווייזן, אַז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז אַן אימפּעריאַליזם. און מען מיינט, אַז דערמיט האָט מען עפּעס מחדש געווען און געוויזן אַ נייעם וועג. דער שטרייט גייט דאָך וועגן דעם, צי זאָל מען זיך באַנוגענען מיט דער קאָנסטאַטירונג, אַז עס איז פאַראַן און עס הערשט אַן ענגלישער אימפּעריאַליזם און וואַרטן מיט דעם אָנהייב פון אונזער רעאַלער אַרבעט אין ארץ-ישראל, ביז דער ענגלישער און אַלע אַנדערע אימפּעראַליזמען וועלן באַזיגט ווערן, אָדער זאָלן מיר אויך ביי די געגעבענע אומשטענדן, רעכנענדיק זיך מיט די מעגלעכקייטן, וועלכע זענען פאַראַן, פירן אין ארץ-ישראל אַ ממשותדיקע אויפבוי-אַרבעט.

אין וואַרשע גייט אַ גאַר אַנדערער וויכוח: דאָרט דאַרפן די לינקע פועלי-ציון ארץ-ישראל אַלס אַרגומענט אין קאַמף קעגן „בונד", זאָגנסט האָבן זיי מיט ארץ-ישראל נישט קיין שום פאַרבינדונג. וואָרים וואָלטן זיי געגומען ערנסט זייערע אייגענע ווערטער וועגן קלאַסן-קאַמף, וואָלטן זיי דאָך פאַרשטאַנען, אַז קודם-כל דאַרף מען שאַפן אַ יידישן אַרבעטער-קלאַס, און שאַפן דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס מיינט דאָך זיין אין החלוץ, אין קבוץ, זיין דאָרט ווי מען קעמפט פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ יידישער אַרבעטער-ווירטשאַפט.

היינט זעגען אַלע חכמים און מען רעדט שטאַרק וועגן די אָרגאַניזירטע 30 טויזנט יידישע אַרבעטער אין ארץ-ישראל. אָבער ווען חלוצים זענען געגאַנגען קיין ארץ-ישראל אָן סערטיפיקאַטן, דורך געפערלעכע וועגן, אויף לאַסט-שיפן און זענען אומגעקומען אויף די וועגן — דאַן האָט מען זיי אויסגעלאַכט, — וואו זענט איר דאַן געווען, איר לינקע פועלי-ציון, בשעת עס האָט זיך געשאַפן דער יידישער אַרבעטער-קלאַס אין ארץ-ישראל?

די לינקע פועלי-ציון האָבן דאָ זייער פיל גערעדט מכוח צוזאַמענאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע און האָבן געפסלט תכלית אסור יעדן אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס. אָבער פאַרוואָס זיצן זיי אין דער וואַרשעווער קהלה און דינגען זיך וועגן יעדן זלאָטע? צי זענען די אגודהניקעס און מזרחיסטן אין וואַרשע אַזוי פיל סימפּאַטישער און קלאַסן-פריינטלעכער, אָדער נאָר בשעת עס האַנדלט זיך וועגן ארץ-ישראל, דערמאַנט מען זיך מכוח קלאַסן-כשרות? דאָס איז אַ באַווייז ווי ווייט די לינקע פועלי-ציון זענען פרעמד דער ארץ-ישראל-ווירקלעכקייט און ווי אומאויפריכטיק עס איז זייער באַציאונג צו ארץ-ישראל.

דעם פאָרזיץ איבערנעמט חבר ש. קאַפּלאַנסקי, וועלכער ערטיילט דאָס וואָרט דעם חבר

יצחק טאַבענקין (ארץ-ישראל-דעלעגאַציע) צום

## שלוס-וואָרט פון דער הסתדרות-דעלעגאַציע

מיר האָבן זיכער וויכטיקערע אויפגאַבן אויפן היינטיקן קאָנגרעס, מיר מוזן אָבער אויפנעמען די דיסקוסיע מיט די לינקע פועלי-ציון. זיי זענען אַ אַ פּאַרטיי, וועלכע זיגט תמיד. איז דאָ אויף דער וועלט אַן ענגלישער אימפּעריאַליזם, איז דאָך קלאָר, אַז דאָס איז זייער זיג און בן-גוריונס מפּלה, האָט מען צוגעמאַכט די טויערן פון לאַנד פאַר חלוצישער איינוואַנדערונג, קומען טראַגישע אומרוען וכדומה, דאַן האָבן זיי עס דאָך שטענדיק פריער געזאָגט, דאָס זענען זייערע נצחונות.

די לינקע פועלי-ציון זענען אין דער טראַגישער לאַגע פון זיין אייבעראַל אַ קליינער מעוט. דערפון נעמט זיך זייער מערקווירדיקע איינבילדונג, אַז תמיד ווערן זיי באַעוולט. תמיד טוט מען זיי אומרעכט. דערפון נעמט

זיך זייער אומפאַרשטענדעניש, ווי אַזוי קאָן מען דאָס דאגהען פאַר אַן ענין, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון אַן אייגענעם פאַרטיי-קלייזל. אין זיי איז זיך נוקם די טראַגעדיע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין חוץ-לארץ, דאָס פעלן פון אַ רעאַלן מאַכט-פאַקטאָר, דאָס נישט זיין אין ערגעץ באַלאָדן מיט דער אחריות פאַר אַ געוויסן רעאַלן יש.

איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן דערויף און נישט אורטיילן, אויב עס איז כדאי צו לערנען ביי די לינקע פועלי-ציון, וואָס עס הייסט לינקס און וואָס עס הייסט רעכטס. איין זאַך איך קלאָר, די דרייסיק טויזנט יידישע אַר-בעטער אין ארץ-ישראל הערן נישט געננג דידאָזיקע פאַרטיי. און דער צו-זאַמענשטעל פון אונזער היינטיקן קאָנגרעס ווייזט אונז, אַז נישט נאָר די דרייסיק טויזנט יידישע אַרבעטער אין ארץ-ישראל הערן זיי נישט, נאָר אויך דער גרויסער רוב פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער צו אַרבעט-שטרעבנדער יוגנט אין חוץ-לארץ, האָבן נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר זייערע ווערטער. די לינקע פועלי-ציון רעדן וועגן דער קליינבירגערלעכער אָפּשטאַמונג פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ-ישראל, אָבער די ארץ-ישראל-אַרבעטער אַרבעטן דאָך שוין זינט יאָרן אומאונטערגעבראָכן אין דער לאַנדווירטשאַפט, אויפן כביש, ביים הייזער-בוי וכדומה, בעת עס זענען פאַראַן פיל מיטגלידער פון די לינקע פועלי-ציון, וועלכע זענען זינט יאָרן כלל מער נישט קיין אַרבעטער.

דער יידישער אַרבעטער-קלאַס אין ארץ-ישראל באַשטייט נישט פון קיין פלוגטואירנדן עלעמענט. ער פאַרבלייבט ביי דער אַרבעט. זיין אי-דעאַל איז נישט צו ווערן אויס אַרבעטער, אַריבערצוכאַפּן זיך אין אַ העכערן קלאַס. און דאָס איז אַ גרויסע זאַך, וואָס מיר האָבן געשאַפן אין ארץ-ישראל.

מיר דאַרפן קלאָר מאַכן צוּוואָס מיר האָבן גערופן אונזער היינטיקן קאָנגרעס. נאָך זייענדיק גאָר ווינציקע האָבן מיר שוין געשטרעבט און גע-חלומט וועגן אַ וועלט-קאָנגרעס און צוגעגרייט די מעגלעכקייט פאַר זיין רופונג. און הגם דער קאָנגרעס קומט שפעט, קומט ער דאָך אפשר נאָך צו פרי. לויט די מעגלעכקייטן, וועלכע ארץ-ישראל שאַפט פאַר די יידישע אַר-בעטער, און פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, לויט דעם, וואָס דאָס לאַנד גיט דעם פאָלק, האָט מען באַדאַרפט פריער רופן דעם קאָנגרעס. אָבער די ענינים פון ארץ-ישראל זענען נישט נאָר אונזערע ענינים. די מעגלעכקייט, פון ארץ-ישראל זענען נישט נאָר מעגלעכקייטן פאַר אונז אַליין, דאָס אין דער ענין פונם גאַנצן פאָלק און מעגלעכקייטן פאַרן גאַנצן פאָלק. מיר אַלע, די גאַנצע חלוצישע מחנה, וועלכע איז געגאַנגען פאָרויס, האָבן קיינמאָל נישט געשאַפן קיין שום זאַך נאָר פאַר זיך אַליין. מיר האָבן גע-שאַפן פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר זיין דערלייזונג, פאַר זיין פרייהייט. און דערפאַר האָבן מיר אויך נישט געקאָנט רופן ביז אַהער דעם קאָנגרעס, ווייל דאָס איז נישט קיין ענין פון הונדערטער און טויזנטער, נאָר פון הונדער-טער-טויזנטער און מיליאָנען, פונם גאַנצן יידישן פאָלק.

דער קאָנגרעס איז נישט פול. עס פעלן נאָך טיילן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, און אונזער האַנט איז אויסגעשטרעקט צו די אַלע, וואָס שטייען נאָך היינט מחוץ דעם קאָנגרעס, אויך צו יענע אַרבעטער, וועלכע קאָנצענטרירן זיך אַרום דעם „בונד" און צו יענע מאַסן, וועלכע קאָנצענטרירן זיך אַרום אַנדערע פּאַרטייען.

נישט דער וויכוח, די וועגנטועלע מיינונגס־פאַרשידנקייט, זענען דער עיקר פונם קאָנגרעס. וויכטיק איז צי וועט דער קאָנגרעס זיין אַן אָנהייב פון אַ נייער טאַט.

ערעם האָט אונז דאָ דערקלערט, אַז די עמיגראַציע איז דער כוח, וואָס האָט געשאַפן אונזער יש אין ארץ־ישראל. אָבער מיר ווייזט אויס, אַז אונזער אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט, אין דער אינדוסטריע, אויפן שאָסיי און אין פרדס האָבן געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר עמיגראַציע. דער אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל איז אַנטשטאַנען נישט אַ דאַנק דער עמיגראַציע, נאָר אַ דאַנק דער קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט. ערעם רעכנט אויס די שטערונגען, וואָס שטייען אויפן וועג פון אונזער ארץ־ישראל־עמיגראַציע. אמת, די רעגירונג מאַכט אונז גרויסע שטערונגען אין דער פּאָליטישער קאַמף איז גאָר וויכטיק, אָבער ער וויל נישט זען די הויפּט־שטערונג, דעם לאַנגזאַמען טעמפּאָ פון אונזער קאָ־לאָניזאַציע, דעם מאַנגל פון באָדן, די שווערע פינאַנסיעלע לאַגע פון די נאַ־ציאָנאַלע פאָנדן.

זרובבל לערנט אונז אַ פּרק קלאַסן־קאַמף און ווייזט אונז אויף, אַז דער פּריוואַטער קאָלאָניסט איז נישט מיטן אַרבעטער. און אָן זרובבלען ווייסט דאָס דאָך גאָרנישט דער אַרבעטער אין לאַנד. אַזוי ווי עס וואָלט נישט געווען קיין געשיכטע פון אונזער 25 יעריקן שווערן קאַמף אין דער פּריוואַטער קאָלאָניע. טאַקע דערדאָזיקע קאַמף פאַר אונזערע רעכט אויף אַרבעט, אונזער קאַמף פאַר אונזער רעכט אויף קאָלאָניזאַציע, האָט דאָך געשאַפן דעם אַרבעטער־קלאַס אין א״י. די עצם שטרעבונג צו אַרבעט האָט געשאַפן דעם אַרבעטער. דער איבער־גאַנג צו אַרבעט איז נישט נאָר אַ סאָציאַלער פּראָצעס, נאָך אויך אַ מאָראַלי־שער און קולטורעלער. אינם דאָזיקן פּראָצעס גייט אונזער קלאַסן־קאַמף, אינם דאָזיקן פּראָצעס אַנטשיידעט זיך דער גורל פונם יידישן פאָלק.

דער קאַמף פונם אַרבעטער פאַר ארץ־ישראל איז אַ ווירטשאַפטלעכער קאַמף, אַ קאַמף פאַר באָדן, פאַרן נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, פאַרן אויפהייבן דעם לעבנס־ניוואָ פונם אַרבעטער. דערדאָזיקער קאַמף פאָדערט אַ צוזאַמענשלוס פון אַלע כוחות. דערדאָזיקער קאַמף שאַפט די אייניקייט פונם אַרבעטער־קלאַס. די באַדערפענישן פונם אַרבעטער אין א״י האָבן געצוואונגען די לינקע פועלי־ציון אָנטייל צו נעמען אינם היינטיקן קאָנגרעס, און מיר זענען זיכער, אַז אויך אַנדערע וועלן קומען.

ארץ־ישראל שאַפט אַ צוקונפט פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. און דער אַר־בעטער איז דער פּיאָנער, דער וועג־ברעכער פאַרן גאַנצן פאָלק. עס איז נייטיק דער געאייניקטער כוח צו דער ממשותדיקער טאַט. צו דער שאַפונג פון גרע־סערע מעגלעכקייטן פאַר דער אויפלעבונג פונם פאָלק, צום קאַמף פאַר דידאַ־

זיקע מעגלעכקייטן. דערפאַר ליגט נישט די באַדייטונג פונם קאָנגרעס אין די רעפעראַטן און דוסקוסיע-רעדעס, נאָר אין דעם פאַקט, וואָס ער וועט דינען אַלס ערשטער ערנסטער אָנהייב צו דער ממשותדיקער טאַט, וועלכע מוז קומען אַלס רעזולטאַט פונם קאָנגרעס.

דריי אויפגאַבן מוז דער קאָנגרעס נעמען אויף זיך : 1) דעם אָנטייל אין דער קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט פונם אַרבעטער אין ארץ-ישראל, 2) די פּאָליטישע אָרגאַניזירונג פון די מאַסן צום קאַמף פאַר די אינטערעסן פונם אַרבעטער אינם ציוניזם, 3) די אָרגאַניזירונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט פאַר אונזער א״י-ווערק. עס מוז אַנטשטיין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער כּוח, וועלכער זאָל נעמען אויף זיך דידאָזיקע אויפגאַבן (אַפּלאָדיסמענטן).

דער פאָרזיצער דערקלערט דערמיט די גענעראַל-דעבאַטע פאַר פאַרענדיקט.

שלוס פון דער אַכטער זיצונג

## נ יי נ ט ע ז י צ ו נ ג

**נאָך אַ קורצער הפסקה ווערט געעפנט די ניינטע, שלוס־זיצונג, פונם קאָנגרעס אַרום 1 אַ זייגער, אין דער נאַכט פונם 30־טן סעפטעמבער אויפן 1־טן אָקטאָבער. דער זאַל פון לאַזשאָן־הויז איז פול געפּאַקט, ווי ביי אַלע זיצונגען, מיט דעלעגאַטן און געסט.**

פאָרזיצער חבר ש קאַפּלאַנסקי.

### באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע

גיט אָפּ חבר אליעזר קאַפּלאַן (פאָרזיצער פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע):

**די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטן איינִיקע זיצונגען און האָט גאַנץ אויספירלעך באַהאַנדלט דעם אופן פון דער פאַרטרעטערשאַפט פון יעדן לאַנד. איר ווייסט דאָך, אַז בכדי צו קאָנען זיין פאַרטרעטן אויף אונזער קאָנגרעס, האָט מען געמוזט אויסקויפן אַ קאָנגרעס־קאַרטע, וועלכע האַלט אַ באַשטימטע פּרינציפּיעלע בינדונג. אין אַלע לענדער, אַ חוץ צפון־אַמעריקע און ארץ־ישראל, זענען די קאָנגרעס־קאַרטן פאַרקויפט געוואָרן און לפי דער צאָל פאַרקויפטע קאַרטן זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן די דעלעגאַציעס פון די פאַרשידענע לענדער. צוליב דער קורצקייט פון דער צייט, ערשט סוף יוני האָט דער ועד הפועל פון דער הסתדרות באַשלאָסן וועגן דער קאַרטן־סיסטעם, האָט מען צפון־אַמעריקע געמוזט אַרויסלאָזן פון דעמדאָזיקן כלל. מיר האָבן דערביי אין אַכט גענומען, אַז אין צפון־אַמעריקע איז דאָך פאַראַן אַ געזעצלעך־געקליבענע קערפערשאַפט פון די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין גאַנצן לאַנד, וועלכע איז פאַרבונדן מיטן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. און מיר זענען דאָך ביים קאָנגרעס בעיקר באַמיט צו שאַפן דעם צושטאַנד, אַז די דעלעגאַטן זאָלן האָבן הינטער זיך אין זייערע לענדער אַווירקלעכן און נישט פיקטיוון כוח. אין ארץ־ישראל האָט די גאַנצע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט, דורך איר דעמאָקראַטיש געוויילטער העכסטער אינסטאַנץ, דעם לאַנד־**

ראַט פון דער הסתדרות, אַקצעפּטירט די פּרינציפּן פונם קאָנגרעס און באַשלאָסן איר אָנטייל אין אים, אַזוי, אַז די דעקלאַרירונג דורך דער קאָנגרעס־קאַרטע איז געווען איבעריק און אויך קיין וואַלן זענען נישט נייטיק געווען, ווייל אַלע, וואָס זאַמלען זיך אַרום אַרבעטנדן ארץ־ישראל, זענען ממילא אין דער הסתדרות און זיי קלויבן אויס אויף דעם דעמאָקראַטישסטן אופן די לייטונג פון דער הסתדרות. די לינקע פועלי־ציון האָבן לכתחילה געפאָדערט צו ענדערן דעם פּרינציפּיעלן אינהאַלט פון דער קאָנגרעס־קאַרטע, זיי האָבן אויך מערעור געווען פאַרוואָס די קאָנגרעס־קאַרטע איז געדרוקט אין העברעיש און יידיש און נישט אין יידיש אַליין. אין ביידע פאַלן איז קיין ותור נישט מעגלעך געווען און די לינקע פועלי־ציון אין חוץ־לארץ האָבן געהאַט דערקלערט, אַז זיי וועלן נישט קאָנען אָנטייל נעמען אינם קאָנגרעס. זיי האָבן אָבער דאַן, נאָך פאַרהאַנדלונגען מיטן אָרגאַניזיר־ביוראָ פונם קאָנגרעס, באַשלאָסן צו פאַרשפּרייטן די קאָנגרעס־קאַרטן, אַזוי ווי אַלע אַנדערע גרופּירונגען, וועלכע באַטייליקן זיך אינם קאָנגרעס.

בדרך כלל איז די מאַנדאַט־קאָמיסיע געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז אין אין יעדן לאַנד, וואו עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן קאָנגרעס־קאַרטן, האָבן געדאַרפט פאָרקומען אַלגעמיינע וואַלן פון די דעלעגאַטן. בפרט אין יענע לענדער, וואו אַ געוויסע מינדערהייט האָט עס געפאָדערט. אויב דער רוב פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט פונדעסטוועגן ראַטיפיצירט די מאַנדאַטן פון מאַנכע לענדער, הגם דאָרטן זענען קיין וואַלן נישט פאָרגעקומען, איז עס נאָר געווען צוליב דעם, וואָס מיר האָבן גענומען אין אַכט די גאָר קורצע צייט, וועלכע איז געשטאַנען אין רשות פון די חברים אויף צוצוגרייטן דעם קאָנגרעס, און דעם פאַקט, וואָס עס האַנדלט זיך מכוח אונזער ערשטן קאָנגרעס און מיר האָבן נאָך נישט קיין פעסטע קאָנסטיטוציע, מיר האָבן נישט קיין באַשטימטן רעגולאַמין און די חברים האָבן אָפּטמאָל גערעכנט, אַז זייער אופן פון דעלעגירן איז דער ריכטיקער. אין די לענדער, וואו קיין וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, האָבן מיר שטרענג אָפּגעהיטן, אַז יעדע ריכטונג זאָל באַקומען נאָר יענע צאָל שטימען, וויפיל קאַרטן זי האָט פאַרקויפט.

דערמיט, וואָס מיר האָבן איינגעפירט, אַז ביי די אָפּשטימונגען ווערן געציילט די צאָל שטימען, וועלכע יעדעס לאַנד פאַרטרעט (און יעדע ריכטונג אינם געגעבענעם לאַנד) איז אַוועקגעפאַלן די שאַרפקייט ביים באַשטימען די צאָל דעלעגאַטן פון יעדן לאַנד. פונדעסטוועגן האָבן מיר אָפּגעהיטן אַ געוויסן שליסל. אין די לענדער פון גרויסע יידישע מאַסן־ישובים 1 דעלעגאַט אויף 1000 פאַרקויפטע קאָנגרעס־קאַרטן. אין די קלענערע לענדער 1 דעלעגאַט אויף 500 פאַרקויפטע קאַרטן, אין מאַנכע לענדער מיט קלענערע יידישע ישובים ווי למשל, פראַנקרייך, בעלגיע וכדומה, האָבן מיר געמאַכט אַ געוויסן אויסנאַם און עטוואָס רעדוצירט די צאָל פון 500 קאַרטן אויף 1 דעלעגאַט.

און איצט וועגן די איינצעלנע לענדער:

די ארץ־ישראל־דעלעגאַציע פאַרטרעט די 30 טויזנט אָרגאַניזירטע

מיטגלידער פון דער הסתדרות. עס איז געווען אַ פאָרשלאַג, אַז רעכנענדיק זיך מיט דער באַזונדערער באַדייטונג פון דער ארץ־ישראל־אַרבעטערשאַפט אויף אונזער קאָנגרעס, מיטן הויכן אָרגאַניזאַציאָנעלן מצב, וועלכן די אַר־בעטערשאַפט האָט דערגרייכט אין ארץ־ישראל, מיט דער וויכטיקער פּאָליטישער אוןווירטשאַפטלעכער ראָלע, וואָס די אַרבעטערשאַפט פאַרנעמט אין לאַנד, צו געבן דער ארץ־ישראל־דעלעגאַציע די דאָפּלטע צאָל שטימען — 60 טויזנט, אַזוי ווי דאָס פּירט זיך ביים ציוניסטישן קאָנגרעס און עס איז אָנגענומען ביי די וועלט־קאָנפערענצן פון דער פּראָלעטאַריש־ציוניסטישער־באַוועגונג. די ארץ־ישראל־דעלעגאַציע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון און מיר האָבן באַשטע־טיקט פאַר ארץ־ישראל 30 טויזנט שטימען. די דעלעגאַציע פון ארץ־ישראל באַשטייט פון 10 חברים, וועלכע זענען לויט דעם באַשלוס פון דעם לאַנד־ראַט פון דער הסתדרות באַשטימט געוואָרן דורכן ועד־הפועל.

די דעלעגאַציע פון צ פ ו ן ־ אַ מ ע ר י ק ע און ק אַ נ אַ ד ע באַשטייט פון 8 דירעקטע דעלעגאַטן, וועלכע זענען געוויילט געוואָרן אויף אַ ברייטער באַראַטונג פונם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע". דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־קאָמיטעט איז דערצו באַפולמעכטיקט געוואָרן פון דער היי־יעריקער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין־קאָנפע־רענץ, וועלכע האָט רעפּרעזענטירט אַ פערטל מיליאָן אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין צפון־אַמעריקע און קאַנאַדע. מיר פרייען זיך, וואָס מיר האָבן די מעגלעכקייט צו באַגריסן אויף אונזער קאָנגרעס אַזאַ שטאַרקע דירעקטע דעלעגאַציע פון אַמעריקע. די דעלעגאַציע האָט אונז געמאָלדן, אַז זי קומט אין נאָמען פון 250 טויזנט אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען פאַרטראָטן אינם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע. און זי האָט אויך אַ מאַנדאַט פון די פאַריי־ניקטע יידישע געווערקשאַפטן. רעכנענדיק זיך אָבער דערמיט, אַז קיין קאָנ־גרעס־קאַרטן זענען אין אַמעריקע נישט פאַרשפּרייט געוואָרן, אמת, טאַקע נישט צוליב דער שולד פון די אַמעריקאַנער חברים, האָבן מיר דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע קיין 250 טויזנט שטימען נישט געקאָנט געבן און מיר האָבן באַ־שטימט פאַר צפון־אַמעריקע און קאַנאַדע 75 טויזנט שטימען. מיר האָבן דערביי גענומען אין אַכט, אַז בערך אַזאַ צאָל נעמט בפועל אָנטייל אינם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, הן דורך מיטאַרבעט, הן דורך מיטבאַשטייערונג.

אין פ ו י ל ן (אַחוץ מזרח גאַליציע) האָט די קאָנגרעס־באַוועגונג אָנ־גענומען אַ געוואַלדיקן מאַסן־כאַראַקטער. עס זענען פאַרקויפט געוואָרן 85 טויזנט קאָנגרעס־קאַרטן און מיר באַגריסן אויפן קאָנגרעס 85 אַקטיווע טוער פון אונזער באַוועגונג אין פּוילן. אין פּוילן זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע פופציק טויזנט חברים. 51.982 שטימען פון 333 פּונקטן זענען דערקלערט געוואָרן פאַר גילטיק. די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט געהאַט פאַר זיך אַ פּראָטעסט פון די רעכטע פּועלי־ציון, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די מערהייט פון דער פּוילישער וואַל־קאָמיסיע האָט געפּסלט איייניקע טויזנט שטימען פון די חלוצישע קבוצים, ווייל

מען האָט נישט רעכטצײַטיק באַצאָלט אין מזומן פאַר די קאָנגרעס־קאַרטן. די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט באַדויערט דעם פאַקט, וואָס מען האָט די חלוצישע קבוצים צוגענומען די מעגלעכקייט צו זײַן פאַרטראָטן אויפן קאָנגרעס, אָבער זי האָט נישט געקאָנט אַרײַנגיין אין דידאָזיקע פרטים, ווײַל דאָס וואָלט געפאָדערט פון אונז צופיל צייט, און מיר האָבן געמוזט אָנערקענען דעם אָפיציעלן פּראָטאָקאָל. איין פרט האָבן מיר אָבער יאָ געמוזט באַהאַנדלען. די וואַל־קאָמיסיע אין פוילן האָט נישט אָפּגעשיקט דעם פולן סכום פאַר די קאָנגרעס־קאַרטן, און האָט זיך אייגנמעכטיק באַוויליקט אַ גרעסערן פּראָצענט. קעגן אַזאַ אופן מוזן מיר אַמשאַרפסטן אַרויסטרעטן און אין דער צוקונפט וועט מען מוזן שאַרף רעאַגירן קעגן אַזאַ אייגנמעכטיקייט פון די אָרטיקע חברים. מיר לייגן דעריבער פאָר, אַז דער קאָנגרעס זאָל פאַרקלענערן מיט 10 פּראָצ. די שטימען־צאָל פון פוילן אויפן קאָנגרעס. דאָס מיינט, אַז פון פוילן וועלן זײַן שטים־באַרעכטיקט: רעכטע פועלי־ציון מיט 29.863 במקום 33.181 שטימען; לינקע פועלי־ציון 24.353 במקום 27.059 ; „התאחדות״ 10.185 במקום 11.316 ; „השומר־הצעיר״ 10.682 במקום 11.869 און „דת־ועבודה״ 1.418 במקום 1.575.

אויך אין מזרח־גאַליציע האָט די קאָנגרעס־באַוועגונג אָנגענומען אַ מאַסן כאַראַקטער. אין 104 פונקטן זענען פאַרקויפט געוואָרן 15.100 קאָנגרעס־קאַרטן. עס זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן אין 98 פונקטן, וואו 11.600 האָבן געשטימט און 11.446 שטימען זענען דערקלערט געוואָרן פאַר גילטיק. אויפן קאָנגרעס זענען אָנוועזנד פון מזרח־גאַליציע 15 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן 15.100 שטימען. אין בעלגיע זענען פאַרקויפט געוואָרן, און פול באַצאָלט געוואָרן, 1.951 קאַרטן. דאָרט זענען פאָרגעקומען וואַלן אין 5 פונקטן. די וואַל־באַטייליקונג איז נישט געווען אַזוי שטאַרק ווי אין די אַנדערע לענדער. עס האָבן געשטימט 817 חברים און 800 שטימען זענען דערקלערט געוואָרן פאַר גילטיק. בעלגיע איז פאַרטרעטן דורך 6 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן 1.951 שטימען. אין ליטע זענען פאַרקויפט געוואָרן 3.948 קאָנגרעס־קאַרטן. דאָרט זענען פאָרגעקומען וואַלן און די וואַל־באַטייליקונג איז געווען אַ שטאַרקע. עס האָבן געשטימט 2.849 חברים. אויפן קאָנגרעס זענען אָנוועזנד פון ליטע 10 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן 3.948 שטימען.

אין בעסאַראַביע זענען פאַרקויפט געוואָרן 3.500 קאַרטן. קיין וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען. אַלע באַטייליקטע גרופּירונגען זענען דורכגעקומען צווישן זיך מכוח דער שטימען־פאַרטיילונג. עס זענען אָנוועזנד 7 דעלעגאַטן, וועלכע פאַרטרעטן 3.500 שטימען. אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי זענען פאַרקויפט געוואָרן, און פול באַצאָלט געוואָרן, 4.000 קאַרטן. אַלע באַטייליקטע גרופּירונגען האָבן באַשלאָסן נישט דורכצופירן קיין וואַלן, נאָר יעדע גרופּירונג זאָל האָבן יענע צאָל שטימען וויפיל קאַרטן זי האָט פאַרקויפט. אויפן קאָנגרעס זענען אָנוועזנד פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי 10 דעלעגאַטן, וועלכע רעפּרעזענטירן 4.000 שטימען. בולגאַריע האָט פאַרקויפט און פול באַצאָלט פאַר 1.500 קאַרטן. קיין וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, לפי אַן איינשטימיקן הסכם פון אַלע באַטייליקטע. עס זענען אָנוועזנד 4 דעלע־

לעגאַטן, וועלכע רעפּרעזענטירן 1.500 שטימען. עסטרייך האָט פאַרקויפט און פול באַצאָלט 1.143 קאָנגרעס־קאַרטן. וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען און קיין שום גרופּירונג האָט עס נישט געפאָדערט. עס זענען אָנגעזונד 3 דעלע־גאַטן, וועלכע רעפּרעזענטירן 1.143 שטימען. דאַנציג האָט פאַרקויפט 250 קאַרטן. עס האָט קאַנדידירט נאָר 1 פאָרשטייער און ער איז באַשטעטיקט געוואָרן. אין עסטלאַנד זענען פאַרקויפט און פול באַצאָלט געוואָרן 519 קאַרטן אין 6 פונקטן. אין די גרעסערע 4 פונקטן האָבן די אָרטיקע ליגעס איינשטימיק באַשטימט די דעלעגאַציע פון 2 חברים, וועלכע זענען אָנגעזונד אויפן קאָנגרעס. אין ענגלאַנד זענען פאַרקויפט געוואָרן 2.220 קאָנ־גרעס־קאַרטן. קיין אַלגעמיינע וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, נאָר טיילווייז אָרטיקע וואַלן. אַלע באַטייליקטע זענען געקומען צווישן זיך צו אַ הסכם בנוגע דעם צונויפשטעלן פון דער דעלעגאַציע. נישטאָ קיין שום פּראָטעסט. עס זע־נען אָנגעזונד 7 דעלעגאַטן, וועלכע רעפּרעזענטירן 2.220 שטימען, אין לעט־לאַנד זענען פאַרקויפט געוואָרן 3.500 קאָנגרעס־קאַרטן. קיין וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, לפי אַן איינשטימיקן הסכם פון אַלע אָרטיקע גרופּירונגען. עס זענען אָנגעזונד 10 דעלעגאַטן.

אין דייטשלאַנד האָט מען באַצאָלט פאַר 1.850 קאָנגרעס־קאַרטן. וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען. מיר האַלטן, אַז אין דייטשלאַנד האָבן וואַלן געקאָנט און געדאַרפט פאָרקומען. בפרט, אַז איין גרופּע פון די לינקע פּועלי־ציון האָט דאָרט געפאָדערט וואַלן. דאָס איז אויך געווען די מיינונג פונם אָרגאַניזיר־ביוראָ. אָבער אַלע אָרטיקע גרופּירונגען, אַ חוץ איין ריכטונג פון די לינקע פּועלי־ציון, האָבן געהאַלטן, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען דורכ־צופירן קיין וואַלן. מיר האָבן בכן געמוזט אָנערקענען דעם פאַקט, אַז יעדע גרופּירונג באַקומט די צאָל שטימען, וויפיל קאַרטן זי האָט פאַרקויפט. דייטשלאַנד איז פאַרטרעטן אויפן קאָנגרעס דורך 5 דעלעגאַטן. אויך אין פראַנקרייך איז אַן ענלעכער צושטאַנד ווי אין דייטשלאַנד. עס זענען דאָרט אין 11 פונקטן פאַרקויפט געוואָרן 1.328 קאָנגרעס־קאַרטן. קיין וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען, הגם איין טייל פון די לינקע פּועלי־ציון האָט עס געפאָדערט (סיי אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין פראַנקרייך האָבן אין דער קאָנגרעס־אַקציע זיך באַטייליקט די לינקע פּועלי־ציון־ריכטונג זרובבל־ניר און די לינקע פּועלי־ציון־ריכטונג אַבראַמאָוויטש־יצחקי). אויך אין דעם פאַל האָבן מיר געהאַלטן די האַנדלונג פון די איבעריקע פּאַרטייען פאַר נישט ריכ־טיק. מיר האָבן נאָר באַשטעטיקט די דעלעגאַציע, ווייל די חברים האָבן פאַרזיכערט, אַז עס איז אַנדערש נישט מעגלעך געווען. פון פראַנקרייך זענען אָנגעזונד אויפן קאָנגרעס 5 דעלעגאַטן, וועלכע רעפּרעזענטירן 1.328 שטימען.

אין אַלט־רומעניע און טראַנסילוואַניע זענען לויט די מעלדונגען פון די חברים פאַרקויפט געוואָרן 5.000 קאַרטן. מיר האָבן אָבער נישט באַקומען קיין אָפּרעכנונג. הגם די חברים דעלעגאַטן גאַראַנטירן, אַז מען האָט דאָס געלט אַרויסגעשיקט, האָבן מיר פונדעסטוועגן באַשלאָסן צו־צולאַזן די 6 דעלעגאַטן, נאָר מיט באַראַטונגס־רעכט און זייערע 5.000 שטימען

ווערן נישט געגומען אין אַכט ביי די אָפּשטימונגען. בוקאָווינע מעל־דעט, אַז זיי האָבן פאַרקויפט 580 קאַרטן. זיי האָבן זיך אָבער נישט אָפּגע־רעכנט. אויף אַ זיצונג האָבן זיי באַשטימט אַ דעלעגאַט, מיר האָבן אָבער באַ־שלאָסן דעם דעלעגאַט בכלל נישט צוצולאָזן צום קאָנגרעס. שווייץ האָט פאַרקויפט 109 קאַרטן און זיי באַצאָלט. זיי האָבן קיין דעלעגאַט נישט גע־שיקט. אונגאַרן האָט פאַרקויפט 200 קאַרטן, אָבער דערווייל זיך נישט אָפּגערעכנט, דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן דעם דעלעגאַט נישט צוצולאָזן. יוגאָסלאַוויע האָט פאַרקויפט פינף און זיבעציק קאַרטן, אָבער זיך נישט אָפּגערעכנט.

אין מעקסיקע זענען פאַרקויפט געוואָרן 300 קאַרטן און מיר האָבן באַקומען דעם סכום פאַר די קאַרטן. די חברים מעלדן, אַז דעם מאַנדאַט גיבן זיי איבער דעם ח״ א. העמלין פון ניו־יאָרק. מיר ווייסן נישט די פאָרם ווי זיי האָבן די וואַלן אַדורכגעפירט. די שטימען ווערן גענומען אין אַכט. אָבער מיר רעכענען זיי נישט צו צו קיין שום ריכטונג. אין אַרגענטינע האָבן די חברים באַצאָלט פאַר טויזנט קאַרטן און טעלעגראַפיש געמאָלדן, אַז זייערע פאָרשטייער זענען די חברים: אַ. רייס און חייב גריגבערג. היות ווי מיר האָבן נישט קיין ידיעות וועגן דעם אופן פון די וואַלן און די גענויע פאַרטיילונג צווישןביידע ריכטונגען, ווערן די שטימען גענומען אין אַכט, אָבער נישט צוגערעכנט צו קיין שום ריכטונג. אין דרום־אפריקע זענען, ווייזט אויס, פאַרקויפט געוואָרן אַרום 450 קאַרטן. די צעירי־ציון אין יאָהאַניסבורג האָבן טעלעגראַפיש נאָמינירט אַ דעלעגאַט. היות אָבער טראָץ אונזער טעלעגראַפישער אויפפאָדערונג, האָט מען זיך עד־היום נישט אָפּ־גערעכנט, ווערט די דעלעגירונג נישט אָנערקענט.

מיר האָבן אויך אויפן קאָנגרעס אַ פאָרשטייער פון דעם „השומר־הצעיר" אין ס. ס. ס. ר. דאָרט זענען אָבער, צוליב אייך גוט־באַוואוסטע טעמים, קיין וואַלן נישט פאָרגעקומען. מיר האָבן באַשלאָסן באַשטעטיקן זיין מאַנדאַט, אָבער נישט באַשטימען קיין שום שטימען־צאָל.

לויט דעמדאָזיקן באַריכט זעט איר, אַז 24 לענדער האָבן זיך בפועל באַטייליקט אין דער באַוועגונג אַרום אונזער קאָנגרעס, הגם ערשט אין חודש יוני האָט דער ועד־הפועל פון דער התאחדות ענדגילטיק באַשלאָסן צו רופן דעם קאָנגרעס און ערשט דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען. אין אונ־זער רשות איז אַלזאָ געשטאַנען נאָר גאָר אַ קורצע צייט פאַר פאָרבאַרייטונגען. אין דערדאָזיקער קורצער צייט האָט געמוזט אַדורכגעפירט ווערן די געהעריקע אַרבעט פון פאַרקויפן די קאָנגרעס־קאַרטן, פון אָרגאַניזירן די וואַלן א. א. וו. עס איז דעריבער זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ קורצער צייט איז נישט מעגלעך געווען דורכצופירן די אַרבעט איבעראַל אויף אַזאַ אופן, ווי מיר וואָלטן עס געוואונטשן. צוליב דעם זענען אַנטשטאַנען אין פאַרשידענע לענ־דער נישט גלייכמעסיקע אופנים פון דעלעגירונג. מיר האָפן, אַז צום צווייטן קאָנגרעס וועלן מיר אין דערדאָזיקער באַציאונג קאָנען פינקטלעכער און גע־נוירע אַרבעטן.

אונזער קאָנגרעס רעפּרעזענטירט 238,523 חברים, וועלכע זענען אויפן קאָנגרעס פאַרטראָטן דורך 183 דעלעגאַטן מיט באַשטימונגס־רעכט, 6 דעלעגאַטן פון אַלט־רומעניע מיט באַראַטונגס־רעכט און 38 גאַסט־דעלעגאַטן, מיטגלידער פון דעם אָרגאַניזיר־ביוראָ, רעפערענטן א. א. חברים, וועלכע זענען אָנוועזנד לויט דער ספּעציעלער איינלאַדונג פונם ועד־הפועל פון דער הסתדרות אין א״י און דעם אָרגאַניזיר־ביוראָ פונם קאָנגרעס, אַלזאָ צוזאַמען 232 דעלעגאַטן, וועלכע פאַרטרעטן 20 לענדער.

## מינדערהייטס־וואָטום

נ. בוקסבוים (לינקע פּועלי־ציון):

איך קום צום קאָנגרעס מיט אַ מינדערהייטס־וואָטום פון מיין פּאַרטיי בנוגע די באַשלוסן פון דער מערהייט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע אין אַ רייע לענדער. דווקא ווייל עס האַנדלט זיך וועגן דעם ערשטן קאָנגרעס, מוזן מיר זיין גאָר שטרענג און פּעדאַנטיש ביים באַשטעטיקן די דעלעגאַטן. ווייל נאָר דאַן וועלן מיר ערשט ווירקלעך קאָנען זאָגן, אַז דער קאָנגרעס פאַרטרעט ברייטע מאַסן און נישט קיין פיקטיווע דעלעגאַציעס נעמען אין אים אָנטייל. אָבער די פאָרשטייער פון דער הסתדרות און די מערהייט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע האָבן געהאַנדלט גאָר פאַרקערט, זיי האָבן דערפילט אַלעמענס וואונטשן און אַזוי אַרום צוגענומען ביים קאָנגרעס דעם כאַראַקטער פון אַ ווירקלעכער פאָרשטייערשאַפט פון די ברייטעסטע מאַסן. גראָד היינט האָב איך געלייענט אין דער צייטונג פונם „בונד", וואו זיי שרייבן, אַז מען האָט אָן געלט פונאַנדערגעטיילט קאָנגרעס־קאַרטן, און די דעלעגאַטן האָבן נישט קיין רעכט צו רעדן אין נאָמען פון די מאַסן.

איך קום איצט פון צפון־אַמעריקע און איך בין באַקאַנט מיט די דאָרטיקע פאַרהעלטענישן. איך ווייס צו שאַצן די באַדייטונג פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין־קאָמיטעט. אָבער עס איז נישטאָ קיין שום גרונט אויף צו פאַרטיילן סתם שטימען. מען האָט דאָך דאָרט גאָר גוט געקאָנט פאַרשפּרייטן קאָנגרעס־קאַרטן ווי אין אַלע לענדער און איינאָרדנען וואַלן, נאָר פשוט, מען האָט עס נישט געוואָלט, מען איז צו באַקוועם. און מיר זענען דאָך גראָד פאַראינטערעסירט, אַז וואַלן זאָלן יאָ פאָרקומען, ווייל דאָס וואָלט דעם אַרבעטער אין אַמעריקע דירעקט פאַרבונדן מיט אונז און וואָלט אים צו אונז דערנענטערט. וואַלן וואָלטן בולט נעמאַכט די פאַרבינדונג פון דעם יידישן אַרבעטער אין אַמעריקע מיט פּאַלעסטינע. דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין־קאָמיטעט דריקט נישט אויס די מיינונג פון די אַרבעטער, וועלכע ער פאַרטרעט. אין פיל געווערקשאַפטן זענען אויך פאַראַן ארץ־ישראל־געגנער. פאַר אונז איז איצט נישט וויכטיק וויפיל געלט זיי גיבן, וויכטיק איז די פּרינציפּיעלע זייט פון דער זאַך. און פּרינציפּיעל איז נישט דערלאָזבאַר, אַז מען זאָל אין אַמעריקע סתם באַשטימען

אַזאַ און אַזאַ צאָל שטימען. איך לייג דעריבער פאָר, אַז מען זאָל גענבן דער דעלעגאַציע פון צפון-אַמעריקע 2 שטימען (שטאַרקע צווישנרופן: וואָס טוט איר פאַר ארץ-ישראל? אפילו איין פרוטה פאַרן פ. א. פ. שאַפט איר דאָך נישט א. א. וו.).

פון א״י איז געקומען אַ דעלעגאַציע אָן וואַלן. פשוט, דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט דעלעגירט. און דווקא דאָרט קאָן מען זיך דאָך נישט באַנוצן מיטן תירוץ, אַז ס׳איז נישט געווען קיין צייט. ביי דעם הויכן אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנד פון די אַרבעטער אין ארץ-ישראל, איז דאָך גאָר לייכט געווען אַדורכצופירן וואַלן אפילו אין אַ קורצן טערמין. נאָר די הסתדרות האָט איינפאַך נישט געוואָלט. דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט נישט געהאַלטן זיין צוזאָג וועגן אַדורכפירן איבעראַל וואַלן. עס איז דאָך קלאָר, אַז ביי וואַלן וואָלט די דעלעגאַציע פון א״י אַנדערש אויסגעזען ווי איצט. אויך לינקע פועלי-ציון וואָלטן דאַן געהאַט אַ פאַרטרעטערשאַפט אין דער א״י-דעלעגאַציע (צווישנרוף: וועלכע לינקע פועלי-ציון, אויף יעדן פאַל נישט אייערע). דורך וואַלן וואָלט געשטאַרקט געוואָרן די פאַרבינדונג פון די א״י-אַרבעטער מיט די יידישע אַרבעטער פון דער גאָרער וועלט. וואָלט אונטערגעשטראָכן געוואָרן זיין אַלוועלטלעכע פאַרבינדנקייט מיט די נויטן און קאַמפן פון די יידישע מאַסן אין אַלע לענדער. איך האַלט, אַז א״י דאַרף ביי אונז נישט זיין קיין שום אויסנאַם. איך שלאָג דעריבער פאָר, אַז אויך א״י זאָלן מיר געבן נאָר 2 שטימען, ווייל די דעלעגאַציע, וועלכע פאַרטרעט ארץ-ישראל, איז נישט ריכטיק דעלעגירט געוואָרן.

אויך אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי זענען קיין וואַלן נישט פאָרגעקומען, נאָר מען האָט איינפאַך פאַרטיילט די מאַנדאַטן, אָבער דאָרט איז לכל-הפחות פאַראַן עפעס אַ פראָטאָקאָל. אין רומעניע איז אפילו קיין ריכטיקער פראָטאָקאָל נישטאָ, און אפילו די מערהייט פון דער מאַנדאַט-קאָמיסיע איז עס שוין געווען צופיל און זי האָט געמוזט פסלען די דעלעגאַטן פון בוקאָווינע און אַלט-רומעניע. אין בעסאַראַביע האָט מען אָבער באַשטעטיקט די דעלעגאַציע, הגם קיין וואַלן זענען דאָרט נישט פאָרגעקומען. ד. ז. בנוגע בולגאַריע און לעטלאַנד, וואו די מאַנדאַטן זענען צווישן די באַטייליקטע פאַרטייען פריינטשאַפטלעך פאַרטיילט געוואָרן. איך לייג דעריבער פאָר נישט צו באַשטעטיקן די דעלאַגאַטן פון די דערמאָנטע לענדער.

עס זענען אָבער אויך פאַראַן לענדער, וואו מען האָט געהאַט געמאָלדן וועגן וואַלן, ווי אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, און אונזער פאַרטיי האָט אין די ביידע לענדער קאַטעגאָריש געפאָדערט, אַז וואַלן זאָלן פאָרקומען, פונדעסטוועגן האָט מען אין דער לעצטער מינוט די וואַלן אָפגערופן. אויב דער קאָנגרעס האָט דרך-ארץ צו זיך אַליין און וויל היטן זיין כבוד, דאַן מוז מען אומבאַדינגט פסלען די שטימען פון די ביידע לענדער. ח׳ קאַפּלאַן האַלט, אַז מען דאַרף די ביידע לענדער נישט פסלען, ווייל עס וועט אויסקומען, אַז די אַבראַמאָוויטש-גרופּע וועט נישט האָבן קיין פאָרשטייערשאַפט אויפן קאָנגרעס. מיר האָבן דאָס גענומען אין אַכט ביים באַשטעטיקן די וואַלן אין ענגלאַנד.

מיר האָבן צוליב דעם געשטימט, אַז דאָרט זאָל די דעליגירונג באַשטעטיקט ווערן, הגם קיין אַלגעמיינע וואַלן זענען דאָרט נישט פאָרגעקומען, אָבער מיר האָבן גענומען אין אַכט, וואָס אין דער דעלעגאַציע פון ענגלאַנד איז אויך דאָ אַ פאָרשטייער פון דער אַבראַמאָוויטש־ריכטונג. אָבער בנוגע דייטשלאַנד און פראַנקרייך איז אַזוי בולט די נישט ריכטיקע האַנדלונג פון דער מער־הייט. אַז דער קאָנגרעס מוז ביידע לענדער פסלען (זייער פיל צווישנרופן, פאָרזיצער ח״ קאַפּלאַנסקי פאָדערט אויף אייניקע מאָל די דעלעגאַטן נישט צו שטערן, פיל דעלעגאַטן פאָדערן, אַז דער רעדנער זאָל פאַרענדיקן). דער רעדנער רעדט ווייטער ביי אַן אַלגעמיינע אומרואיקייט, ער לייגט פאָר צו געבן די דעלע־גאַציעס פון צפון־אַמעריקע און ארץ־ישראל צו צוויי שטימען און די דעלע־גאַציעס פון בעסאַראַביע, בולגאַריע, לעטלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי, דייטשלאַנד און פראַנקרייך צו פסלען.

פאָרזיצער ח״ ש. קאַפּלאַנסקי:

מיר האָבן געהערט דעם באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע און די באַ־גרינדונג פון דעם מינדערהייטס־וואָטום. דאָס פרעזידיום האַלט, אַז מען דאַרף אָ שטימען די פאָרשלאַגן פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט און נישט פירן וועגן דעם קיין דיסקוסיע.

דער פאָרשלאַג פונם פרעזידיום נישט צו פירן קיין דיסקוסיע איבערן באַריכט פון דער מאַנ־דאַט־קאָמיסיע ווערט אָנגענומען מיט אַ גרויסער מערהייט.

מיט אַ גרויסער מערהייט ווערט דאַן באַ־שטעטיקט דער באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָ־מיסיע, מיט דער אויסבעסערונג בנוגע פוילן, און דערמיט ווערן אָפּגעוואָרפן די מינדערהייטס־פאָרשלאַגן פון ח״ בוקסבוים.

ח״ א. קאַפּלאַן שטעלט דאַן פעסט, אַז ביי די אָפּשטימונגען ווערן אָנערקענט פאָלגנדע שטימען: רעכטע פועלי־ציון 40.369; לינקע פועלי־ציון 27 093; לינקע פועלי־ציון ריכטונג אַבראַמאָוויטש — 583; „התאחדות״ — 24.965; „השומר הצעיר״ — 17.996; „השומר הצעיר״ — צופי־חלוצי — 1.880; דת ועבודה — 1.418; צפון־אַמעריקע — 75.000; ארץ־ישראל — 30.000; אַרגענטינע — 1.000; עסטלאַנד — 519; מעקסיקע — 300; דאַנציג — 250; „החלוץ״, י. י. וו. ב., מכבי — בעסאַראַביע און ליגע — לעטלאַנד — 3.184. דער קאָנגרעס רעפּרעזענטירט 238.523 וויילער, אָבער נאָר 224.565 שטימען ווערן צוליב פאַרשידענע טעמים פאַררעכנט אַלס גילטיק.

ח״ אליעזר קאַפּלאַן רעפערירט דאַן וועגן:

## אויפגאַבן און אָרגאַניזירונג פון דער וועלט-ליגע.

מיר דאַרפן ברייט עפענען אונזערע טויערן פאַר דער אַקטיווער מיטאַרבעט פון גרויסע מאַסן אין אונזער ווערק. ווייל אונזער אויפטו איז נישט קיין ענין פון יחידים אָדער קליינע גרופּן, נאָר עס איז דאָס באַפרייאונגס-ווערק פון די ברייטעסטע פאָלקס-מאַסן און נאָר מיט דעם כוח און ביי דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון דידאָזיקע ברייטע מאַסן קאָן אונזער ווערק דערפאָלגרייך געבויט ווערן. עס האַנדלט זיך נישט וועגן הילף פאַרן יידישן אַרבעטער אין א״י. ווייל נישט וועגן הילף ווענדעט זיך דער יידישער אַרבעטער אין א״י צו זיינע פאַרבינדעטע אין חוץ-לארץ. הילף וועט דער יידישער אַרבעטער אין א״י אָפּוואַרפן. עס האַנדלט זיך וועגן מיטבאַטייליקונג אין אַ בשותפותדיקער זאַך, אין דעם אַרבעטער-אויפטו אין א״י, וואָס איז אַ בשותפותדיקער קנין פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל און זיינע פאַרבינדעטע אין חוץ-לארץ. אונזערע אינסטיטוציעס אין לאַנד בויען מיר קיינמאָל נישט נאָר פאַר זיך אַליין, פאַר דעם אַרבעטער-קבוץ, וואָס איז שוין היינט אין לאַנד. ביים בויען אונזערע איינריכטונגען האָבן מיר תמיד אין זינען די מאַסן אין חוץ-לארץ, וועלכע גאַרן צו קומען אין לאַנד אַריין און וועלכע דאַרפן מאָרגן איבערמאָרגן נהנה זיין פון אונזערע איינריכטונגען אין לאַנד. דערין ליגט די שותפותדיקייט פון אונזער געמיינזאַמען ווערק. און קלאָר, אַז דידאָזיקע שותפותדיקייט איז אויך מחייב צו אַ שותפותדיקן טראָגן דעם עול.

נאָך מיט יאָרן צוריק האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער טעטיקייט אין חוץ-לארץ. פיל אויפמערקזאַמקייט האָבן מיר געלייגט ביי דערדאָזיקער אַרבעט אויף דער יוגנט. און מיר קאָנען מיט צופרידנקייט קאָנסטאַנטירן, אַז אונזער אַרבעט און אונזער רוף האָט געפונען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג. די אַרבעטערשאַפט אין א״י האָט היינט צו טאָג פיל צענדליקער טויזנטער אָנהענגער אין דער גאָרער וועלט. אונזער היינטיקער קאָנגרעס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך דידאָזיקע אַלע סימפּאַטיעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרן. און מיר דאַרפן דידאָזיקע סימפּאַטיעס פאַרוואַנדלען אין אַ ברכות-ברענגנדיקן כוח. מיר דאַרפן שאַפן אַ געשלאָסענע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, וועלכע זאָל אויפנעמען דידאָזיקע כוחות. וואָס פילן זיך פאַרבונדן מיטן יידישן אַרבעטער אין ארץ-ישראל, און זיי דערציען צו אַקטיווער מיטאַרבעט — מיט איין וואָרט, מיר דאַרפן שאַפן די וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.

ווער זאָל זיך באַטייליקן אין דער ליגע און ווי זאָל זי געבויט ווערן? פאַראַן צוויי אויפפאַסונגען וועגן דעם, ווער עס זאָל זיך באַטייליקן אין דער ליגע. שוין אין דער אַלגעמיינער גענעראַל-דעבאַטע זענען דידאָזיקע ביידע אויפפאַסונגען דיסקוטירט געוואָרן און איך קאָן מיך דעריבער איצט באַנוגענען נאָר מיט עלעכע ווערטער. מיר האַלטן פאַר פאַלש די מיינונג, אַז די

ליגע דאַרף געבויט ווערן אויף דעמזעלבן באַזיס, ווי די הסתדרות אין א״י, דאָס מיינט, אַז נאָר אַרבעטער בפועל זאָלן קאָנען זיין מיטגלידער אין דער ליגע. קיין שום סאָציאַליסטישע אָדער אפילו קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין חוץ-לארץ האָט נאָך נישט אַדורכגעפירט דעמדאָזיקן פּרינציפּ און עס איז מערק-ווירדיק, אַז דווקא צו אונז קומט מען מיט אַזעלכע פאָרשלאַגן. גראָד ביי די יידישע מאַסן אין חוץ-לארץ, וואָס וועגן זייער שטרעבן צו אַרבעט גייט דאָך אונזער קאַמף, איז דערדאָזיקער פּרינציפּ אַמווייניקסטן צוגעפּאַסט און ריכטיק. אוודאי דאַרף זיין אַ געוויסע באַגרעניצונג, אָבער נאָר אַן אידעאָלאָגישע. מיר קאָנען קיין אַנדערע מחיצה נישט אויפשטעלן. אין דער ליגע קאָ-נען זיין מיטגלידער אַלע די-יעניקע, וואָס אָנער-קענען די פּרינציפּן פונם אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל.

איצט וועגן דעם בוי פון דער ליגע: מיר האַלטן, אַז די ליגע מוז גע-בויט ווערן לויט דעם פּרינציפּ פון פערזענלעכער מיטגלידערשאַפט. אויף אַן אַנדערן אופן וועלן מיר נישט שאַפן קיין פעסטן זעלבסטשטענדיקן כוח, און מיר שטרעבן דאָך דערצו, אַז די ליגע זאָל ווערן אַ זעלבסטשטענדיקע קראַפט. דער חבר טאָר נישט זיין פאַרבונדן מיט דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע פירט די פּראַקטישע אַרבעט פאַר א״י, ערשט דורך זיין פּאַרטיי אָדער יוגנט-אָרגאַני-זאַציע. ער מוז זיין מיט איר דירעקט, אוממיטלבאַר, פאַרבונדן. נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן מיר שאַפן די מאַסן-פאַראינטערעסירטקייט, די אַקטיווע די-רעקטע מיטבאַטייליקונג פון גאַנץ ברייטע מאַסן אין דער אַרבעט. דערדאָזי-קער פּרינציפּ מוז אָנגעווענדעט ווערן אין אַלע לענדער. מיר ווייסן גוט, אַז עס זענען פאַראַן דערביי פיל שוועריקייטן. בפרט אין צפון-אַמעריקע, וואו צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער זענען פאַרבונדן מיט אונזער א״י-אויפבוי דורך זייערע פּראָפעסיאָנעלע יוניאָנס. אָבער אויך אין אַמעריקע מוז מען לאַנגזאַם אָנהייבן צו ענדערן דעם אָרגאַניזאַציע-פּרינציפּ און איבערגיין צו פערזענלעכער מיטגלידערשאַפט. מיר האַלטן עס פאַר ריכטיקער און צוועקמעסיקער.

די אויפגאַבע פון דער ליגע וועט זיין צו ברענגען דער יידישער גאַס אין חוץ-לארץ דעם אמת וועגן אַרבעטער אין ארץ-ישראל, וועגן זיין אויפבוי און דעם אמת וועגן ארץ-ישראל-ווערק בכלל. אין פלוג קאָן אויסקומען דידאָ-זיקע אויפגאַבע נישט וויכטיק, אומבאַדייטנד. ווער עס האָט אָבער אויפמערק-זאַם פאַרפאָלגט, וואָס עס טוט זיך אין די לעצטע יאָרן אין דער ציוניסטישער וועלט, וואָסאַראַ פאַלשע פאָרשטעלונגען עס האָבן די יידישע מאַסן אין חוץ-לארץ באַקומען וועגן דעם, וואָס אין ארץ-ישראל קומט פאָר, און בפרט וועגן דעם, וואָס עס טוען און שאַפן די אַרבעטער, אַ דאַנק דער אומריכטיקער באַציאונג פון מאַנכע אַלגעמיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און זייער פּרעסע, דער וועט פאַרשטיין ווי דרינגענד וויכטיק און באַדייטונגספול עס איז דידאָזיקע אויפגאַבע. די גאַנצע ירידה פון דער אַלגעמיין-ציוניסטישער באַוועגונג אין מאַנכע לענדער קומט דאָך נאָר דערפון, וואָס דער ציוניסטישער עולם איז

יאַרנלאַנג געשפּייזט געוואָרן מיט פאַלשע ידיעות און פאָרשטעלונגען וועגן דעם וואָס אין א״י קומט פאָר, מיט גאַל און שנאה צום אַרבעטער און זיינע לייסטונגען. דער פאָרשריט אין א״י האָט נישט געפונען קיין שום אָפּקלאַנג אין דער אַלגעמיין ציונ. פּרעסע, דאָרט איז נאָר געוועזן פּלאַץ פאַר סענסאַציע און מחלוקתן. מיר מוזן דעריבער טראָגן אין דער יידישער גאַס די בשורה פון דעם זיך בויענדן ארץ־ישראל, פון אַלע שוועריקייטן און שטרויכלונגען, אָבער אויך וועגן די נצחונות און פאָרשריטן. מיר קעמפן פאַר דער מאָראַלי־שער און פּאָליטישער מיטבאַטייליקונג פון די ברייטעסטע יידישע מאַסן אין אונזער אַרבעט.

מיר ווילן נישט, אַז די חברים אין דער ליגע זאָלן סתם דאַרפן זאָגן אָמן אויף אַלעמען, וואָס עס טוט און שאַפט די הסתדרות אין א״י. אין דער ליגע וועלן די חברים דאַרפן לערנען, וואָס עס איז אַזוינס די א״י־ווירקלעכ־קייט. אויפן סמך דערפון פירן דעם וויכוח אַרום אַלע געשעענישן אין לאַנד און פון דער הסתדרות־טעטיקייט. מיר ווילן נישט קיין אַרמיי פון בלינדע אָנ־הענגער. מיר דאַרפן באַוואוסטזיניקע קעמפער, וועלכע קענען אונזער ווערק און ווייסן פאַר וועלכע צילן זיי קעמפן. דאָס איז די צווייטע וויכטיקע אויפ־גאַבע פון דער ליגע, הגם געווענדעט מער כלפּי־פּנים. אָבער בשום אופן נישט ווייניקער וויכטיק.

די דריטע אויפגאַבע פון דער ליגע איז די פינאַנסיעלע מיטבאַטייליקונג אין דעם זעלבסטשטענדיקן ווערק פון די אַרבעטער אין א״י. מיר וועלן איצט נישט באַגרינדן די נייטיקייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער, ווירטשאַפטלעכער, קול־טורעלער, סאָציאַלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט פון דער אַרבעטער־שאַפט. וועגן דערדאָזיקער פראַגע איז ביי אונז שוין אַ סך גערעדט און גע־שריבן געוואָרן און היינט זענען אין אונזערע שורות נישטאָ מער קיין ספקות, אַז אַזאַ זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט איז אומבאַדינגט נייטיק. עס איז קלאָר, אַז דידאָזיקע פּראַקטישע טעטיקייט איז דער כּוח, וועלכער צעמענטירט די ליגעס, אָן אַזאַ פּראַקטישער טעטיקייט וועלן די ליגעס נישט קאָנען עקזיס־טירן און זיך אַנטוויקלען. די פינאַנסיעלע טעטיקייט דאַרף זיין אַ פּערמאַ־נענטע, דורך אַ רעגלמעסיקן מיטגליד־אָפּצאָל פון אַלע מיטגלידער פון דער ליגע און דורך איינמאָליקע גרעסערע זאַמלונגען.

ביי דעם איצטיקן קאָנגרעס האָבן מיר נאָך נישט געהאַט קיין גענוגנדן יסוד פאַר דער וואַל־באַטייליקונג פון אונזער מחנה און דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן דעם סיסטעם פון קאָנגרעס־קאַרטן. אין דער צוקונפט וועלן מיר דאַרפן איינפירן, אַז וואַל־באַרעכטיקט איז ביי אונז נאָר דער, וואָס האָט גע־געבן זיין צושטייער פאַרן פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד, אָדער פאַרן געווערק־שאַפטן־קאַמפּיין אין צפון־אַמעריקע. דער מינימום פון דעם שטייער, וועלכן יעדער חבר מוז צאָלן יערלעך, דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו אַ טאָג־פאַרדינסט אין יעדעם געגעבענעם לאַנד. דער בוי פון דער וועלט־ליגע דאַרף זיין בערך פאָלגנדער: אין יעדער שטאָט אַן אָפּטיילונג, געבויט אויף דער פּערזענלעכער מיטגלידערשאַפט פון יעדן יחיד. די אָרטיקע אָפּטיילונגען דעלעגירן די פאַר־

שטייער צום לאַנד־צוזאַמענפאָר אויפן סמך פון אַלגעמיינע וואַלן. דער לאַנד־צוזאַמענפאָר קלייבט אַ לאַנד־ראַט און אַ צענטראַל־קאָמיטעט. דער וועלט־קאָנגרעס איז די העכסטע אינסטאַנץ פון דער באַוועגונג, ער קומט זיך צונויף אַלע 3 יאָר. אין דער צייט צווישן איין קאָנגרעס און דעם צווייטן קומט זיך צונויף דער הויפט־ראַט פון דער וועלט־ליגע, וועלכער איז צונויפגעשטעלט צום טייל פון שטענדיקע מיטגלידער, וואָס דער קאָנגרעס קלייבט אויס, און צום טייל פון פאָרשטייער, וועלכע די לענדער דעלעגירן צו יעדער זיצונג. דער קאָנגרעס קלייבט אויך אויס די עקזעקוטיווע, וועלכע דאַרף באַשטיין צו 50 פראָצ. פון פאָרשטייער פון דער וועלט־ליגע און 50 פראָצ. פאָרשטייער פון דער הסתדרות.

עס איז אויך פאַראַן די פראַגע וועגן די באַציאונגען צווישן דער ליגע און דער הסתדרות אין א״י. איך האָב דעם איינדרוק, אַז די פראַגע איז פון מאַנכע חברים קינסטלעך אַרויסגערופן געוואָרן. איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז היינט און אין די נעכסטע יאָרן קאָנען זיין געוויסע עיקרדיקע חלוקי־דעות וועגן דעם וועג פון אונזער אַרבעט אין ארץ־ישראל, צווישן דעם גאָר גרויסן רוב פון דער באַוועגונג אין חוץ־לארץ און צווישן דעם גאָר גרויסן רוב פון דער הסתדרות. פונדעסטוועגן וויל איך קלאָר דערקלערן, אַז די אַרבעטער אין א״י וועלן קיינמאָל נישט מסכים זיין, אַז די ליגעס זאָלן אָננעמען אַ כאַראַקטער פון אפּוטרופּסות איבער דער הסתדרות. איך ווייס גוט, אַז די גרויסע מערהייט פונעם קאָנגרעס וואַרפט אָפּ אַזאַ געדאַנק, אָבער איך האַלט עס פונדעסטוועגן פאַר גוט, קלאָר און דייטלעך אַוועקצושטעלן די זאַך. פאַרשטייט זיך, אַז די ליגעס דאַרפן זיין אַ זעלבסטשטענדיקער כוח און דער הויפט־ראַט פון דער ליגע אַ זעלבסטשטענדיקע אינסטאַנץ, אין וועלכער די הסתדרות באַטייליקט זיך אַלס איינער פון די אָנטיילנעמער.

דער אָרגאַניזאַציאָנעלער שווער־פּונקט פון דער וועלט־ליגע דאַרף זיין פאַרבונדן מיט אונזערווירקלעכקייט אין חוץ־לארץ, און בפרט אין אייראָפּע. אָבער קלאָר, אַז די עיקרדיקע שטויס־קראַפט פון דער וועלט־ליגע איז די הסתדרות אין ארץ־ישראל. מיט דער הסתדרות מוז די וועלט־ליגע זיין אין אַ גאָר ענגן שטענדיקן קאָנטאַקט. די הויפּט־לייטונג פון דער וועלט־ליגע דאַרף דעריבער זיין אין ארץ־ישראל און אין אייראָפּע זאָל זיין אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פון דער הויפּט־לייטונג. טראָץ די פיל אויפגאַבן, וועלכע מיר מוזן אין ארץ־ישראל דערפילן, וועלן מיר נעמען אויף זיך אויך די־דאָזיקע אַרבעט און מיר וועלן מוזן זאָרגן דערפאַר, אַז זי זאָל אַדורכגעפירט ווערן.

מיר מוזן פאַרשטאַרקן אונזער כוח, מיר מוזן פעסטיקן אונזער ווערק, מיר מוזן מאָביליזירן אונזער גאַנצע מחנה צו אַ פּערמאַנענטער טאַט. פון דעם קאָנגרעס מוז אַרויס דער לאָזונג, אַז די מיטגלידערשאַפט פון דער וועלט־ליגע זאָל אינגיכן דערגרייכן לכל הפחות די העלפט פון יענער צאָל, וועלכע עס רעפּרעזענטירט אונזער היינטיקער קאָנגרעס. מיר מוזן נעמען אויף זיך אַ גרויסע קאָנקרעטע אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. אונזער קאָנגרעס מוז מאָבילי־

זירן אַלע כּוחות פון אונזער מחנה צו דער ממשותדיקער טאַט אין און פאַר דעם אַרבעטנדן ארץ־ישראל (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן).

עס רעפעריט דאָן ח״

ח. לאצקי־בערטאָלדי א. ד. ט.

## דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום און דאָס אַרבעטנדע א״י

געערטע פריינט! איך פאַרשטיי מיין טעמע, אויף וועלכע איך באַדאַרף דאָ רעדן, אויף פאָלגנדן אופן: ווי קומט אַ ייד פון מזרח־אייראָפּע צו די אויפגאַבן פון אויפבויען א״י? ווי קומט אַ ייד פון מזרח־אייראָפּע צו די ליגעס פאַרן אַרבעטנדן א״י, וואָס דאַרפן צוזאַמענקלייבן און אָרגאַניזירן די פריינט פונם אַרבעטנדן א״י?

מען קאָן כּמעט זאָגן, אַז בדרך כּלל שטאַמט די נייע באַוועגונג פון אַרבעטנדיקן א״י פון מזרח־אייראָפּע. מזרח־אייראָפּע האָט די העגעמאָניע בנוגע די רעזערוואוּאַרן, וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך די נייע אַרבעטס־באַוועגונג פאַר און אין א״י.

פון יאָר 1914 אָן האָבן זיך טייכן בלוט געגאָסן אין דער וועלט און טייכן יידיש־בלוט אין מזרח־אייראָפּע. האָט אויף דעם די יידישע יוגנט גע־ענטפערט אויף איר אופן. פון די חבלי־משיח איז אויסגעוואַקסן אַ משיח־באַוועגונג. אַ טייל פון דער יוגנט איז אַוועקגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער רויטער רוסישער אַרמיי אין די וועגן פון באָלשעוויזם, אַ טייל זענען אויך מיט משיח־געדאַנקען געוואָרן חלוצים און אַוועק קיין א״י. אַ טייל האָט גע־נומען דעם וועג פון רוסישן קאָמוניזם און אַ טייל איז אַוועק אין די קבוצות, צום סאָציאַליסטישן ציוניזם. אָט אַזוי האָט געזוכט, געליטן און געקעמפט די יידישע יוגנט פון מזרח־אייראָפּע. וואָס פאַר אַ וועג איז דאָס געווען? איז דאָס געווען אַ בלאָנדזשען און פאַרבלאָנדזשען?

איר וועט מיר מוחל זיין, ווען איך וועל דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער פון התנצלות „פּראָ דאָמאָ סואַ״. ווען איך רעד דאָ איצט צווישן אייך, איז דאָ פאַר מיר מיין אַלט־נייע סביבה, און איך שטעל מיינע טריט אויף אַן אַלט־נייעם באָדן. איך בין געווען אַמאָל נענטער צו אייך, און איצט, נאָך אַ לאַנגן אייגענעם וועג, קער איך מיך אום צוריק צו אייך. איך קער מיך צוריק צו מיין ערשטער ליבע. אָבער איך קער מיך אום אויף אַן אַנדערער מדרגה און מיט אַביסל אַן אַנדערן נוסח.

נישט אומזיסט בין איך אַוועק פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם, וואָס א״י געווען די ליבע פון מיין יוגנט און וואו איך האָב געהאָלפן צוזאַמען מיט אייך שאַפן דעם אַרסענאַל, דעם אוצר פון אידעען און געדאַנקען, וואָס באַ־גייסטערט אייך נאָך ביז אויפן היינטיקן טאָג. איך בין געווען מאַקסימאַליס־טיש און ווייל מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער ציוניזם באַפרידיקט נישט מיינע מאַקסימאַליסטישע פאָדערונגען, האָב איך געזוכט אַנדערע וועגן פאַר אַ

יידישן וועג. איך האָב געזוכט ראַדיקאַלע וועגן, נישט ווייל איך בין אָפּגע-טרעטן פון מיין גאָט, נאָר ווייל מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די ציוני-ציון זענען פון אים אָפּגעטרעטן.

ווען איך קער מיך איצט אום צוריק, קער איך צוריק צו אייך מיט מיין דערפאַרונג, נישט אַלס מיטגליד פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס עקזיסטירט איצט, נאָר מיט מיינע אייגענע וועגן און אייגענע תשובות, וואָס איך האָב געפונען פאַר די פּראָבלעמען, וואָס איך האָב מיר געשטעלט.

און איך גלייב, אַז די ליגע איז אַ גענוג פרייע אָרגאַניזאַציע, וואָס קאָן מתיר זיין יעדן, נישט צווינגענדיק אים זיך אַוועקצושטעלן אין פּאַרטיי-רייען, צו קומען צו איר אַלס פּריוואַט פון אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל.

ווען איך בין געגאַנגען זוכן מיין מאַקסימאַליסטישן ציוניזם אין אוגאַנ-דאַ, אַנגאָלאַ, קירענאַאיקאַ, איז דאָס פאָלק מיט מיר נישט מיטגעגאַנגען. נאָך אַ חשבון-הנפש מיט מיין התבודדות האָב איך זיך אומגעקערט צום פאָלק, און אויפן וועג צום פאָלק האָב איך ווידעראַמאָל געפונען ציון. יאָ, איך וויל אייך זאָגן: איך קום צו אייך איצט מיט מער אָפּגעהיטקייט. איך וועל איצט מער מעסטן און מער וועגן. עס קאָן זיין, אַז שטייענדיק פּנים-אל-פּנים מיט דעם גרויסן פּלאַם-פייער, וואָס באַגייסטערט דאָס אַרבעטנדע ארץ-ישראל, וועט מיין שטאַנדפּונקט אייך אויסדוכטן קאַלט. אָבער איך קאָן געבן דער אַרבעט און א"י נאָר דאָס, וואָס איך פאַרמאָג אין מיין אייגענעם „איך".

איך האָב שוין געזען אַזוי פיל יאוש אין יידישן לעבן, אַז איך וואָלט נישט דערפילט מיין חוב, ווען איך וואָלט נישט געזאָגט אָפן: היט זיך פון דחיקת הקץ.

איינער פון אייערע פירער האָט אַמאָל ריכטיק געזאָגט — דער ציוניזם איז נישט קיין טראַנספּאָרט-אונטערנעמונג אויף אַריבערצופירן מיליאָנען יידן קיין א"י. פאָרויסזאָגן איצט דעם געדאַנק פון קבוץ גליות קאָן פאַרפירן צו פראַנקיזם, צו פאַלשער משיחיות. ראַדיקאַלע פאָרמולירונגען פירן אָפט אַוועק פון ציל, ווי אויך מיין מאַקסימאַליזם האָט מיך אַוועקגעפירט פון ציל. און זעען מיר דען נישט, אַז די, וואָס שטעלן זיך אַוועק אויפן אָרט פון משיח און זאָגן: אין לך דבר העומד בפני הרצון — אַלץ וועלן מיר טון און נאָר אַ יודנשטאַט מוזן מיר האָבן — אַז זיי גייען אַוועק פון דער פּראַקטישער ציוניסטישער אַרבעט? צי זענען זיי נישט די פאַלשע משיח"ס, וואָס זעען די שטערנס פון הימל און זיי דאַכט זיך, אַז די שטערן זענען נאָענט פון אונז און זאָגן אונז גרינג צו די שטערן פון הימל? צי פאַרטומלען זיי נישט דעם מוח מיט דער עבודה זרה פון דער מלוכה, וואָס זיי פאַרשפּרייטן צווישן די יידישע מאַסן?

די עלעמענטן פון שטאַאַטלעכקייט מוזן זיין אין יידישן פאָלק, אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע, אָן דעם איז זיך נישט צו דענקען די אַרבעט אין א"י. איך בין געווען בכל תפוצות ישראל: אין צפון-אַמעריקע, אין דרום-אַמעריקע (בראַזיליע, אַרגענטינע) און האָב געזען ווי דאָרט אַרבעטן יידן ערד און איך וועל

איך זאָגן: אָט ווײַל דאָרט פעלט דער נאַציאָנאַל־שטאַאַטלעכער עלעמענט און דער נאַציאָנאַלער צוגאַנג — האָט די אַרבעט נישט קיין ווערט און זי איז פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג. דאָרט פאַרקויפן די נישט־ייִדן אַ שטיקל ייִדישע ערד, וואָס פּיאָנערישע ייִדישע אַרבעט האָט זי קולטיווירט, איז גאָרנישט קיין פאַרברעכן, ווײַל מען איז נישט פאַרבונדן מיטן אידעאַל פון אויפלעבן דאָס ייִדישע פאָלק. דאָס אַרבעטן די ערד איז אין יענע לענדער אַ פּריוואַט־זאַך און מען קומט דאָרטן נישט מיט נאַציאָנאַלע אידעען. און דעריבער זאָג איך: די נאַציאָנאַלע שטאַאַטלעכקייט מוז אַרײַנגיין אין דער אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל. אָבער מיר זענען אין א״י נישט אַליין, דאָרט זענען דאָ אַראַבער און דעריבער מוזן מיר האָבן אין זינען, אַז די נאַציאָנאַלע שטאַאַטלעכקייט קאָן און טאָר נישט זײַן די, וועלכע עס פּראָקלאַמירן די רעוויזיאָניסטן און אפילו די מזרחיסטן. נישט מיר ווילן און נישט מיר טאָרן אַרויסוואַרפן די אַראַבער, ווײַל מיר ווילן זיך אַליין דאָרטן באַזעצן. מיר דאַרפן וויסן, אַז מיר האָבן צוויי נאַציעס אין ארץ־ישׂראל און די צוויי נאַציעס מוזן שאַפן די מלוכה. אַ בשותּפותדיקע מלוכה. וואָס דאַרף געבן די פּאָליטישע פּאַרטיי פאַר דער שעפערישער אַרבעט אין א״י. מיר טאָרן נישט לאָזן זיך פאַרפירן פון די לאָזונגען, וואָס עס פאַרשפּרייטן נאַציאָנאַלע עגאָאיסטן פון ביידע נאַציעס.

אַרויסגייענדיק פון מײַן שטאַנדפּונקט, וואָלט איך פאַרביטן דאָס וואָרט „ציוניזם", — ווי פּאָפּולער דאָס וואָרט זאָל נישט זײַן, צוליב אַ טראַדיציע פון אַ דרייסיק־יעריקער באַוועגונג — מיט דעם וואָרט „פּאַלעסטיניזם". פּאַלעסטיניזם הייסט פאַר מיר: טראַכטן וועגן דעם לאַנד ווי וועגן עפּעס גאַנצעס; טראַכטן וועגן איר ווירטשאַפט, וועגן איר אַנטוויקלונג, מיט איר גאַנצן קאָמפּלעקס פון פּראַגן, נישט ווי עס טראַכט זשאַבאָטינסקי און זײַנע חברים. לויט זייער מלוכה־אידעאַל וואָלטן זיי געמעגט זײַן אַנדערשוואו. ווי די אַמאָליקע טעריטאָריאַליסטן, זיי וואָלטן געקאָנט אויסקלײַבן אפילו בירא־בידזשאַן, ווען מען זאָל נאָר דאָרטן רעדן העברעאיש. ווען איך זאָג פּאַלעסטיניזם, מיין איך די שטאַאַטלעכקייט פון פּאַלעסטינע, אויפגעשטעלט בשותּפות פון ייִדן און אַראַבער. איך גלייב נישט, אַז ערגעץ אַנדערשוואו זאָלן ייִדן קאָנען אַנטוויקלען אַ נאַציאָנאַל־שטאַאַטלעכע קאָלאָניזאַטאָרישע ענערגיע ווי אין ארץ־ישׂראל.

מײַנע פרײַנט! איך קום פון אַ קליין לאַנד, פון דעם לאַנד, וואָס איז גרעסער פון בעלגיע און שווייץ, אָבער דאָך אַ קליין לאַנד. אין דאָזיקן לאַנד געניסן ייִדן נישט נאָר בירגערלעכע. נאָר אויך נאַציאָנאַלע רעכט. מיר האָבן דאָרט באַוואָרנט אויף אונזער נאַציאָנאַלע עמאַנסיפּאַציע. מיר האָבן דאָרט אַ שול־געזעץ, וואָס גיט אונז דאָס רעכט און די פינאַנסיעלע מעגלעכקייט צו לערנען אונזערע קינדער אין דער ייִדישער און העברעאישער למודים־שפּראַך. אונזערע שטאָט־פאַרוואַלטונגען גיבן אויס גרויסע סומען פאַר אונזערע סאָציאַלע און קולטורעלע הצטרכותן. דאָס ייִדישע טעאַטער באַקומט אַ סובסידיע פון 10 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. די שטאָט ריגע אַליין גיט אויס יערלעך 100

טויזנט דאָלאַר אויף יידישע באַדערפעבנישן. ווי איר זעט אַלזאָ, איז לעטלאַנד אַ מדינה, וואו יידן האָבן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע און וואו מען שטיצט אונז מיט אַ ברייטער האַנט. און דאָך מוזן מיר זאָגן: מיר האָבן די גלייכבאַרעכטיקונג איז דער קולטור, אָבער נישט אין דער פּרנסה. איר וועט אין גאַנץ לעטלאַנד נישט געפונען קיין איין יידישן בריוו־טרעגער און אַזאַ מין דערשיינונג, מען זאָל שרייבן אויף אַן אַדרעס בלויז דאָס וואָרט „פּאַלעסטינא״ מיט לאַטיינישן שריפט און דאָס איבעריקע אין העברעאיש „בשביל בעריל״, און מען זאָל דעם בריוו אָננעמען, קאָן ביי אונז נישט זיין, ווייל קיין איין פּאָסטטרעגער קאָן דאָס נישט איבערלייענען. מיר האָבן דאָרט נישט קיין יידישע אַרבעטער אין די רעגירונגס־אונטערנעמונגען; נישט קיין יידישע באַאַמטע. און פון דער אַנדערער זייט מישט זיך נאָך די רעגירונג אַריין אין דער ווירטשאַפט מיט אירע מאָנאָפּאָלן און פון אַלע מלוכהשע אונ־טערנעמונגען ווערן יידן אַרויסגעשטויסן. מיר האָבן די אייגענע דערשיינונג, וואָס די ציוניסטן־סאָציאַליסטן האָבן אַמאָל פאָרויסגעזאָגט וועגן דער יידי־שער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

און ווען מיר גייען אַריבער צו אַנדערע לענדער, ווי פּוילן און רוס־לאַנד, ווייסן מיר, אַ דאַנק די אַרבעטן פון יעקב לעשצינסקי און נ. גערגעל, אַז אומעטום קאָנען מיר קאָנסטאַטירן די עקאָנאָמישע אַרויסשטויסונג־און אי־זאָלירונגס־פּראָצעסן בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג. נישט אומזיסט האָט יעקב לעשצינסקי זיין טאַלענטפול בוך, וועגן יידישן לעבן אין רוסלאַנד, אַ נאָמען געגעבן „צווישן לעבן און טויט״... ווייל אָנהייבנדיק פון דער הוראַ־נאַציאָנאַליזאַציע אין די יאָרן פון מיליטערישן קאָמוניזם און פאַרענדיקנדיק מיט דער הוראַ־קאָלעקטיוויזאַציע פון דער לעצטער צייט, קאָנען מיר אין רוסלאַנד פאַרצייכנען מער חורבנות ווי אויפבוי־פּראָצעסן. די יידישע קאָלאָ־ניזאַציע אין רוסלאַנד איז אַ גרויסער אויפטו, און ווער עס פרייט זיך, אַז עס פאַלט דורך אַ ביראָ־בידזשאַן, למשל, איז אויך אַ שלעכטער ציוניסט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, מוז מען קוקן דיווירקלעכקייט אין די אויגן און זאָגן, אַז פאַרענטפערן דאָס גאַנצע פּראָבלעם קאָן מען דערמיט נישט. די ערד איז אויסגעשעפּט און די געזעצן פון דער עקאָנאָמיק גיבן נישט די מעגלעכקייט צו פאַרענטפערן דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דער יידישער דע־קלאַסירונג אין רוסלאַנד. דער אמת ליגט אויף דער אויבערפלאַך און דעריבער דאַרף מען זאָגן, אַז מיר קאָנען און טאָרן דעריבער נישט מוותר זיין אויף די גרויסע שעפערישע אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט אין א״י.

געווען אַ צייט, ווען מען האָט געקוקט אויף דער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל ווי אויף אַ קלייניקייט, וואָס מען האָט זי געקאָנט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. דידאָזיקע צייטן זענען פאַרביי, וואָרום די פאַקטן רעדן איצטער בענוגע הילכיק פאַר די יידישע אויפטוען אין ארץ־ישראל.

אין די לעצטע 10 יאָר, פון 1919 ביז 1929, האָבן קיין ארץ־ישראל איינגע־וואַנדערט 106.203 עמיגראַנטן, בעת אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך באַ־

זעצט 346.804 ד. ה., אַז פּאַלעסטינע האָט פאַרנומען כמעט אַ דריטהלק פון דעם גרעסטן יידישן וואַנדער־שטראָם, וואָס גייט קיין אַמעריקע. ווען עמע־צער וואָלט אַזאַ ציפער פּראָוויסגעזאָגט פאַר דער מלחמה, וואָלט מען אַזאַ פּאָרויסזאָגער געהאַלטן פאַר אַ בעל־חלומות.

און אַז מען שטעלט זיך אָפּ אויף דעם פאַקט, אַז ס׳איז מעגלעך געווען, אַז אין יאָר 1929 זאָלן אַריינוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע כמעט אַ העלפט פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אמעריקע (13.502), אַז די פּאַלעסטינישע איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע (5.500) און בראַזיל (6.000) האָט אַריבערגעשטיגן די איינוואַנדערונג קיין קאַנאַדע, אורוגוואַי, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע, קאָן מען איצטער שוין קוקן אויף פּאַלעסטינע פון אַן אומפּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט ווי אויף אַן אָנזעעוודיק יידיש איינוואַנדערונגס־לאַנד.

מען קומט מיט טענות און מען זאָגט אונז, אַז די איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע פאָדערט צוגרייטונג, הכנות און הכשרות, און אַז דידאָזיקע צו־גרייטונג פונם לאַנד קאָסט אָפּ דעם יידישן פאָלק גרויסע סומעס, וואָס ווערן צונויפגעקליבן פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן קרן־היסוד און קרן־קימת.

אויף דעם קאָן מען פאָלגנדעס ענטפערן: די יידישע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע איז צונויפגעבונדן מיט קאָלאָניזאַציע, און קאָלאָניזאַציע איז בכלל אַ טייערער ענין. ווער ווייסט, אויב מען וואָלט געקאָנט באַרעכענען וויפיל די אַרגענטינער יידישע קאָלאָניזאַציע האָט אָפּגעקאָסט, צי פּאַלעסטינע וואָלט זיך דאָ נישט געקאָנט אויסגלייכן. נאָר בכלל דאַרף מען וויסן, אַז איצטער מוז מען אומעטום פירן אַ קאָנסטרוקטיווע עמיגראַציע־פּאָליטיק, מען מוז אומעטום איינוואַנדערן ווי קאָלאָניזאַטאָרס, און אָן הכשרה און אָן קאָלאָניזאַציע וועט מען באַלד אין ערגעץ נישט קאָנען אַריינ־וואַנדערן. שוין איצטער זענען די טויערן פון דער גרעסטער צאָל איינ־וואַנדערונגס־לענדער כמעט אינגאַנצן פאַרמאַכט פאַר יידישע עמיגראַנטן, ווייל יידן זענען נישט קיין קאָלאָניזאַטאָרישער עלעמענט. אויב די יידישע עמיגראַציע וועט נישט ווערן קיין קאָלאָניזאַטאָרישע וועט זי זיך בכלל מוזן אָפּשטעלן.

נאָר דער חשבון פון טייערקייט פאַר דער פּאַלעסטינישער איינוואַנדע־רונג האָט אין זיך זייער אַן ערנסטן חסרון. אין אַלע איינוואַנדערונגס־לענ־דער שפּילט די קרובים־הילף זייער אַ גרויסע ראָלע. מיליאָנען דאָלאַרן שיקן די אַמעריקאַנער אַריבער אין דער אייראָפּעאישער היים אָפּט אויף קצבה, אויף אויסצוהאַלטן זייערע קרובים, און אויף זיי אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע. פאַר פּאַלעסטינע פאַרבייטן די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן פון קרן־היסוד און קרן־קימת דידאָזיקע גאָרנישט וואָלוועלע קרובים־הילף אין אונזער פאָלקס־בודזשעט. און קיינער וועט נישט לייקענען, אַז די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן אין פּאַלעסטי־נע זענען געווען אַ סך און אַ סך פּראָדוקטיווער און קאָנסטרוקטיווער איידער די צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן אַריבערגעשיקט צו זייערע קרובים אין אייראָפּע.

פון שטאַנדפּונקט פון אַ פּשוטן פאָלקס־ווירטשאַפטלעכן חשבון אפילו איז דעריבער דער אויפבוי פון ארץ־ישראל קאָנסטרוקטיוו און צוועקמעסיק, און ער דאַרף פאַרנעמען זיין חשובן אָרט אין סאָציאַל־פּאָליטישן בודזשעט פון אַלוועלטלעכן יידנטום.

אַרויסגערופן פון דער יידישער נויט בכלל, און בפרט פון דער יידישער לאַגע אין מזרח־אייראָפּע, פאַרנעמט דער אויפבוי פון ארץ־ישראל וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסער אָרט אין יידישן לעבן. נישט קיין קאַפּריז פון קיין פּאַרטיי, נישט קיין חלום און דמיון פון אַ באַוועגונג, דער אויפבוי פון ארץ־ישראל איז ביי היינטיקע צייטן אַ ממשותדיקע אויפגאַבע פון דער יידישער עמיגראַציע־פּאָליטיק, פון דער יידישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפבוי־אַרבעט. מאָבליזירן די כוחות אָן קיין שום פּאַרטייאישקייט אַרום דער קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט אין ארץ־ישראל, דאָס איז די אויפגאַבע פון די ליגעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. דאָס איז דער פּראָגראַם, מיט וועלכן מיר קאָנען אַרויסטרעטן פאַר דער גאַנצער יידישער עפנטלעכקייט אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי.

איך גלייב נישט, אַז דער איצטיקער קאָנגרעס האָט שוין געפונען די אָרגאַניזאַציע־פאָרמען און די טאַקטישע פּרינציפּן פאַר אַזאַ מאָבליזירונג, אָבער מיר גייען אויף דעם וועג, אויף דעם וועג צו אָרגאַניזירן די יידישע מאַסן אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי אין דער אַרבעטס־באַוועגונג פאַר און אין א״י (שטאַרקע לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

נ. בוקסבוים (לינקע פּועלי־ציון — פּוילן):

פרעגט דעם פּרעזידיום אויב עס איז דערלאָזבאַר, אַז אין די רעפעראַטן זאָלן באַריהרט ווערן פראַגן, וועלכע זענען נישט געשטאַנען אויפן סדר־היום און וועגן וועלכע פאַרשידענע פראַקציעס האָבן אַ פאַרשידענע באַציאונג, ווי למשל, די פאַרהעלטענישן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וועגן וואָס ה׳ לאַצקי־בערטאָלדי האָט גערעדט אין זיין רעפעראַט.

י. שפּרינצאַק (פּאָרזיצער):

דער רעפערענט האָט גערעדט וועגן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום און האָט דערביי געמוזט באַריהרן אויך די פאַרהעלטענישן אין רוסלאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע חברים מוזן מסכים זיין מיט אַלעמען, וואָס דער רעפערענט האָט געזאָגט.

**א. העמלין** (צפון-אַמעריקאַנער דעלעגאַציע):

## דער אויפטו פונם געווערקשאַפטן-קאַמפיין.

איך מוז קודם-כל באַדויערן, וואָס די פראַגן וועגן אָרגאַניזאַציע און וועגן דער ווייטערער פּראַקטישער טעטיקייט פאַרן אַרבעטנדן א"י זענען אַרויפגעקומען אויפן סדר-היום אַזוי שפּעט. די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט פאַרשטאַנען, אַז אויסער אונזער דעמאָנסטראַציע כלפּי חוץ, האָבן מיר אויך גאָר וויכטיקע אויפגאַבן כלפּי פנים. דער קאָנגרעס איז באַרופן צו באַשאַפן אַן אָרגאַניזירטן כוח פון דעם יידישן אַרבעטער און פאָלקס-מענטש, וועלכער זאָל שטיין אַרום דער הסתדרות אין א"י, שטיצן איר אויפבוי-ווערק און באַפעסטיקן איר כוח.

דעם פּרוּוו האָבן מיר געמאַכט אין צפון-אַמעריקע, און ער איז אונז אין אַ גרויסער מאָס געלונגען. דורך אומדערמידלעכער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט, וועלכע איז צענדליקער יאָרן געפירט געוואָרן פון דער פּועלי-ציון-פּאַרטיי; דורך די העראָאישע דערגרייכונגען פון דער הסתדרות במשך פון די פאַרגאַנגענע 10 יאָר אין א"י; דורך דער איניציאַטיוו פון די פאַראייניקטע געווערקשאַפטן אונטער דער פירערשאַפט פון אומפאַרגעסלעכן מאַקס פיין, איז אונזער שטים ענדלעך דערהערט געוואָרן פון די ברייטע אַרבעטער-מאַסן, און פון דאַן גייט אונזער אַרבעט פאָרויס, געווינענדיק אַלץ אַ גרעסטערן אָנזעען און ממשותדיקע רעזולטאַטן.

מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער ערשטע אַקציע אין יאָר 1924 שאַפנדיק 51.000 דאָלאַר און מיר האָבן געשלאָסן אונזער קאַמפּיין אין לעצטן יאָר מיט אַ סך הכל פון 169.000 דאָלאַר — מערער ווי דריי מאָל אַזוי פיל. אין דעם ערשטן קאַמפּיין האָבן מיר געציילט אַרום 8.000 ביישטייערער, איצט קרוב צו 35.000; צו אונזער ערשטן צוזאַמענפאָר זענען געקומען — עטלעכע הונדערט דעלעגאַטן, צום לעצטן פינפטן צוזאַמענפאָר — איבער 700 פאַרטרעטער, רעפּרעזענטירנדיק קרוב צו אַ פערטל מיליאָן יידישע אַרבעטער, אין וועמענס נאָמען מיר קומען צום איצטיקן קאָנגרעס.

מיר האָבן פון ערשטן טאָג אָן אַוועקגעשטעלט אונזער אַרבעט אויף דער ליניע פון אַ ברייטער פאָלקס-באַוועגונג, געפירט און געלייטעט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער-באַוועגונג פון אַמעריקע. אונזער פּאָליטיק פון ערשטן מאָמענט אָן איז געווען, פולער צוטרוי צו דער הסתדרות. נישט קיין אפּוטרופּסות איבער דער ארץ-ישראל-אַרבעטערשאַפט, נישט קיין אַריינמישונג אין איר אינערלעכן קולטור-לעבן. מיר האָבן אַרויסגערוקט אין פראָנט די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט, וועלכע פאַראייניקט אַלע פּאַרטייען און שיכטן און מיר האָבן געזוכט צו באַזייטיקן יענע ענינים, וועלכע קאָנען אַריינברענגען צעריסנקייט און צעשפּליטערונג אין אונזער מחנה. דערמיט איז אין אַ גרויסער מאָס צו דערקלערן דעם פּראָגרעס און די פּראָדוקטיוויטעט פון אונזער אַרבעט אין אַמעריקע.

מיר זענען מסכּים צו דער שאַפֿונג פֿון אַ וועלט-ליגע פֿאַרן אַרבעטנדן א״י, ווייל מיר זענען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין אַ פֿאַרייניקטן גרעסערן כּוח פֿאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל אין דער גאַרער וועלט. די וועלט-ליגע וועט מוזן אָנפֿירן אַ ברייטע, סיסטעמאַטישע אויפֿקלערונגס-אַרבעט אין אַלע וועלט-טיילן. זי וועט מוזן געווינען פֿריינט אין דער נישט-יידישער אַרבעטער-וועלט, און באַשאַפֿן גרעסערע פֿינאַנס-מיטלען אויף צו באַפֿעסטיקן אונזערע אַרבעטער-ווירטשאַפֿטן, אַנטוויקלען נייע און פֿאַרנעמען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דעם אויפֿבוי פֿון דער נייער אַרבעטער-געזעלשאַפֿט אין ארץ-ישראל.

מיר ווילן נאָטירלעך באַטראַכטן אין אַמעריקע די פֿאָרשלאַגן וועגן דער אָרגאַניזאַציע-פֿאָרם פֿון דער ליגע, און מיר ווילן דערויף ווידמען אונזער ערנסטע אויפֿמערקזאַמקייט. עס דאַרף אָבער גענומען ווערן אין אַכט, אַז ביי אונז אין אַמעריקע זענען אויסער די אינדיווידועלע ביישטייערער אויך די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען און די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. וועלכע האָבן ביז צו הערצו אונז געגעבן זייער גרויסע מיטהילף, אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר, וועלכע דאַרפֿן געפֿינען זייער פּלאַץ אין דער ליגע אַלס קאָלעקטיווע גרופּן. די ליגע מוז, אַלזאָ, אויסגעבויט ווערן ביי אונז, סיי פֿון איינצעלנע ביישטייערער און סיי פֿון אָרגאַניזאַציעס. אויף אַזאַ אופֿן וועט אַמעריקע קאָנען בייטראָגן איר פֿולן חלק אין דער אַרבעט. וועלכע דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס נעמט איצט אונטער.

אונזער אַמעריקאַנישע דעלעגאַציע קומט איצט פֿון א״י, און מיר האָבן געזען, אַז ווי וויכטיק עס זאָלן נישט זיין די פּאָליטישע פּראָבלעמען, פֿאַרנעמט אָבער דאָרטן דעם ערשטן און בכּבֿודיקן פּלאַץ ווירטשאַפֿטס-און אויפֿבוי-אַרבעט. וואָס מער פּאָזיציעס דער יידישער אַרבעטער נעמט איין, סיי אין שטאָט און סיי אין דאָרף, אַלץ גרעסער איז די זיכערקייט פֿאַר אונזער קעגנוואַרט און פֿאַר אונזער צוקונפֿט. יעדע נייע אינסטיטוציע, וואָס ווערט געשאַפֿן, יעדער פּונקט, וואָס קומט צו, איז נאָך אַ שריט פֿאָרויס אויף דעם וועג צו אונזער באַפֿרייאונגס-ציל און צו אונזער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער עמאַנסיפּאַציע. אין די זעלביקע ראַמען פֿון ממשותדיקן שאַפֿן און קאָנסטרוקטיוון אויפֿבוי, מוז ווערן געריכטעט די ווייטערע טעטיקייט און אַרבעט פֿון דער וועלט-ליגע.

אַלע קערפּערשאַפֿטן און לענדער, וועלכע גייען אַריין אין דער ליגע, מוזן אויסער זייער רעכט אויך האָבן באַשטימטע פֿליכטן. מיר זענען דאָ געקומען זיך ערנסט דורכרעדן און דיסקוטירן וועגן אונזערע פּראָבלעמען, אָבער נאָך דעם ווי די דיסקוסיע איז פֿאַרענדיקט, מוז קומען צום אויסדרוק אַ פֿאַרייניקטער פּראָנט פֿון די אַלע, וועלכע שטייען מיט און אַרום דער הסתדרות. אַ פּראָנט פֿון קאָנצענטרירטער אַרבעט און פֿון פּאָזיטיווע שאַפֿונגען, דאָס איז, וואָס דער איצטיקער מאָמענט איז אונז מחייב. דער רעזולטאַט פֿון אונזער קאָנגרעס מוז זיין נישט נאָר אונזער דעמאָנסטראַציע פֿאַר דער אויסערער וועלט, וואָס דאָס איז שוין באַוויזן געוואָרן, נאָר אויך אַן אינערלעכע קאָנסאָ-

לידירונג און די שאַפונג פון אַ דיסציפּלינירטע, אחריותפולע און פאַרייניקטע מחנה, גרייט צו שטאַרקערע און צו נאָך גרעסערע מעשים (אַפּלאָדיסמענטן).

אריה קובאוויצקי (התאחדות — בעלגיע):

## וואָס דאַרף זיין די ליגע אין מערב-אייראָפּע

איך רעד אין נאָמען פון אַ לאַנדס־מאַנשאַפט, וועלכע האָט אין משך פון די לעצטע זעקס־זיבן יאָר געמאַכט אַן ערנסטע אָנשטרענגונג, כדי צו דערפילן איר חוב לגבי דעם אַרבעטנדיקן א״י. זי האָט געפירט איר טעטיקייט אונטער פאַרשידענע פירמעס: קאָמיטעט פאַר דער אַרבעטער-באַנק, פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיוון-אויסשטעלונג אין גענף, פאַר „סולל-בונה", קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן א״י, ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י און זי קאָן זיין צופרידן מיט די רעזולטאַטן, וועלכע זי האָט דערגרייכט. איך גלייב, אַז בעלגיע שטייט אין דער שפּיץ פון די מערב-אייראָפּעאישע לענדער, ווען עס גייט וועגן איר פינאַנסיעלן אָנטייל אין די הכנסות פון די הסתדרות-אינסטיטוציעס ביז איצט, און אויפן צווייטן אָרט אין דעם בודזשעט. וואָס איז דאָ אויסגעאַרבעט געוואָרן. איך דערמאָן דאָס, נישט כדי מקיים צו זיין דעם פּסוק — רימט דיך נישט קיין פרעמדער, טאָ טו עס אַליין, נאָר כדי עס זאָל זיין קלאָר, אַז דעם קרייז מענטשן, וועלכער האָט מיך אַהערגעשיקט, איז דאָס אַרבעטנדיקע א״י זייער נאָענט און טייער.

מיר האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דעמדאָזיקן קאָנגרעס. זיין איבער-איילטע צונויפרופונג, די מעטאָדן לויט וועלכע ער איז געוואָרן צוזאַמענגע-שטעלט, די צילן וועלכע זענען אים געוואָרן פאָרגעלייגט, דער כאַראַקטער פון דער געפירטער פּראָפּאַגאַנדע פאַר און אַרום אים, דאָס אַלץ האָט אונדז אָנגעפילט מיט אומרואיקייט. האָבן דאָך שוין די ליגעס פונקציאָנירט אין אַ רייע לענדער, באַשיידן, סיסטעמאַטיש, אָן פּוסטן טאַראַראַם, לאַנגזאַם, אָבער מיטן פּנים צו מעשים, אַריינציענדיק טאָג-איין טאָג-אויס מער מוחות און מער הערצער אין דעם קרייז פון איבערצייגטע. און מיטאַמאָל, אַ באַפעל איינצו-זאַמלען די גאַנצע תבואה, די רייפע און די אומרייפע און די קוים פאַרזייעטע, אַ באַפעל צו לאָזן לויפן די שניידמאַשינען מיט פולן דאַמף, אָן אַ פריערדיקע באַראַטונג מיט די ליגעס, נישט איבער פּראַקטישע, נישט איבער פּרינציפּיעלע פראַגן. מיר האָבן זיך געפרעגט מיט זאָרג: צי וועט דער קאָנגרעס ברענגען מער נוצן, ווי שאָדן?

ערשט אין די לעצטע שעהן, ערשט מיטן רעפעראַט פון ח' אליעזר קאַפּלאַן איז אונזער מורא פאַרשוואונדן.

די צוגרייטונג פון קאָנגרעס און די דריי טעג, וועלכע מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט האָבן געליטן פון אַ צווייזייטיקייט, וועלכע האָט אַריינגעבראַכט אַ פלאָנטעריש אין די רעפעראַטן און אין די דעבאַטן. דידאָזיקע אומקלאָרקייט ווערט בולט אויסגעדריקט אין דער פראַגע, צי האָבן מיר דאָ אַן ארץ-ישראל-

זַרבּי טער-קאָנגרעס אָדער אַ קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל? דאָס איז נישט קיין שפּיל אין ווערטער. אָט דאָס צעטיילט דעם צוזאַמענפאָר אויף צוויי לאַגערן. און דאָס מוז קלאָר אַרויסגעזאָגט ווערן, ווייל צוליב פיעטעט-געפילן און ראָמאַנטישע רעמיניסצענצן העלפן אַ טייל פון אונזערע פריינט מיט צו פאַרפּלאָנטערן דעם קנויל.

די אידעע פון אַן „א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס" איז שטענדיק געווען אַ שבת-יום-טובדיקער חלום. זי האָט אומגעפער באַטייט אָט וואָס: עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער אַלוועלטלעכער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט איינזען, אַז זיין דערלייזונג ליגט אין דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע אין א״י און ער וועט אויף אַן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס פּראָקלאַמירן זיין באַשלוס איבער-צונעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט, אָן העלפער און אָן מיטלויפער פון רעכטס און פון לינקס. פאַרוואַנדלען דעמדאָזיקן ערשטן קאָנגרעס פ אַ ר ן אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל אין דעם לאַנג געחלומטן א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס, אָט צו דעם שטרעבן קאָנסעקווענט. אָט דאָס פּרעדיקן אין פּלענום און אין די קאָמיסיעס די לינקע פּועלי-ציון.

עס איז אונזער עלעמענטאַרסטער חוב פון ערלעכקייט צו דערקלערן: דאָס איז נישט דער ערשטער א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס.

ער איז דאָס נישט ראשית-כּל צוליב דעם, וואָס מען האָט די ווילער געשטעלט באַדינגונגען נישט אויפן פּראָפעסיאָנעלן, נאָר אויפן אידייאישן געביט. ער איז דאָס אָבער אויך נישט צוליב זיינע אידעאָלאָגישע יסודות און באַזונדערס צוליב פאָלגנדיקע דריי מאָמענטן (איך רעזומיר צוליב דער שפּעטער שעה):

1) א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס, דאָס האָט געזאָלט באַטייטן: איינשטימיקייט פון יידישן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט איבער דער ראָל פון א״י אַלס טעריטאָריאַלע לייזונג פון זיין נויט. אָבער אונזערע מיינונגען איבער דער פונקציע פון א״י אין יידישן לעבן צעגייען זיך זייער ווייט. בן-גוריון, רופּין, שטיינבערג, ניר — ווי פאַרשידן זענען זייערע ענדצילן!

2) א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס, דאָס האָט געזאָלט באַטייטן: א״י פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט און דורכן יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַליין, אָן פאַרבינדעטע און אָן שותּפים. אָבער די גרויסע מערהייט פון דעם צוזאַמענפאָר זעט אין דער הסתּדרות דער אַוואַנגאַרד פון גאַנצן יידישן כּלל און איז נישט מוותּר אויף דער צוזאַמענאַרבעט מיט די אַנדערע טיילן פון יידישן כּלל, אויף דער צוזאַמענאַרבעט, וועלכע האָט געהאָלפן שאַפן דאָס, וואָס באַשטייט.

3) א״י-אַרבעטער-קאָנגרעס, דאָס האָט געזאָלט באַטייטן: אַ קאָנגרעס, וועלכער באַשטימט דעם אויפבּוי פון א״י, וועלכער פירט אים אָן, וועלכער צייכנט אָן וועגן און מעטאָדן, וועלכער שטעלט פעסט זיין בודזשעט. אָבער מיר דאָ פאַרלאַנגען נישט קיין דעה אין די פראַגן וועגן די פאָרמען פון דער א״י-אַרבעט און ח״ קאַפּלאַן האָט אונז געזאָגט, אַז די הסתּדרות וועט אונז קיין דעה נישט געבן. זי איז גערעכט. דער אני מאמין, וואָס ווערט פון אונז געפאָדערט, איז צו בלאָס, פאַרפליכטעט אונז צו ווייניק, כּדי די מענטשן,

וועלכע האָבן פאַרבונדן זייער לעבן מיט א״י, זאָלן אָן העגגיק זיין פון אונזער דילעטאַנטיזם אָבער מיר פאַרלאַנגן נישט קיין דעה. מיר זענען נישט געקו־מען אָנפירן, מיר זענען געקומען העלפן.

וואָס האָט אונז געבראַכט אַהער? איינע פון די הויבט־שטראָמען, וועלכע היטן אָפּ ביי היינטיקן טאָג דעם יידישן כּלל פון אַ פולשטענדיקן אונטערגאַנג. מער ווי דרייסיק יאָר צייט האָבן מיר צעריסן דעם גרויסן יידישן גוף אויף כּתות און סעקטעס. האָבן מיר צעברעקלט דעם גרויסן יידישן גאָט אויף אָפּ־געטער און געצן, האָבן מיר געלייגט איינער דעם צווייטן אין חרם, געזייעט איינער צום צווייטן שנאה און פאַראַכטונג. חבר רובאַשאָוו האָט אונז געוואָלט טרייסטן, אַז אויך אין פריערדיקע צייטן האָט נישט געהערשט קיין אחדות אויף דער יידישער גאַס, האָט געשטורמט אין דער כּנסת ישראל אַ פאַרביסע־נער קאַמף. אומזיסט די טרייסט־רייד: מיר ווייסן, אַז מיר זענען אידעאיש און סענטימענטאַל, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש צעזייעט און צעשפּרייט ווי קיינמאָל נישט ביזן היינטיקן טאָג. אָבער אין מיטן פון אונזער צעשפּאָלטנקייט הייבן זיך אָן באַמערקן סימפּטאָמען פון אַ צוזאַמענגעפּטונג אַרום געוויסע אידעען, אַרום געוויסע פונקציעס פון יידישן לעבן. דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל איז איינער פון די צענטריפּעטאַלע מאָמענטן אין יידישן לעבן, וועלכער שליסט צוזאַמען אַרום אַ בשותפותדיקן ציל יידישע מענטשן, צעטיילטע אויף אַ רייע אַנדערע געביטן. דאָס אַרבעטנדיקע א״י איז איינע פון די זיילן פון דער נייער פילפאַכיקער יידישער אחדות.

ווער האָט אונז געשיקט אַהער? די גרויסע פאָרמלאָזע יידישע מאַסע־ערשטנס, די פּאַרטייען פון אַרבעטס־ציוניזם און די חלוצישע יוגנט; דאַן אונ־זער יוגנט פון נעכטן, וואָס איז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון, איז משוּוה געוואָרן מיטן גרויען, וואָכעדיקן לעבן, אָבער בענקט אין האַרץ נאָכן אַמאָליקן איידעאַל; ווייטער אונזערע אַרבעטער פון נעכטן, קרעמער פון היינט און אַר־בעטער פון מאָרגן, וואָס די זאָרג פאַרן ביסן ברויט יאָגט זיי פון אַרבעט צו האַנדל און פון האַנדל צו אַרבעט; און דאַן אונזערע פּאַרטיי־חברים פון נעכטן, מיד פון טעאָריעס, וועלכע זענען פון אונז אַוועק, ווייל מיר האָבן נישט געקאָנט שטילן זייער הונגער נאָך מעשים. אָט די גרויסע פאָרמלאָזע יידישע מאַסע איז גרייט, רייסט זיך צושטעלן אַ פּלייצע דער הסתדרות אין איר אונטערנעמונג אויפצו־בויען אַן אַרבעטנדיק א״י, אָן פּלפּולים, אָן חרמים, אָן באַדינגונגען, אָן פּרע־טענזיעס. אפשר איז געווען נייטיק אויסצוהערן די זייער חשובֿע טעאָרעטישע רעפעראַטן, וועלכע האָבן פאַרנומען די דריי טעג פון קאָנגרעס. אָבער עס האַנדלט זיך אין דער איצטיקער לעצטער שעה וועגן אויסשמידן דעם אינ־סטרומענט, צוליב וועלכן מען האָט אונז צונויפגערופן און צוליב וועלכן מען האָט אונז אַהערגעשיקט.

קורץ: מיר זענען דער ערשטער קאָנגרעס פ אַ ר ן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און מיר גרינדן אַ וועלט־ליגע פ אַ ר ן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. אירע טרעגער: אַלע יידישע מענטשן, וועלכע ווילן העלפן דער הסתדרות.

אירע צילן: די אַרבעטן פון דער הסתדרות, וועלכע זענען אונז אַלעמען בשותפותדיק.

איך וויל נאָך זאָגן אַ וואָרט צום לינקן פליגל פון דעם צוזאַמענפאָר. עס איז געווען פאַר מיינע פּריינט און פאַר מיר אַ גרויסע פרייד, חברים לינקע פּועלי־ציון, וואָס איר האָט זיך באַטייליקט אין דעם קאָנגרעס. דער וועג צוריק איז פאַר אייך האַרטער ווי פאַר וועלכן טייל פון אונז. איר האָט צו טון מיט אַ שטרענגערע, קנאַישער עפנטלעכער מיינונג. מיר האָבן אייך די דערנענטערונג צו אונז נישט לייכט געמאַכט. אפשר האָט אַ טייל פון אונז צו ווייניק באַמערקט, אַז הינטער אייערע דעמאָנסטראַציעס ליגט אַ סאָרט קנאה, אַ ווילן צו אַרבעט, ליגט די זאָרג פאַר אַ שאַפונג, וועלכע איז אייך אויך טייער. מיר האָבן געפונען ביי אייערע פאַרטרעטער אין די קאָמיסיעס די זעלביקע ציטערדיקייט ווי ביי אונז פאַר דעם, וואָס איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן — אָן אייך. איך וויל אייך זאָגן, אַז מיר האָפן, אַז, הגם מיר וועלן מוזן אָפּוואַרפן אייער פאָרשלאַג, וועט איר געפינען דעם וועג זיך אָנצושליסן אין דער וועלט־ליגע. דאָס איז נישט דער א״י־אַרבעטער־קאָנגרעס און מיר שאַפן נישט די א״י־אַרבעטער־ליגע. מיר שטעלן זיך אַ מער באַשיידענע אויפגאַבע, אָבער זי גיט אונז די מעגלעכקייט צו גיין אַ שטיק וועג צוזאַמען. ווייזט זיך נישט אַרויס שטרענגער צו דער וועלט־ליגע, ווי צו דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער הילף״, וועלכע נעמט אויך אַרום נישט־פּראָלעטאַריער. אויך ביי אייערע חברים באַשטייט דער דראַנג נאָך מעשים. די „ליגע״ קאָן דעם דראַנג באַפרידיקן. לאָמיר זיך איינשפּאַנען אין דעמדאָזיקן באַשיידענעם בשותפותדיקן אָנהייב. ער וועט זיין אַ יסוד פאַר דרייסטערע אַרבעטן אין דער צוקונפט (אַפּלאָדיסמענטן).

פאָרזיצער ח״ י. שפּרינצאַק שטעלט די פראַגע אויב מען זאָל איצט עפענען אַ דיסקוסיע וועגן די אָרגאַניזאַציע־פּראָבלעמען.

עס ווערט באַשלאָסן אויסצוהערן קודם דעם באַריכט און די פאָרשלאַגן פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע און דאַן באַשליסן וועגן דעם אופן פון דער דעבאַטע.

ישראל מערעמינסקי (פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע) רעפערירט דעם

## באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע.

חשובער קאָנגרעס! עס איז אפשר אַן עוולה, וואָס ערשט איצט, אין דער שפּעטער שעה, קומט אויפן טאָג־אָרדנונג די אָרגאַניזאַציע־פראַגע. אָבער עס קאָן זיין, אַז דערמיט וועט דער קאָנגרעס באַקומען הויט און ביינער, פאַר יענעם גרויסן גייסטיקן און מאָראַלישן תוכן און פאַרבעם, וואָס מיר

האָבן ביז איצט אינם קאָנגרעס אויפגעטרעטן, אונטערן צייכן פון דעם אַרבעטנדן ארץ־ישראל.

מיטן כוח פון דעם אמת פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל, מיטן יוגנט־גייסט פון דעם אַרבעטער־ווערק, מיטן מזל פון די שוין אויפגעטויענע אַרבעטן אין ארץ־ישראל און מיט דער גרויסער בענקשאַפט צו מאַס־עליה און קאָלאָני־זאַציע, צו גרויסע פאַרנעמען פון אויפבויען דאָס יידישע אַרבעטס־פאָלק — זענען דעם לעצטן חודש געגאַנגען אין אונזער וועג צום קאָנגרעס 238.000 פריינט. דידאָזיקע גרויסע פּאָטענציעלע קראַפט, וואָס הייבט זיך אָן צו באַוועגן, מוז מען איצט פאַרוואַנדלען אין אַ פאָלקס־באַוועגונג פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, אין אַ זייל־פעסטן און נשמה־רייכן שטיץ־פונקט פאַר דער הסתדרות העובדים, פאַרן אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

מיט אָס־אַ די גרונד־געדאַנקען זענען דורכגעדרונגען, לויט מיין איבער־צייגונג, די רעזאָלוציעס, וואָס איך ברענג דאַ אַריין אינם נאָמען פון דער אָר־גאַניזיר־קאָמיסיע.

די מיינסטע רעזאָלוציעס זענען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, ביי מאַנכע זענען פאַראַן מינדערהייטס־פאָרשלאַגן. די חברים פון די לינקע פועלי־ציון האָבן נאָכדעם, ווי די קאָמיסיע האָט אָנגענומען די גרונד־הנחות פון דער ליגע — זיך מער נישט באַטייליקט אין דער אָפשטימונג. זיי וועלן אַליין אַריינברענגען זייער פאָרשלאַג און איך גיב דעריבער איבער נאָר די קאָמיסיע־פאָרשלאַגן און אויך זיי נאָר אין אַן אַלגעמיינער פאָרם.

וו אָ ס   א י ז   ד י   ל י ג ע ?

מיר פאָרמולירן דאָס : אַ וועלט־פאַרבאַנד פון פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל, וועלכע זענען פאַרייניקט צווישן זיך, כדי צו געבן פּאָליטישע און מאָראַלישע הילף און כדי מיטצואַרבעטן צוזאַמען מיט דער ארץ־ישראל־דיקער אַרבעטערשאַפט לטובת אַלע אינסטיטוציעס און ווערק פון דער הסתדרות העובדים.

דער צוגאַנג איז קלאָר : די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט איז זעלבסט־שטענדיק אין איר ווערק און קאַמף. זי בויט איר אָרגאַניזאַציע און קאָלאָני־זאַטאָריש־ווערק לויט די באַשלוסן פון אירע קאָנפערענצן, איר אַרבעט און שטרעבונג זענען אָבער — דער ציל פון די שוין באַוואוסטזיניקע און נאָך נישט באַוואוסטזיניקע מאַסן־אַרבעטער, יוגנט און דעמאָקראַטיע. די באַוואוסטזיניקע בילדן די אַרמיי פון טעטיקע פריינט, וועלכע טראָגן זייער הילף, גראָד ווי דער „החלוץ” טראָגט זיך אַליין קיין א״י, צום קאַמפס־און שאַפונגס־פראָנט.

די אויפגאַבן פון דער ליגע זענען פראַקטיש קלאָרע : 1) צו אינפאָר־מירן די מיטגלידער וועגן יעדן שריט און אויפטו, וועגן די אינערלעכע פּראָבלעמען, נצחונות און שוועריקייטן פון דער הסתדרות אין איר וואַקסן און אין איר זעלבסטבאַפעסטיקונג. 2) אַגיטירן און פּראָפּאַגירן די שטרעבונג פון פראַקטישע וועגן פון דער הסתדרות צווישן די ברייטעסטע פאָלקס־שיכטן. 3) מיטצוהעלפען דר עקאָנאָמישער, קולטורעלער, סאָציאַלער איז זירגא־

ניזאציאנעלער זעלבסטשטעטיקייט פון דער הסתדרות, דורכן שאפן פונם אייגענעם ארבעטער-קאפיטאל, דורך מיטגלידס-שטייערן און ספעציעלע געלט-קאמפיינס.

**ווער געהערט צו דער ליגע?**

חברים און חברות — אויפן יסוד פון אינדיווידועלער צוגעהעריקייט צו די ליגעס. — א מיטגליד איז יעדער איינער, וואס אנערקענט אירע גרונט-הנחות און די וועלט-קאנגרעס-באשלוסן. יעדער מיטגליד צאלט זיין יערלעכע באשטייערונג דעם פאנד פון דער הסתדרות (קפאײ-פאלעסטינע-ארבעטער-פאנד).

אין אמעריקע איז אויסגעוואקסן א גרויסע ארמײ פריינט פונם ארבעטנדן ארץ-ישראל. די פאראייניקטע געווערקשאפטן האבן געגעבן דעם רוף און צייכן, אז יעדער ארבעטער און ארבעטער-פריינט מוז צושטיין צו דער באוועגונג, וואס בויט ארץ-ישראל אויף יסודות פון ארבעט און ארבעט-געמיינשאפט. די פארטייען, וואס זענען גאר לאנג געווען די טרעגער פון דער ארץ-ישראל-תביעה, האבן געוואוסט אפצושיידן צווישן זייער פארטייאיש'ר גרויסער תביעה און אויפגענומען מיט מסירות און אחריות דעם וועג פון געווערקשאפטן-קאמפיין, פון אן אינפארטייאישער גרויסער יידישער ארבעטער און דעמאקראטישער באוועגונג פונם ארבעטנדן ארץ-ישראל. איצט איז די באוועגונג גרויס און וואקסט אין אינהאלט, אין אחריות, און פארמעסטן זיך אין אויפטוען. יוניאנס, ברענטשעס פון יידישן נאציאנאלן ארבעטער-פארבאנד און פון ארבעטער-רינג, פרויען-פיאנערין-ארגאניזאציע, פארטייען, גרויסע יוניאנס א. א. וו. זענען אלס גאנצע צוגעשטאנען צו אט דער באוועגונג און גרופירן זיך ארום דעם „נאציאנאלן ארבעטער-קאמיטעט פאר די ארגאניזירטע יידישע ארבעטער אין ארץ-ישראל". עס איז דער וואונטש פון דער ארגאניזיר-קאמיסיע, און מיר לייגן דאס פאר דעם קאנגרעס צו באשטעטיקן, אז אויך אין אמעריקע זאל מיט דער צייט געבויט ווערן די באוועגונג אויפן יסוד פון אינדיווידועלער מיטגלידערשאפט. אבער דאס איז א פראצעס, וואס מוז געגנוי רעגולירט ווערן. אנערקענענדיק דעם אמעריקאנער נאציאנאלן ארבעטער-קאמיטעט פאר די ארגאניזירטע יידישע ארבעטער אין ארץ-ישראל, אלץ לעגיטימען פארטרעטער פון די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע אין דער וועלט-ליגע, זענען מיר זיכער, אז ער וועט זיך באמיען, אויך אויף יענער זייט ים, צו רעאליזירן דעם אלגעמיינעם ארגאניזיר-יסוד פון דער ליגע.

**ווער פירט אן די ליגע?**

אין יעדער שטאט און שטעטל — דער לאקאלער ליגע-קאמיטעט, אין לאנד — דער צענטראלער לאנד-קאמיטעט, אין דער וועלט-ליגע — דער וועלט-קאנגרעס און זיינע געוויילטע ארגאנען.

דער לאקאלער קאמיטעט ווערט געוויילט דורך דער אלגעמיינער לאקאלער פארזאמלונג. דער צענטראל-קאמיטעט — אין דער לאנד-קאנפערענץ. די

וואַל; צום לאָקאַלן קאָמיטעט, פון דעלעגאַטן צו דער לאַנד־קאָנפערענץ און צום וועלט־קאָנגרעס, זענען אַלגעמיינע, דירעקטע, גלייכע און געהיימע. וואַל־רעכט האָט יעדער מיטגליד, וואָס איז רעגיסטרירט אין דער ליגע און צאָלט פּינקטלעך דעם מיטגליד־אָפּצאָל פאַרן קפא"י.

דער וועלט־קאָנגרעס קומט זיך צונויף ניט ווייניקער ווי איינמאָל אין 3 יאָר און ווילט דעם צענטראַל־ראַט פון דער וועלט־ליגע. דער צענטראַל־ראַט קומט זיך צונויף ניט ווייניקער ווי איינמאָל אין יאָר. דער צענטראַל־ראַט באַשטייט אַ העלפט פון מיטגלידער, וואָס ווערן געווילט דורכן קאָנגרעס. און אַ העלפט, וואָס ווערן דעלעגירט פון די צענטראַלע קאָמיטעטן אין די לענדער, וועגן וועלכע דער קאָנגרעס באַשליסט לויט אַ באַשטימטן פּרינציפּ.

די אָנפירונג, לויט דער מיינונג פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, געפינט זיך אין ארץ־ישראל. אונזער פאָרשלאַג זאָגט, אַז ביי דער עקזעקוטיווע פון דער הסתדרות אין ארץ־ישראל ווערט געשאַפן אַן „אָפּטיילונג פאַר די ענינים פון דער וועלט־ליגע". די אָפּטיילונג וועט אויספירן די גאַנצע אַרבעט און פאַרבינדן די ליגעס מיט דער הסתדרות, מיט דער לייטונג פון דער וועלט־ליגע און אויך אָנפירן די פינאַנס־טעטיקייט פון קפא"י, — וואָס געהערט איצט לויטן באַשלוס פון דער דריטער הסתדרות־קאָנפערענץ צו דער הסתדרות אַליין.

די אָפּטיילונג וועט זיך ריכטן לויט די באַשלוסן פון דעם „ועד הליגה העולמית" — דעם קאָמיטעט פון דער וועלט־ליגע, וואָס זיין זיץ איז אין ארץ־ישראל און ער ווערט צונויפגעשטעלט לויט פּאַריטעט: 50 פּראָצ. פון הסתדרות־פאַרטרעטער און 50 פּראָצ. געווילטע דורכן וועלט־קאָנגרעס, אָדער דורכן צענטראַל ראַט פון דער וועלט־ליגע.

געזונדע סטאַטוטן פאַר דער וועלט־ליגע און אירע אינסטיטוציעס, לייגן מיר פאָר, זאָלן באַאַרבעט ווערן דורכן קאָמיטעט פון דער וועלט־ליגע און גע־בראַכט ווערן צו באַשטעטיקן אין דעם צענטראַל־ראַט.

און צום שלוס איינקע ווערטער וועגן די צוויי עיקרדיקע רעזאָלוציעס פונם קאָנגרעס אין די אָרגאַניזאַציע־פראַגן, וואָס מיר דערוואַרטן אויף זיי ניט נאָר די איינשטימיקייט אינם קאָנגרעס גופא, נאָר אויך די פולע אונטערשטי־צונג פון אונזערע מאַסן פּריינט אין גאָר דער וועלט. דער ערשטער פּונקט פון אונזער רעזאָלוציע זאָגט, אַז דער קאָנגרעס אין בערלין פּראָקלאַמירט זיך אַלס דער ערשטער קאָנגרעס פון דער וועלט־ליגע פאַר די ענינים פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל, ד. ה., מיר ווערן אַ באַוועגונג און שאַפן אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר ערשטער וועלט־אויפטריט איז היינט דאָ אין בערלין, און דאָ ווערן געלייגט די יסודות פון דער אַלוועלטלעכער בוי־און קאַמף־באַוועגונג פאַר דער יידישער אַרבעטס־געמיינשאַפט אין ארץ־ישראל.

אונזער לעצטער באַשלוס אין די אָרגאַניזאַציע־ענינים זאָגט, וואָס מיר דערוואַרטן פּראַקטיש פונם היינטיקן קאָנגרעס, וואָס עס דאַרף ווערן פּראַקטיש די קאָנקרעטע באַרעכטיקונג פון אונזער ערשטן קאָנגרעס. מיט אַ גרויס טייל פון ערנסטער אחריות ברענג איך צו דעם פאָרשלאַג, וואָס זאָגט, אַז

דער ערשטער און דרינגענדסטער חוב פון דער וועלט-ליגע איז, צו פאַר-וואַנדלען אין דער נאָענטסטער צייט די העכער 200.000 וואַל-באַרעכטיקטע מיטגלידער צום 1-טן קאָנגרעס אין שטענדיקע אַקטיווע מיטגלידער פון דער ליגע אין יעדן לאַנד. זייער איינטריט אין דער ליגע און מקיים זיין מצוות פון מורשים — פון פּאַקטישן צוזאַמענבונד און צוזאַמענאַרבעט מיטן אַרבעטער אין ארץ-ישראל — וועט זיין די לעבעדיקע גאַראַנטיע פאַרן וואוקס און רעאַלן כוח פון דער ליגע און איר מאַכט און ווערט פאַרן אויפבוי פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל (אפּלאָדיסמענטן).

נאָך די אויספירונגען פון ח' מערעמינסקי אַנטוויקלט זיך אַ געשעפטס-אָרדנונג-דעבאַטע וועגן דעם אופן פון דיסקוטירן די פאָרשלאָגן פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע. עס ווערט באַשלאָסן נישט צו פירן קיין אַלגעמיינע דיס-קוסיע, נאָר צו יעדן פּונקט וועט מען קאָנען רעדן פאַר און קעגן. דאָס זעל-בע בנוגע עווענטועל אַריינגעבראַכטע אַנדערע פאָרשלאָגן. נאָר ביים ערשטן גרונדלעגנדן פּונקט פון די אָרגאַניזאַציע-פראַגן וועט אַ פאָרשטייער פון דער מינדערהייט אין דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע באַקומען די מעגלעכקייט צו אַן אויספירלעכער באַגרינדונג.

ח' י. מערעמינסקי לייענט פאַר דעם ערשטן אָפּשניט פון די אָרגאַ-ניזאַציע-רעזאָלוציעס:

די וועלט-ליגע:

דער וועלט-קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל, פאַרזאַמלט אין בערלין צווישן דעם 27-טן סעפּטעמבער און 1-טן אָקטאָבער 1930, פּראָקלאַמירט זיך אַלס ערשטער קאָנגרעס פון דער וועלט-ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.

צילן פון דער ליגע:

די ליגע איז אַ פאַרבאַנד פון פריינט פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל, וועלכער פאַראייניקט זיינע מיטגלידער צו פּאָליטישער און מאָראַלי-שער הילף, צו פּראַקטישער מיטאַרבעט, מיטן אַרבעטער-צבור אין ארץ-ישראל, לטובת אַלע אינסטיטוציעס און ווערק פון דער הסתדרות העובדים.

אויפגאַבן פון דער ליגע:

1) אַ שטענדיקע אינפאָרמירונג-און אויפקלערונג-אַרבעט וועגן די ענינים פון דער הסתדרות העובדים צווישן די מיטגלידער פון דער ליגע;

2) אַגיטאַציע-טעטיקייט פאַר די שטרעבונגען און אויפגאַבן פונם אַרבעטנדן ארץ-ישראל אין דער יידישער און נישט-יידישער וועלט;

3) אָרגאַניזירן קאַמפּיינס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל און דורכפירן צווישן די ליגע-מיטגלידער די פליכט פון מיטגליד-אָפּצאָל פאַרן פאָנד פון דער הסתדרות.

צו באַגרינדן דעם מינדערהייטס-שטאַנדפּונקט פון די לינקע פועלי-ציון אין דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע בנוגע דידאָזיקע פאָרשלאַגן באַקומט דאָס וואָרט ח׳

יוסף ראָזען (לינקע פועלי-ציון — פוילן):

סיי אין דער אָרגאַניזאַציע-קאָמיסיע און סיי דאָ אויפן פּלענום האָבן מיר אָפט געהערט די ווערטער: „מיר, די ארץ-ישראלדיקע אַרבעטער, ווילן גישט קיין פילאַנטראָפּיע, מיר ווילן נישט אָנעמען קיין נדבות"... שטאָלצע און ריכטיקע ווערטער — מיר באַגריסן זיי פון גאַנצן האַרצן. מיר מיינען אָבער, אַז איר מאַכט אַ גרויסן טעות ביים אויסטייטשן וואָס איז פילאַנטראָפּיע און וואָס נישט. דווקא די קעגנזייטיקע באַציאונגען, וואָס איר ווילט איינשטעלן צווישן די יידישע אַרבעטער פון ארץ-ישראל און פון דער גאַנצער וועלט — דאָס זענען פילאַנטראָפּישע באַציאונגען. ווייל דאָס זענען באַציאונגען צווישן אַ „נותן" און אַ „מקבל" — דער ערשטער גיט, דער צווייטער נעמט און דער-מיט איז צווישן זיי אַלץ געענדיקט. די אַמעריקאַנער האָבן דאָ „גרויסמוטיק" דערקלערט: מיר ווילן נישט פאַר אונזער הילף פאָדערן דאָס רעכט אייך אַ דעה צו זאָגן, מיר ווילן זיך נישט אַריינמישן אין אייערע אינערלעכע ענינים. זיי האַלטן דאָס פאַר אַ גרויסע טוגנט. אָבער אַזאַ באַציאונג איז מעגלעך נאָר דערפאַר, ווייל זיי האַלטן דאָס ארץ-ישראל-ווערק פאַר אייערן אַן „אינערלעכן ענין" און נישט פאַר אַ זאַך, וואָס דאַרף זיי אָנגיין פונקט אַזוי ווי אייך. פון דערדאָזיקער „טוגנט" נעמט זיך עס דער פּאַראַדאָקס, אַז די זעלבע מענטשן און די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיי רעפּרעזענטירן, גיבן מיט איין האַנט אַ דאָלאַר פאַר די אינסטיטוציעס פון דער ארץ-ישראלדיקער-אַרבעטערשאַפט און מיט דער צווייטער האַנט — אַ דאָלאַר פאַרן „בונד" אין פוילן, וועלכער באַקעמפט און באַשמוצט יעדן פּאָזיטיוון אויפטו און דעם גאַנצן גערעאַנגל פון דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען ס'איז נישטאָ קיין מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווען די הילף ווערט באַטראַכט טאַקע בלויז ווי אַ נדבה פאַר נויטבאַדערפטיקע — טיילט מען נדבות אויף אַלע זייטן, כאָטש מיט איין האַנט העלפט מען צעשטערן דאָס, וואָס די אַנדערע האַנט העלפט בויען.

גאָר אַנדערש איז אונזער צוגאַנג צו דעם ענין. איר ווייסט גאַנץ גוט: פאַר אונז איז די ארץ-ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט נישט עפּעס אַ נויטבאַ-דערפטיקער קרוב, וואָס מען דאַרף אים שטיצן, נאָר אַ טייל פון אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער-קלאַס. איר אַרבעט און קאַמף באַטראַכטן מיר נישט ווי אירן אַן „אינערלעכן ענין", נאָר ווי אונזער אייגענע זאַך. די שאַפונג

פון דעם יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע איז אַ זאַך פון דער אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטערשאַפט און פאַר איר. נישטאָ דעריבער קיין „איר" און „מיר", נאָר איין אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטער־קלאַס. דעריבער האַלטן מיר, אַז די יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער קאָנען נישט און טאָרן נישט זיך באַנוגענען מיט געבן געלט, נאָר זיי מוזן נעמען אויף זיך די פולע אחריות פאַר דער אַרבעט און קאַמף פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. דאָס הייסט אָבער, אַז זיי, די אַלוועלטלעכע יידישע אַרבעטערשאַפט, מוז האָבן די מעגלעכקייט צוזאַמען מיט די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער צו דעצידירן וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. זאָל מען דאָ נישט פּרווון מאַכן דאָס צו קליין־געלט, ווי אייניקע האָבן עס געוואָלט טון אין דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע, וואו זיי האָבן געטענהט: סטייטש, ווי קאָן מען אין אויסלאַנד וויסן, וואָס מיר האָבן צו טון, צי מיר דאַרפן בויען אַ באַראַק אָדער אַ שטאַל צי דאָס גלייכן. איר פאַרשטייט, אַז נישט וועגן אַזעלכע זאַכן האַנדלט זיך עס און בכלל נישט וועגן פּרטים, נאָר וועגן די אַלגעמיינע ריכטלייניעס פון דער טעטיקייט, און דאָס מוז באַשטימט ווערן דורך דעד גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט — דער ארץ־ישראלדיקער צוזאַמען מיט דער פון אַלע אַנדערע לענדער. געוויס וועט אייך דעמאָלט, פּונקט ווי אויף דעם היינטיקן קאָנגרעס, אויסקומען אויסצוהערן זאַכן, וואָס אייך געפעלן זיי נישט — וועגן אייער קאָאַליציע מיטן בירגערטום, וועגן אייער באַציאונג צום ענגלישן אימפּעריאַליזם, צו די אַראַבישע אַרבעטער, צו דער יידישער שפּראַך און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער — אָבער דאָס אַלץ הייסט נישט קיין אַריינמישונג אין עמיצנס אַן „אינערלעכן ענין", נאָר צוזאַמען באַשטימען דעם גורל פון דער זאַך, אין וועלכער עס איז פאַראינטערעסירט די גאַנצע אַלוועלטלעכע יידישע אַרבעטערשאַפט.

הערן מיר אָבער אַ טענה: „אָ, מען וויל שוין שאַפן אַ נייע אַגענץ"... אַ פאַלשע טענה! די אַגענץ איז שלעכט נישט דערמיט, וואָס זי „מישט זיך" — ס'איז אַ פראַגע, ווער עס מישט זיך און ווי אַזוי עס זעט ממילא אויס די אַריינמישונג. דורך דער אַגענץ לייגט די יידישע בורזשואַזיע אַרויף איר האַנט אויף דעם לעבן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל. אָבער ס'איז דאָך מערקווירדיק: פאַר דער פּלוטאָקראַטיע פון דער אַגענץ, וואָס שיקט אירע עקספּערטן־קאָמיסיעס קיין ארץ־ישראל און זאָגט גאָר ברייטע דעות — בייגט איר דאָך דעם קאָפּ, נאָר ווען ס'קומט צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט, דערקלערט איר: מיר וועלן נישט דערלויבן זיך צו מישן און צו זאָגן אַ דעה!

פון אונזער שטאַנדפּונקט דרינגט שוין קאָנסעקווענט אַרויס אונזער שטעלונג צו דער פראַגע: פון וועמען זאָלן באַשטיין די ליגעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. טאַקע דערפאַר, ווייל מיר האַלטן, אַז די ליגעס טאָרן נישט ווערן אַ צדקה־פּושקע, אַ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, וואָס האָט בלויז צו פאַרנעמען זיך מיט שאַפן געלט־שטיצע, נאָר זיי דאַרפן באַשליסן וועגן די וויכטיקסטע

פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער טעטיקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט פאַר פאַלעסטינע און אין פאַלעסטינע — איז שוין דערפון אַליין געדרונגען, אַז דאָס דאַרף זיין אַ פּראָלעטאַרישע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָרים מיר וועלן דאָך נישט איבערגעבן אַזעלכע פראַגן צו אַנטשיידן עמיצן אַנדערש אַ חוץ דער אַרבעטערשאַפט.

צווייטנס, איז עס אַן אוטאָפּיע, אויב איר מיינט, אַז איר וועט קאָנען אַריינציען קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין אַ כלל־ישראל־אָרגאַניזאַציע. זיי וועלן אַהין נישט גיין און דאַרפן אַהין נישט גיין. דאָ אין דעם זאַל האָט מען פון צייט־צו־צייט געהערט אַ געלעכטער, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן דער יידישער בורזשואַזיע און אייך פאָרגעוואָרפן אייער מיטאַרבעט מיט איר. פאַר אַ סך פון אייך קלינגען אונזערע רייד, וועגן דער יידישער בורזשואַזיע, ווי עפּעס אַן אויסטראַכטעניש. ווייל ביי אייך איז שלום־בית מיט איר. אָבער פרעגט די יידישע אַרבעטער פון פוילן, וועלכע האָבן הינטער זיך עטלעכע צענדליק יאָר פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף און וועלכע באַגעגענען זיך מיט דער יידישער בורזשואַזיע טאָג־טעגלעך אַלס מיט דער, וועלכע עקספּלואַטירט זיי אין וואַרשטאַט, אונטערדריקט און פאַרשקלאַפט זיי עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, קולטורעל, און מיט וועלכער זיי פירן דעם שאַרפסטן קאַמף. אויך אויפן געביט פונם פאַלעסטיניזם זענען די צילן און וועגן פון די באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער גאַנץ אַנדערש, קעגנזעצלעך צו די צילן און וועגן פון דער יידישער בורזשואַזיע. אויך אויף דעם געביט קאָן די באַציאונג צווישן די יידישע אַרבעטער און דער בורזשואַזיע זיין נאָר אַ באַציאונג פון קלאַסן־קאַמף. קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן בשותּפותדיקע אָרגאַניזאַציעס. וועלן באַוואוסטזיניקע אַרבעטער זיך נישט לאָזן איינשפּאַנען אין איין וואָגן מיט זייערע קלאַסן־שונאים.

איר זאָגט : „מיר ווילן זיך נישט אָפּטיילן פון קיינעם״. אָבער דאָס איז בלויז אַ פרומער וואונטש. זעלטן ווען ס׳איז אַזוי גילטיק דער כלל „תּפסת מרובה לא תפסת״, ווי אין דעם פאַל. ווען איר שאַפט אַ כלל־ישראל־אָרגאַניזאַציע טיילט איר זיך יאָ אָפּ, אָבער — פון דער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער אַרבעטערשאַפט.

פאַראַן שוין היינט גרויסע מאַסן קלאַסן־באַוואוסטזיניקע יידישע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבן אַ גרויסן אינטערעס פאַר דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וועלכע באַטראַכטן דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל פאַר זייער אייגענע זאַך. דאָס איז דער לעבעדיקער כּוח, אויף וועלכן דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל קאָן און דאַרף זיך שטיצן. וויל מען דעמזאָיקן כּוח אָרגאַניזירן און אויסנוצן, מוז מען צו דעם צוועק שאַפן די פּראָלעטאַרישע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פאַר פאַלעסטינע־אַרבעט — אַ פּראָלעטאַרישע לויט איר צוזאַמענשטעל און לויט דעם גייסט פון איר טעטיקייט. מיר טראָגן דעריבער אַריין פאָלגנדע רעזאָלוציע :

„די ליגע איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום אַלע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע עלעמענטן אָן אונטערשיד פון פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט, וועל־

כע אָנערקענען, אַז דער אַלוועלטלעכער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז פאַר־אינטערעסירט אין דער שאַפונג פון דעם יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע און אַז דאָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורך זעלבסטשטענדיקער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־אַקטיוויטעט".

ח" י. מערעמינסקי פירט אויס אַלס

## תשובה פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע

מיר בויען נישט קיין פּאַרטיי פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל — זי עק־זיסטירט אין ארץ־ישראל גופא און איר דאַרפן די חברים פון די לינקע פּועלי־ציון נישט פאָרלייגן קיין תנאים פון נאָר אַרבעטער. אין אונזערע פּאַרטייען אין ארץ־ישראל, גלייך ווי אין דער הסתדרות, קאָנען נאָר געהערן מיטגלידער, וואָס עקספּלואַטירן נישט קיין פרעמדע אַרבעט. די ליגע איז אַ פאַרבאַנד פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. פון פריינט, וואָס ווילן פאַר איר נישט שאַפן קיין גע־היכט קעגן דער הסתדרות אָדער אַריינרייסן זיך אין דער אויטאָנאָמיע פון דעם ארץ־ישראל־אַרבעטער און זיינע דעמאָקראַטיש געוויילטע קאָנפערענצן אַליין צו באַשטימען, וואָס ער טוט און ווי ער בויט זיין אָרגאַניזאַציע און זיינע אינסטיטוציעס, ווי ער קעמפט פאַרן אַרבעטער און פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. דער פאַרטרויען צו דער הסתדרות האָט געשאַפן דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין אין אַמעריקע און די ליגעס אין גאַר דער וועלט. מיטן כוח פון אָט דעם צוטרוי זענען זיך דאָ צונויפגעקומען פאַרטרעטער פון העכער 200 000 וואַל־באַרעכטיקטע און איך בין זיכער, אַז דער קאָנגרעס וועט אָפּוואַרפן יעדן פאָרשלאַג, וואָס פּרעטענדירט צו דיקטירן דער הסתדרות אָפן אָדער פאַר־שטעלט, ווי זי זאָל האַנדלען אין איר אַרבעט.

יעדער איינער, וואָס וויל מיטאַרבעטן און העלפן דער הסתדרות, וועלכע נייטיקט זיך נישט אין קיינעמס פּראָלעטאַרישן הכשר — ווייל זי בויט און שמידט טאָג־איין טאָג־אויס דאָס יידישע אַרבעטס־פאָלק אין שטאָט און דאָרף, יעדער איינער, וואָס איז גרייט צוזאַמען מיט דער הסתדרות צו זאָרגן, צו זוכן, צו שאַפן מיטלען — אַלע מיטלען פאַרן דערפאָלג פון איר יוניאָן, קאָ־אָפּעראַטיוו, פון אירע ווירטשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע אָנשטרענ־גונגען — איז אונזער חבר און פריינט. פאַרוואָס דאַרף איך ביי אים פרעגן צי ער אָנערקענט די פאַרווירקלעכונג פון אונזערע שטרעבונגען „נאָר דורך זעלבסטשטענדיקער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־אַקטיוויטעט?" — ער קומט דאָך און שטייט צו און גיט זיין ווילן און מיטאַרבעט דער אַ ר ב ע ט ע ר ־ אָ ר ־ ג אַ נ י ז אַ צ י ע אין א ר ץ ־ י ש ר א ל און ער נעמט אָן אירע יסודות, אָנערקענט, אַז זי איז פריי אין איר פּראָגראַם — וואָס־זשע נאָך זאָל מען פון אים פאָדערן?

אָבער זייער שווער איז צו פאַרשטיין, ווען פון איין זייט פאַרלאַנגט מען פון אַ חבר ער זאָל זיך התמענען אונטער דעם, וואָס די לינקע פּועלי־ציון

שלאָגן פאָר אַלס אני מאמין פאַר ווערן אַ מיטגליד פון דער ליגע און גלייכצייטיק קומען זיי און לייקענען אַ ל ײ ן, אַז די הסתדרות איז פריי און איר טעטיקייט איז אוימאָנאָם.

אָט די זעלבע חברים פון די לינקע פוע״צ, וואָס האָבן אין פוילן, מיט רעכט, צוזאַמען מיט אַנדערע אַרבעטער און דעמאָקראַטישע פאַרטייען באַקעמפט דעם „דזשאָינט״, ווען ער איז געקומען מיטן געזעץ: „ווער ס׳האָט די מאה האָט די דעה״. אַז אָט די זעלבע חברים זאָגן דאָ, אַז מען מוז זיך אַריינמישן אין די ענינים פון דער הסתדרות, בעת מען צאָלט מיטגלידס־אָפּצאָל פאַר דעם הסתדרות־פאָנד. ווען מיר הערן פון אַ בירגערלעכער אונטערנעמונג, בעת זי גייט זיך באַטייליקן אין אַ קאָלאָניזאַטאָרישן אָדערווירטשאַפטלעכן אַרבעטער־ווערק, אַז זי וויל „וועטאָ־רעכט״, אָדער אַ „גאָווערנער״, קעמפט די הסתדרות קעגן דעם — זאָלן זאָגן די חברים, וואָס רעדן אַזוי וועגן אַרבעטער־זעלבסטשטענדיקייט, פאַרוואָס מיינען זיי, אַז דער חבר אין ווילנע אָדער פיטסבורג, אין קאָוונע אָדער פראָג, וועט בעסער וויסן און קאָנטראָלירן די ענינים און די וועגן און די בודזשעטן פון דער הסתדרות, ווי די חברים אין לאַנד גופא, וואָס זיי רירט דאָך דאָס אָן דירעקט, אין טאָג־טעגלעכן לעבן און זיי זענען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גאַנצן בנין און קאַמף פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל אין לאַנד און פאַרן אויסלאַנד.

די אָפּטיילונג פאַר דער וועלט־ליגע אין ארץ־ישראל וועט קאָנטראָלירט און געלייטעט ווערן דורך אַ געמיינזאַמען פאַריטעטן קאָמיטעט פון דער הסתדרות און פון אונזער היינטיקן קאָנגרעס. דערדאָזיקער קאָמיטעט וועט בכן אַלץ קאָנען וויסן און אָפּשאַצן און זיין אַרבעט וועט באַטראַכט ווערן נישט ווי אַ זאַך פון דרויסן — נאָר ווי אַ מיטאַרבעט פון טרייע פריינט.

דעריבער לייגן מיר פאָר אָפּצוּוואַרפן דעם פאָרשלאַג פון די לינקע פועלי־ציון, וועלכער פאַרלאַנגט פונם ליגע־חבר צו אָנערקענען די זעלבסטשטענדיקע פּראָלעטאַרישע קלאַסן־אַקטיוויטעט און גלייכצייטיק זאָגן זיי צו, אַז די מאה־געבער זאָלן האָבן די דעה איבערן סאַמע קערנדיקן חלק פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס — דעם בויער פונם יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק

דער פאָרזיצער ח״ י. שפרינצאַק שטימט דאַן אָפּ דעמדאָזיקן אָפּשניט פון די אָרגאַניזאַציע־רעזאָלוציעס. מיט אַ גאָר גרויסער מערהייט ווערן אָנגענומען די רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע, וועלכע ח״ מערעמינסקי האָט פאָרגעלייענט.

ח״ י. מערעמינסקי לייענט דאַן די ווייטערדיקע רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע.

די מיטגלידערשאַפט פון דער ליגע:

די ליגעס זענען בעבויט אויפן יסוד פון אינדיווידועלער מיטגלידערשאפט איז דער אַרטיקער לאַנד־און וועלט־ליגע. אנשליסנדיק זיך אין

דער ליגע, פראָקלאַמירט יעדער חבר זיין הסכמה צו אירע גרונט־הנחות און צו די באַשלוסן פון איר וועלט־קאָנגרעס.

אינם באַשטרעבן צו פאַראיינהייטלעכן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי פון דער וועלט־ליגע, דריקט אויס דער קאָנגרעס זיין האָפענונג, אַז אויך דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין פאַלעסטינע און צפון־אַמעריקע, וועלכער איז דער פאַר־טרעטער פון די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע אין דער וועלט־ליגע, וועט אָננעמען אַלע מיטלען, כדי אויסצובויען די אָרגאַניזאַציע אין די פאַריייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, לפי דעם אַלגעמיינעם באַזיס פון דער וועלט־ליגע.

יעדער מיטגליד פון דער ליגע מוז צאָלן דעם שטייער (מיטגלידס־אָפּ־צאָל) פאַרן פאָנד פון דער הסתדרות (קפא״י — פאַלעסטינע אַרבע־טער־פאָנד).

די רעזאָלוציעס ווערן אָ נ גענ ו מ ע ן.

בנוגע אַמעריקע נעמט דער קאָנגרעס די רעזאָלוציע צו קענטעניש.

חבר מ ע ר ע מ י נ ס ק י לייענט די ווייטערדיקע אָרגאַניזאַציע־רע־זאָלוציעס:

## די אָרגאַנען פון דער ליגע:

1) די מיטגלידער פון דער ליגע וויילן אויפן יסוד פון אַלגעמיינע, דירעקטע, גלייכע און געהיימע וואַלן א) דעם אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ליגע, ב) די דעלעגאַטן צו דער לאַנד־קאָנפערענץ, וואו עס ווערט בעוויילט דער לאַנד־קאָמיטעט, ג) דעלעגאַטן צום וועלט־קאָנגרעס.

2) וואַל־רעכט האָט יעדער מיטגליד פון דער ליגע, וואָס האָט רעגל־מעסיק געצאָלט דעם אָפּצאָל פאַרן פ. א. פ.

3) דער וועלט־קאָנגרעס קומט זיך צונויף נישט זעלטענער, ווי איינ־מאָל אין 3 יאָר.

4) דער וועלט־קאָנגרעס וויילט אַ הויפּט־ראַט פון דער ליגע, וועלכער קומט זיך צונויף נישט זעלטענער, ווי איינמאָל אין יאָר.

5) דער הויפּט־ראַט באַשטייט פון 28 חברים. 13 קלויבט אויס דער קאָנגרעס און 15 ווערן דעלעגירט דורך די לאַנד־קאָמיטעטן פון יענע לענדער, וועלכע דער קאָנגרעס וועט באַשליסן צו געבן אַ פאָרשטייערשאַפט.

6) ביים ועד־הפועל פון דער הסתדרות אין א״י באַשטייט אַן אָפּ־טיילונג פאַר די ענינים פון די ליגעס אין חוץ־לאָרץ, וועמענס אַרבעט עס איז מכון דער קאָמיטעט פון דער וועלט־ליגע. דער קאָמיטעט זעצט זיך צונויף —

אַ העלפּמ פון געהיילמע פונם וועלמ-קאָנגרעס (אָדער הויפּמ-ראַמ), און אַ העלפּמ פון דעלעגירמע פון ועד-הפועל פון דער הסתדרות. דאָס זיק-אָרמ פונם קאָמימעמ איז א״י.

עס אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע וועגן דעם ווי אַזוי דער הויפּט-ראַט זאָל געווײלט ווערן. אַ טייל חברים האַלטן, אַז דער קאָנגרעס דאַרף קלייבן אַלע מיטגלידער פונם הויפּט-ראַט. ח״ א ב ר ה ם ש י פ ל אַ ק אָ וו רעדט קעגן דעמדאָזיקן פאָרשלאַג און פאַר דער מיינונג פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע. ח״ מ. נ יי ש ט אַ ד ט טרעט אַרויס קעגן דעם, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צענטער פון דער וועלט-ליגע זאָל זיין אויסשליסלעך אין א״י. אין ארץ-ישראל זענען די חברים צו שטאַרק באַלאַסטעט מיט טויזנטער ענינים און וועלן נישט האָבן קיין צייט זיך אָפּצוגעבן ווי געהעריק מיט דערדאָזיקער אַרבעט, וועלכע פאָדערט אַ גאַר באַזונדערע, אויפמערקזאַמקייט; מיר וועלן נישט שאַפן קיין מאַסן-באַוועגונג, אויב די אָרגאַניזאַציאָנעלע פירונג וועט נישט ליגן אין די הענט פון חברים, וועלכע לעבן מיט דער חוץ-לארץ-דיקערווירקלעכקייט און ווייסן צוצופּאַסן דערצו אונזער אַרבעט; דורך אַריבערטראָגן דעם גאַנצן צענטער קיין ארץ-ישראל נעמען מיר אַראָפּ די אחריות פאַר דער אַרבעט פון די פירנדע חברים אין חוץ-לארץ און טויטן אָפּ זייער איניציאַטיוו; מיר וועלן דערפירן צו אומטעטיקייט אַלע פירנדע מענטשן, וועלכע מיר האָבן מיט פיל אָנשטרענגונג געוואונען אין די לעצטע יאָרן; מיר זענען פאַראינטערעסירט צו וויסן דעם זעלבסטשטענדיקן אָפּרוף פון דער באַוועגונג אין חוץ-לארץ אויף די גוטע און שלעכטע געשעענישן פון אונזער לעבן אין לאַנד און נישט, אַז אונזער חוץ-לארץ זאָל דאַרפן וואַרטן אויף אָנווייזונגען פון לאַנד בנוגע דעם אופן פון איר רעאַגירונג.

אין דער פראַגע וועגן דער פאָרם ווי דער הויפּט-ראַט זאָל געווײלט ווערן, ווערן מיט 118.800 שטימען קעגן 40.000 אָ נ ג ע נ ו מ ע ן די פאָרשלאַגן פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע. אויך די אַנדערע רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע ווערן מיט אַ מערהייט שטימען באַשטעטיקט.

ח״ מערעמינסקי לייענט די ווייטערע רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע-קאָמיסיע:

סטאַטוט פון דער ליגע:

דער קאָנגרעס באַאויפטראַגט דעם קאָמיטעט פון דער וועלט-ליגע, אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט פון די ליגעס און אים ברענגען פאַרן צענטראַל-ראַט צו באַשטעטיקן.

אָנגענומען.

דעם פאָרזיץ איבערנעמט ח״ ד. בן-גוריון.

י מערעמינסקי:

מיר דאַרפן איצט אָפּשטימען וועגן די פּאַר אונז גאָר וויכטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַשלוסן פונם קאָנגרעס. די פּאַרווירקלעכונג פון דידאָזיקע באַשלוסן איז אַ הייליקער געבאָט פון דער גאַנצער באַוועגונג. איך בעט דעם קאָנגרעס אויסצוהערן די באַשלוסן מיט דער פולער ערנסטקייט און זיך באַוואוסט זיין די שווערע אחריות, וועלכע מיר נעמען אויף זיך, אָננעמענדיק דידאָזיקע באַשלוסן.

בודזשעט:

דער קאָנגרעס נעמט מיט באַפרידיקונג צו קענטעניש די מעלדונג פון דער אָרגאַניזאַציע-קאָמיסיע, וועגן דער פּאַרפליכטיקונג פון די פּאַרשטייער פון 18 לענדער, צו שאַפן אינם בודזשעט-יאָר 1931—1930 דעם מינימום פון 36.000 פונט און זיי שטעלן אינם אויסשליסלעכן רשות פון דער הסתדרות.

די דרינגענדע אָרגאַניזיר-אויפגאַבע פון דער ליגע:

דער קאָנגרעס באַשטימט איינשטימיק, אַז די ערשטע און דרינגענדסטע אויפגאַבע פון דער וועלט ליגע איז — צו מאָביליזירן אין דער קורצסטער צייט די העכער 200.000 וואַל-באַרעכטיקטע צום ערשטן וועלט-קאָנגרעס פאַרן ארב. א״י, אַלס שטענדיקע, אַקטיווע מיטגלידער פון דער ליגע אין יעדן לאַנד.

פּאָרזיצער ח״ ד. בן-גוריון מאַכט נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם די פּאָרשטייער פון די לענדער וועגן דעם שווערן עול, וועלכן זיי נעמען אויף זיך דורכן אָננעמען דידאָזיקע באַשלוסן. אָבער דידאָזיקע באַשלוסן זענען אַ דרינגענדער געבאָט פון אונזער אַרבעט.

איינשטימיק, דורך אַקלאַמאַציע, באַשליסט דער קאָנגרעס, דורכן אויפשטיין פון די דעלעגאַטן, די לעצטע צוויי פונקטן.

נ. בוקסבוים (לינקע פּועלי-ציון — פּוילן):

די לינקע פּועלי-ציון האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דער אָפּשטימונג איבער די וויטערדיקע רעזאָלוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע-קאָמיסיע, נאָכדעם ווי דער קאָנגרעס האָט אָפּגעוואָרפן, ביי דער אָפּשטימונג פון דעם ערשטן אָפּשניט פון די אָרגאַניזאַציע-רעזאָלוציעס, אונזער פּאָרמולירונג וועגן כאַראַקטער און צוזאַמענשטעל פון דער ליגע. מיר לייגן פאָר, אַז דער קאָנגרעס זאָל באַאויפטראַגן דעם צענטראַל-ראַט פון דער וועלט-ליגע, וועלכער דאַרף דאָ

געוויילט ווערן, צו פאַרהאַנדלען מיטן וועלט-פאַרבאַנד פון די לינקע פועלי-ציון וועגן זייער מיטאַרבעט.

ד. בן־גוריון (פאָרזיצער):

דער ראַט פון דער ליגע, וועלכער דאַרף דאָ הײַנט געוויילט ווערן, וועט אָן אַ ספק ערנסט באַהאַנדלען יעטווערן קאָנקרעטן פאָרשלאַג וועגן מיטאַרבעט, וועלכן ער וועט באַקומען, פון וועלכער קערפּערשאַפט עס זאָל נישט זיין. דערמיט איז דערליידיקט דער פאָרשלאַג פון ח׳ בוקסבוים.

מיר גייען איצט איבער צו דער אָפּשטימונג פון די פּאָליטישע רעזאָלוציעס פונם קאָנגרעס.

זלמן רובאַשאָוו (א״י־דעלעגאַציע) לייענט די פּאָליטישע רעזאָלוציע, וועלכע דאָס פּרעזידיום פונם קאָנגרעס לייגט פאָר.

צבי לוריא („השומר־הצעיר״ — פוילן) לייענט די פּאָליטישע רעזאָלוציע, וועלכע עס לייגט פאָר דער „השומר־הצעיר״.

זרובבל (לינקע פועלי־ציון) לייענט די פּאָליטישע רעזאָלוציע פון זיין פראַקציע.

די פראַקציע לינקע פועלי-ציון (אַבראַמאָוויטש, הובער, נתני) טראָגט אַריין אַ דעקלאַראַציע, וועלכע דער קאָנגרעס זאָל אָננעמען.

ד. בן־גוריון (פאָרזיצער):

די רעזאָלוציע פון די לינקע פועלי־ציון, וועלכע ח׳ זרובבל האָט דאָ געלעזן, אַנטהאַלט אַ חוץ באַליידיקונגען אויפן אַדרעס פון דער הסתדרות, אויך פעסטשטעלונגען, וועלכע זענען אין פולשטענדיקער סתירה מיט דערווירקלעכקייט. איך לייג דעריבער פאָר אַראָפּצונעמען דידאָזיקע רעזאָלוציע פונם סדר־היום.

**מיט 196 קולות קעגן 27 קולות שטימען נעמט אָן דער קאָנגרעס דעמדאָזיקן פאָרשלאַג.**

עס ווערט דאַן אָפּגעשטימט וועלכע פון די פאַרבליבענע 3 רעזאָלוציעס דער קאָנגרעס נעמט אָן אַלס יסוד פון זיין פּאָליטישער רעזאָלוציע.

**מיט 178.381 שטימען קעגן 27.683 פון די לינקע פועלי־ציון, ביי 18.496 אָפּגעהאַלטענע פון „השומר־הצעיר״ און מכבי־בעסראַביע ווערט אָנגענומען די רעזאָלוציע פון פּרעזידיום, וועלכע ח׳ זלמן רובאַשאָוו האָט פאָרגעלעזן** (די רעזאָלוציע בוּסאַ ברענגען מיר באַזונדער, צוזאַמען מיט די אָרגאַניזאַציע־באַשלוסן פונם קאָנגרעס).

צבי לוריא (השומר־הצעיר):

אונזער פראַקציע האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען נישט צוליב דעם, ווייל מיר זענען קעגן דער רעזאָלוציע, נאָר דערפאַר, ווייל מיר האַלטן, אַז די פּאָליטישע רעזאָלוציע פונם קאָנגרעס האָט באַדאַרפט אויך אַנטהאַלטן די שטעלונג פונם קאָנגרעס צו אַ רייע פונקטן, וועגן וועלכע עס גייט איצט אָן דער קאַמף אין דער ציוניסטישער וועלט.

יחיאל ווייסמאַן (מכבי — בעסאַראַביע):

איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען פאַר דער פּאָליטישער רעזאָלוציע, וועלכע ח״ רובאַשאָוו האָט פאָרגעלייגט. ווייל זי שפּיגלט נישט אָפּ די מיינונג פון אַלע חברים, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות.

מ. ערעם (לינקע פּועלי־ציון):

דער קאָנגרעס האָט זיך אַנגעהויבן מיט אַן אומטאָלעראַנץ, דערמיט, וואָס מען האָט אויף אַ נישט געזעצלעכן אופן נישט צוגעלאָזט די פראַקציע פון די לינקע פּועלי־ציון צו אַ זיצונג, און ער פאַרענדיקט זיך אויך מיט אַ אומטאָלעראַנץ, דערמיט, וואָס מען האָט איינפאַך באַשלאָסן אַראָפּצונעמען פונם סדר־חיום די פּאָליטישע רעזאָלוציע פון די לינקע פּועלי־ציון. דאָס איז פּשוט מוטלאָזיקייט. אויף אַזאַ אופן קעמפט מען נישט. דער טייל פון אינזער רעזאָלוציע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפרעגונג ביי דער מערהייט, און וועלכע רעדט וועגן דעם, אַז די אַרבעטער־ריכטונגען, וואָס גרופּירן זיך אַרום די הערשנדע פּאַרטייען אין דער הסתדרות, האָבן מיטגעהאָלפן דעם פּאַלעסטינע־אַמט אַדורכצופירן די איינוואַנדערונגס־פּאָליטיק פונם ציוניסטישן ביר־גערטום, אויסצוקלייבן נאָר אַזאַ עמיגראַציע־עלעמענט, וואָס וועט מיטהעלפן דעם קלאַסן־שלום, און אַז די סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָבן אויפגענומען שטילשווייגנד דעם ספּעציעלן איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט קעגן די לינקע פּועלי־ציון, אַנטשפּרעכט דערווירקלעכקייט. אויך דער אָפּשניט וועגן דער שפּראַכן־פראַגע, אין אונזער רעזאָלוציע, אַנטשפּרעכט דער ווירקלעכקייט. מיר וועלן אָבער נישט פירן קיין ברוגז־פּאָליטיק, נאָר ווייטער פירן ענערגיש אונזער קאַמף פאַר די פּאָסטולאַטן, וועלכע מיר האַלטן פאַר די איינציק ריכטיקע.

ישראל ריטאָוו (פּועלי־ציון — צ. ס. פּוילן):

די טענות פון ח״ ערעם בנוגע דער סערטיפיקאַטן־פּאָליטיק פון די פּאַ־לעסטינע־אַמטן איז נישט נאָר וואָס זיי אַנטשפּרעכן נישט דער ווירקלעכקייט, נאָר זיי זענען אין אַ פולשטענדיקער סתירה מיט דער ווירקלעכקייט. קיין שום פּאַרטיי באַקומט נישט צוגעטיילט קיין סערטיפיקאַטן, נישט רעכטע פּועלי־ציון און נישט התאחדות. סערטיפיקאַטן באַקומט דער „החלוץ“. די אָרגאַ־ניזאַציע אויף צוצוגרייטן דעם א״י־אַרבעטער־איינוואַנדערער. די לינקע פּועלי־

ציון פאַרלאַנגען אָבער פאַר זיך אַן אויסנאַם, זיי ווילן זיין אַ מין שמן זית אויף דער יידישער גאַס. זייערע חברים, וועלכע ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל, זאָלן נישט דאַרפן גיין אין „החלוץ״, אַזוי ווי דאָס איז פאַרפליכטענד פאַר אַלעמען, נישט דאַרפן מיטמאַכן קיין שום צוגרייטונג, ווי דאָס איז אַ תנאי פאַר אַלע, וועלכע ווילן באַקומען סערטיפיקאַטן, נאָר להיפך, זיי וועלן באַקעמפן דעם „החלוץ״ און זיין הכשרה־אַרבעט און דערפאַר זאָל מען געבן זייער פאַר־טיי־צ. ק. סערטיפיקאַטן, וואָס מען גיט קיין שום אַנדערן פאַרטיי־צ. ק. און זיי וועלן עס שוין פאַרטיילן צווישן זייערע חברים. אַזאַ שטה. אַזאַ מין אתה־בחרתניזם פאַר די לינקע פועלי־ציון, וואַרפן מיר אָפּ קאַטעגאָריש. מיר פאָדערן פאַר אַלעמען גלייכע רעכט, אָבער אויך גלייכע פליכטן. עס איז קיין־מאָל נישט געווען קיין פאַל, אַז די אַרבעטס־אָפּטיילונג פונם פאַלעסטינע־אַמט זאָל פסלען אַן עליה־קאַנדידאַט צוליב זיינע פאָליטישע איבערצייגונגען. וואָס ח״ ערעם האָט דאָ געזאָגט אין דעם פרט, איז פשוט אויסגעזויגן פונם פינגער. דער כבוד פון אונזער קאָנגרעס און דער דרך־ארץ פאַר דעם ערשטן גרויסן וועלט־צוזאַמענקום פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס האָבן געפאָדערט אַראָפּ־צונעמען פונם סדר־היום און כּלל נישט אָפּצושטימען איבער אַזעלכע עלילות.

ז. רובאַשאָוו לייענט דאַן דעם טעקסט פונם מאַניפעסט, מיט וועלכן דער ערשטער קאָנרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל, אין נאָמען פון די 238.000 יידישע אַרבעטער און יוגנט פון גאָר דער וועלט, וועלכע ער רע־פּרעזענטירט, ווענדעט זיך צו יידישע אַרבעטער, יידישע יוגנט און יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַלע לענדער.

מיט אַן איבערוועגנדער גרויסער מערהייט, ביי שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, אַקצעפּטירט דער קאָנגרעס דעם מאַניפעסט (דעם טעקסט פונם מאַניפעסט ברענגען מיר אינם ערשטן אָפּטייל פונם בוך).

נ. בוקסבוים (לינקע פועלי־ציון פוילן):

מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די מעלדונג אינם קאָנגרעס־ביולעטין נום. 3, לויט וועלכער די לינקע פועלי־ציון זאָלן האָבן באַכּולמעכטיק די ח״ח ד״ר אָסקאַר קאָהן און ערנסט טאָלער צו מעלדן אין זייער נאָמען, אַז זיי וועלן נישט מאַכן קיין אָבסטרוקציעס, איז נישט ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן דורכן ביולעטין. די לינקע פועלי־ציון האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט זאַכ־לעך מיטצואַרבעטן אינם קאָגגרעס, אויף דער באַזיס פון זייער פּראָגראַם, און זיי האָבן נישט בדעה אויפצורייסן דעם קאָנגרעס. קיין שום אַנדערע פאַר־פליכטונגען האָבן זיי נישט גענומען אויף זיך. עס איז אויך ביז אַהער נישט אויסגעבעסערט געוואָרן די נישט ריכטיקע מעלדונג פונם ערשטן ביולעטין, אַז מיר זאָלן האָבן ביי דער דערעפענונג־זיצונג פאַרלאָזט דעם זאַל בעת נ. סאָקאָלאָווס רעדע, ווייל ער האָט גערעדט העבראיש, הגם מיר האָבן שוין דערויף אָנגעוויזן ביי איינער פון די פריקע זיצונגען.

דער קאָנגרעס ווײַלט דאַן אויס דעם

## הויפּט-ראַט פון דער וועלט-ליגע.

ארץ-ישראל:

דוד בן-גוריון, מלך נײַשטאַדט, יוסף שפּרינ-צאַק (פאַרטרעטער: ישראל מערעמינסקי, אליעזר קאַפּלאַן, זלמן רובאַשאָוו).

אַמעריקע:

מאָריס פײַנסטאון, אברהם שיפּלאַקאָוו (אײַזיק העמלין, מאיר בראון).

פּועלי-ציון (צ. ס.):

אליהו דאָבקין, אַנשעל רײַס (אפרים גרינ-בערג — קאָוונע, יצחק פּונט — וואַרשע).

„התאחדות":

ד"ר אברהם זילבערשטײַן (ישעיהו שפּירא).

„השומר-הצעיר":

יעקב חזן (משה זילבערטאַל).

ווי אויך די חברים: ד"ר יעקב העלמאַן, ד"ר אָסקאַר קאָהן, פּריץ נאַפּטאַלי (אַלפרעד בערגער, י. יעפּרויקין, וו. לאַצקי-בערטאָלדי).

איין אָרט אינם הויפּט-ראַט פאַרבלײַבט פרײַ פאַר די לינקע פּועלי-ציון, וועלכע דערקלערן, אַז זיי קאָנען איצט נאָך נישט נאָמינירן זייער פאָר-שטייער, ווײַל זייערע פּאַרטיי-אינסטאַנצן דאַרפן צוערשט אָננעמען אַ שטעלונג צו די באַשלוסן פונם קאָנגרעס.

צוזאַמען מיט די לינקע פּועלי-ציון קלײַבט בכן דער קאָנגרעס 13 מיט-גלידער און 13 שטעלפאַרטרעטער אין דעם הויפּט-ראַט פון דער וועלט-ליגע.

15 מיטגלידער פונם הויפּט-ראַט דעלעגירן די אײַנצעלנע לענדער צו יעדער פּלענאַר-זיצונג פונם ראַט, נעמלעך: ארץ-ישראל, אַמעריקע און פּוילן צו צוויי מיטגלידער, בולגאַריע, בעלגיע, דײַטשלאַנד-עסטרײַך, טשעכאָסלאָוואַקײַ, ליטע, לעטלאַנד, מזרח-גאַליציע, ענגלאַנד און רומעניע צו איין מיטגליד.

די העלפט פאָרשטייער אין דער הויפּט-לייטונג פון דער וועלט-ליגע, וועלכע עס דאַרף דעלעגירן דער קאָנגרעס, ווערט איבערגעגעבן אויסצוקלײַבן דער ערשטער פּול-זיצונג פונם הויפּט-ראַט.

דער פאָרזיצער מעלדעט וועגן דער טעלעגראַפישער באַגריסונג פון ש ל ו ם  אַ ש, וועלכע איז אַט־וואָס אָנגעקומען. דער קאָנגרעס נעמט אויף די מעלדונג מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

דער סדר־היום פונם קאָנגרעס איז אויסגעשעפּט און ח״

ד. בן־גוריון  האַלט די

## ש ל ו ס ־ ר ע ד ע.

חשובער קאָנגרעס !

אונזער אַרבעט איז פאַרענדיקט.

עס וואָלט געווען אַ גרויסע עוולה צו אונז אַליין און צום קאָנגרעס, ווען מיר זאָלן איצט, אין דער מידקייט, נערוועזיטעט און אויפרעגונג פון אַ לאַנגער און שווערער נאַכט־זיצונג, פּרווון געבן זיך אַ דין־וחשבון פון קאָנגרעס. מיר מעגן אָבער, דאַכט זיך, טראָגן געוויסע טעכנישע פעלערן און אַ נישט גאַנץ אַנטשפּרעכנדער צייט־פאַרטיילונג. אַלע צופרידן זיי׳ן אין אַ באַדייטנדער מאָס : עס איז געווען אַ גרויסע און ווירדיקע לייסטונג.

מיר האָבן אַזורכגעפירט דעם ערשטן אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קאָנגרעס. דאָס ערשטע מאָל זענען זיך צוזאַמענגעקומען מאַסן יידישע אַרבעטער פון די פאַרשידנסטע לענדער, און וואָס עס איז נאָך שווערער — פון פאַרשידענע פאַרטייען. וויסנדיק די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון אונזערע אַרבעטער־פאַרטייען אין פאַרשידענע לענדער, קאָנען מיר מיט אַ טיפער באַפרידיקונג זאָגן, אַז דעם קאָנגרעס האָט באַהערשט אַ גרויסע מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די קאָנגרעס־מיטגלידער און גאַנצע פראַקציעס איז נישט איינמאָל אויסגעקומען גובר צו זיין שווערע נסיונות — און איך קאָן פאַרצייכנען, אַז אינם ענד־רעזולטאַט זענען אַלע אַרויס מיט כבוד פון שווערן נסיון. די אחריות פאַר דער געמיינזאַמער זאַך, די ווירדע פון אַרבעטער־קאָנגרעס, האָט גובר געווען די טראַדיציע פון פאַרטיי־רייסערייען.

עס איז געווען אַ גרויסער מאַסן־קאָנגרעס. צענדליקער און הונדערטער טויזנטער האָבן זיך אָפּגערופן. דער קאָנגרעס האָט פאַר די דריי טעג באַהערשט די יידישע עפנטלעכקייט און פרעסע אין דער גאָרער וועלט. די שטאַרקע אויפמערקזאַמקייט, וואָס האָט אויף אַ מאָמענט נישט אויפגעהערט אין פיל־געשפּאַנטן זאַל בעת דעם גאַנצן פאַרלויף פון קאָנגרעס, האָט געפונען איר געהעריקן אָפּקלאַנג פון דער נאָענט און פון דער ווייטן. די גרויסע צאָל באַגריסונגען פון אַלע עקן וועלט, פון יחידים און פון אָרגאַניזאַציעס, זענען איבערצייגנדע עדות. די איינדרוקספולעסברודערלעכע באַטייליקונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, דער אַקטיווער אָנטייל פון די בעסטע פאַרטרעטער פון מערב־אייראָפּעאישן סאָציאַליזם, דער אומאויפהערלעכער אינטערעס מצד די שליחים פון דייטשן פּראָלעטאַריאַט — האָט אונטערגעשטראָכן דעם פּאָליטישן כאַראַקטער און באַדייט פון קאָנגרעס. אָבער אפשר די מערק־

ווירדיקסטע און חערטפולע דערשיינונג פון דעם קאָנגרעס איז דער וואונ-דערבאַרער צוזאַמענגוס פון אַלע לעבעדיקע דורות פון יידישן סאָציאַליזם — אָנהייבנדיק פון עדואַרד בערנשטיין — דעם גרייזן וועטעראַן פון דייטשן און אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, מיטקעמפער און חבר פון קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל, איינשליסנדיק די ערשטע פּיאָנערן פון דער מעכטיקער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין אַמעריקע, פּאַרדינטע קעמפער און טוער פון דער באַוועגונג אין מערב-און מזרח-אייראָפּע, און ענדיקנדיק מיט די יונגסטע שביונגסטע כאָלדאַטן און פּיאָנערן פון אונזערע צאָלרייכע און טייערע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס אין די פאַרשידנסטע לענדער. אַזאַ רייכע שנור פון גענעראַ-ציעס אין זייער איידלסטער, אידעאַלסטער און גייסטרייכסטער פאַרטרעטונג, און אַזאַ שפע פון יוגנט, האָט נאָך דאַכט זיך מיר נישט געזען קיין יידישער קאָנגרעס אָדער צוזאַמענפאָר אין אונזער דור.

עס איז געווען דער קאָנסטאַטוירנדער קאָנגרעס פון דריי-בונד: אַר-בעט, יוגנט און גייסט, וואָס קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם אַרבעטנדן ארץ-ישראל. און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער קאָנגרעס — אַזאַ קאָנ-גרעס — איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דורך דעם א״י-דיקן אַרבעטער — דעם יונגסטן צווייג אין יידישן אַרבעטער-בוים.

די יידישע לעגענדע דערציילט, אַז דער ערשטער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פון שטויב, וואָס איז צוזאַמענגעקליבן געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט. דער שטויב, פון וועלכן עס איז באַשאַפן געוואָרן דער יידישער אַרבע-טער אין א״י, איז צוזאַמענגעקליבן פון גאַנצן יידישן פאָלק. די יידישע אַרבע-טערשאַפט אין א״י איז נישט אויפגעוואַקסן פון א״י-דיקן יידנטום, זי איז נישט קיין פּראָדוקט פון אַן אינערלעכער אַנטוויקלונג פון לאַנד. צוזאַמענגע-קומען פון אַלע לענדער פון אונזער וועלטצעשפּרייטונג, אַרויסגעגאַנגען פון אַלע סאָציאַלע שיכטן און קולטור-קרייזן פון אַרבעטסלאָזן פאָלק, אַנטהאַלט דער יידישער אַרבעטער דעם היסטאָרישן תמצית פון יידישן פאָלק אין אַלע זיינע דורות און אין דער גאַנצער צעשפּרייטונג. געטראָגן פון היסטאָרישער ליידנשאַפט צו ווידערגעבורט און אויסלייזונג אין אייגענעם לאַנד, באַזעלט מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס צו באַפרייאונג און קרוינונג פון אַרבעט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, זענען זיי געקומען פון גלות אין לאַנד, צו-ערשט איינצלנע, איינזאַמע, דאַן צענדליקער און הונדערטער, און שפּעטער, טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, און פאַר אונזערע אויגן איז אויסגע-וואַקסן אין א״י אַ נייער אַרבעטער-שבט, אַ שבט פון חלוצים, אַן אַוואַנגאַרד און פּיאָנער צוגלייך, אַרום וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען די גע-וואַגטעסטע, איבערגעגעבנסטע צווישן די יידישע אַרבעטער און יידישער יוגנט אין דער גאַנצער וועלט.

אַ שווערן, דאָרנדיקן אין נסיונות-רייכן וועג האָט פאַר די 25 יאָר דורכגעמאַכט דער יידישער אַרבעטער אין א״י. האָט ער דאָך געדאַרפט אַ וואונדער מאַכן — שאַפן יש מאין. ווייל גאָרנישט האָט ער געפונען, קיינער האָט אים נישט געהאָלפן, קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, ווען ער איז צוערשט,

מיט 25 יאָר צוריק, געקומען אַן איינזאַמער אין לאַנד. זיינע פאָרגענגער, די פּאָנעז־טרעגער פון ביל״ו, האָבן אין זייער עלטער פאַרשעמט זייער יוגנט — און באַגעגנט דעם יונגן פּיאָנער מיט פאַרפרעמדקייט, — זיין אַרבעטס־פּאַן מיט קעגנערשאַפט. האָט ער אַלץ פון דאָס ניי געמוזט דעראָבערן, אַלץ פון דאָס ניי באַשאַפן און געשטאַלטן — אָן מיטלען, אָן דערפאַרונג, אָן שטיצע, אָן סימפּאַטיע. עס זענען אַריבער 25 יאָר — און נאָך ווייט שטייט ער פון זיין ציל; נאָך גרויס און לאַנג און שווער איז דער וועג פאָרויס — אָבער ער קוקט זיך אום אויפן דורכגעמאַכטן וועג — פול מיט גלויבן און דערמוטיקונג. נישט אומזיסט איז געווען זיין האָפנונג; זיין אָנשטרענגונג און עקשנות איז נישט געבליבן פּרוכטלאָז. גייט איבערן לאַנד, — איר וועט אומעטום געפינען די בולטע צייכנס פון זיין אויפטו. ווירטשאַפט און קולטור, דערציאונג און אָרגאַניזאַציע, פּאָליטיק און ספּאָרט — אַלץ, וואָס דער יידישער ישוב באַזיצט אין דאָרף און אין שטאָט, איז באַזיגלט מיטן שעפערישן גייסט פון יידישן אַרבעטער און געקרוינט מיט זיין קאָלאָניזאַציע־ווערק. פון די גרויסע און דויערנדע דעראָבערונגען און שעפונגען פון יידישן אַרבעטער־פּיאָנער אין א״י — אויפן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, קולטורעלן און פּאָליטישן געביט, איז פיל־לייכט דער גרעסטער און וויכטיקסטער — די זעלבסט־דעראָבערונג, די קריסטאַליזירונג פון אַ נייעם טיפּ מענטש, אַרבעטער, ייד, בירגער, חבר, קעמפער, בויער.

דער יידישער פּיאָנער אין א״י האָט געמוזט גובר זיין אין זיך פיל אייגנשאַפטן, געוואוינקייטן און נייגונגען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון אָפּהענטיקן אַנאַרכישן לעבן אין די גלות־לענדער, און דערציען אין זיך נייע סגולות און חושים, און פריער פאַר אַלץ קאָלעקטיווע אַקציע־פעאיקייט קאָלעקטיווע אחריות און ווילנסקראַפט פאַר פּלאַנמעסיקער, אומאונטערבראָכענער, עקשנותדיקער, צילבאַוואוסטער טעטיקייט.

עס איז געווען אַ שווערער און לאַנגער געראַנגל צווישן די פאַרבליבענע רעשטן פון עבר. געירשנטע נטיות צו קלייזלעך, צעשפּליטערונג און אַנאַרכיע — און צווישן די ניי־דעראָבערטע סגולות פון פּיאָנערן, באַן־ברעכער, אויף וועלכע עס ליגט אַ גרויסע היסטאָרישע שליחות. דער מענטשן־שטויב, וואָס האָט געשטאַמט פון פאַרשידענע לענדער, פאַרשידענע שיכטן, פאַרשידענע קולטורן, האָט זיך מיט אַ געוואַלדיקער עקשנות און התמדה צוזאַמענגעשלאָסן אין אַ סאָציאַל־קולטורעלע איינהייט און געשמידט זיין קאָלעקטיוון ווילן און אָרגאַניזירונג.

טריט ביי טריט, פון יאָר צו יאָר, איז געוואַקסן, האָט געשלאָגן וואָרצלען די אינערלעכע געשלאָסנקייט פון יידישן אַרבעטער אין א״י, ביז עס איז ענדלעך פאַרזיגלט געוואָרן די אַלגעמיינע און פולשטענדיקע פאַראייניקונג פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין לאַנד און ס'איז געשאַפן געוואָרן די הסתדרות ה׳ ובדים.

נאָך קיינמאָל האָבן אַרבעטער נישט געפעסטיקט מיט מער קראַפט און פּאַטאָס זייער איינהייט, נאָך קיינמאָל איז אַן אַרבעטער־קאָלעקטיוו נישט גע־

װען מער אַנטשלאָסן און גרײט צו דערפילן זײן שליחות. װי די הסתדרות אין א"י.

איין אידעע האָט דאָמינירט די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין א"י: אָפּגעבן זיך אינגאַנצן, אָן אַ שום תנאי און אָן רעזערוו זייער לעבנס-אויפגאַבע, פאַרייניקן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל און אידעאיש, זאַמלען אַרום זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט און יוגנט פון דער גאַנצער וועלט, און צוזאַמען זיך שטעלן בראש פון דער רענעסאַנס-באַוועגונג פון יידישן פאָלק, איבערנעמען די פאַרוואירקלעכונג פון זיין דערלייזונגס-ווערק אין א"י, אויפבויען די באַנייטע היים פון אַרבעט און פרייהייט און פאַרוואַנדלען דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס אין אַ פריי און זעלבסטשטענדיק אַרבעטס-פאָלק.

דידאַזיקע אידעע האָט די הסתדרות געשאַפן. זי האָט איר אַרבעט געלייטעט, אונזער איצטיקן קאָנגרעס אַרויסגערופן און אים באַשטראַלט.

איך װעל אייך איצט אויסזאָגן אַ סוד — עס זענען געווען חברים אין דער לייטונג פון דער הסתדרות, וואָס האָבן מיט ערנסטע חששות זיך באַציגן צום קאָנגרעס. עס איז נישט געווען קיין מוטלאָזער שרעק. מיר ווייסן ווי טייער מיר מוזן צאָלן פאַר יעדע אַנטוישונג. מיר מוזן זיין שפּאָרעוודיק מיט אונזער גייסטיקן און זעעלישן פאַרמעגן. און עס איז געווען אַ חשש: קאָנען מיר זיך דערלויבן אַרויסצורופן גרעסערע דערוואַרטונגען? וועט אונזער רוף געפינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג?

איך האָב די חששות נישט מיטגעמאַכט. ס'איז נישט געווען בלויז בלינדער גלויבן. עס איז געווען אַן איבערצייגונג פון פיל-יעריקער דערפאַרונג אין ארץ-ישראל. דער סוד איז זייער איינפאַך: ווער עס האָט מיטגעמאַכט דעם וואוקס פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין א"י, פון איר גאָר באַשיידענער און נישט באַמערקטער התלחה מיט 25 יאָר צוריק, ביז איר קראַפטפולן און איינפלוסרייכן אויפשטייג אין די לעצטע יאָרן, האָט געמוזט וויסן, אַז אָן דעם שטייגנדן צוואוקס אין די גלות-לענדער, אָן דער שטענדיקער אויסברייטערונג פון אירע רעזערוון און פעריפעריע אין חוץ-לארץ — וואָלט געווען לחלוטין אוממעגלעך איר אויפבליאונג, פאַרפעסטיקונג און פאַרמערונג אין ארץ-ישראל. ווייל ווי איך האָב געזאָגט, מיר זענען נישט קיין אינערלעכער פּראָדוקט פון לאַנד גופא. דאָס, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין ארץ-ישראל, האָט זיין יניקה אין די פאָלקס-כוחות אין גלות.

דער גלויבן פון דער הסתדרות אין אונזערע כוחות אין חוץ-לארץ — האָט זי נישט אָפּגענאַרט. דער קאָנגרעס האָט אונזערע דערוואַרטונגען נישט פאַרשעמט — ער האָט זיי איבערגעשטיגן. ער האָט זיי איבערגעשטיגן אין אַזאַ מאָס, ווי קיינער פון אונז, אפילו פון די גרעסטע מאמינים, האָט נישט געחלומט.

איצט אָבער, ווען דער קאָנגרעס איז שוין אַריבער, פיל איך אַ שווער געפיל פון אומרו. וועט דער המשך זיין ווירדיק די התחלה? וועט די אַרבעט, וואָס דער קאָנגרעס האָט אונז אַלעמען באַפוילן — געטון ווערן דורך אייך אַלעמען און דורך אייערע ווײלער?

מיר האָבן היינט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון אַן אַלוועלטלעכער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל. די צענדליקער טויזנטער ווײַלער דאַרפן ווערבירט ווערן אַלס שטענדיקע מיטגלידער פון דער ליגע. דאָס אַרבעטס־פּראָגראַם, וואָס מיר האָבן אָנגעצייכנט, דאַרף דורכגעפירט ווערן. עס דאַרף אין יעדן לאַנד געשאַפן ווערן אַ גוט־אָרגאַניזירטער, אומפאַנגרייכער און אַקטיווער פאָלקס־כוח, באַזירט אויף סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אַרבעטער און חלוצישע יוגנט און איינשליסנדיק אַלע פריינט פון אַרבעטנדן א״י, צו וועלכער פאַרטיי און ריכטונג זיי זאָלן נישט געהערן — וואָס זאָל זיך שטעלן געטריי ביי דעם סאָציאַליסטישן און נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־ווערק פון יידישן אַרבעטער־קלאַס אין א״י, אים שטאַרקן מאָראַליש און פּאָליטיש, שאַפן ברייטערע מיטלען פאַר זיין זעלבסט־שטענדיקער טעטיקייט אויפן ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט. פאַר זיין דערציאונגס־און אָרגאַניזירונגס־אַרבעט צווישן די אַראַבישע אַרבעטנדע מאַסן; וואָס זאָל פאַרפעסטיקן זיין שטעלונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און שטאַרקן זיין איינפלוס אויף דעם יידישן רענעסאַנס־ווערק. און זאָל דערהייבן דעם יידישן אַרבעטער צו ווערן דער פירנדער און אַנטשיידנ־דער פאַקטאָר אין יידישן פאָלקס־לעבן און אין אויפבוי פון א״י.

דאָס איז אַ גרויסע און שווערע אויפגאַבע, זי גייט אַרויס פון די ראַ־מען פון די איצט עקזיסטירנדע פּאַרטייען און גרופּירונגען, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אונזער קאָנגרעס.

באַלד וועלן מיר זיך צעשיידן, און יעדער וועט זיך צוריק אומקערן צו זיין לאַנד, פאַרטיי, אָרגאַניזאַציע, גרופּע, פאַריין. עס וועט זיך פאָדערן אַ טאָג־טעגלעכע, פּראָזאַאישע, שטילע און דויערנדע אַרבעט — וועט זי געטון ווערן? און וועט זי געטון ווערן מיט דעם זעלבן ערנסט און אחריות, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין קאָנגרעס, בשעת אויף אונז אַלעמען האָט גערוט די קאָלעקטיווע שכינה פון אונזער באַוועגונג? וועלן נישט די פּאַרטיי־חשבונות, קליינל־אינטערעסן און גרופּן־אַמביציעס פאַרשטעלן און מטשטש זיין די בשותּפותדיקע אויפגאַבע, דאָס געמיינזאַמע ווערק? וועט די התחייבות, וואָס איר האָט אויף זיך גענומען, דערפילט ווערן?

און איך מוז אייך מתרה זיין — דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל וועט אייך נישט לאָזן רוען. ער, וואָס האָט זיין פּערזענלעכן שיקזאַל פאַרבונדן אָן תּנאי מיטן ווערק, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געשטעלט אין דינסט פון אַ היסטאָרישער שליחות, וועט שטיין אויף דער וואַך אויך דאָ, און דאָס, וועקסל וואָס איר האָט אויף זיך אויסגעשטעלט אין דעם קאָנגרעס — וועט ער מיט זיין גאַנצן ערנסט און אחריות פון אייך מאָנען אָן אויפהער.

מיט דער התראה שליס איך דעם ערשטן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל (שטאַרקע לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטן).

די דעלעגאַטן זינגען די שבועה, דעם אינטערנאַציאָנאַל און התּקוה. עס איז דערווייל שוין געוואָרן גרויסער טאָג, אַרום 10 פאַרמיטאָג דעם 1־טן אָקטאָבער 1930, ווען די הונדערטער דעלעגאַטן און געסט הייבן אָן לאַנגזאַם צו פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס־זאַל.

---

# דער קבלת-פנים פון די דייטשע געווערקשאַפטן פאַרן קאָנגרעס.

אויף דאָנערשטיק, דעם 2-טן אָקטאָבער, האָט דער הויפּט-פאַרשטאַנד פון דעם אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטן-בונד, איינגעלאַדן דעם קאָנגרעס צו אַ גלעזל טיי. אַ טייל דעלעגאַטן האָט שוין געהאַט פאַרלאָזט בערלין, עס זענען דערי‏בער נאָר געקומען אַרום 120 חברים.

דער קבלת-פנים איז פאָרגעקומען אינם שיינעם בנין פון דער הויפּט-פאַרוואַלטונג פונם אַלגעמיינעם געווערקשאַפטן-בונד. די קאָנגרעס-דעלעגאַטן זענען אָפּגעוואַרט געוואָרן פון די מיטגלידער פונם הויפּט-פאַרשטאַנד. דער קבלת-פנים איז פאָרגעקומען אינם שיין דעקאָרירטן און רייך סערווירטן זיצונגס-זאַל פונם דייטשן געווערקשאַפטס-בונד.

די באַגעגעניש עפנט דעפּוטאַט ח"פעטער גראָסמאַן, ערשטער וויצע-פאָרזיצער פון אַלגעמיינעם דייטשן געווערקשאַפטס-בונד (דער פאָרזיצער, ח" לייפּאַרט איז, ווי עס מעלדעט דאַן ח" קנאָל, אין אַמסטערדאַם). ער באַגריסט האַרציק די דעלעגאַטן, צווישן וועלכע ער טרעפט אייניקע חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט אין אַמעריקע, בעת ער איז געווען דער גאַסט פון די דאָרטיקע געווערקשאַפטן. ער דערציילט וועגן מהות און דער טעטיקייט פון דער דייטשער אַרבעטער-באַוועגונג. נאָך אים רעדט ח" מ. נייסטאַדט וועגן דעם בוי פון דער הסתדרות אין א"י און דעם נאָר-וואָס פאַרענדיקטן קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל. ח" מאָריס פיינסטאון רעדט אין ענגליש און זיין רעדע זעצט איבער דער באַקאַנטער אַרבעטער-טוער און שריפטשטעלער פּורטווענגלער, נאָך אים רעדט ח" אלכסנדר קנאָל און צום סוף ח" זלמן רובאַשאָוו.

*

אַ גרויסן טייל פון די מאַטעריאַלן אין העברעיש און דייטש, צווישן זיי דעם רעפעראַט פון ח' ש. קאַפּלאַנסקי, האָט איבערגעזעצט ח' נ. קאַנטאָראָוויטש, וואַרשע, דעם רעפעראַט פון ד"ר א. רופּין האָט איבערגעזעצט פריינט י. קלינאָוו, בערלין, אַ האַרציקן דאַנק פאַר זייער מי.

# וויכטיקערע דרוק-פעלערן

| זייט | שורה | אַנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 5 | 22 | אונזער אייגענעם | אין אונזער אייגענעם |
| 8 | 18 | אַ בונט | אַ בּונד |
| 16 | 2 | אינדענטיפיצירן | אידענטיפיצירן |
| 20 | 14 | פּאַראָפּעסיאָנעלע | פּראָפּעסיאָנעלע |
| 26 | 27 | באַשטרענגט | באַשרענגט |
| 41 | 6 | אויפמערזאַם | אויפמערקזאַם |
| 68 | 21 | ביסלעלווייז | ביסלעכווייז |
| 69 | 29 | שטייט אויף אַ פאַלשן אָרט | נאָך שורה 26 אַלס 27-טע שורה |
| 75 | 8 | אינסטיציע | אינסטיטוציע |
| 89 | לעצטע שורה | — נאָך באַגעגענען קומט אַ פּונקט | |
| 92 | 20 | אינסטיצוציעס | אינסטיטוציעס |
| 100 | 19 | אַנאַרכאַניזמען | אַנאַכראָניזמען |
| 101 | 28 | מיט קאַמף די נייע | מיט קאַמף קומט די נייע |
| 105 | 19 | רשית | ראשית |
| 110 | 8 | האַלפערסאָנס | אַלפערסאָנס |
| 110 | 29 | פון די באַזיצער | פון די וואָס ווערן באַזעצט |
| 113 | 2 | נאָך אַ נייע ראַסע דאַרף זיין אַ פּונקט | |
| 115 | 21 | אָרגרניזאַציע | אָרגאַניזאַציע |
| 120 | 22 | וואָס די יידישע אַרבעטער זענען, | מוזן די יידישע אַרבעטער זיין |
| 122 | 31 | רונטענבערג | רוטענבערג |
| 127 | 7 | ליניע נר. 31 | ליניע N $31^{0}$ |
| 127 | פוס-נאָטע | 1229 | 1929 |
| 131 | 1 | דאָרף | דאַרף |
| 136 | 33 | באַרך | בערך |
| 137 | 17 | רעאַלעטיוון | רעלאַטיוון |
| 139 | 9 | נאָך די ווערטער אַ העלפט | (49,4 פּראָצ.) |
| 174 | 30 | פאַרברייטערן | פאָרבאַרייטן |
| 188 | 4 | אַפּאַנדערונג | אָפּוואַנדערונג |
| 198 | 11 | ערגסטע | ערנסטע |
| 203 | 36 | פּאַרטע | פּאַרטיי |
| 221 | 34 | פון | דעם |
| 232 | 7 | פסח תקווה | פתח-תקוה |
| 271 | 9 | אין | און |
| 276 | 8 | שטה | שיטה |
| 279 | 13 | קאָנסטאַטואירונג | קאָנסטיטואירונג |
| 282 | 36 | דאָס, וועקסל | דעם וועקסל |